# געשיכטע
פון
# גאנץ אמעריקע

פון
**פיליפ קראנץ**

מיט הוספות און הקדמה פון
**דר. יעקב שאצקי**

**אין צוויי בענדער**
מיט 125 בילדער און לאנדקארטען,
און אן אינדעקס

צווייטע פארגרעסערטע אויפלאגע

צווייטער באנד
די געשיכטע פון פאראייניגטע שטאטן, קאנאדע
מעקסיקא און צענטראל אמעריקע


**היברו פאבלישינג קאמפאני**
34־632 בראדוויי, ניו יארק
1929

# אינהאַלט פון צווייטען באנד

## די געשיכטע פון ארגענטינא:



## די געשיכטע פון פאראגוואי:



## די געשיכטע פון בראזיליען:



## די געשיכטען פון די רעפובליקען אין וועסט אינדיען:

# אינהאַלט פון דער הוספה

# בילדער און לאַנד־קאַרטעס פון צווייטען באנד

## ערשטער קאפיטעל.

# דיא אינקא אימפעריע

מיר וועלען יעצט נאָכפאָלגען דיא וועגען פון דיא שפּאַנישע קאוואַליערען און אוואַנטוריסטען, וועלכע ווערען געוועהנליך גערופען קאָנקוויסטאַדאָרעס (ערּאָבערער), נאָך זיד־אַמעריקאַ. דער ערשטער און דער וויכטיגסטער פון דיזע וועגען פאַנגט זיך אָן אין דער שטאָדט פּאַנאַמאַ, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרען, וויא מיר ווייסען עס שוין, אין 1519. פון דאָרטען האָט זיך עס פראַנציסקאָ פּיזאַראָ א לאָז געטהאָן, א יאָהר צעהן נאָך דעם אויבען־בעשריבע־נען טראַגישען טויט פון באַלבאָאַ, צו פּערו, וואו עס האָט זיך געפונען דיא גרעסטע און ציוויליזירטעסטע פון אַלע אינדיאַנער מלוכות.

דיזער גרעסטער פון דיא קאָנקוויסטאַדאָרעס נאָך הערנאַנדאָ קאָרטעץ, דעם ערּאָבערער פון מעקסיקאָ, וועמען ער האָט געזוכט נאָכצואַהמען, וויא ווייט ער האָט עס געקענט, איז געבאָרען געוואָרען מיט א יאָהר צוואַנציג פאַר דיא ענטדעקונג פון אַמעריקאַ אין דער שפּאַנישער פּראָווינץ עסטראַמאַדורא, וואו עס זיינען אויך געבאָרען געוואָרען באַלבאָאַ און פיעלע אַנדערע שווערד־העלדען. פון זיינע יונגע יאָהרען ווייסט מען כמעט גאָר ניט. ער איז געוועזען דער אונ־געזעצליכער זוהן פון אַן אַדעלמאַן מיט'ן נאָמען גאָנזאַלאָ פּיזאַראָ, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכענט אַלס פּאָלקאָווניק (קאָלאָנעל) אין שלאַכטען אונטער דער קאָמאַנדע פון דעם בעריהמטען שפּאַנישען גענעראַל גאָנסאַלוואָ דע קאָרדאָוואַ אין זיד־איטאַליען. נור זיין פאָטער האָט זיך אָפּנים גאַנץ וועניג געזאָרגט וועגען איהם. מען דערצעהלט, אַז פראַנציסקאָ איז אין זיינע אינגעלשע יאָהרען געוועזען א פּאַסטוך. יעדענפאַלס איז עס זיכער, אַז ער האָט קיין בילדונג גע־קראָגען. ער האָט אפילו ניט געקענט לעזען און אונטערשרייבען זיין אייגענעם נאָמען. אָבער אַלס שווערד־העלד האָט ער געהאַט וועניג גלייכע צו זיך אין זיין צייט.

ער האָט אפּנים געהערט צו דיא ערשטע גליקזוכער אין דער נייער וועלט. מען ווייס, אַז ער האָט אנטהייל גענומען אין דיא עקספּעדיציעס פון אַלאָנזאָ דע אָבעדאַ און פון באַלבאָאַ. אונטער פּעדראָ אַריאַס דע אַווילאַ, דעם גובערנאַ־

טאָר פון דאַריען און גרינדער פון דער שטאָדט פּאַנאַמאַ, האָט פּיזאַראָ געקראָגען אַ "רעפּאַרטיעמענטאָ" און האָט אָנגעפאַנגען צו בעשעפטיגען זיך מיט פּיה־צוכט. אָבער ער איז ניט געשאַפען געוואָרען צו אַזאַ פריעדליכע בעשעפטיגונג און איבערהויפּט צו בלייבען אַ לענגערע צייט אויף איין אָרט. ער האָט זיך



פראַנציסקאָ פּיזאראָ

אַרומגעטראָגען נאָך באַלבאָאַ'ס טויט מיט פּלענער צו עראָבערען דיא געהיימ־ניספּאָלע זידליכע על־דאָראַדאָס. אָבער ער איז געווען צו אָרים זיי דורכצו־פיהרען. ערשט אין 1522 האָט ער געקראָגען אין פּאַנאַמאַ צוויי מיטהעלפער, אַ גלח מיט'ן נאָמען הערנאַנדאָ דע לוק און אַן אַדעליגען שווערד־העלד מיט'ן נאָמען דיעגאָ דע אַלמאַגראָ. זיי האָבען געשלאָסען אַ קאָנטראַקט, אַז זיי זאָלען

זיך צוטהיילען גלייך מיט אלעם, וואס עס וועט זיי געלינגען צו עראבערען אין זיד־אמעריקא. זייערע ערשטע פערזוכען האבען זיך אבער טרויעריג געענדיגט. אלע צוזאמען האבען זיי ניט געהאט גענוג מיטעל צו ארגאניזירען אזא עקספע־דיציע, וואס זאל קענען צוציהען א היבשע צאהל פון דיא שווערד־העלדען, וועל־כע האבען אלץ מעהר אויסגעוואנדערט פון שפאניען צו זוכען גאלד אין דער נייער וועלט. ניט אכטענדיג אויף אונגעהייערע שוויריגקייטען, אויף שרעק־ליכע געפאהרען און אויף הונגער, האט פיזארא דאך דערגרייכט אין 1527 מיט א הייפעלע אוואנטוריסטען ביז צום פארט טומבעץ אין נארד פון פערו, וואו ער האט שוין געקענט קריגען גענויערע בעריכטען וועגען דיא גרויסע און רייכע אימפעריע פון דיא אינקאס, דיא "זונען־קינדער".

דיא אויסקינפטע וואס פיזארא האט געקראגען אין טומבעץ האבען איהם געצייגט, אז אהן גרעסערע מיטעל און מעהר מיטהעלפער וועט ער גאר נישט קענען אויפטהאן אין אזא גרויסער אימפעריע. אזוי וויא דער גובערנאטאר פון פאנאמא האט זיך ענטזאגט צו שטיצען דיזע אונטערנעהמונג, האט פיזארא בעשלאסען צו ווענדען זיך דירעקט צום קעניג נאך הילפע. אין זומער פון 1528 איז ער דארום אבגעפאהרען פון פאנאמא נאך שפאניען, וואו ער האט ניט נור געהערט זעהר פיעל וועגען דיא העלדענטהאטען פון הערנאנדא קארטעץ ביי דער עראבערונג פון מעקסיקא, זאנדערן האט אויך געהאט א געלעגענהייט צו זעהען דיזען גרויסען קאנקוויסטאדאר, וועלכער איז אנגעקומען מיט טרי־אומף אין שפאניען ענדע 1527, וויא מיר וייסען עס שוין פון דער געשיכטע פון מעקסיקא. אזוי האט עס צופעליג פאסירט, אז דיא צוויי גרעסטע קאנקוויס־טאדארעס האבען זיך צוזאמענגעטראפען אין זייער פאטערלאנד, איינער אין פולען גלאנץ נאך דער צערשטערונג פון דער גרעסטער אינדיאנער אימפעריע אין נארד־אמעריקא, דער אנדערער אין דער ערוואַרטונג צו צושטערען דיא גרעס־טע אינדיאנער אימפעריע אין זיד־אמעריקא.

דער קעניג, קארל דער פינפטער, האט גראדע גינסטיג אויסגעהערט פיזא־רא'ס פלאן, און אין 1529 איז אונטערגעשריעבען געווארען אין טאלעדא, וואו עס האט זיך דאמאלס געפונען דער קעניגליכער הויף, דער בעריהמטער קאנ־טראקט, וועלכער האט בעשטימט דיא פליכטען און פריווילעגיעס פון פיזארא. מיט דער געשריעבענער קעניגליכער ערלויבניס אין האנד האט פיזארא שוין געקענט ארגאניזירען א שטארקע עקספעדיציע. א סך שווערד־העלדען זיינען דאן צוגעשטאנען צו איהם, דארונטער אויך זיינע ברידער, וועלכע האבען גע־שפיעלט זעהר וויכטיגע ראלען אין דער צייט פון דער עראבערונג פון פערו.

פיזארא האט גערעכענט, אז עס וועלען גענוג זיין עטליכע הונדערט שווערד־העלדען מיט אייניגע קאנאנען און פערד איינצונעהמען דיא אינקא־אימפעריע אזוי וויא דאס איז גענוג געווען פאר קארטעץ'ן איינצונעהמען דיא אצטעקען־

אימפעריע. דיא רעזולטאטען האָבען געצייגט, אַז ער האָט קיין טעות ניט געהאט אין דיזע רעכנונגען. ווען ער איז אָנגעקומען אין 1530 צוריק פון שפּאַ־ניען נאָך פּאַנאַמאַ, איז עס בעשלאָסען געוואָרען צווישען דיא דריי שותפים, אַז ער זאָל גלייך אָבפאָהרען נאָך פּערו מיט דיא אוואַנטוריסטען, וועלכע ער האָט מיטגעבראַכט פון דער היים און וועלכע ער האָט צוגעצויגען אין פּאַנאַמאַ און דאַריען, און אַז אַלמאַגראָ זאָל נאָכפאָלגען אַזוי שנעל, וויא עס וועט איהם גע־לינגען צו קריעגען נאָך שווערד־העלדען אין ניקאַראַגוּאַ און אין אַנדערע פּונקטען פון צענטראַל אַמעריקאַ.

דיא ווינטען זיינען געווען אַזעלכע גינסטיגע, ווען פּיזאַראָ מיט אונגעפעהר אַ פּאָאַר הונדערט שווערד־העלדען האָבען זיך אַ לאָז געטהאָן אויף עטליכע שוואַכע און קליינע זעגעל־שיפען, וועלכע מען האָט דאַן געקענט אויפבויען אין פּאַנאַמאַ, אַז אין דרייצעהן טעג איז עס זיי געלונגען פאַרבייצושווימען דיא געפעהרליכע ברעגען וואָס ציהען זיך כמעט אָהן האַפענס אַ מייל 700 צום זיד פון פּאַנאַמאַ ביז צו דער היינטיגער רעפּובליק עקוואַדאָר, וועלכע איז דאַן געווען אַ טהייל פון דער אינקאַ־אימפּעריע. אין 1531 האָבען זיי געלאַנדעט אין טומ־בעז און זיינען אַזוי צוגעקומען צו דער נאָרדליכער פּראָווינץ פון פּערו גופא.

דיא אינקאַ־אימפּעריע האָט צו דער צייט פון קאָלומבוס'עס רייזע דער־גרייכט איהר העכסטע שטופע. זיא האָט זיך געצויגען איבער דיא העכסטע פּלאַטאָס פון זיד־אַמעריקאַ אַ מייל 3000 אין דער לענג, מייסטענס צום זיד פון עקוואַטאָר. נור אין קיין פּונקט איז זיא ניט ברייטער געווען פון 400 מייל. איהר שטח, אונגעפעהר אַ מיליאָן סקווער מייל, איז היינט פערנומען פון דיא רעפּובליקען פּערו, באָליוויא, עקוואַדאָר און טהיילווייז פון דיא רעפּובליקען טשילי און אַרגענטינע. דיא בעפעלקערונג איז דאַן געווים געווען גרעסער, וויא היינט אויף דעם זעלבען שטח. היסטאָריקער פון פּערו שאַצען דיא בע־פעלקערונג פון דער אינקאַ־אימפּעריע צווישען 10 און 20 מיליאָן נפשות. איהר אַלטע הויפּט־שטאָדט מיט'ן נאָמען קוצקאָ האָט זיך געפונען אויף אַ פּלאַטאָ וואָס איז 13,000 פוס הויך איבער'ן ים.

דער צענטער פון דער פּערואַנער ציוויליזאַציאָן איז געווען אַרום טיטיקאַקאַ, דיא גרעסטע לעיק (אָזערע) אין זיד־אַמעריקאַ און איינע פון דיא העכסטע אויף דעם ערד־קוגעל. ווען אייגענטליך דיזע ציוויליזאַציאָן האָט זיך אָנגעפאַנגען, ווייס מען ניט און מען וועט עס וואַהרשיינליך קיין מאָל ניט דער־געהען. מען האָט געפונען חורבות פון זעהר אַלטע טעמפּלען און אויסגעגראָבען פערשיעדענע זאַכען, וועלכע זיינען שטומע עדות פון אַ גרוי־אַלטע קולטור אויף דיא פּלאַטאָס פון דיא אַנדעסען־בערג, וואו דיא שפּיצען זיינען בעדעקט מיט אייביגען אייז אַפילו אונטער דעם סאַמע עקוואַטאָר. עס פערשטעהט זיך, אַז אַזאַ פערהעלטניסמעסיג הויך־ציוויליזירטע מלוכה, וויא דיא שפּאַניער האָבען

געפונען אין פערו בשעת זיי זיינען צוגעקומען צו איהרע ברעגען (אין מאנכע הינ־
זיכטען איז דיא קולטור פון דיא אינקאס געווען א העכערע זאגאר פאר דיא שפא־
נישע און בכלל פאר דיא אויראפעאישע איז מיטעלאלטער), איז געווען דער רע־



א וואנד פון דעם זונען־טעמפעל אין קוצקא.

זולטאט פון א קולטורעלער ענטוויקלונג אין פערלויף פון יאהרהונדערטע. מלוכות
זיינען דארטען אויפגעקומען און געפאלען, נייע קריעגערישע שטאמען און פעל־
קער האבען בעהערשט אדער פעריאגט דיא אלטע, וועלכע זיינען ביסלעכווייז

געוואָרען פריעדליכע אַקערבויער. אזוי האָט עס פּאַסירט אין דער אַלטער וועלט אויך אין היסטאָרישע צייטען און אַזוי איז עס געווים געוועזען דער פּאַל אין דער נייער וועלט, נור אין אַ קלענערער מאָס, ווייל ניט נור זיינען דאָ דיא בעפעלקערונגען געוועזען קלענער, זאָנדערן דיא געגענדען וואו ווילדע שטאַמען האָבען געקענט שטייגען אויף אַ קולטור־לייטער און וואו עס האָבען געקענט אויפקומען מלוכות, זיינען געוועזען זעהר בעשרענקטע צוליעב קלימאַטישע און בכלל פיזישע בעדינגונגען, וויא מיר וויסען עס שוין פון דיא ערשטע קאַפּיטלעך אין דיזען בוך.



חורבות פון אַ זונען־טעמפעל אויף אַן אינזעל פון לעיק טיטיקאַקאַ.

מאַנכע פון דיא חורבות פון דיא אַלטע טעמפּלען ארום טיטיקאַקאַ ציינען, אַז זיי האָבען געקענט געבויט ווערען נור אויף'ן בעפעהל פון הערשער מיט אַזאַ אונבעשרענקטער מאַכט וויא דיא פּרעה'ס. ווען מען נעהמט נאָך אין בעטראַכט, אַז ביז צו זייער צוזאַמענשטויס מיט דיא שפּאַניער האָבען דיא פּערואַנער גאָר ניט געוואוסט פון אייזען און גאַנץ ווענינ פון קופּער, קען מען זיך פאָרשטעלען, וויא פיעל שקלאַווען עס האָבען געמוזט צוזאַמענגעטריעבען ווערען צו בויען אַזעלכע טעמפּלען און פּאַלאַצען.

דיא אינקאַס זעלבסט האָבען געהערט צו אַ קריעגערישען שטאַם, וואָס האָט

זיך אריינגעריסען אין דיא געגענדען ארום טיטיקאקא און קוצקאָ ניט זעהר לאָנג צוריק פאר דיא לעצטע הערשער דאָרטען — דיא שפאניער. איינינע בעריכטען וועגען דיא אינקא־אימפעריע פיהרען צום שלוס, אז זיא איז געגרינדעט גע־וואָרען אויף דעם פלאץ פון א פריהערער אונגעפעהר א יאָהר 400 פאר דיא ערשיינונג פון דיא שפאניער דאָרטען. דער אָנפאנג פון דיזער אימפעריע איז ארומגערינגעלט, וויא געוועהנליך, מיט וואונדער און לעגענדען, פון וועלכע מען קען ארויסקריגען עפעס א קערענדעל פון א ווירקליכע פאסירונג ערשט נאָך לאנגע און גרינדליכע פאָרשונגען פון געלעהרטע ארכעאָלאָגען, לינגוויסטען און היסטאָריקער.

דיא מיטגליעדער פון דעם הערשענדען אינקא־שטאם האָבען זיך געהאלטען פאר דיא "קינדער פון דער זון" און זיינען אלס אזעלכע פערעהרט געוואָרען פון דיא מאסען אקערבויער אויף דעם גרונד פון א לעגענדע וועגען א הימלישע פאָאר, מאנקאָ קאפאק און מאמא עלא, ברודער און שוועסטער און צוגלייך אויך מאן און פרוי, וואָס דיא זון, ריכטיגער דער זונען־גאָט, האָט ארונטערגעשיקט אויף דער ערד צו בעלעהרען און ציוויליזירען דיא ווילדע מענשען. דיזע פאָאר, פון וועלכע דיא אינקאס האָבען עס געפיהרט זייער אָבשטאמונג, האָט צוערשט געגרינדעט דיא שטאָדט קוצקאָ, וואָס בעדייטעט "נאָפעל" און וואָס דיא פע־רואנער האָבען אָנגענומען פאר דעם מיטעלפונקט פון דער ערד. אזוי וויא דער פונדאמענט פון דער רעליגיאָן דאָרטען איז בעשטאנען אין א פערגעטערונג פון דער זון אלס דעם אָנפאנג פון לעבען, האָט מען אויך פערגעטערט איהרע קינדער און שטעלפערטרעטער אויף דער ערד אין דיא פערזאָנען פון דיא קעניגע און פון דער גאנצער פאמיליע פון אינקאס.

דיא פערואנער אימפעריע איז בכלל געווען א טהעאָקראטיש. דיא מערק־ווירדיגע קאָמוניסטישע איינפיהרונגען וועגען דיא פערטהיילונג און בעארביי־טונג פון פעלדער זיינען אייגענטליך געווען א רעזולטאט פון דער הערשאפט פון דיא פריעסטער, וועלכע האָבען אלע געהערט און געמוזט געהערען צום אינ־קא־שטאם. אין דיא הענד פון דיא מיטגליעדער פון דיזען שטאם זיינען געווען קאָנצענטרירט דיא פאָליטישע מאכט, דיא עקאָנאָמישע מאכט און דיא רעלי־גיעזע מאכט. אין דער אלטער וועלט האָבען אויך עקזיסטירט טהעאָקראטישע מלוכות, דארונטער ספעציעל דיא אידישע מיט איהרע כהנים און מיט דיא קאָ־מוניסטישע איינפיהרונגען פון שמיטה און יובל, אָבער אין ערגעץ, מיט אויס־נאהמע סיידען פון דער יעזואיטישער הערשאפט אין פאראגוואי, וויא מיר וועלען עס שפעטער זעהען, איז וואהרשיינליך דיא טהעאָקראטיע ניט געווען אזוי שטארק וויא אין פערו אונטער דער הערשאפט פון דיא אינקאס. עס איז ניט איבערטריבען צו זאָגען, אז יעדער שריט פון א פערואנער איז געווען רעגולירט

פון זייער רעליגיאָן, וועלכע האָט זיך ביסלעכוויז דערהויבען פון דער געוועהנלי־
כער פערעהרונג פון נאַטור־קרעפטע, פון א גראָבען געצענדיענסט, ביז צום בע־
גריף פון איין גאָט אלס שעפפער פון דער וועלט.

דאָס לאַנד איז בעטראַכט געוואָרען אלס קהל'שע אייגענטהום. פאַקטיש
האָט עס געהערט צום אינקא־קעניג אלס פערטרעטער פון דעם זונען־גאָט אויף
דער ערד און אלס פאָטער פון פאָלק. דיא פעלדער זיינען פון צייט צו צייט
פערטהיילט געוואָרען צווישען שטאַמען און פאַמיליען נאָך א געוויסער סיסטעם
און מאָס. יעדער איינער האָט געמוזט אַרבייטען נאָך זיינע קרעפטע און פע־



דער קלויסטער פון דיא בתולות פון דער זון.

היגקייטען אונטער דער אויפפאַסונג פון דיא בעאַמטע, פריעסטער און עלטסטע
פון דיא געמיינדען גופא. דיא פראָדוקטען, סאַי פון אַקערבוי, סאַי פון פיה־
צוכט, זיינען וויעדער פערטהיילט געוואָרען נאָך א געוויסער סיסטעם. איין
חלק האָט געהערט צום קעניג און זיינע בעאַמטע, א צווייטער חלק — צו דיא
פריעסטער אלס מעשר און א דריטער חלק — צום פאָלק. ווען עס פלעגט
טרעפען אַן אונגערעטענים אין איין אָרט, פלעגט מען אהין צושטעלען דיא
נויטיגע פראָדוקטען פון דיא זאפּאַסען אין אנדערע ערטער, פון דיא רעגיערונגס־
שפּייכלער. אנשטאָט שריפטען (פון אַן אלפאַבעט און שריפטקונסט בכלל האָ־

בען די פערואנער גאר ניט געוואוסט) פלעגען זיך די בעאמטע און פריעסטער בענוצען מיט קאלירטע שנירלעך און קניפלעך, די זא־גענאנטע קוויפוס.

די בעאמטע, וועלכע האבען אויפגעפאסט, אז די חלוקה פון די פעל־דער און פראדוקטען זאל אויסגעפיהרט ווערען לויט די מנהגים, פארשריפטען און די אינטערעסען פון כלל, האבען אויך געזארגט, אז מען זאל בעארבייטען וואס בעסער אלע שטיקער לאנד אין די טהאלען לעבען טייכען און אויף די בערג, וועלכע האבען נור געטויגט פאר אקערבוי, און אז מען זאל אויך גראבען קאנאלען פאר די איריגאציאן (קינסטליכע בעוואסערונג) פון פעלדער און וועגען און בריקען פאר דעם פערקעהר צווישען די שטעדט און פראווינצען. פון די טהאלען, וואו עס האט זיך געפונען א פעטער באדען, פלעגען די פע־רואנער אקערבויער שלעפען ערד אין קערב צו בעדעקען די זייטען פון שטיי־נערנע בערג. זיי האבען געזוכט צו אוטיליזירען יעדען ארט ניט בלויז פאר אקערבוי בכלל, זאנדערן אויך פאר די פאסענדסטע פראדוקטען. זיי האבען אויפגעטהאן וואונדער אויף די הויכע פלאטאס, וואו דער קלימאט איז א מע־סיגער אונטער דעם עקוואטאר, און אין די טהאלען פון די שטראמען, וועלכע רייסען זיך ארונטער פון די בערג, וואס זיינען אייביג בעדעקט מיט אייז, אין אבגרונדען און שניידען דורך די הייסע און זאמדיגע ברעגען ביים פאסיפישען אקעאן, די וויסטעניסען, וואו עס פאלט נאך וועניגער רעגען ווי אין זאהארא. ביז היינט צו טאג בענוצען זיך די שפאניער מיט די וועגען, קאנאלען און רעזערוואארען, וואס זיינען נאך געבליבען פון די אינקא־צייטען.

די פערשפרייטונג פון דער הערשאפט פון די אינקאס פון קוזקא צום זיד און נארד האט זיך געצויגען אין פערלויף פון דריי הונדערט יאהר פאר די שפאנישע ערָאבערונג. די גרעסטע פון די אינקא־קעניגע זיינען געווען: יופאנקווי, וועלכער האט בעזיעגט אין 13טען יאהר־הונדערט די פערבונדענע טשאנקא־שטאמען אין די טהיילען פון פערו, וואס ציהען זיך צום נארד פון קוזקא, און וועלכער האט געקראגען דעם טיטול פאטשאקוטעק, וואס עס מיינט ״רעפארמאטאר פון דער וועלט״, און נאך איהם הואינא קאפאק, וועלכער האט איינגענומען די מלוכה פון די קארא־שטאמען אין די געגענדען, וואו עס געפינט זיך היינט די רעפובליק עקוואדאר מיט דער אלטער הויפט־שטאדט קוויטא.

הואינא קאפאק, וועלכער האט פערשפרייט זיין מלוכה צום נארד ביז קא־לאמביא און צום זיד ביז די קאלטע געגענדען פון טשילי און ארגענטינא, איז געשטארבען אין 1526 אין קוויטא, אונגעפעהר מיט א יאהר פאר דער ערשטער לאנדונג פון פיזארא אין דעם פארט פון טומבעז. פאר זיין טויט האט ער

צוטהיילט זיין ריזיגע אימפעריע צווישען צוויי פון זיינע זיהן מיט דיא נעמען הואסקאר און אטאהואלפא. הואסקאר איז געווען דער עלטעסטער זוהן און אויך דער געזעצליכער יורש נאך אלע דינים פון דיא אינקאס, ווייל זיין מוטער



פערואנער קריעגער אונטער דיא אינקאס.

איז געווען א אינקא־פרינצעסין. אטאהואלפא'ס מוטער איז אבער געווען דיא טאכטער פון דעם בעזיעגטען קעניג פון קוויטא. הואסקאר האט דערפאר גע־קראגען ניט נור דעם גרעסטען און עלטערען חלק פון דער אימפעריע מיט דער

הויפט־שטאָדט קוצקאָ, זאָנדערן איז אייך בעטראַכט געווען פאַר דעם אויבער־האר אין די נאָרדליכע פראָ־ווינצען מיט דער הויפט־שטאָדט קוויטאָ, וועלכע הור־אינא קאַפאַק האָט איבערגע־לאָזען פאַר אַטאַהואַלפאַ.



אינקא הואסקאר דער דרייצעהנטער.

דיא ברידער האָבען זיך אָבער ניט געקענט אויסגלייכען וועגען דיא ירושה. א מחלוקה וועגען דיא פּראָווינצען ביי דיא גרענעצען האָט געפיהרט צו אַ לאַנגען און בלוטיגען בירגער־קריעג, וואָס האָט זיך געענדיגט צו גונסטען פון אַטאַהואַלפּאַ, וועמעס הויפט־קאָמאַנדיר קוויזקוויז האָט אין אַלע שלאַכטען בעזיעגט דיא מחנות, וואָס הואסקאר האָט געגען איהם אַרויסגעשיקט אונטער דער קאָמאַנדע פון זיין אינגערען ברודער הואנקאַ אוקווי. שליסליך, נאָך אַ שלאַכט לעבען קוצקאָ, וואו הואסקאר'ס גענעראַלען האָבען צוזאַמענגעקליבען אַן אַרמעע פון 70,000 מאַן, איז דיזער אינקאַ אַליין געפאַנגען געוואָרען. דאַן האָט זיך דיא אַלטע הויפט־שטאָדט גלייך אונטערגעגעבען צו אַטאַהואַלפּאַ'ס זיעגרייכען גענעראַל קוויזקוויז און דיא וויכטיגע אַנהענגער פון הואסקאַר, וועלכע האָבען געהאַט דעם שלים־מזל אַריינצופאַלען אין דיא הענד פון דיא זיעגער, זיינען אויסגעשלאַכטעט געוואָרען.



דיא אינקא־קעניגין קאיא הואנא.

אטאהואלפא אליין איז אין פערלויף פון דיא פיער יאהר, וואס דיזער ביר־גער־קריעג האט זיך געצויגען, פערבליבען אין דיא נארדליכע פראווינצען. ווען ער האט געקראגען דיא נאכריכט, אז זיין גענעראל קוויזקוויז האט געפאנגען הואסקאר׳ן און איינגענומען דעם צענטער פון דער אינקא־מלוכה, האט ער זיך א לאז געטהאן מיט א קליינער ארמעע פון קוויטא נאך קוצקא, אום זיך צו קרוינען אלס דער הערשער איבער דער גאנצער פערואנער אימפעריע. נור ווען



פערואנער מומיעס.

ער איז צוגעקומען צו דער שטאדט קאכאמארקא, האט ער געקראגען דיא ער־שטוינענדע בשורה, אז א פאאר הונדערט ווייסע מענשען מיט בערד, מיט אונ־געהייערע חיות צום רייטען און מיט אויסערארדענטליכע געוועהר האבען גע־לאנדעט ביי דיא ברעגען פון טומבעז. מען קען זיך פארשטעלען, וואס פאר אן איינדרוק דיזע בשורה האט געמאכט אויף דעם אינקא הערשער מיט זיינע ראטהגעבער. מען האט זיך דאן דערמאנט אן דיא געשיכטען, אז מיט עטליכע

יאָהר פריהער איז אַ שיף געשוואומען לעבען דיא ברעגען פון עקוואדאָר און נאָרד־פערו מיט אונבעקאנטע מענשען, וואָס האָבען זיך אָבגעשטעלט אין איי־ניגע ערטער צו בעטען שפייז און צו שטעלען פראגען. נאָך אַ בעראטהונג פון



שטאָפען איינצואוויקלען דיא פערואנער מומיעס.

דעם אינקאַ מיט זיינע מיניסטאָרען און גענעראלען איז עס געבליבען צו שיקען שלוחים אויסצופרעגען די פרעמדע, וואס זיי ווילען און צו וואָס זיי זיינען געקומען.

צווייטער קאַפּיטעל.

# דיא שפּאַנישע עראָבערונג

מיר ווייסען שוין, ווער דיזע פרעמדע זיינען געווען. אַטאַהואַלפּאַ האָט בעשלאָסען צו וואַרטען אין קאַכאַמאַרקאַ אויף אַן אַנטוואָרט פון דיזע פרעמדע צו זיינע שלוחים. ווען עס איז אָנגעקומען דיא אַנטוואָרט פון פּיזאַראָ, אַז ער דאַנקט פאַר דיא פריינדליכע אויפנאַהמע און אַז ער וועט באַלד אַליין קומען אין קאַכאַמאַרקאַ צו זעהען דעם גרויסען אינקאַ, האָט אַטאַהואַלפּאַ, וועלכער איז נאַטירליך געווען נייגעריג צו זעהען אַזעלכע אויסערגעוועהנליכע מענשען, בעשלאָסען ווייטער צו וואַרטען דאָרטען. איהם האָט זיך געוויס ניט גע'חלומ'ט אַז דיזע בעגעגענים וועט זיך ענדיגען מיט זיין געפאַנגענשאַפט און היגריכטונג און אַז אַנשטאָט איהם מיט זיין זיעגרייכער אַרמעע וועלען אַריינקומען אין דער הויפּט־שטאָדט קוצקאָ אַ הייפעלע שפּאַניער אונטער דער קאָמאַנדע פון פּיזאַראָ.

דער פּלאַן וואָס פּיזאַראָ האָט אויסגעאַרבייט, ווען ער האָט אָנגעפאַנגען זיין בעריהמטען מאַרש פון דעם פּאָרט פּאַיטאַ נאָך קאַכאַמאַרקאַ (אַ שטרעקע פון אַ 200 מייל) איז געווען אַזאַ געוואַגטער, אַז עס גלויבט זיך גאָר ניט וויא אַזוי מען האָט איהם געקענט אויספיהרען. דעם 15טען נאָוועמבער 1532, ווען פּיזאַראָ איז אָנגעקומען אין קאַכאַמאַרקאַ, איז זיין "אַרמעע" בעשטאַנען פון 183 מאַן מיט 62 פערד און 2 קליינע קאַנאָנען. אָט מיט דיזער הייפעלע שווערד־העלדען האָט ער עס בעשלאָסען צו פאַנגען דעם אונבעשרענקטען און פערגעטערטען הערשער פון אַ ריזיגער אימפּעריע!

מען דאַרף אָבער ניט מיינען, אַז פּיזאַראָ צוזאַמען מיט דע סאָטאָ און אַנ־דערע זיינע אַדיוטאַנטען, וועלכע האָבען איהם מוטהיג געהאָלפען אין דיזער געוואַגטער אונטערנעהמונג, האָבען ניט איבערלעגט און אַרומגעטראַכט יעדען שריט זייערען פון דעם מאָמענט, ווען זיי האָבען אָנגעפאַנגען דעם מאַרש נאָך קאַכאַמאַרקאַ ביז זיי איז געלונגען צו פאַנגען אַטאַהואַלפּאַ'ן און דורך דעם צו בעהערשען פאַקטיש דיא פּערואַנער אימפּעריע. פּיזאַראָ איז גראַדע געווען אַ זעהר פּראַקטישער מאַן, ניט ווייניגער אויסגערעכענט, וויא העלדענמוטהיג. ער האָט זיך זעהר געשיקט בענוצט מיט דיא אינערליכע שטרייטען און פיינד־

ליכקייטען פון דיא פערואנער נאָך אַ זעהר בלוטיגען בירגער־קריעג, וויא אויך מיט דעם צוטרויען און דיא נאכלעסיגקייטען פון אטאהואלפא, נור בעזאָנדערס מיט דער פערגעטערונג פון אַן אינקאַ. זיין רעכנונג, אַז וויא נור עס וועט איהם געלינגען צו פאנגען אטאהואלפא'ן, וועט ער ניט נור געזיכערט זיין געגען דיא אטאקעס פון דיא פערואנער, זאָנדערן ער וועט אויך קענען בעקומען מאסען גאָלד און זילבער און געווינען שליסליך פאר זיין פאָטערלאנד דיזע אימפעריע, וועלכע איז געווען גרעסער און רייכער פאר דיא אצטעקישע — האָט זיך ארויס־געוויזען אַ גאַנץ ריכטיגע.

וויא נור אטאהואלפא האָט געלאָזט וויסען, אַז ער וועט אריינקומען אין שטאָדט און אויפנעהמען דיא פרעמדע, האָט פיזאַראָ זיך גענומען צוגרייטען איהם צו פאנגען. דיא שפאניער האָבען געקראָגען פאר זייער לאגער אַן אָפע־נעם פּלאַץ, ארומגערינגעלט מיט סאָלידע ווענט און הייזער פון שטיינער. ווען אטאהואלפא איז געבראכט געוואָרען אויף אַ טראָגבעטעל, ארומגערינגעלט פון פּרינצען, גענעראלען און דיענער, אַלע אונבעוואפענט, אין דיזען פלאַץ אזוי וויא אין אַ פאסטקע, איז ער בעגעגענט געוואָרען בלויז פון פיזאַראָ און עטליכע אַנדערע שווערד־העלדען. אַלע איבריגע זיינען געווען אויסגעשטעלט אין זייער פולער בעוואפנונג, מיט זייערע פאנצירען, שווערדען און ביקסען, הינטער דיא ווענט און אין דיא הייזער, אַז זיי זאָלען זיך ניט ווארפען אין דיא אויגען. דיא פערד זיינען געשטאנען אָנגעזאָטעלט לעבען דיא געפאנצירטע רייטער, און דיא קאַנאָנען זיינען געווען אָנגעלאָדען.

דער ערשטער פון דיא שפאניער, וואָס איז צוגעגאנגען צום אינקאַ, איז געווען אַ גלח מיט'ן נאָמען וואלווערדע. אטאהואלפא איז געלעגען אָנגעבויגען אויף דעם טראָגבעטעל, וואָס איז אויפגעהויבען געוואָרען אויף דיא פּלייצעס פון דיא טרעגער, און האָט מיט נייגיריגקייט געוואַרט, וואָס דיא פרעמדע וועלען האָבען צו זאָגען. דער גלח האָט זיך געשטעלט אַנטקעגען איהם מיט אַ צלם אין איין האנד און מיט דער ביבעל אין דער אַנדער האנד און האָט אָנגעהויבען צו ריידען, וויא עס איז געווען אָבגעמאכט אויף דעם קריעגס־ראטה פון פיזאַראָ און זיינע לייטענאנטען. אַן אינדיאנער יונגע האָט איבערזעצט דעם גלח'ס ווערטער, וויא פיעל ער האָט עס געקענט. ווען דער אינקאַ האָט פון אייניגע ווערטער פערשטאנען, אַז דיא פרעמדע פערלאנגען גאָר פון איהם, דעם אַלמעכ־טיגען הערשער אויף דער ערד, אַז ער זאָל אַנערקענען אַלס אויבערהאַר אַ פרעמ־דען קעניג און זאָל אָננעהמען אַ פרעמדען גלויבען, איז ער נאַטירליך געוואָרען איבעררראַשט און האָט מיט פעראכטונג אַ שליידער געטהאָן דיא ביבעל, וועלכע דער גלח האָט איהם געשפאָרט אין האנד.

דאַן האָט דער גלח געגעבען דעם סיגנאַל צו דער אטאקע מיט דעם אויס־רוף: "פאַלט אָן, קאסטיליאנער — איך נעהם פון אייך אַראָב דיא זינד!"

א בעטויבענדע שיסעריי האט גלייך פערהילכט דעם פלאץ. דיא אינדיאנער זיינען געבליבען צוטומעלטע און דערשראקענע. זיי האבען אבער ניט פער־לאזען זייער אינקא. ווען דיא שווערד־העלדען האבען זיך אריינגעשניטען מיט זייערע פערד אין דער אונבעוואפענטער סוויטע, וועלכע האט ארומגערינגעלט דעם אינקא, האבען דיא אינדיאנער זיך געווארפען אין פערצווייפלונג אויף דיא שפאנישע רייטער און זיך אנגעשטרענגט ארונטערצושלעפען זיי. דיא פערואנער סאלדאטען, וועלכע זיינען געשטאנען ארום דיזען פלאץ, האבען פרו־בירט זיך אריינרייסען, ווען זיי האבען דערהערט דיא שיסעריי און דיא פער־צווייפעלטע געשרייען אינוועניג; אבער דיא קאנקוויסטאדארעס האבען זיך אויך פערזארגט פון דיזער זייט. דיא קאנאנען און ביקסען האבען געפייערט גלייך אין דיא געדיכטע מאסען און געטויטעט הונדערטע. דיא וואס האבען געהאט פיס, זיינען זיך דאן צולאפען אין טויטשרעק.

אט אזוי איז עס אטאהואלפא פלוצלונג אריינגעפאלען אין פיזארא׳ס הענד. וויא פיעל פערואנער עס זיינען אומגעקומען ביי דיזער פעררעטהערישער אטא־קע פון דיא גאטספארכטיגע שפאנישע שווערד־העלדען מיט דער בענטשונג פון א גלח אין נאמען פון דער "רעליגיאן פון ליעבע" — דאס בלייבט אונבעקאנט. דיא אפפער דארף מען צעהלען אין דיא הונדערטע, ווייל דיא שפאניער האבען געשאסען און געשניטען רעכטס און לינקס, אום ארויפצוויאגען וואס מעהר שרעק אויף דיא אינדיאנער און צו צייגען זייער מערדערישע גבורה. דער רע־זולטאט איז יעדענפאלס געווען, אז דיא פערואנער האבען גאר מורא געהאט צו פרובירען ארויסרייסען מיט געוואלט זייער געפאנגענען אינקא פון דיא שפאנישע הענד.

אום צו קענען ארויסקריעגען וואס מעהר גאלד און צו האלטען לייכטער אין צוים אטאהואלפא׳ן און זיינע גענעראלען און אנהענגער, האט פיזארא אנ־געפאנגען צו פיהרען א זעהר קונציגען דיפלאמאטישען שפיעל. דער אונווי־סענדער שווערד־העלד, וואס האט ניט געקענט אונטערשרייבען זיין אייגענעם נאמען, האט ארויסגעוויזען גרויסע פעהיגקייטען אויך אלס דיפלאמאט. אין זיינע געשפרעכען מיט דעם געפאנגענעם אינקא, וועמען ער האט העפליך בע־האנדעלט אלס קעניג און צו וועמען ער האט צוגעלאזען זיינע מיניסטארען, גענעראלען און העפלינגע, האט פיזארא גענומען אריינוואַרפען ווערטער מכח אן אויסגלייך און שלום מיט הואסקאר׳ן. אטאהואלפא האט זיך דאן אזוי דערשראקען, טאמער וועט זיין ברודער, וואס איז געבליבען אין געפאנגשאפט אין קוזקא אונטער דער אויפפאסונג פון זיינע גענעראלען און וועכטער, זיך ארויסרייסען פון געפענגניס און זיך ארויפכאפען צוריק אויף׳ן טראן מיט דער הילפע פון דיא שפאניער, אז ער האט געשיקט אין געהיים א בעפעהל איהם צו טויטען.

ווען דיזער מערדערישער בעפעהל איז אויסגעפיהרט געוואָרען, האָט פּי־זאַראָ אָנגעפאַנגען צו שפּיעלען דיא ראָלע פון אַ מאַן, וואָס קען גאָר ניט פערטראָגען אַזעלכע פערברעכען, און אַטאַהואַלפּאַ, וועלכער האָט אָנגעפאַנגען צו שרעקען זיך אַלץ מעהר פאַר זיין אייגענעם טויט דורך שפּאַנישע הענד, האָט איין מאָל אין אַ געשפּרעך מיט פּיזאַראָ'ן אויסגערופען: "איך וועל אָנפילען דיזען צימער מיט גאָלד אַזוי הויך, וויא איך קען עס דערגרייכען, אויב איהר וועט מיך נור פריי לאָזען". אין זיין טרויעריגער בעקאַנטשאַפט מיט דיא שפּאַניער האָט דער אינקאַ גלייך בעמערקט, וויא זיי זיינען געווען גייציג און וויא פאַר גאָלד זיינען זיי געווען קאַפּאַבל צו ריזיקירען אַלעס אין דער וועלט. פּיזאַראָ האָט זיך גלייך אָנגעכאַפּט אָן דיזען פאָרשלאַג, אָבער ער האָט געשטעלט דיא בעדינגונג, אַז דאָס גאָלד זאָל צוגעשטעלט ווערען פאָרויס אין קאַכאַמאַרקאַ.

אַטאַהואַלפּאַ, וועלכער האָט נאָך אַלץ געטרויט פּיזאַראָ'ן אויף'ן וואָרט און האָט אויך קיין בעסערע ברירה ניט געהאַט, האָט אָנגענומען דיזע בעדינגונג. זיי האָבען דאַן געשלאָסען אַ פאָרמעלען קאָנטראַקט, און דער אינקאַ האָט געהייסען אויפהערען אַלע פאָרבערייטונגען צו אַ קריעג מיט דיא שפּאַניער און צוזאַמענקלייבען וואָס שנעלער גאָלד אין דיא טעמפּלען און פּאַלאַצען פאַר זיין אויסקויפונג.

פּיזאַראָ האָט זיך בענוצט דערמיט, אום צו שיקען עקספּעדיציעס אין לאַנד און אונטערצוזאָגען דיא פערואַנער צו זאַמלען דעם געלען מעטאַל. אַרום דער צייט (אין פעברואַר 1533, אַרום דריי מאָנאַט נאָך פּיזאַראָ'ס איינטריט אין קאַכאַמאַרקאַ) איז אָנגעקומען אַלמאַגראָ מיט אונגעפעהר אַזוי פיעל שווערד־העלדען, וויא פיעל פּיזאַראָ האָט געהאַט אונטער זיין קאָמאַנדע. דיא שפּאַנישע קרעפטע זיינען אַזוי פערדאָפּעלט געוואָרען.

עס האָט גענומען לענגער, וויא אַטאַהואַלפּאַ האָט עס גערעכענט, אָנצו־פּילען דעם צימער מיט גאָלדענע זאַכען ביז דעם בעשטימטען צייכען אויף דער וואַנד דאָרטען, אָבער שליסליך האָבען דיא פערואַנער געבראַכט נאָך קאַכאַמאַרקאַ דיא בעשטימטע מאָס. דאָס האָט בעטראָפען אין מאָדערנע געלד אַרום פיער און אַ האַלב מיליאָן פונט סטערלינג. אַ פינפטעל דערפון איז גע־שיקט געוואָרען צום קעניג אין שפּאַניען, און דאָס איבריגע איז צוטהיילט גע־וואָרען צווישען דיא שווערד־העלדען לויט זייער אָבמאַך צווישען זיך. יעדער איינער פון זיי האָט געקראָגען גענוג צו זיין גערעכענט פאַר אַ רייכען מאַן זיין גאַנצען לעבען.

אָבער אַטאַהואַלפּאַ איז אַלץ געבליבען אַ געפאַנגענער. פּיזאַראָ האָט גאָר ניט אָנגעהויבען צו דענקען וועגען האַלטען וואָרט און אַרויסלאָזען פון שטייג אַזאַ גאָלדענעם פויגעל. ער האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז וויא נור אַטאַהואַלפּאַ

וועט קריעגען פרייע פליגעל, וועלען זיך צוזאמענקלייבען אונטער זיין קאמאנדע ריזיגע מחנות צו פעריאגען דיא פרעמדע. אבער אזוי וויא פיזארא האט ניט געקענט און אויך ניט געוואלט האלטען דעם אינקא לענגער אין געפאנגענשאפט, האט ער בעשלאסען צו שיקען איהם אויף יענער וועלט. צו דיזען צוועק האט ער זיך בענוצט מיט דער ערמארדונג פון דעם אינקא הואסקאר. אטאהואלפא איז איבערגעגעבען געווארען צו א געריכט פון פיזארא'ס אדיוטאנטען אויף דיא קלאגען, דאס ער האט געהייסען ערמארדען זיין ברודער און האט קאנספירירט געגען דיא שפאניער, און איז גלייך פעראורטהיילט געווארען צום טויט. דיזער טויט־אורטהייל איז אויך באלד אויסגעפיהרט געווארען אויף אן עפענטליכען פלאץ אין קאכאמארקא, ארום ניין מאנאט נאך דעם פאטאלען טאג, ווען אטא־הואלפא איז געפאנגען געווארען דארטען.

אזוי איז פיזארא פטור געווארען פוןביידע שטרייטענדע אינקאס. עס זיינען נאך אבער פערבליבען זייערע ברידער און אנדערע מיטגליעדער פון דער קעניגליכער פאמיליע. אום ניט צו געבען צייט דיא פערוואנער אויסצוקלייבען א נייעם אינקא און צו ארגאניזירען שטארקע ארמעען, האבען זיך דיא שפאניער א לאז געטהאן צו פערכאפען וואס שנעלער דיא הויפט־שטאדט קוצקא. דאס איז זיי געלונגען, נאכדעם וויא אטאהואלפא'ס גרעסטער גענעראל קוויזקוויז האט ניט געקענט זיי איבערהאקען דעם וועג, דעם 15טען נאוועמבער 1533, פונקט א יאהר נאך זייער אנקומען אין קאכאמארקא.

מאנקא קאפאק, דער נעכסטער ברודער פון הואסקאר און דער געזעצליכער טראנפאלגער, איז געקומען מיט זיינע העפלינגע און ראטהגעבער אין שפאנישען לאגער לעבען קוצקא, אום צו שליסען א בונד מיט פיזארא'ן געגען אטאהואל־פא'ס פארטיי און ארמעע. פיזארא האט איהם אויפגענומען מיט גרויסען אויסווערטיגען רעספעקט און האט איהם נאך פערזיכערט, אז דער גאנצער צוועק פון זיין מארש פון קאכאמארקא נאך קוצקא איז גאר געווען צו פערטיליגען דיא געגנער פון דעם געזעצליכען קעניג.

דיזער לעצטער אינקא האט אזוי טהייער בעצאהלט פאר זיין גלויבען אין פיזארא'ס פערשפרעכונגען, וויא אטאהואלפא. ווען ער האט מורא געהאט פאר דעם אלטען גענעראל קוויזקוויז, וועלכער האט אונערמידליך צוזאמענגעקליבען מחנות געגען דיא שפאניער און האט עטליכע מאל פרובירט זיי אבשניידען דעם וועג צוריק צום ים (אין איין האפען האט פיזארא איבערגעלאזען א געוויסע צאהל שווערד־העלדען, אום צו בעשיצען זיין צוריקטריט אין פאל פון א נידער־לאגע אויף'ן וועג פון קאכאמארקא נאך קוצקא), האט ער אנגענומען אלע בע־דינגונגען פון דיא שפאניער, דארונטער אויך דיא אנערקענונג פון דעם שפא־נישען קעניג פאר זיין אויבערהאר; אבער ווען דיזער גענעראל האט זיך געמוזט

צוריקציהען אַלץ ווייטער צום נאָרד ביז קוויטאָ, האָט דער אינקאַ זיך אַרומגע־זעהען, אַז ער איז נור אַ ווערקצייג אין פיזאַראָ'ס הענד.

דיא שפּאַניער האָבען גלייך גענומען קאָמאַנדעווען אַזוי וויא עס וואָלט גאָר קיין אינקאַ ניט עקזיסטירט. זיי האָבען אומגעוואַנדעלט דיא זון־טעמפּלען אין קירכען און קלויסטערס, האָבען ניט געאַכטעט אפילו אויף דיא היילינגסטע קברים פון דיא פּערואַנער אין זייער יאָגעניש אַרויסצוקריעגען וואָס מעהר גאָלד. זיי האָבען אויך פערכאַפּט דיא פּאַלאַצען פון דיא מיטגליעדער פון אינקאַ־שטאַם. זיי האָבען פערלאַנגט אינדיאַנער טרעגער, דיענער און סאָלדאַ־טען אין דיא עקספּעדיציעס, וואָס זיי האָבען אַלץ מעהר אָרגאַניזירט, אום וואָס שנעלער און בעסער אויסצופיהרען זייערע עראָבערונגס־פּלענער אין דיא ווייטעסטע פּראָווינצען פון דער פּערואַנער אימפּעריע.

פיזאַראָ האָט אַרויסגעציינט אויך אַדמיניסטראַטיווע פעהיגקייטען. אום צו פערשטאַרקען זיינע פּאָזיציעס און צו זיין אין שטענדיגע פערבינדונגען מיט פּאַנאַמאַ, דעם צענטראַל־פּונקט פון זיין פערקעהר מיט שפּאַניען און מיט דער אויסערער וועלט בכלל, האָט ער אויסגעקליבען אַ טהאָל ביי דיא ברעגען אין מיטעלסטען טהייל פון פּערו און האָט דאָרטען געגרינדעט דיא שטאָדט לימאַ, וועלכע איז געוואָרען דער צענטער פון דער שפּאַנישער הערשאַפט אין זיד־אַמעריקאַ און וועלכע בלייבט עד היום דיא הויפּט־שטאָדט פון דער פּערואַנער רעפּובליק. פון דיזען פּאָרט האָבען דיא שפּאַניער געקענט צוקומען פערהעלט־ניסמעסיג לייכט און שנעל צום טהאָל פון כאַאוכאַ אויף דעם פּלאַטאָ, פון וואַ־נען עס האָט זיך געצויגען דער אַלטער פּערואַנער וועג נאָך קוזקאָ. זיצענדיג אין לימאַ, וואוהין עס זיינען אָנגעקומען אַלץ מעהר שווערד־העלדען פון שפּאַניען און פון דיא שפּאַנישע קאָלאָניעס ביי דיא אַטלאַנטישע ברעגען, וואָס ווייטער עס זיינען פערשפּרייטעט געוואָרען בעריכטען וועגען דיא גרויסע אינדיאַנער אימ־פּעריע מיט איהרע אויסעראָרדענטליכע גרויסע אוצרות, האָט פיזאַראָ געקענט בעהערשען דיא וויכטיגסטע טהיילען פון דיזער אימפּעריע.

דיא פּערואַנער, וועלכע האָבען זיך ניט נור אויסגעצייכענט מיט דער איי־זערנער געדולד פון דער רויטהויטיגער ראַסע, זאָנדערן זיינען אויך אין פערלויף פון דור־דורות געוועהנט געוואָרען צו בלינדע געהאָרכזאַמקייט, האָבען געפּאָלגט דיא בעפעהלען פון זייערע נייע הערשער און האָבען געשלעפּט דעם נייען יאָך. אָבער מאַנקאָ קאַפּאַק און דיא העכסטע אַריסטאָקראַטיע פון דעם אינקאַ־שטאַם האָבען זיך אַלץ מעהר אַרומגעזעהען, אַז זייער אייגענע מלוכה געהט שנעל צו גרונד אונטער דער קאָמאַנדע פון דיא שפּאַנישע שווערד־העלדען, און זיי האָבען

גענומען זוכען מיטעל, וויא אזוי מען קען פּטור ווערען פון דיא פרעמדע. אין 1536 האָט זיך מאנקאָ קאפאק ארויסגע׳גנב׳עט פון זיין פאלאץ אין קוצקאָ און האָט ארויסגעלאָזען א סיגנאל צו אן אלגעמיינען אויפשטאנד.

דער מאָמענט איז גראדע געווען א גינסטיגער פאר דיזען אויפשטאנד. פראנציסקאָ פיזאראָ האָט זיך דאן געפונען אין לימא, און אלמאגראָ, וועלכער האָט זיך מיט איניגע מאָנאטען פריהער א לאָז געטהאָן מיט א קאָמפּאניע פון א 500 אוואנטוריסטען צו פערנעהמען דעם זידליכען טהייל פון דער פערואנער אימפעריע לויט זיין פריהערדיגען אָבמאך מיט פיזאראָ׳ן אין פאנאמא, האָט אלץ געזוכט גאָלד אין דיא ווילדערניסען פון טשילי. אין קוצקאָ זיינען בלויז פערבליבען א פּאָאר הונדערט שפאניער אונטער דער קאָמאנדע פון פיזאראָ׳ס דריי ברידער. דיזע הייפעלע שווערד־העלדען האָבען ניט נור אויסגעהאַלטען דיא אטאקעס פון דיא מאסען אינדיאנער, וועלכע האָבען פלוצלונג ארומגערינגעלט און בעלאגערט דיא הויפּט־שטאָדט, זאָנדערן האָבען אויך צוריק געפאנגען א וויכטיגע פאָזיציע און פעריאָגט דיא בעלאגערער אזוי וויט, אז זיי (דיא שפאניער) האָבען געקענט בעקומען פראָוויאנט אין דיא ארומיגע דערפער. דיא אינדיאנער, וועלכע האָבען געזעהען, וויא הילפלאָז זיי זיינען געגען דיא פרעמדע מיט זייערע פייערשיסענדע געוועהר און פערד, האָבען דאן פערלאָרען דעם מוטה. דער אינקא האָט אָבער דאך ניט אויפגעגעבען דיא בעלאגערונג פון קוצקאָ אין דער האָפנונג אויסצוהונגערען דיא שרעקליכע פרעמדע. אין פערלויף פון עטליכע מאָנאט זיינען דיא שפאניער געבליבען אזוי איינגעשלאָסען אין קוצקאָ.

פראנציסקאָ פיזאראָ האָט אלץ ניט געקענט קומען צו הילפע זיינע ברידער, פון וועלכע איינער איז געטויטעט געוואָרען אין א שלאכט מיט דיא פערואנער. ער האָט ניט געהאט גענוג קרעפטע דערצו. דיא פערואנער האָבען זאָגאר פרובירט צו בעפאלען לימא גופא; אָבער דיא שפאנישע קאוואלעריסטען האָבען געמאכט א קורצען סוף פון זייער מחנה אויף׳ן וועג. פיזאראָ האָט זיך געווענדעט נאָך הילפע אין פאנאמא און אין אלע שפאנישע קאָלאָניעס פון צענטראל אמעריקא. אין לימא האָט ער קוים געקענט צוזאמענקלייבען א קאָמפאניע פון 250 שווערד־העלדען. מיט דיזער הייפעלע האָט ער פון דעסטוועגען זיך א לאָז געטהאָן צו בעפרייען דיא בעלאגערטע אין קוצקאָ.

אין דעם מאָמענט, ווען דיא לאגע פון דיא שפאניער אין פערו איז געווען אזא געפעהרליכע, האָט פיזאראָ געקראָגען הילפע פון אן אונערוואַרטעטער זייט. אלמאגראָ האָט זיך צוריקגעקעהרט אין 1537 פון טשילי, ווייל ער האָט דאָרטען

נאָר קיין גאָלד ניט געפונען. ווען מאַנקאָ קאַפאַק האָט דערהערט, אז פון צוויי זייטען מאַרשירען געגען איהם שפּאַנישע שווערד־העלדען, האָט ער אין פער־צווייפלונג אויפגעגעבען דעם קאַמפּף און איז אַנטלאָפען מיט אַ קליינער צאָהל פון זיינע טרייעסטע דיענער אין דיא ווילדעסטע בערג־געגענדען צום נאָרד פון קוצקאָ, וואו ער האָט זיך געקענט פיהלען זיכער מיט זיין לעבען.

דאָס איז געוועזען דער סוף פון דער אינקאַ אימפּעריע. דיא פּערואַנער האָ־בען דאַן אויפגעגעבען אפילו דיא האָפנונגען צו געווינען צוריק זייער אונאַבהענ־גיגקייט און צו פערטרייבען דיא פרעמדע הערשער, וועלכע זיינען געוועזען אזוי גרויזאַם וויא מוטהיג און גייציג און וועלכע זיינען שנעל געוואַקסען אין צאָהל דורך איינוואַנדערונג.



## דריטער קאַפּיטעל.

# דיא מחלוקות, שלאַכטען און אויפשטאַנדעז פוז דיא שווערד־העלדעז

ווען דיא קאָנקוויסטאַדאָרעס האָבען צושטערט דיא הערשאַפט פון דיא אינקאַס, האָבען זיך אָנגעפאַנגען אין זייערע אייגענע רייהען ביטערע שטרייטען, וועלכע האָבען געפיהרט צו מאָרדען, שלאַכטען, אויפשטאַנדען און בירגער־קריעג. דיא שטרייטען האָבען זיך אָנגעהויבען, ווען אַלמאַגראָ און זיינע אָנ־הענגער האָבען זיך ארומגעזעהען, אַז זייער חלק פון דער פּערואַנער אימפּעריע איז ניט נור אַ גאָלדלאָזער, זאָנדערן פּשוט אַ זעהר אָרימער און ווענינ בע־פעלקערטער. קיינער האָט ניט געוואוסט אויף ריכטיג, וואו עס פאַנגען זיך אָן און וואו עס ענדיגען זיך דיא טעריטאָריעס, וועלכע קאַרל דער פינפטער האָט איבערגעגעבען צו פּיזאַראָ'ן און אַלמאַגראָ'ן.

אַלמאַגראָ האָט בעהויפּטעט, אַז דיא געגענדען צווישען קוצקאָ, ארעקווי־פּאַ און לעיק טיטיקאַקאַ דאַרפען אריינגערעכענט ווערען אין זיין חלק, אָבער פּיזאַראָ האָט גאָר ניט געוואָלט הערען דערפון. זיינע אָנהענגער האָבען איהם דאַן געהייסען פערכאַפּען מיט געוואַלט דיא פּרוכטבאַרע און גערדיכט בעפעל־קערטע טהאָלען דאָרטען. נאָך דער פּליטה פון דעם לעצטען אינקאַ איז אַל־מאַגראָ גראַדע צוגעקומען צו קוצקאָ פריהער פאַר פראַנציסקאָ פּיזאַראָ. אַזוי וויא דיא פּאָאָר הונדערט שווערד־העלדען אונטער דער קאָמאַנדע פון הערנאַנדאָ פּיזאַראָ אין קוצקאָ זיינען געווען אויסגעמאַטערט נאָך דעם לאַנגען קאַמפּף געגען דיא פּערואַנער מחנות, האָבען זיי זיך ניט געקענט ווערען געגען אַן אַטאַקע פון אַלמאַגראָ'ס קאָמאַנדע פון אונגעפעהר 500 אַוואַנטוריסטען. דערצו נאָך איז דער אָנפאַל פון דיא לעצטע געווען אַ פּלעצליכער. פראַנציסקאָ פּי־זאַראָ'ס ביידע ברידער זיינען אַזוי געפאַנגען און איינגעשפּאַרט געוואָרען, און אַלמאַגראָ האָט זיך באַלד אַ לאָז געטהאָן געגען פּיזאַראָ'ס אָנהענגער, וועלכע האָ־בען מאַרשירט פון לימאַ נאָך קוצקאָ, און האָט זיי בעזיעגט נאָך אַ קורצען צוזאַ־מענשטויס. דיזע אַטאַקעס האָבען נאַטירליך אויפגעבראַכט אין העכסטען

גראַד דיא פיזאַראָס און זייערע אַנהענגער, און פראַנציסקאָ פיזאַראָ האָט געשוואָרען זיך אָבצורעכענען דערפאַר מיט אַלמאַגראָ׳ן ביי דער ערשטער געלעגענהייט. אָבער זאָ לאַנג אַלמאַגראָ האָט געהאַלטען אין געפאַנגענשאַפט פראַנציסקאָ׳ס צוויי ברידער, האָט דער לעצטער מורא געהאַט אָנצופאַנגען אַ קריעג און האָט בעשלאָסען אָבצונאַרען זיינע געגנער מיט צוזאָגונגען. פראַנציסקאָ פיזאַראָ האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז דיא שווערד־העלדען אונטער אַלמאַגראָ׳ס קאָמאַנדע זיינען אַזוי גרויזאַם, וויא ער אַליין, און אַז זיי וועלען אָהן שום צערעמאָניעס אומברייגנען זיינע ברידער, ווען נור זיי וועלען עס ווינשען אָדער געפינען פאַר צוועקמעסיג. דאַרום האָט ער אָנגעשטרענגט אַלע זיינע דיפלאָמאַטישע פעהיגקייטען פריהער אַרויסצוקריעגען זיינע ברידער פון אַלמאַגראָ׳ס הענד. דאַרום האָט ער זיך ניט געדונגען לאַנג, ווען אַלמאַגראָ האָט פערלאַנגט ניט נור קוצקאָ, זאָנדערן אויך אַלע פערואַנער פראָווינצען צום זיד פון לימאַ. אָבער וויא נור זיינע ברידער זיינען בעפרייט געוואָרען, האָט פיזאַראָ צוזאַמענגעקליבען אַלע זיינע קרעפטע אין לימאַ און האָט זיך ענטזאַגט פון זיין אָבמאַך מיט אַלמאַגראָ׳ן. זיינע שווערד־העלדען האָבען זיך ווידער אַ לאָז געטהאָן אויף דעם וועג פון לימאַ נאָך קוצקאָ, וואוהין אַלמאַגראָ האָט זיך צוריקגעצויגען. דיא פיזאַריסטען זיינען געוועזען עטוואָס וועניגער אין צאָהל פאַר דיא אַלמאַגריסטען, וועלכע זיינען נאָך געשטיצט געוואָרען פון מחנות פערואַנער, וואָס האָבען בעזאָנדערס געהאַסט פיזאַראָ׳ן, אָבער דערפאַר זיינען זיי געוועזען בעסער בעוואַפענט און דיסציפלינירט. ווען עס איז געקומען אין אַפריל 1538 צו אַ שלאַכט לעבען קוצקאָ, האָבען דיא פיזאַריסטען געזיעגט. דיא פערביסענסטע פון אַלמאַגראָ׳ס אונטערשטיצער, וועלכע האָבען געקעמפפט מיט אַ ווילדער פערצווייפלונג, זיינען דאַן אויסגעשלאַכטעט געוואָרען. אַלמאַגראָ אַליין איז אַנטלאָפען מיט אַ טהייל פון זיין קאַוואַלעריע. אָבער ער איז באַלד געפאַנגען געוואָרען. מען האָט איהם איינגעשפאַרט אין דער זעלבער געפענגניס, וואו ער האָט געהאַלטען הערנאַנדאָ און גאַנזאַלאָ פיזאַראָ און וואו מען האָט איהם אין אַ פאָאַר מאָנאַט אַרום דערשטיקט.

פראַנציסקאָ פיזאַראָ איז דאַן ווידער אַריין אין קוצקאָ אַלס טריאומפאַטאָר. ער איז פאַקטיש געוואָרען דער זעלבסטהערשער איבער דער גאַנצער פערואַנער אימפעריע, וואו נור דיא קאָנקוויסטאַדאָרעס האָבען געקענט דערגרייכען אין זייער יאָגענים נאָך גאָלד און זילבער. זיין ברודער גאָנזאַלאָ איז אַוועק נאָך קוויטאָ, אום צו זוכען דיא עלדאָראַדאָ אין דיא געגענדען, וועלכע ציהען זיך פון דיא אַנדעסען אַרונטער צו דיא שטראָמען פון דעם ריזיגען טייך אַמאַזאָן און וועלכע בלייבען עד היום אין זייער אורשפרונגליכער ווילדקייט, בעוואָהנט פון איינגע פון דיא ווילדעסטע שטאַמען פון זיד־אַמעריקאַ. דיזע עקספעדיציע האָט זיך געענדיגט זעהר טרויעריג פאַר דיא געוואַגטע אַוואַנטור־

ריסטען, אָבער זיא האָט געפיהרט צו דער ענטדעקונג פון אמאַזאָן און צו דער בעריהמטער רייזע פון עטליכע שפּאַניער אונטער דער ליטונג פון איינעם מיט'ן נאָמען אָרעלאַנאַ איבער דיזען טייך ביז זיין מינדונג אָדער אריינגוס אין אַט־לאַנטישען ים. הערנאַנדאָ פּיזאַראָ איז אַוועק זוכען דיא ערדלע מעטאַלען אין דיא הויכע געבירגיגע געגענדען צום זיד־אָסט פון קוזקאָ און טיטיקאַקאַ, וועלכע בילדען היינט דיא רעפּובליק באָליוויא און וועלכע זיינען בעזאָנדערס רייך אין זילבער־מינען. איינער פון פּיזאַראָ'ס אדיוטאַנטען מיט'ן נאָמען וואַלדיוויאַ האָט זיך אַ לאָז געטהאָן אויף אַלמאַגראָ'ס וועג צו ערָאָבערען טשילי.

פראַנציסקאָ פּיזאַראָ, אלס גענעראַל־גובערנאַטאָר, האָט ארומגערייזט איבער די פּראָווינצען פון דער ריזיגער אימפּעריע און האָט געגרינדעט שטעדט אין סטראַ־טעגישע פּונקטען לעבען דיא פרוכטבאַרע טהאָלען און אין דיא דורכגענגע צווי־שען דיא בערג. ער האָט אויך אויפגעפּאַסט, אַז דיא פערטהיילונג פון דיא גיטער זאָל אויסגעפיהרט ווערען מיט וואָס וועניגער רייסערייען צווישען זיינע אנהענגער. דיא קאָנקוויסטאַדאָרעס האָבען איינגעפיהרט אין פּערו דיא סיס־טעם פון רעפּאַרטימיענטאָס אַזוי וויא אין מעקסיקאָ און בכלל אין אלע שפּאַ־נישע קאָלאָניעס. דיא בעסערע, דאָס הייסט דיא פרוכטבאַרערע און מעהר בעּ־פעלקערטע געגענדען פון דער אינקאַ אימפּעריע, זיינען צוטהיילט געוואָרען צווישען דיא שווערד־העלדען, און דיא אינדיאַנער זיינען מעהר אָדער וועניגער פערשקלאַווט געוואָרען. עס איז אַזוי דאָרטען געשאַפען געוואָרען אַ פעאָדאַלע סיסטעם, וועלכע איז נאָך פּאַקטיש ניט אָבגעשאַפט געוואָרען אין גאַנצען ביז היינט צו טאָג. דיא קרעאָלען בעזיצען אלץ מאַסען לאַנד, און דיא אינדיאַנער זיינען פּאַקטיש פּעאָנען (קנעכט), אָבוואָהל אין טהעאָריע, על פּי קאָנסטיטוציאָן זיינען זיי פרייע און פולבערעכטיגטע בירגער.

אלמאַגראָ'ס אנהענגער זיינען אָבער געבליבען ניט נור אָהן רעפּאַרטי־מיענטאָס, זאָנדערן האָבען פשוט געליטען נויט. זייער האַס צו פּיזאַראָ איז דאַרום אלץ געשטיעגען. אייניגע פון זיי האָבען זיך אָבגעטראָגען נאָך שפּאַניען, אום ניט נור צו רעטען זייערע אייגענע ביינער, זאָנדערן אויך צו פערקלאָגען דיא פּיזאַראָס פאַר דעם קעניג. דיזע קלאַגען האָבען געפיהרט דערצו, אַז קאַרל דער פינפטער האָט געשיקט אַ הויכען בעאַמטען מיט'ן נאָמען וואַקאַ דע קאַסטראָ אלס גובערנאַטאָר צו אונטערזוכען, וואָס עס טהוט זיך אין ניי־קאַסטיליען, וויא מען האָט דאַן אָנגעפאַנגען צו רופען פּערו. אָבער איידער דיזער קעניגליכער שליח איז אָנגעקומען אין לימאַ, איז שוין פּיזאַראָ געוועזען טויט. דאָס האָט פּאַסירט אין 1541. אלמאַגראָ'ס אנהענגער האָבען ענדליך גענומען ראַכע פון זייער הויפּט־שונא. אונטער דער פיהרונג פון איינעם פון אלמאַגראָ'ס אדיוטאַנ־טען מיט'ן נאָמען כואַן דע לאַ ראַדאַ, וועלכער איז אויך געוואָרען דער אָפּעקון און ראַטהגעבער פון אלמאַגראָ'ס יונגען זוהן, זיינען דיזע אוואַנטוריסטען,

וועלכע זיינען געוועזן אויסער זיך, וואָס דיא פּיזאַריסטען האָבען אַלע רייכטהימער פערכאַפּט פאַר זיך און זיי איבערגעלאָזען אין אַרמוטה, פּלוצלונג בעפאַלען דאָס הויז אין לימאַ, וואו פּיזאַראָ איז געזעסען מיט אַ צוואַנציג פון זיינע נעהנטסטע אונטערשטיצער ביי אַ מיטאָגשפּייז, און האָבען איהם ערמאָרדעט נאָך אַ קורצען געפעכט. אייניגע פון פּיזאַראָ'ס פריינד, וועלכע האָבען פּרובירט פערטרייבען דיא אָנגרייפער, זיינען אויך ערמאָרדעט געוואָרען.

אזוי האָט געענדיגט זיין לעבען דער עראָבערער פון פּערו, וואָס האָט געבראָכען זיינע שבועות, ווען ער האָט געהייסען אומברענגען דעם אינקאַ אַטאַהואַלפּאַ און זיין אַלטען פריינד אַלמאַגראָ. אָבער דיזער מאָרד האָט ערשט געפיהרט צו אַ רייהע פון נייע מאָרדען, בלוטיגע צוזאַמענשטויסען און אויפשטאַנדען. וויא נור עס איז בעקאַנט געוואָרען, אַז פּיזאַראָ איז דער'הרג'עט געוואָרען פון דיא אַלמאַגריסטען אָדער וויא מען האָט זיי גערופען אין לימאַ "דיא חברה פון טשילי", האָבען זיך זיינע אַדיוטאַנטען און נעהענטערע פריינד געזוכט צו בעהאַלטען. אַנדערע אונצופריעדענע זיינען צוגעשטאַנען צו דיא פערשווערער, וועלכע האָבען צוטהיילט צווישען זיך אַלע אוצרות, וואָס זיי האָבען נור געקענט געפינען אין דיא הייזער פון זייערע שונאים, און וועלכע האָבען אויך פערכאַפּט אַלע שיפען אין פּאָרט, אום מען זאָל ניט קענען גלייך אַריבערשיקען דיא נאַכריכט נאָך פּאַנאַמאַ.

דער יונגער אַלמאַגראָ, וועמעס מוטער איז געוועזן אַן אינדיאַנערין, האָט זיך דאָן ערקלערט פאַר דעם גובערנאַטאָר פון פּערו און האָט זיך אַ לאָז געטהאָן מיט אַ טהייל פון זיינע אַנהענגער נאָך קוצקאָ, וואו ער האָט געהאָפט צו בעקומען גענוג קרעפטע געגען פּיזאַראָ'ס אַנהענגער. אָבער צו דער צייט איז שוין דער קעניגליכער שליח, וואַקאַ דע קאַסטראָ, וועלכער האָט געליטען שיפברוך לעבען דיא ברעגען פון קאָלאָמביאַ און האָט געהאַט איבערצוקומען זעהר גרויסע שוויריגקייטען ביז ער האָט געקענט דערגרייכען קוויטאָ און דיא נאָרדליכע פּראָווינצען פון דער פּערואַנער אימפּעריע, אויך געוועזן אויף'ן וועג נאָך קוצקאָ. אַלע אַנהענגער פון דיא פּיזאַראָס זיינען צוגעשטאַנען צו דיזען געזעצליכען פערטרעטער פון דער שפּאַנישער קרוין. אין גואַמאַנגאַ, אַ שטאָדט ניט ווייט פון קוצקאָ, האָבען זיך ביידע מחנות צוזאַמענגעטראָפען אין 1542. דיזע שלאַכט האָט זיך געענדיגט מיט אַ שרעקליכער נידערלאַגע פאַר דיא אַלמאַגריסטען. פון דיא צוועלף הונדערט שווערד-העלדען אונטער דער קאָמאַנדע פון דעם 22-יעהריגען אַלמאַגראָ האָבען קוים פינף הונדערט געקענט זיך אָבטראָגען פון שלאַכטפעלד מיט גאַנצע ביינער. אַלמאַגראָ'ן איז געלונגען צו אַנטלויפען נאָך קוצקאָ, אָבער מען האָט איהם דאָרטען שנעל געפאַנגען און געקעפּט אַלס מורד במלכות אויף דעם בעפעהל פון וואַקאַ דע קאַסטראָ, וואָס האָט פערנומען פראַנציסקאָ פּיזאַראָ'ס פּלאַץ אַלס גענעראַל-גובערנאַטאָר.

דיא קאָנקוויסטאַדאָרעס זיינען גאָר ניט געווען צופריעדען, וואָס דיא שפּאַנישע רעגיערונג האָט ניט ערנאַנט איינעם פון זיי, ספּעציעל איינעם פון פּיזאַראָ'ס ברידער, פאַר דעם גענעראַל־גובערנאַטאָר; אָבער זיי האָבען וויא עס איז געדולדעט דעם קעניגליכען שליח. עס קען זיין, אַז עס וואָלט שוין ניט געקומען צו נייע שלאַכטען און אויפשטאַנדען, ווען קאַרל דער פינפטער וואָלט ניט אַרויסגעלאָזען אין 1542 דעם בעריהמטען בעפעהל וועגען ענקאָמיענדאַס אָדער רעפּאַרטימיענטאָס, וואָס איז בעקאַנט אונטער דעם נאָמען "נייע געזעץ". דער צוועק פון דיזען בעפעהל איז געווען צו שיצען און רעטען פון אונטערגאַנג דיא פערשקלאַווטע אינדיאַנער. דיא צורופען פון דעם בעריהמטען גלח לאַס קאַזאַס (זעה דיא געשיכטע פון מעקסיקאָ) אין נאָמען פון מענשליכקייט געגען דיא שרעקליכע האַנדלונגען פון דיא שווערד־העלדען און אַוואַנטוריסטען האָבען געפונען אַ סימפּאַטישען אָבקלאַנג אין גאַנץ שפּאַניען און בעוואָגען דיא רעגיערונג צו נעהמען שטרענגע מיטעל צו בעשיצען דיא אונגליקליכע אינדיאַנער. וואָס מען זאָל ניט זאָגען וועגען דיא שפּאַנישע רעגיערונג אין יענע צייטען, נור דאָס מוז מען צוגעבען, אַז זיא האָט, אויף'ן פּאַפּיער וועניגסטענס, געהייסען מענשליך בעהאַנדלען דיא איינגעבאָרענע אין דער נייער וועלט. שוין ווען קאָלומבוס האָט אונטערנומען זיין צווייטע רייזע, האָט איהם דיא שפּאַנישע רעגיערונג געהייסען "בעהאַנדלען דיא אינדיאַנער גוט און ליעבליך". דיא אַוואַנטוריסטען זיינען אָבער געווען אַזוי גרויזאַם וויא גייציג. זיי האָבען גאָר ניט געדענקט וועגען פאָלגען דיא גוטע און פרומע רעקאָמענדאַציאָנען פון דער רעגיערונג און פון דער קירכע. דערצו נאָך האָבען זיי געוואוסט, אַז דיא רעגיערונג איז צו ווייט און איז ניט אין שטאַנד צו קאָנטראָלירען זייערע האַנדלונגען אין דיא קאָלאָניעס. זיי האָבען זיך דאַרום אויך ערלויבט צו פערשקלאַווען, צו בערויבען און אויסצושלאַכטען דיא אינדיאַנער עפּעס אַזוי וויא דיא שפּאַנישע רעגיערונג וואָלט גאָר ניט עקזיסטירט.

אום דורכצופיהרען דיא "נייע געזעץ" אין פּערו, האָט דיא רעגיערונג געשיקט אַן אַלטען, זעהר שטרענגען און עהרליכען ביוראָקראַט מיט'ן נאָמען בלאַסקאָ נוניעז דע וועלאַ מיט דער פאָלמאַכט פון אַ וויצע־קעניג. אָבער אין 1544, נאָך איידער ער איז אָנגעקומען אין קוצקאָ, האָט אויסגעבראָכען אַן אויפשטאַנד פון די שווערד־העלדען אונטער דער קאָמאַנדע פון גאָנזאַלאָ פּיזאַראָ. זיי האָבען ערקלערט, אַז זיי וועלען אונטער קיינע אומשטענדען ניט אָבגעבען דיא גיטער, וועלכע זיי האָבען ערוואָרבען מיט זייערע שווערדען, און ניט פריי לאָזען דיא אינדיאַנער, וועלכע זיי האָבען אַלץ מעהר געיאָגט אין דיא זילבערמינען.

פון זיין זייט האָט דער נייער וויצע־קעניג געהאַנדעלט צו שטרענג און צו ראַש. ער האָט ניט נור געסטראַשעט מיט שטרענגע שטראָפען יעדען איינעם,

וואס וועט צווינגען אן אינדיאנער צו ארבייטען געגען זיין ווילען, זאנדערן האט אויך געוואלט ארונטערזעצען דיא מיטגליעדער פון דער קעניגליכער אודי־ענציא (העכערער געריכט) און זאגאר איינגעשפארט אין געפענגנים זיין פאר־גענגער, דעם גענעראל־גובערנאטאר וואקא דע קאסטרא, אויף דעם פערדאכט, דאס דער לעצטער האט אין געהיים אונטערשטיצט דיא רעבעליאן אין קוצקא. שליסליך האט דע וועלא אזוי וייט אויפגעבראכט געגען זיך דיא מעסיגע פארטיי און אפילו דיא רעגיערונגס־בעאמטע, אז דיא ריכטער האבען ענטשיעדען איהם צו ארעסטירען און צוריקשיקען נאך שפאניען. דאן האט גאנזאלא פיזארא געקראגען אלץ מעהר אונטערשטיצער און איז פאקטיש געווארען דער אויבער־האר, אבוואהל אלע האבען געפיהלט, אז דאס שמעקט מיט האכפערראטה און אז קיין פערוואלטונג אין דיא קאלאניעס קען ניט עקזיסטירען א לענגערע צייט אהן דער אנערקענונג פון דער שפאנישער רעגיערונג.

דיא קאפיטאנען פון דיא שיפען האבען ניט געוואוסט וואס צו טהאן מיט דעם ארעסטירטען וויצע־קעניג, וועמען זיי האבען געזאלט אוועקפיהרען אהיים. זיי האבען זיך געפונען צווישען צוויי פייערען. זיי האבען דארום איהם ארונ־טערגעלאזען אין טומבעץ, פון וואנען ער איז צוגעקומען מיט דער הילפע פון פיזארא'ס געגנער ביז קוויטא. דארטען האט דע וועלא געקראגען שטיצע פון דעם גובערנאטאר פון קאלאמביא, וועלכער האט איהם צוגעשיקט א פינף הונ־דערט שווערד־העלדען. אבער גאנזאלא פיזארא האט איהם ניט געגעבען גענוג צייט צוזאמענצוקלייבען מעהר קרעפטע און האט זיך א לאז געטהאן נאך קוויטא אזוי שנעל, וויא דאס איז נור מעגליך געווען. אין א שלאכט ניט ווייט פון קוויטא אין יאנואר 1546 איז דיא מחנה פון וויצע־קעניג ניט נור בעזיעגט גע־ווארען, זאנדערן ער אליין איז געטויטעט געווארען.

דריי יאהר האט נאכדעם געדויערט דיא הערשאפט פון גאנזאלא פיזארא. דאס זיינען געווען גאלדענע יאהרען פאר דיא אוואנטוריסטען. זיי האבען גע־קענט טהאן מיט דיא אינדיאנער וואס זייערע גרוייזאמע הערצער האבען נור געגלוסט. דיא יעניגע וואס זיינען געבליבען טריי צום קעניג, דיא לאיאליסטען, זיינען אונבארמהערציג אויסגעראטעט געווארען פון דיא רעבעלען, ספעציעל פון גאנזאלא'ס בעריהמטען אדיוטאנט קארבאכאל. אין דיזער צייט זיינען ענטדעקט געווארען דיא זילבער־מינען פון פאטאזי אין באליוויא, דיא רייכסטע אין דער וועלט, און דיא גאלד־פעלדער אין עקוואדאר. דיא פיזאריסטען האבען געטריעבען דיא אונגליקליכע אינדיאנער אין דיא מינען, וואו זיי פלעגען פאלען פשוט וויא פליעגען.

אבער, עס פערשטעהט זיך, אז דיא שפאנישע רעגיערונג האט ניט געקענט דולדען אזעלכע האנדלונגען, אבוואהל פיזארא אליין און אויך דיא מייסטע פון זיינע אדיוטאנטען האבען געלייקענט, אז זיי ווילען ניט אנערקענען דיא הער־

שאַפט פון זייער קעניג און אַז זיי בלייבען ניט טריי צו זייער פאַטערלאַנד. עס איז יעדענפאַלס אַ פאַקט, אַז גאָנזאַלאָ פּיזאַראָ האָט ענטזאַגט צו ער־קלערען זיך פאַר אַ קעניג פון פּערו, וויא איינינע פון זיינע אַדיוטאַנטען האָבען עס איהם געראַטהען צו טהאָן. אַ גלח מיט'ן נאָמען פּעדראָ דע לאַ גאַסקאַ איז דאָן אויסגעקליבען געוואָרען פון דער שפּאַנישער רעגיערונג צו מאַכען אַ סוף פון דער רעבעליאָן און איינצופיהרען דיא "נייע געזעץ". דאָס איז געווען אַן אויסעראָרדענטליכער מענש. ער האָט זיך פריהער אויסגעצייכענט אַלס אינקוויזי־טאָר. ווען ער איז אָנגעקומען אין פּאַנאַמאַ, האָט ער ערקלערט, אַז ער איז נור גע־שיקט געוואָרען צו אונטערזוכען, וואָס עס טהוט זיך אין פּערו און צו פיהרען צו פריעדען. ער האָט פּאַנאַנדערגעלאָזען בעריכטען, אַז ער וועט רעקאָמענדי־רען דיא אָבשאַפונג פון דיא "נייע געזעץ", און האָט פּערזיכערט, אַז ער האָט דיא ערלויבניס אָבצולעגען זייער דורכפיהרונג אויף אַ צייט. אין דער זעלבער צייט אָבער האָט ער צוזאַמענגעקליבען קרעפטע אין דיא קאָלאָניעס פון צענ־טראַל־אַמעריקאַ.

דורך זיינע פּערזיכערונגען און פּערשפּרעכונגען איז עס איהם געלונגען צוצוציהען ניט נור דיא שווערד־העלדען, וועלכע האָבען געוואָלט בלייבען טריי צו דער שפּאַנישער רעגיערונג, זאָנדערן אויך אַזעלכע, וואָס האָבען מורא גע־קראָגען פאַר דיא רעזולטאַטען פון דער רעבעליאָן אונטער דער פיהרונג פון גאָנזאַלאָ פּיזאַראָ. דיא אַלמאַגריסטען און אַלע אַנדערע שונאים פון דיא פּי־זאַראָס האָבען דאָן אויפגעהויבען דעם קאָפּ. דיא רייהען פון דיא פּיזאַריסטען זיינען דאַרום אַלץ קלענער געוואָרען. פּעדראָ דע לאַ גאַסקאַ האָט ארויסגע־שיקט פון פּאַנאַמאַ שיפען מיט בריעף צו דיא קאָמאַנדירען און איינוואָהנער פון דיא שטעדט ביי דיא ברעגען פון פּערו, אַז אַלע וועלען אַמניסטירט און בעלוינט ווערען, אויב זיי וועלען בלייבען טריי צום קעניג.

איידער דער שלויער גלח איז צוגעקומען צו קוצקאָ האָבען דיא לאָיאַליסטען און אַנטי־פּיזאַריסטען צוזאַמענגעקליבען זייערע קרעפטע אין דיא געגענדען אַרום טיטיקאַקאַ, אונגעפעהר אַ טויזענד מאַן, און האָבען זיך בעריהמט, אַז זיי אַליין וועלען אין שטאַנד זיין צו בעזיעגען דיא פינף הונדערט רעבעלען, וועלכע זיינען אַלץ געבליעבען טריי צו גאָנזאַלאָ פּיזאַראָ. דאָס איז זיי אָבער ניט געלונגען. זיי זיינען גאָר בעזיעגט געוואָרען פון דיא פּיזאַריסטען אין אַ פּערצווייפעלטער שלאַכט ניט ווייט פון דיא זידליכע ברעגען פון טיטיקאַקאַ. דיא מחנה פון פּעדראָ דע לאַ גאַסקאַ איז אַלץ מעהר געוואַקסען, וואָס נעהנטער ער איז צוגעקומען צו קוצקאָ. איינינע פון גאָנזאַלאָ פּיזאַראָ'ס אַדיוטאַנטען האָבען דאָן געראַטהען אָבצוטרעטען נאָך דיא וויטערע געגענדען פון באָליוויאַ און דאָרטען אויסוואַרטען און זיך בעפעסטיגען. אָבער ער האָט זיך ענטזאַגט דערפון און האָט זיך אַ לאָז געטהאָן מיט זיין געוועהנליכען מוטה געגען דיא

פיעל מאָל גרעסערע רעגיערונגס־ארמעע. ער האָט נאָך אַלץ ניט אויפגעגעבען די האָפנונג צו בעזיעגען זיינע געגנער. אָבער דיזעס מאָל האָבען איהם די מייסטע פון זיינע אַנהענגער פערלאָזען אויף׳ן שלאַכט־פעלד. מען דערצעהלט, דאָס ווען ער האָט דערזעהן, וויא פיעלע פון זיינע אָפיציערען האָבען דעזערטירט און וויא זיינע סאָלדאַטען האָבען זיך אונטערגעגעבען אָהן אַ שאָס, האָט ער אַ פרעג געטהאָן איינעם פון זיינע אַדיוטאַנטען: ”וואָס זאָלען מיר יעצט טהאָן, ברודער כואַן?“ — ”לאָמיר אָנפאַלען אויף אונזערע שונאים און שטאַרבען וויא רוימער“, האָט יענער געענטפערט. — ”ניין, לאָמיר בעסער שטאַרבען וויא קריסטען!“ האָט גאָנזאַלאָ אויסגערופען און האָט גענומען רייטען צו דער פּאָזיציע פון דיא לאָיאַליסטען, וואו ער האָט זיך אַליין אונטערגעגעבען.

דער אַלטער אינקוויזיטאָר האָט דאַן אַרויסגעצייגט זיין גרויזאַמקייט. ער האָט געהייסען איבערגעבען אַלע אָנפיהרער פון דיזער רעבעליאָן צו אַ פעלד־געריכט, וואָס האָט זיי גלייך פעראורטהיילט צום טויט. גאָנזאַלאָ פּיזאַראָ, וועלכער איז אַלט געווען 46 יאָהר און איז געווען איינער פון דיא מוטהיגסטע און פעהיגסטע קאָנקוויסטאַדאָרעס, איז הינגעריכטעט געוואָרען צוזאַמען מיט זיינע קאַפּיטאַנען אויף׳ן שלאַכטפעלד ניט ווייט פון קוצקאָ אין 1548.

מיט איהם איז געפאַלען דיא הערשאַפט פון דיא פּיזאַראָס און פון דיא ערשטע קאָנקוויסטאַדאָרעס. זייערע גיטער, דיא ענקאָמיענדאַס, צוליעב וועלכע דיא רעבעליאָן האָט זיך אָנגעפאַנגען, זיינען קאָנפיסצירט געוואָרען. דיא געפענגניסע זיינען איבערפילט געוואָרען מיט פּיזאַריסטען, פון וועלכע אייניגע זיינען הינגעריכטעט געוואָרען, אַנדערע זיינען פערקריפּעלט געוואָרען און מאַנכע פערשמיסען געוואָרען ביז׳ן טויט. אָבער דאָך האָט דער גרויזאַמער גלח ניט געוואַגט אויסצופיהרען דיא ”נייע געזעץ“. ער האָט געזוכט אַלערליי תירוצים, אום צו געווינען צייט. ווען דיא שווערד־העלדען, וועלכע האָבען איהם פון אָנפאַנג אָן געהאָלפען צו אונטערדריקען פּיזאַראָ׳ס אויפשטאַנד, האָבען גענומען פערלאַנגען דיא פערשפּראָכענע גיטער אַלס בעלוינונג, האָט ער זיך אַזוי דער־שראָקען, אַז ער האָט זיך פּשוט אַרויסגע׳גנב׳עט פון קוצקאָ און איז אַוועק דורך אַ זייטיגען וועג נאָך לימאַ, וואו ער האָט זיך געפיהלט זיכערער מיט זיין איי־גענעם לעבען. ווען ער האָט ערהאַלטען פון מאַדריד אַ בעפעהל, אַז ער זאָל מעהר ניט אָבלייגען דיא דורכפיהרונג פון דיא ”נייע געזעץ“ און אַז יעדע גע־צוואונגענע אַרבייט פון אינדיאַנער מוז אויפהערען, האָט ער עס געהאַלטען אין געהיים אַזוי לאַנג, ביז ער האָט געקענט רעזיגנירען, איבערלאָזען דיא פערוואַל־טונג צו דיא מיטגליעדער פון דער אַודיענציאַ און זיך אָבטראָגען אויף אַ שיף.

פאַר זיין אָבפאָהרען אין 1550 האָט ער אָנגעזאָגט, אַז דער לעצטער קע־ניגליכער בעפעהל זאָל פערעפענטליכט ווערען, ווען ער אַליין וועט זיך שוין געפינען ווייט פון דיא פּערואַנער ברעגען. ער האָט אַזוי איבערגעלאָזען פּערו

וויא א שיף אָהן א רודער. דיא געזעץ געגען דיא פערשקלאוואונג פון אינדיאַ־נער זיינען אלץ געבליבען טויטע בוכשטאבען. דיא שווערד־העלדען האבען זיך אויפגעהערט צו טרייבען אונבארמהערציג דיא איינגעבארענע אין יאָך. דיא שפּאנישע רעגיערונג האָט דאן געשיקט דאָן אנטאָניא דע מענדאָזא אלס וויצע־קעניג, אבער אין עטליכע מאָנאט נאָך זיין אנקומען אין לימא אין 1551 איז ער געשטאָרבען, און עס האָבען זיך ווידער אנגעפאנגען אויפשטאנדען, וועלכע האבען זיך געצויגען א יאָהר פינף. דער גרעסטער פון דיזע אויפשטאנדען איז געוועזען אונטער דער קאָמאנדע פון איינעם פון דיא קאנקוויסטאדאָרעס מיט'ן נאָמען זשיראָן. אין 1554 האבען דיא שווערד־העלדען, וועלכע האבען גע־קעמפּפט פאר זייערע פּריווילעגיעס און רעכטע פון עראָבערער איבער דיא אינ־דיאנער, בעזיעגט דיא מחנה, וואָס דיא מיטגליעדער פון דער קעניגליכער אודי־ענציא האבען צוזאמענגעקליבען, אבער עטליכע מאָנאט שפּעטער איז זשיראָן ניט נור בעזיעגט געוואָרען, זאָנדערן אויך געפאנגען געוואָרען. ענדע 1554 איז זשיראָן הינגעריכטעט געוואָרען אין לימא צוזאמען מיט זיינע וויכטיגסטע אדיוטאנטען. דאָס האָט אבגעשוואכט דיא רעבעלען און געהאָלפען דעם נייען וויצע־קעניג, מארקיז דע קאניעטע, וועלכער איז אנגעקומען אין לימא אין 1555, צו רעגיערען אין פערלויף פון זעקס יאָהר מיט אן אייזערנער האנד.



פערטער קאפיטעל.

# דיא קאָלאָניאַלע צייט

אזוי זיינען פאָריבער דיא ערשטע צוואנציג יאָהר פון דער שפּאַנישער הערשאַפט אין פּערו. פון דיא ערשטע קאָנקוויסטאַדאָרעס זיינען כמעט אַלע אומגעקומען אין זייערע בלוטיגע שטרייטען. עס זיינען אָבער ביסלעכווייז צו־געקומען נייע אַוואַנטוריסטען, נייע גאָלד־זוכער און נייע אונטערדריקער פון דיא אינדיאַנער. ווען מארקיז דע קאַניעטע, איינער פון דיא העכסטע שפּאַנישע אריסטאָקראַטען און, מען מעג זאָגען, איינער פון דיא נאָבעלסטע מענער פון זיין צייט, איז געשיקט געוואָרען נאָך פּערו אַלס וויצע־קעניג, האָבען זיך שוין דאָרטען געפונען אַרום אַכט טויזענד שפּאַניער, פון וועלכע אַרום פינף הונדערט האָבען בעזעסען גרויסע רעפּאַרטימיענטאָס און געהערשט איבער דיא אינדיאַ־נער וויא אונבעשרענקטע טיראַנען.

דיזער וויצע־קעניג האָט געזוכט צו בעשיצען דיא פּערואַנער וויא ווייט נור מעגליך. ער האָט פּערבאָטען דיא ווייטערע איינוואַנדערונג פון שפּאַניער און האָט אַרויסגעשיקט דיא אונרוהיגע אַוואַנטוריסטען. ער האָט אויך אָר־גאַניזירט עקספּעדיציעס נאָך טשילי און אַנדערע ווייטע פּראָווינצען, אום פּטור צו ווערען פון דיא אונצופריעדענע און ניט־בעשעפטיגטע שווערד־העלדען. פון דער אַנדער האַנד האָט ער געזאָרגט, אז דיא אינקאַ־אריסטאָקראַטען און קאַסיקעס זאָלען וואָס שנעלער איבערנעהמען דיא שפּאַנישע קולטור צוזאַמען מיט'ן קאַ־טאָליציזם און זאָלען בלייבען פּערוואַלטער און ריכטער פון דיא אַקערבויער אין זייערע דיסטריקטען. ער האָט עס אַזוי ווייט געבראַכט, אז סאַירי טופּאַק, דער געזעצליכער יורש פון דעם לעצטען אינקאַ מאַנקאָ קאַפּאַק, האָט אונטער־שריעבען, אז ער ענטזאַגט זיך פון זיין קרוין און אז ער נעהמט דערפאַר אָן אַ פּענסיע און אַ שטיק לאַנד אין דעם טהאַל פון יוקאַי, וואו ער איז אין אַ יאָהר צוויי נאָכדעם געשטאָרבען פון אַ געבראָכענע האַרץ. אָבער אין גאַנצען דורכ־פיהרען דיא "נייע געזעץ" האָט דיזער וויצע־קעניג ניט געקענט און אויך ניט געוואגט. דיא אינדיאַנער זיינען אַלץ געבליבען לייבקנעכט, פּאָנסטשיזניקעס.

איינער פון דיא רעזולטאַטען פון דיזער ליבעראַלער פּאָליטיק איז געוועזען,

אַז דער שטראָם פון די עדעלע מעטאַלען וואָס האָט זיך געצויגען זייט די ערָאָבערונג פון פּערו נאָך שפּאַניען, איז אַלץ שוואַכער געוואָרען. אויף'ן טראָן איז דאַן געזעסען פיליפּ דער צווייטער, וועלכער איז געווען אַזוי שטאָלץ, איינגעשפּאַרט און פאַנאַטיש וויא גייציג. פאַר זיינע מלחמות מיט פראַנקרייך און ענגלאַנד, וואָס האָבען רואינירט שפּאַניען, האָט ער בעדאַרפט האָבען מאַסען גאָלד. ער האָט דאַרום בעשלאָסען צו שיקען אַן אַנדער וויצע־קעניג. שליסליך האָט ער געפונען אין דער פּערזאָן פון דאָן פראַנציסקאָ דע טאָלעדאָ איינעם וואָס איז געווען נאָך זיין האַרץ. דיזער וויצע־קעניג, וואָס איז אָנגעקומען אין לימאַ אין 1569, האָט עס איינגעפיהרט די סיסטעם פון קאָלאָניאַלע פערוואַלטונג, וועלכע האָט בעזאָנדערס פיעל בייגעטראָגען צו דער אָבשאַפונג פון דער שפּאַנישער הערשאַפט אין דער נייער וועלט. זיין סיסטעם איז בעקאַנט אונטער דעם נאָמען "ליבראָ דע טאַסאָס", וואָס עס מיינט: דאָס בוך פון רעגולאַציאָנען.

נאָך דיזע רעגולאַציאָנען זיינען די שפּאַניער פאַקטיש געבליבען אַ פּריווילעגירטע קאַסטע און די אינדיאַנער — זייערע לייבקנעכט. פּערו איז צוטהיילט געוואָרען אין אַ פּופציג אַדמיניסטראַטיווע דיסטריקטען אונטער דער הערשאַפט פון קליינע שפּאַנישע טיראַנען מיט דעם נאָמען קאָרעזשידאָר. יעדער ערוואַקסענער אינדיאַנער האָט געמוזט צאָהלען אַ בעשטימטען קאָפּשטייער. דערפאַר זיינען זיי בעפרייט געוואָרען פון אַ בעדייטענדען טהייל פון זייער אַרבייט פאַר זייערע הערשער. די קאַסיקס זיינען געווען פעראַנטוואָרטליך פאַר די קאָלעקציאָן פון דיזען שטייער. זיי האָבען אָבער אויך געמוזט שיקען אַ זיעבענטען טהייל פון די אינדיאַנער נאָך די שטעדט, וואו יעדער איינער פון די שפּאַניער האָט געהאַט דאָס רעכט זיי צו נעהמען צו דער אַרבייט. אין די געגענדען, וואו עס האָבען זיך געפונען מינען, האָבען די קאַסיקס געמוזט אויסקלייבען אַ געוויסען טהייל פון די אינדיאַנער און זיי שיקען אין דיזע מינען, פון וואַנען זיי פלעגען זיך שוין לעבעדיגע ניט צוריקקעהרען. די קאָרעזשידאָרס און די אַריסטאָקראַטישע לאַנד־בעזיצער פלעגען אין דער פּראַקטיקע נאָך איבערשטייגען דיזע גרויזאַמע רעגולאַציאָנען. מאַסען אינדיאַנער פלעגען געטריעבען ווערען מיט געוואַלט אין די מינען אויף פאַלשע בעשולדיגונגען, אַז זיי בעהאַלטען זיך און אַז די קאַסיקס שטעלען ניט אויס ריכטיג די ליסטען פון די אונגליקליכע, וואָס פלעגען אויסגעקליבען ווערען פאַר דיזע שרעקליכע אַרבייט.

אויף דעם גרונד פון דיזע שטייער און ליסטען האָט מען אויסגערעכענט, אַז אין אַ יאָהר פערציג נאָך דער שפּאַנישער ערָאָבערונג איז די צאָהל פּערואַנער געווען אַרום אַכט מיליאָן. מען ווייס, אַז אין דער אומגעגענד פון פּאָטאָזי האָבען די קאַסיקס צוגעשטעלט אין 1573 עלף טויזענד פּעאָנען פאַר די

זילבער־מינען; אָבער מיט א הונדערט יאָהר שפּעטער האָט מען שוין ניט געקענט צוזאַמענטרייבען דאָרטען מעהר פון א זעכצעהן הונדערט אונגליקליכע פאַר דיא זעלבע גיהנם׳דיגע ארבייט. אין דיא פּראָווינצען, וואו עס האָבען זיך, צום גליק פון דיא איינגעבאָרענע, ניט געפונען מינען, איז דיא בעפעלקערונג ניט אזוי שנעל אויסגעשטאָרבען, וויא אין דער מינען־געגענד פון פּאָטאָזי, אָבער טאָלעדאָ׳ס שרעקליכע סיסטעם האָט עס געפיהרט דערצו, אז אין פערו גופא האָבען זיך געפונען מיט צוויי הונדערט און צוואנציג יאָהר שפּעטער (לויט א פּאָלקס־צעהלונג וואָס איז געמאַכט געוואָרען דאָרטען אין 1793) בלויז 1,076,977 נפשות, פון וועלכע 617,700 זיינען געווען ריינע אינדיאַנער, 241,255 מעסטיזאָס, 136,311 שפּאַניער, 40,337 נעגער און 41,404 מולאַטען. אין דער גאַנצער אינקא־אימפּעריע, וועלכע האָט געצעהלט אין איהרע גוטע צייטען ארום צוואנציג מיליאָן נפשות, האָבען זיך צו ענדע פון דער שפּאַנישער הערשאַפט געפונען ארום פיער מיליאָן נפשות! דיזע ציפער זאָגען מעהר פאַר אַלע פירושים איבער דער שפּאַנישער קאָלאָניאַלער סיסטעם.

ווען טאָלעדאָ איז אָנגעקומען אין קוצקאָ, האָט ער בעשלאָסען אויסצוראָטען צוזאַמען מיט דער קעניגליכער אינקא־פאַמיליע אויך אַלע פעסטליכקייטען און רעליגיעזע צערעמאָניעס, וועלכע דיא פריהערע גובערנאַטאָרען און וויצע־קעניגע האָבען געדולדעט. ער האָט געהאַנדעלט פּונקט פערקעהרט וויא מארקיז דע קאַניעטע. ער האָט געהייסען פאַנגען דיא אינקא־פּרינצען, וועלכע האָבען זיך ארומגעשלעפּט אין דיא וועלדער פון ווילקאַבאַמבאַ. ווען דיא שפּאַניער האָבען געפאַנגען דעם לעצטען זוהן פון דעם לעצטען אינקא, א אינגעל מיט׳ן נאָמען טופּאַק אמארו, האָט טאָלעדאָ געהייסען איהם קעפּען אויף אַן עפענטליכען פּלאַץ אין קוצקאָ גופא. אויך האָט ער געהייסען ארויפשטעקען דיזען קרוינפּרינץ׳ס קאָפּ אויף א פּיקע לעבען דעם עשאַפאָט אום וואָס מעהר איינצושרעקען דיא פערואַנער, וועלכע האָבען שוין סיי וויא סיי אויפגעגעבען יעדע האָפנונג אראָבצושליידערען פון זיך דעם שרעקליכען שפּאַנישען יאָך. אַלע צערעמאָניעס, וואָס האָבען נור געקענט דערמאָנען אָן דיא רעליגיאָן און פיהרונג פון דיא אינקאס, זיינען שטרענג פערבאָטען געוואָרען, און פיעלע מיטגליעדער פון דיא אריסטאָקראַטישע פאַמיליען זיינען אומגעבראַכט געוואָרען.

צווישען טאָלעדאָ׳ס נאָכפאָלגער, דיא וויצע־קעניגע, וועלכע דיא שפּאַנישע רעגיערונג פלעגט ניט לאָזען זיך אָנוואַרעמען לאַנג אויף זייערע פּלעצער, האָבען זיך געפונען אויך אזעלכע, וואָס האָבען געזוכט צו פערבעסערען דיא לאַגע פון דיא אינדיאַנער, אָבער זיי האָבען שוין ניט געקענט אָבשאַפען דיזע פערניכטענדע סיסטעם און האָבען בכלל ניט געקענט איינפיהרען גוטע און דויערענדע רעפאָרמען. עס איז געגאַנגען אַלץ ערגער און ערגער. יעדער נייער וויצע־קעניג פלעגט מיטברענגען זיינע פערוואַנדטע און פריינד, וועלכע האָבען נור געזוכט

וואָס שנעלער אָנצוזאַמלען רייכטהימער. זיי פלעגען ניט נור פערבאַפען דיא בעסטע רעגיערונגס־פלעצער, זאָנדערן אויך קוקען פון אויבען אראָב אויף דיא קרעאָלען. עס איז אזוי ענטשטאַנען אַ פיינדשאַפט צווישען דיא הערשער גופא. דיא איינגעבאָרענע ווייסע, דיא קינדער פון דיא פריהערע שפּאַנישע איינוואָהנער, זיינען געוואָרען אַלץ מעהר אונצופריעדען מיט זייער מוטערלאַנד און ספּעציעל מיט דיא נייע שפּאַנישע איינוואַנדערער. דיזע אונצופריעדענהייט איז עס געווען דיא וויכטיגסטע אורזאַכע פון דיא אויפשטאַנדען געגען דיא שפּאַנישע הערשאַפט אין אַנפאַנג פון נייצעהנטען יאָהרהונדערט, וויא מיר האָבען עס שוין געזעהען אין מעקסיקאָ און וויא דאָס האָט זיך מעהר אָדער ווע־ניגער ווידערהאָלט אין פּערו און בכלל אין זיד־אַמעריקאַ.

דיא שפּאַנישע רעגיערונג האָט איינגעפיהרט אין איהרע קאָלאָניעס אַזאַ האַנדעלס־סיסטעם, וואָס האָט זיי אַלץ מעהר פעראָרימט און געמאַכט דיא שטייער־לאַסט אונערטרעגליך. יעדער האַנדעל מיט אויסלאַנד איז געווען שטרענג פערבאָטען. מען האָט איינגעפיהרט אָבצאָהלונגען אויף אַלערליי סחורות, אויף עקספּאָרטס אַזוי וויא אויף אימפּאָרטס. דיא קאָמפּאַניע פון קאַדיקס וואָס האָט געהאַט דעם מאָנאָפּאָל אין דעם האַנדעל צווישען שפּאַניען און דיא קאָלאָניעס, ספּעציעל פון זיד־אַמעריקאַ, פלעגט שרעקליך בערייסען דיא קרעאָלען. אונטער אַזאַ עקאָנאָמישער סיסטעם וואָלטען דיא קאָלאָניעס ניט געקענט זיך ענטוויקלען און וואַקסען, ווען אפילו דיא פּאָליטישע סיסטעם וואָלט געווען אַ בעסערע און פרייערע. דיא שפּאַנישע רעגיערונג האָט נור געזוכט ארויסצוקריעגען וואָס מעהר געלד פאַר זיך פון דיא קאָלאָניעס. זיא האָט זיך גאַנץ ווייניג געקימערט וועגען געבען עפּעס צוריק דערפאַר. אַ פינפטעל פון דיא פּראָדוקטען פון דיא מינען און אַ צעהנטעל פון דיא פּראָדוקטען פון אַקערבוי האָבען געהערט צו דער קרוין. דאָס איז געווען אויסער פערשיעדענע אָבצאָהלונגען און שטייער אויף יעדער זאַך, אויף יעדער אונטערנעהמונג, אויף יעדען געשעפט.

לימאַ איז אויך געוואָרען דער צענטער פון האַנדעל צווישען זיד־אַמעריקאַ און שפּאַניען. אַלע סחורות וואָס פלעגען געשיקט ווערען צוערשט דורך פּאַ־נאַמאַ פלעגען נאָכהער געבראַכט ווערען נאָך לימאַ, פון וואַנען מען פלעגט זיי שוין טראַנספּאָרטירען ווייטער נאָך דיא שפּאַנישע קאָלאָניעס ניט נור ביי דיא ברעגען פון פּאַסיפישען אָקעאַן, זאָנדערן אויך איבער דיא אַנדעסען־בערג נאָך פּאַראַגוואַי און אפילו נאָך בוענאָס ערעס.

צו אַלע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע צרות זיינען נאָך צוגעקומען רעליגיע־זע. דיא גלחים האָבען זיך אַ נעהם געטהאָן צו דיא נשמות פון דיא אונגליקליכע אינדיאַנער, וועלכע מען האָט מיט געוואַלט בעקעהרט צום קריסטענטהום און געטריבען אין דיא קירכען, וואו מען פלעגט זיי צווינגען צו צאָהלען וואָס מעהר

פאר יעדען גאָטעסדיענסט און פאר יעדע זאך. דיא פראַנציסקאַנער און יעזוּ־איטען האָבען עס "געבילדעט" דאָס פאָלק. זיי האָבען גריסען פון טויטע און לעבעדיגע, אלץ לשם שמים. זיי האָבען אויך איינגעפיהרט דיא אינקוויזי־ציאָן נאָך דעם היימישען מוסטער. מען ווייס בעשטימט, אז צווישען 1581 און 1776 האָט מען אין לימאַ פערברענט 59 "אפיקורסים". פון דער אינקווי־זיציאָן האָבען אָבער מייסטענס געליטען דיא שפאַניער. דיא אינקוויזיטאָרען האָבען צו גוט געוואוסט, אז צווישען דיא אינדיאַנער קענען זיך ניט געפינען אפיקורסים. דיא פערואַנער האָבען אזוי בלינד געגלויבט דיא קאַטאָלישע גלחים וויא פריהער דיא אינקאַ־פריעסטער.

ענדערונגען צום בעסערען האָבען זיך אָנגעפאַנגען אין פערו און אין דיא אַנדערע שפּאַנישע קאָלאָניעס אין אָנפאַנג פון אכצעהנטען יאָהרהונדערט, ווען אַ צווייג פון דיא בורבאָנען (דיא פראַנצויזישע קעניגליכע פאמיליע) איז ארויף אויף דעם שפּאַנישען טראָן. ענגלישע און פראַנצויזישע האַנדעלס־שיפען האָבען דאַן געקראָגען דיא ערלויבניס אריינצוקומען אין דיא פּאָרטען פון דיא שפּאַנישע קאָלאָניעס אונטער געוויסע בעדינגונגען. דיא שפאַנישע רעגיערונג האָט ענד־ליך איינגעזעהען, אז זיא פערליערט אלץ מעהר דורך דיא מאָנאָפּאָלען און פערשיעדענע האַנדעלס־בעשרענקונגען, ווייל פון איין זייט האָט עס געשטערט דיא קאָלאָניעס זיך צו ענטוויקלען און פון דער אַנדער זייט האָט עס געפיהרט צו אַ פערמעהרונג פון שמוגלעריי.

זיא האָט אויך אין אָנפאַנג פון 18טען יאָהרהונדערט איינגעזעהען, אַז עס איז זעהר שווער, פשוט אונמעגליך צו פערוואַלטען פון לימאַ גרויסע און ווייטע געגענדען אין זיד־אַמעריקאַ. אין 1740 איז דארום געשאַפען געוואָרען דאָס וויצע־קעניגטהום פון ניי־גראַנאַדאַ, צו וועלכער עס האָבען געהערט דיא טעריטאָריעס פון דיא יעצטיגע רעפּובליקען קאָלאָמביאַ, ווענעצועלאַ און עק־וואַדאָר. דיא הויפּט־שטאָדט פון דיזען וויצע־קעניגטהום איז געווען באָגאָטאַ, וועלכע איז פערבליבען דיא הויפט־שטאָדט פון קאָלאָמביאַ. אין 1776 איז געשאַפען געוואָרען דאָס וויצע־קעניגטהום פון בוענאָס ערעס, וואָס איז בע־שטאַנען פון דיא טעריטאָריעס צווישען דיא אַנדעסען אין מערב, טיטיקאַקאַ אין נאָרד און דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן אין מזרח (היינט געפינען זיך דאָרטען ארגענטינאַ, באָליוויאַ און פּאַראַגוואַי). דורך דיזע ענדערונגען איז דאָס וויצע־קעניגטהום פון פערו געבליבען אונגעפעהר אזוי גרויס וויא היינט דיא רע־פּובליקען פערו און טשילי.

אלס צייכענס פון אויפלעבונג אין פערו גופא, אין דיזען צענטער פון דער שפּאַנישער הערשאַפט, אין דער צווייטער העלפט פון 18טען יאָהרהונדערט דאַרפען אויך בעטראַכט ווערען: דיא אויסווייזונג פון יעזואיטען אין 1767 און דער אויפשטאַנד פון פערואַנער אין 1780 אונטער דער פיהרונג פון אַ געווי־

סען טופאק אמארו, וועלכער האט געשטאמט פון דער קעניגליכער אינקא־פאמי־ליע. וויא רייך דיא יעזואיטען זיינען דארטען געווען, קען מען שליסען פון דעם פאקט, דאס בלויז אין דער נאכבארשאפט פון לימא האבען זיי בעזעסען 5000 נעגער־שקלאווען און גיטער, וואס זיינען געשאצט געווען העכער פון צוויי מיליאן דאלאר און וואס זיינען קאנפיסצירט געווארען בשעת מען האט זיי פערטריבען.

טופאק אמארו'ס אויפשטאנד האט זיך געצויגען א יאהר דריי. דאס איז געווען דיא לעצטע און אויך דיא גרעסטע אנשטרענגונג פון דיא אינדיאנער ארונ־טערצושלייערען פון זיך דעם שפאנישען יאך. אין פערו גופא, אין דיא מי־טעל־פונקטען פון דער אינקא־אימעפריע, זיינען דיא אינדיאנער שוין געווען אזוי נידערשלאגען, אז זיי האבען גאנץ ווייניג אנטהייל גענומען אין דיזען אויפשטאנד. דיא שפאנישע קאמאנדירען האבען זאגאר געברויכט דיזע אינ־דיאנער אלס סאלדאטען צו אונטערדריקען דיא רעבעלען, וועלכע האבען זיך נור געקענט האלטען א לענגערע צייט אין דיא ווילדע בערג־געגענדען פון באלי־וויא. דיא קרעאלען האבען זיך דערשראקען פאר דעם אויפשטאנד פון דיא אינדיאנער אזוי וויא דיא שפאניער און זיי האבען דארום מיטגעהאלפען צו מאכען א קורצען סוף פון טופאק אמארו'ס נאכפאלגער.

דיזער אויפשטאנד איז אונטערדריקט געווארען מיט ווילדע גרויזאמקייטען. אבער דאס בלוט פון דיזע אינדיאנער איז דאך ניט פערגאסען געווארען אומ־זיסט. דיא שפאנישע רעגיערונג האט געשיקט א פעהיגען וויצע־קעניג איינצו־פיהרען וויכטיגע רעפארמען. טאלעדא'ס אויסצעהרענדע סיסטעם איז כמעט אין גאנצען אבגעשאפט געווארען א יאהר צעהן נאך טופאק אמארו'ס רעבעליאן. מען האט טאקע אנגעפאנגען צו זארגען אויך פאר דיא אינטערעסען פון דיא אינדיאנער. וואס אנבעלאנגט צו דיא קרעאלען, האט מען זיי בעוויליגט מעהר זעלבסט־פערוואלטונג אין דיא שטעדט און פראווינצען.

אבער עס איז שוין געווען צו שפעט. דאס איז געווען דיא צייט פון דער גרויסער פראנצויזישער רעוואלוציאן, וועלכע האט געפונען אן אבקלאנג אין אלע שפאנישע קאלאניעס. אידעען פון פרייהייט האבען זיך געטראגען אין דער לופטען. צווישען דיא קרעאלען, וועלכע זיינען שוין לאנג געווען אונצו־פריעדען מיט דער הערשאפט פון דיא שפאניער, האט זיך אנגעפאנגען אזא רעוואלוציאנערע בעוועגונג, וועלכע האט געפיהרט און האט געמוזט פיהרען צו פאלשטענדיגע פאליטישע אונאבהענגיגקייט, וויא מיר וועלען עס באלד זעהען.

פינפטער קאפיטעל.

# דער קאַמפּף פאַר אונאַבהענגיגקייט

דער רעוואָלוציאָנערער שטורם, וואָס האָט אויסגעבראָכען מיט א גוואַלדיגער קראַפט אין דער קאָלאָניאַלער אימפּעריע פון שפּאַניען אַלס רעזולטאַט פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן און פון די נאַפּאָלעאָנישע מלחמות, האָט געטראָפען פּערו מיט עטליכע יאָהר שפּעטער וויא די אַנדערע קאָלאָניעס אין זיד־אַמעריקאַ. אין פּערו האָט זיך אויך די שפּאַנישע הערשאַפט געהאַלטען לענגער און פעסטער וויא אין די אַנדערע קאָלאָניעס, און מען מעג זאָגען, אַז דער סוף פון דיזער הערשאַפט איז געקומען, ווען דיזע עלטעסטע שפּאַנישע קאָלאָניע האָט געוואונען איהר אונאַבהענגיקייט מיט דער הילפע פון די רעוואָלוציאָנערע פיהרער און סאָלדאַטען פון די אַנדערע קאָלאָניעס.

די שפּאַניער האָבען נאַטירליך קאָנצענטרירט זייערע קרעפטע אין לימאַ. דערצו נאָך איז דער וויצע־קעניג אַבאַסקאַל, וועלכער איז אָנגעקומען אַהין אין 1806, געווען אַ זעהר פעהיגער און ענערגישער קאָמאַנדיר. ער האָט אָרגאַניזירט אַן אַרמעע, וועלכע איז בעשטאַנען ניט נור פון שפּאַניער, זאָנדערן אויך פון קאָנסערוואַטיווע און לאָיאַלע קרעאָלען און מעסטיזאָס, ניט רעכענענדיג די אינדיאַנער, וועלכע מען פלעגט פון אַלע זייטען טרייבען מיט געוואַלט צו פערגיסען זייער בלוט אין די שלאַכטען פון זייערע הערען. ער האָט אויך בעצייטענס אַרעסטירט די רעוואָלוציאָנערע אָנפיהרער, פון וועלכע אייניגע זיינען הינגעריכטעט געוואָרען און די אַנדערע איינגעשפּאַרט געוואָרען אין געפענגניסע און פערשיקט געוואָרען אין די קאַלטע און פייכטע געגענדען פון טשילי. די אויפשטאַנדען, וועלכע האָבען אויסגעבראָכען אין די אומגעגענדען פון קוצקאָ און טיטיקאַקאַ, זיינען אונטערדריקט געוואָרען נאָך אַ שרעקליכער אויסשלאַכטונג אין 1816.

אַבאַסקאַל האָט געמיינט, אַז ער האָט שוין טאַקע געמאַכט אַ סוף פון יעדען ווידערשטאַנד אין פּערו. די לאַגע פון די רעוואָלוציאָנערען אין זיד־אַמעריקאַ איז איבערהויפּט געווען אַ זעהר טרויעריגע אין 1816. זייערע אָנשטרענגונגען האָבען זיך געענדיגט אונגליקליך. מיט אויסנאַהמע פון אייניגע

פונקטען אין ארגענטינא, ספעציעל אין בוענאס ערעס, און אין באליוויא און ווענעצועלא, האבען דיא קעמפפער געגען דיא שפאנישע הערשאפט איבעראל פערלארען. אבאסקאל האט דארום זיך צוריקגעצויגען נאך שפאניען. זיין פלאץ האט פערנומען א פעהיגער גענעראל מיט'ן נאמען פענזועלא, וועלכער האט זיך אויסגעצייכענט ביי דער אונטערדריקונג פון דעם אויפשטאנד אין באליוויא און האט געמאכט פארבערייטונגען צו א לאנגען און שווערען מארש איבער דיא אנדעסען, אום צו דערשטיקען דיא רעוואלוציאנערען אין זייער שטארקסטען און וויכטיגסטען נעסט: אין בוענאס ערעס גופא. אבער אין דעם איז ער געשטערט געווארען דורך א פאסירונג, וועלכע האט שליסליך געפיהרט צום זיעג פון דיא רעוואלוציאנערען. דאס איז נעמליך געווען דער בעריהמטער מארש פון דער ארגענטינער רעוואלוציאנערער ארמעע נאך טשילי אונטער דער קאמאנדע פון גענעראל סאן מארטין, וועלכער פערנעהמט דעם נעכסטען פלאץ נאך דעם ליבעראטאר באליוואר, דעם זא־גענאנטען וואשינגטאן פון זיד־אמעריקא, און וועלכער פערדיענט דעם ערשטען פלאץ אין דער געשיכטע פון דעם קאמפף פאר אונאבהענגיגקייט אין זיד־אמעריקא.

אין פערלויף פון צוויי יאהר האט דיזער ארגענטינער העלד געקליבען און מושטירט א רעוואלוציאנערע ארמעע, וואס זאל זיין אין שטאנד צו פיהרען שלאכטען מיט רעגעלמעסיגע שפאנישע סאלדאטען. סאן מארטין איז געווען דער זוהן פון א קאפיטאן פון דער שפאנישער ארמעע און האט געקראגען א מיליטערישע בילדונג אין מאדריד גופא. ער האט זיך אזוי אויסגעצייכענט אין דעם קריעג געגען נאפאלעאן, דאס דיא שפאנישע רעגיערונג האט איהם דערפאר בעלוינט מיט דעם ראנג פון א לייטענאנט־קאלאנעל. דאס האט אבער ניט געענדערט זיינע ליבעראלע מיינונגען. אין 1812, ווען ער האט זיך צוריק געפונען אין זיין געבורטס־לאנד, האט ער אנגעבאטען זיין שווערד אין דיענסט פון דער רעוואלוציאנערער כונטא אין בוענאס־ערעס. ער איז דאן געווארען דער קאמאנדיר פון דער רעוואלוציאנערער ארמעע, וועלכע האט געקעמפפט געגען דיא שפאניער און לאיאליסטען אין דיא טהיילען פון פערו, וואס געהער־רען יעצט צו דער רעפובליק באליוויא. דיזע ערפאהרונג האט איהם אבער גע־פיהרט צום שלוס, אז דיא רעוואלוציאן קען זיין ערפאלגרייך נור אין דעם פאל, ווען מען וועט צוערשט קענען פעריאגען דיא שפאניער פון טשילי און נאכהער דארטען ארגאניזירען אן עקספעדיציע געגען לימא און אנדערע פארטען און פעסטונגען פון דיא שפאניער ביי דיא ברעגען פון פערו.

אום דורכצופיהרען דיזען גרויסען מיליטערישען פלאן, האט סאן מארטין גע'פועל'ט ביי דער רעוואלוציאנערער רעגיערונג אין בוענאס ערעס, אז מען זאל איהם בעשטימען פאר דעם גובערנאטאר פון דער פראווינץ קויא, וועלכע ציהט זיך ביי דיא גרענעצען פון טשילי. דארטען האט ער געדולדיג געקליבען

סאלדאטען און געזאמעלט מאטעריאלען פאר אן אנפאל אויף דיא שפאניער אין טשילי. אין אנפאנג פון 1817, ווען ער האט שוין געהאט אונטער זיין קאמאנדע א געשולטע און דיסציפלינירטע ארמעע פון א פיער טויזענד ארגענ־טינער און טשיליאנער רעוואלוציאנערען מיט א טויזענד פערד און אויך מיט ארטילעריע, האט ער זיך א לאז געטהאן איבער דיא אנדעסען־בערג, וואו אפילו דיא דורכגעגנגע זיינען ארום 13 טויזענד פוס הויך איבער דער אבערפלעכע פון ים. דיזער היסטארישער מארש איז געווען אזא שנעלער, טראץ דיא גרויסע און געפעהרליכע שוויריגקייטען אויף א וועג איבער אזעלכע הויכע און וויסטע בערג מיט שרעקליכע אבגרונדען, אז דיא שפאנישע קאמאנדירען האבען ניט געהאט גענוג צייט ארויסצושיקען אנטקעגען א שטארקערע ארמעע. אין א שלאכט לעבען טשאקאבוקא אין טשילי זיינען דיא שפאניער אזוי בעזיעגט געווארען פון סאן מארטין׳ס ארמעע, אז א רעוואלוציאנערע רעגיערונג האט שוין געקענט עטאבלירט ווערען אין דער הויפט־שטאדט סאנטיאגא דע טשילי. סאן מארטין איז דאן געווארען דער הויפט־קאמאנדיר פון דיא רעוואלוציאנערע קרעפטע פון טשילי און ארגענטינא און האט אנגעפאנגען צו ארגאניזירען זיין לאנג־געפלאנעוועטע עקספעדיציע נאך פערו. אלס פעהיגער קריעגס־פיהרער האט ער בעצייטענס איינגעזעהען, אז דער רעוואלוציאנערער קאמפף וועט זיין א געוואונענער, וויא נור עס וועט געלינגען צו ברעכען דיא מאכט פון דיא שפאניער אין פערו און ספעציעל טאקע אין לימא און אז דאס קען מען דער־גרייכען נור דאן, ווען מען וועט אויך קענען בעהערשען דארטען דעם ים אדער וועניגסטענס אבהאקען דעם וועג פון שפאנישע שיפען צו פערואנער פארטען.

אבער גענעראל פענזועלא, וועלכער האט פערנומען אבאסקאל׳ס שטעלע אלס וויצע־קעניג פון פערו, האט אויך ניט געדרעמעלט. ער האט ארגאניזירט א נייע ארמעע געגען סאן מארטין. לעבען דעם טייך מאיפא איז אין אפריל 1818 פארגעקומען צווישען דיזע צוויי ארמעען א שלאכט, וועלכע האט זיך געענדיגט מיט א פאלשטענדיגען זיעג פאר דיא רעוואלוציאנערען און האט גע־פיהרט צו דער גרינדונג פון דער רעפובליק טשילי.

נאך דער שלאכט ביי מאיפא האט שוין סאן מארטין געקענט פארטזעצען אהן בעזאנדערע שטערונגען זיינע פארבערייטונגען צו אן אטאקע אויף פערו. דיא רעגיערונגען פון ארגענטינא און טשילי האבען בעוויליגט געוויסע סומען צו קויפען שיפען און אויך צו דינגען ערפאהרענע מאטראזען אין אייראפא און אין יונייטעד סטייטס. אין דער פערזאן פון לארד קאטשרעין, אן אדעליגען אוואנטוריסט פון שאטלאנד, האט סאן מארטין געפונען א טיכטיגען אדמי־ראל. אבוואהל דיא שפאניער האבען געהאט אין פערו 17 שיפען מיט 330 קאנאנען געגען א האלב דוצענד שיפען מיט 180 קאנאנען, וואס סאן מארטין און לארד קאטשרעין האבען געקענט צוזאמענקלייבען נאך אלע זייערע אנ־

שטרענגונגען, דאָך האָט סאַן מאַרטין געקענט לאַנדען אַן אַרמעע פון 4500 אַרגענטינער און טשיליאַנער אין סעפּטעמבער 1820 אַ הונדערט מייל צום זיד פון לימאַ. לאָרד קאָטשרעין האָט אַרויפגעיאָגט אַזאַ שרעק אויף דיא שפּאַנישע שיפס־קאַפּיטאַנען מיט זיינע געוואַגטע און געשיקטע אַטאַקעס, אַז זיי האָבען געהאַלטען זייערע שיפען אונטער דעם שוץ פון דיא קאַנאָנען אין קאַלאַאָ, דעם פּאָרט פון לימאַ. דיא רעוואָלוציאָנערע אַרמעע האָט דאַרום געקענט לאַנדען אָהן שום שטערונגען פון דיא שפּאַנישע שיפען.

סאַן מאַרטין האָט אָבער ניט געוואַגט צו מאַרשירען גלייך נאָך לימאַ, וואו דער וויצע־קעניג האָט אַלץ פערגרעסערט זיין אַרמעע. אונטער דער קאָמאַנדע פון שפּאַנישע אָפיציערען האָבען זיך דאָן געפונען אין פּערו וועניגסטענס אַ צוואַנציג טויזענד סאָלדאַטען. אָבער דיא אינדיאַנער, וועלכע מען האָט געצוואונגען צו דיענען אין דיא רייהען פון דיא לאָיאַליסטען, האָבען נור געוואַרט אויף אַ געלעגענהייט צו אַנטלויפען. דיא רעוואָלוציאָנערען אין פּערו האָבען פון זייער זייט זיך אַ הויב געטהאָן גענען דיא שפּאַניער, וויא נור עס איז בעקאַנט געוואָרען, אַז סאַן מאַרטין׳ס אַרמעע האָט געלאַנדעט. ווען סאַן מאַרטין האָט געשיקט אַן אָבטהיילונג פון זיין אַרמעע, אום אָבצושניידען דיא שפּאַניער אייניגע וועגען נאָך לימאַ, זיינען צוגעשטאַנען ניט נור אונצופריעדענע קרעאָלען, זאָנדערן אויך אינדיאַנער, וועלכע האָבען בכלל מעהר סימפּאַטיזירט מיט דיא רעוואָלוציאָנערען וויא מיט דיא לאָיאַליסטען. סאַן מאַרטין מיט דעם הויפּטטהייל פון זיין אַרמעע האָט זיך דערווייל אַריבערגעצויגען אויף שיפען נאָך הואַטשאָ, אַ פּאָרט אונגעפעהר 70 מייל צום נאָרד פון לימאַ, וואו ער האָט בעשלאָסען צו וואַרטען ביז דער אויפשטאַנד וועט ווערען אַזוי שטאַרק, אַז דער וויצע־קעניג וועט געצוואונגען זיין אָבצוטרעטען פון לימאַ און צו בעפעסטיגען זיך אין מיטען לאַנד. אַזוי האָט עס טאַקע פּאַסירט אין עטליכע מאָנאַט אַרום. ווען דער וויצע־קעניג האָט דערזעהען, וויא ער ווערט אַלץ מעהר אַרומגערינגעלט אין לימאַ, וואו דיא אונצופריעדענע מיט דער שפּאַנישער הערשאַפט זיינען אויך אַלץ צאָהלרייכער געוואָרען, האָט ער בעשלאָסען צוזאַמענצוקלייבען אַלע זיינע קרעפטע, אום צו מאַרשירען איבער דיא בערג און צו האַלטען זיך אין מיטען לאַנד אַזוי לאַנג, וויא עס וועט נור מעגליך זיין. וויא ריכטיג עס זיינען געוועזען סאַן מאַרטין׳ס רעכנונגען, אַז וויא נור דער וויצע־קעניג וועט ניט קענען קריעגען הילפע דורך׳ן ים, וועט מוזען קומען אַ סוף צו דער שפּאַנישער הערשאַפט, האָט זיך אַרויסגעוויזען וויא נור אַדמיראַל קאָטשרעין האָט פּעריאָגט דיא שפּאַנישע שיפען און בעהערשט דעם וועג פון פּאַנאַמאַ נאָך לימאַ און אַנדערע פּאַסיפישע פּאָרטען פון זיד־אַמעריקאַ.

דעם 6טען יולי 1821 האָבען דיא שפּאַניער אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל לאַ סערנאַ פערלאָזען לימאַ. דעם גרעסטען צענטער פון זייער

הערשאפט אין זיד־אמעריקא, ווייל זיי האָבען מורא געהאט צו בלייבען דאָרטען אין גאנצען אָבגעשניטען פון דער וועלט און זיך דארום מוזען אונטערגעבען פשוט צוליעב הונגער. זיי זיינען אַוועק אויף׳ן וועג נאָך קוזקאָ, איבערלאָזענדיג א גארניזאָן בלויז אין דער פעסטונג פון פאָרט קאַלאָאָ אין פאַל טאָמער וועט דאָך קענען אָנקומען א פלאָטע מיט פערשטערקונגען פון שפאניען.

א פּאָר טעג נאָך דיזער צוריקציהונג פון דיא שפאניער איז דיא רעוואָלוציאָנערע ארמעע אונטער סאן מארטין׳ס קאָמאנדע אריין מיט טריאומף אין לימא. א פּראָוויזאָרישע רעגיערונג איז גלייך עטאבלירט געוואָרען אונטער דער דיקטאטור פון סאן מארטין מיט דעם טיטול פּראָטעקטאָר. דעם 28טען יולי 1821 איז פּראָקלאמירט געוואָרען דיא אונאבהענגיגקייט פון פערו. אָבער דיא לאגע פון דיא רעוואָלוציאָנערען בכלל און פון זייער רעגיערונג אין לימא בפרט איז דאָך געווען א זעהר ביטערע. דיא שפאניער האָבען ניט נור פערשטארקט זייערע פּאָזיציעס אין דיא געגענדען ארום קוזקאָ און טיטיקאקא, וואו זיי האָבען געצוואונגען, וויא געוועהנליך, דיא אינדיאנער צו שפייזען זיי און אויך צו דיענען מיליטעריש, זאָנדערן האָבען זיך ארונטערגעלאָזען פון דיא בערג צו בעפאלען לימא גופא. סאן מארטין האָט זיך געפונען צווישען פערשיעדענע פייערן. די קרעאָלען פון פערו האָבען געקוקט אויף איהם ווי אויף אן אויסלענדער. זיי האָט פערדראָסען, וואָס ארגענטינער און טשיליאנער האָבען אָנגעהויבען צו פיהרען דיא רעדעל אין זייער לאנד. עס האָבען זיך דארום אָנגעפאנגען אינערליכע רייסערייען.

סאן מארטין האָט זיך דאן געווענדעט צו דער הילפע פון דיא רעוואָלוציאָנערען אין נאָרד, נעמליך פון קאָלאָמביא, ווענעצועלא און עקוואדאָר אונטער דער קאָמאנדע פון באָליוואר, דעם גרעסטען פיהרער אין דעם קאמפף געגען דיא שפאנישע הערשאפט אין זיד־אמעריקא. צו דער צייט איז באָליוואר שוין געווען זיעגרייך אין ניי־גראנאדא און ווענעצועלא, וויא מיר וועלען עס זעהען, ווען מיר וועלען איבערגעבען דיא געשיכטע פון דיזע צוויי רעפּובליקען. צוזאמען מיט זיין בעסטען לייטענאנט, גענעראל סוקרע, האָט ער אין 1822 אויך בעזיעגט דיא שפאניער און לאָיאַליסטען אין עקוואדאָר, זאָ דאָס ער האָט שוין געקענט קומען מיט א טהייל פון זיין קאָלאָמביאנער ארמעע צו העלפען דעם ארגענטינער גענעראל געגען דיא שפאניער אין פערו, וועלכע האָבען זיך דאן געפונען אונטער דער קאָמאנדע פון א זעהר פעהיגען פראנצויזישען גענעראל מיט׳ן נאָמען קאנטעראק. ווען באָליוואר איז אָנגעקומען אין לימא, האָט ער ניט נור איבערגענומען אין גאנצען דיא קאָמאנדע איבער אלע רעוואָלוציאָנערע קרעפטע דאָרטען, זאָנדערן אויך דיא רעגיערונג. דיזער ליבעראטאָר האָט געהאט א ריזיגע אמביציע. ער האָט געשטרעבט צו פערבינדען אלע שפאניש־שפּרעכענדע לענדער אין זיד־אמעריקא אין איין רעפּובליק אונטער זיין דיק־

טאַטור. סאַן מארטין וועלכער האָט ניט געקענט שטימען מיט באַליוואַר'ן און האָט אויך ניט געוואָלט שטערען דעם בעפרייאונגס־קאַמפף, האָט ניט נור פרייוויליג רעזיגנירט פון זיין אמט, זאָנדערן האָט זאָגאַר פערלאָזען פּערו. דערמיט האָט ער געצייגט אַ נאָבעלען ביישפּיעל, אַז דיא אינטערעסען פון פאָלק שטעהען ביי איהם העכער פאַר זיינע אייגענע. ליידער איז דיזער ביישפּיעל ניט נאָכגעפאָלגט געוואָרען פון אנדערע גענעראַלען און פיהרער אין דעם בע־פרייאונגס־קאַמפף געגען שפּאַניען, אויך ניט פון באַליוואַר'ן.

ערשט אַ יאָהר נאָך זיין אָנקומען אין פּערו האָט באַליוואַר געקענט אָר־גאַניזירען אַזאַ שטאַרקע אַרמעע, וואָס זאָל קענען אַטאַקירען דיא שפּאַניער אונטער גענעראַל קאַנטעראַק'ס קאָמאַנדע אין דיא געגענדען אַרום קוצקאָ און טיטיקאַקאַ. דיא לעצטע און בלוטיגסטע פון דיא שלאַכטען וואָס זיינען גע־פאָכטען געוואָרען אין פּערו צווישען דיא רעוואָלוציאָנערע און שפּאַנישע אַר־מעען, איז פאָרגעקומען אין איאַקוטשאַ (אַ שטאָדט אונגעפעהר אין מיטען צווי־שען לימאַ און קוצקאָ) דעם 9טען דעצעמבער 1824. ניט נור זיינען דאָרטען דיא שפּאַניער בעזיעגט געוואָרען, זאָנדערן דער וויצע־קעניג גופא איז פער־וואונדעט און געפאַנגען געוואָרען. פון דער לאָיאַליסטישער אַרמעע זיינען 1400 מאַן געפאַלען טויט אויף דעם בעריהמטען שלאַכטפעלד פון איאַקוטשאַ, 700 זיינען פערוואונדעט געוואָרען און אַרום 4000 געפאַנגען געוואָרען, דאַ־רונטער 14 גענעראַלען צוזאַמען מיט גענעראַל קאַנטעראַק און 568 אָפיצירען. פון דער רעוואָלוציאָנערער זייט זיינען דאַן געטויטעט געוואָרען 300 און פער־וואונדעט געוואָרען 600.

דיזע נידערלאַגע איז געווען דער טויטקלאַפּ פאַר דיא שפּאַנישע הערשאַפט אין פּערו, וואו דער קאַמפף פאַר אונאַבהענגיגקייט האָט זיך געצויגען אַרום צוואַנציג יאָהר, לענגער וויא אין אירגענד וועלכער אַנדערער שפּאַנישער קאָלאָניע אין זיד־אַמעריקאַ. גענעראַל סוקרע, וועלכער האָט קאָמאַנדירט דיא רעוואָלו־ציאָנערע אַרמעע אין דער שלאַכט ביי איאַקוטשאַ, איז אַריין אין קוצקאָ, פון וואַנען ער האָט זיך אַ לאָז געטהאָן צו פעריאָגען דיא לעצטע שפּאַנישע באַטאַ־ליאָנען אין דעם זידליכען טהייל פון באָליוויאַ.



## זעקסטער קאפיטעל.

# דיא ערשטע פופציג יאהר פון אונאבהענגיגקייט

נאך דער זיעגרייכער שלאכט ביי איאקוטשא איז באליוואר געווארען אויך דער דיקטאטאר פון פערו. ער איז דאן געווען זעהר פאפולער ביי דיא מאסען אין גאנץ זיד־אמעריקא. דיא קרעאלען פון פערו זיינען אפילו גאר ניט געווען צופריעדען, וואס איבער זייער לאנד הערשט ווידער א פרעמדער, אבער זיי האבען גאר נישט געקענט אויספיהרען געגען איהם ביז 1826, ווען ער האט געפונען פאר נויטיג צוריקצוקעהרען זיך נאך קאלאמביא. דער ליבעראטאר האט זיך אלץ ארומגעטראגען מיט זיין גראנדיאזען און טרוימערישען פלאן צו גרינדען דיא פעראייניגטע שטאאטען פון גאנץ זיד־אמעריקא ניט רעכנענדיג דיא פארטוגעזישע קאלאניעס אין בראזיליען. איהם איז שוין געלונגען צו פערבינדען ווענעצועלא, ניי־גראנאדא און עקוואדאר אונטער דעם נאמען דיא פעראייניגטע שטאאטען פון קאלאמביא, פון וועלכע ער איז געווארען דער ערשטער פרעזידענט, פאקטיש דער דיקטאטאר.

אום אויך צוצוציהען פערו, האט ער צוזאמענגערופען אין 1825 א קאנגרעס אין לימא. דאס איז נור געווען א צערעמאניע פון זיין זייט. ער האט זאגאר פארגעשלאגען צו רעזיגנירען פון זיין אמט אלס דיקטאטאר; אבער אזוי וויא דיא ארמעע איז געווען אין זיינע הענד, האבען דיא מיטגליעדער פון דיזען קאנגרעס מורא געהאט איינצורייסען זיך מיט איהם און האבען איהם אפיציעל געבעטען צו פערבלייבען וויטער דער הויפט פון דער פערואנער רעפובליק. ער האט זיך ניט געלאזט לאנג בעטען און האט ארומגערייזט איבער'ן לאנד, וואו ער איז איבעראל אויפגענומען געווארען מיט פריידע. ווען ער איז צוגעקומען צום פלאטא וואס ציהט זיך צום זיד־אסט פון טיטיקאקא, אין דער געגענד וואס האט געטראגען דעם נאמען אויבערשטע פערו, האט ער דארטען געשאפען א נייע רעפובליק און א נייע נאציאן. דאס איז דיא רעפובליק באליוויא (דאס לאנד פון באליוואר). דיזער טהייל פון דער אינקא אימפעריע האט אזוי פערעוויגט דעם נאמען פון דעם ליבעראטאר, וועלכער האט אליין אנגעשריעבען

איהר קאָנסטיטוציאָן און האָט אָנגעשטעלט גענעראל סוקרע אלס איהר פּרע־זידענט.

באָליוואר האָט דאן דערגרייכט דיא העכסטע שטופע פון זיין גדולה. דיזער וואשינגטאָן פון זיד־אמעריקא האָט גערעכענט, אז ער וועט באלד ווערען דער הערשער איבער אן אימפּעריע, וואָס וועט זיך ציהען פון ווענעצועלא און קאָלאָמביא אין נאָרד ביז טשילי און ארגענטינא אין זיד. אָבער דיא שטרעבונג פון דיא קרעאָלען, וועלכע זיינען געוואָרען דיא הערשער אויף דעם פּלאץ פון דיא שפּאניער, זיינען גראדע געווען געגען א גרויסע רעפּובליק מיט א צענטראליסטישער רעגיערונג, וויא באָליוואר האָט עס פּרובירט דורכפיהרען. אין יעדער פון דיא שפּאנישע קאָלאָניעס, וועלכע זיינען געווען פערוואלטעט אין פערלויף פון צוויי און א האלב יאָהרהונדערטע פון וויצע־קעניגע אָדער גענעראל־גובערנאטאָרען, איז ענטשטאנען, מעג מען זאָגען, א בעזונדערע נאציאָן, וואָס האָט פערלאנגט זעלבסטפערוואלטונג און געוואָלט בלייבען אונאבהענגיג. דיא שפּראך און דיא רעליגיאָן זיינען געווען דיא זעלבע אין דער ריזיגער קאָלאָניאלער אימפּעריע פון שפּאניען, אָבער צו דער צייט פון דעם קאמפּף פון אלע קאָלאָניעס פאר פּאָליטישע אונאבהענגיגקייט, האָבען זיך דיא איינוואָהנער פון פּערו, טשילי, עקוואדאָר, ארגענטינא, ווענעצועלא, קאָלאָמביא א. ז. וו. אזוי וויט אונטערשיידעט איינע פון דיא אנדערע, אז אונטער איין רעגיערונג האָבען זיי שוין אויף קיין פאל ניט געקענט בלייבען.

באָליוואר'ס פּאָליטישע געביידע איז דארום צופאלען געוואָרען נאָך איידער זיא איז פערטיג געוואָרען. דער ליבעראטאָר האָט געמוזט פערלאָזען פּערו, ווייל עס האָבען זיך אין 1826 אָנגעפאנגען אזעלכע רייסערייען צווישען ווענעצועלא און ניי־גראנאדא, וואָס האָבען זיך טאקע געענדיגט שפּעטער מיט זייער אָבזונדערונג אין צוויי רעפּובליקען. ער האָט זיך געאיילט אָנצוקומען אין באָגאָטא, דיא הויפּט־שטאָדט פון קאָלאָמביא, אום צו קענען ווייטער אָנהאלטען זיין הערשאפט דאָרטען. אָבער אין עטליכע מאָנאט נאָך זיין אָברייזע פון לימא האָט זיך אויך געמוזט צוריקציהען זיין גענעראל לארא, וועמען ער האָט דאָרט איבערגעלאָזען אלס קאָמאנדיר איבער זיינע קאָלאָמביאנער סאָלדאטען. די אינערליכע שטרייטען צווישען די פּערואנער פּארטייען און פיהרער זיינען אלץ העפטיגער און ביטערער געוואָרען. באלד נאָך דער אָברייזע פון די קאָלאָמביאנער סאָלדאטען אין 1827 האָט אויסגעבראָכען א קאמפּף צווישען דיא גענעראלען סאנטא קרוץ און לאמאר וועגען דיא פּרעזידענטשאפט. געזיעגט האָט לאמאר. דער קאָנגרעס וואָס איז צוזאמענגערופען געוואָרען צו בעשטימען דיא קאָנסטיטוציאָן פון דער פּערואנער רעפּובליק און צו ערוועהלען א פּרעזידענט, האָט אין אוגוסט 1827 געשטימט מיט א גרויסער מאַיאָריטעט פאר גענעראל לאמאר, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכענט אין דער שלאכט ביי איאקוטשא. אָבער ער

איז ארונטערגעזעצט געוואָרען אין צוויי יאָהר ארום נאָך דער מלחמה, וועלכע ער האָט פערפיהרט מיט קאָלאָמביא און וועלכע האָט זיך געענדיגט זעהר אונ־גליקליך פאר פערו.

דאָס איז געווען, מעג מען זאָגען, דער אָנהייב פון דיא פערוויסטענדע מלחמות, וועלכע פלעגען אויסברעכען פון צייט צו צייט צווישען דיא יונגע רע־פובליקען אין זיד־אמעריקא וועגען דיא גרענעצען פון זייערע טעריטאָריעס. פרעזידענט לאמאר האָט געשיקט אַן ארמעע צו פערכאַפּען באָליוויא, אום דער־מיט ניט נור צו פערגרעסערען און פערשטארקען פערו, זאָנדערן אויך אָבצו־שוואכען קאָלאָמביא און בעזאָנדערס צו צערשטערען באָליוואר׳ס אמביציעזע פלענער צו בעהערשען גאַנץ זיד־אמעריקא. אָבער וויא נור דער ליבעראטאָר האָט זיך דערוואוסט דערפון, האָט ער געשיקט אַן ארמעע נאָך עקוואדאָר, וועל־כע האָט בעזיעגט לאמאר׳ס ארמעע.

דער רעזולטאט דערפון איז געווען א בירגער־קריעג, וואָס האָט זיך געצוי־גען ביז 1844. נאָך לאמאר׳ס נידערלאגע האָט איינער פון זיינע גענעראלען מיט׳ן נאָמען גאמארא, וועלכער האָט זיך אויך אויסגעצייכענט אין דער שלאַכט ביי איאקוטשאָ, פערכאפּט דיא רעגיערונג אין זיינע שטארקע הענד. עס האָט געהייסען, אַז ער איז אויסגעוועהלט געוואָרען פון אַ קאָנגרעס אין לימאָ אין 1829 אלס פרעזידענט, אָבער ער האָט אזוי וועניג געוואוסט פון אַ קאָנסטי־טוציאָנעלער רעגיערונג, וויא דיא אַנדערע גענעראלען פון זיין צייט אין דער לאטיינישער אמעריקא, און איז פאקטיש געווען דיקטאטאָר. זיינע געגנער און אַלע אַנדערע אמביציעזע גענעראלען האָבען אָבער ניט געוואָלט דולדען זיין דיקטאטור. עס האָבען זיך אָנגעפאנגען אויפשטאנדען און פראָנונסיא־מענטאָס. זאָ־גענאנטע פּרעזידענטען האָבען זיך געביטען כמעט יעדעס יאָהר ביז 1845, ווען גענעראל ראמאָן קאסטילא איז געוואָרען דער דיקטאטאָר. דיא אָפיציערען און גענעראלען, וועלכע האָבען אנטהייל גענומען אין דער שלאַכט ביי איאקוטשאָ, האָבען געהאלטען, אַז נור זיי האָבען פערדיענט צו פיהרען דיא גרענדע אין דער רעפובליק און צו פערנעהמען דיא בעסטע רעגיערונגס־פלעצער. אין דיזער בעזאָנדערס אונרוהיגער צייט פון דער פערואַנער רע־פובליק, וועלכע האָט זיך נאָך אייגענטליך עד היום ניט בערוהיגט אין גאַנצען, איז דער קאמפף פאר דיא דיקטאטור געפיהרט געוואָרען בעזאָנדערס צווישען דיא גענעראלען גאמארא, סאנטא קרוץ און סאלאווערי. אין דיזע בירגער־קריעגען האָבען זיך געוועהנליך בעטהייליגט דיא קרעאָלען. דיא אינדיאַנער, וועלכע בילדען אויך היינט דעם בויערן־קלאס, האָבען זיך פרייוויליג ניט גע־מישט אין דיא שטרייטען און שלאַכטען פון זייערע ווייסע העררן און האָבען אין אַלגעמיינען קיין אנטהייל ניט גענומען אין דער פערוואלטונג פון לאַנד.

די קרעאָלען פלעגען אָבער צווינגען מיט געוואלט די אינדיאַנער צו דיענען אין זייערע אַרמעען.

גענעראל סאַנטאַ קרוז, וועלכער איז געוואָרען דער דיקטאַטאָר אין באָליוויא, האָט אין 1836 בעזיעגט כמעט אַלע זיינע געגנער, דאַרונטער אויך גענעראל גאַמאַראַ. ער האָט זיך דאַן ערקלערט פאַר דעם פּראָטעקטאָר פון פּערו און באָליוויא צוזאַמען. אָבער צו זיין הערשאַפט איז געקומען אַ שנעלער סוף דורך אַן אַטאַקע פון טשילי. די אַריסטאָקראַטיש־קאָנסערוואַטיווע פּאַרטיי, וועלכע האָט דאַן געפיהרט די גרענדע אין טשילי, האָט געוואָלט צייגען איהר מאַכט אויך אין פּערו און בכלל אין אַלע לענדער ביי די ברעגען פון פּאַסיפישען אָקעאַן. ווען מיר וועלען קומען צו דער געשיכטע פון טשילי, וועלען מיר זעהען, אַז אין 1831 איז די ליבעראַלע פּאַרטיי דאָרטען בעזיעגט געוואָרען און אַז איהר פיהרער פרעירע איז אַנטלאָפען נאָך פּערו, וואו ער האָט געזוכט הילפע ביי די ליבעראַלען. די טשיליאַנער רעגיערונג האָט העפטיג פּראָטעסטירט געגען די האַנדלונגען פון דער פּערואַנער רעגיערונג צו גונסטען פון די ליבעראַלע רעבעלען אין טשילי און האָט געשיקט אָהן שום וואָרנונג שיפען, וועלכע האָבען געפאַנגען די פּערואַנער שיפען אין קאַלאַאָ. עס האָט זיך אַזוי אָנגעפאַנגען די ערשטע מלחמה צווישען דיזע צוויי רעפּובליקען, וועלכע זיינען, וויא מיר ווייסען עס, געוועזען טהיילען פון דער אינקאַ־אימפּעריע און האָבען זיך אויך אַ לענגערע צייט געפונען אונטער דער פערוואַלטונג פון די זעלבע שפּאַנישע וויצע־קעניגע.

די טשיליאַנער רעגיערונג האָט דאַן געשיקט סאָלדאַטען צו שטיצען די קאָנסערוואַטיווע פּאַרטיי אין פּערו און די געגנער פון סאַנטאַ קרוז, וועלכער האָט זיך קוים געקענט רעטען מיט גאַנצע ביינער. גענעראל גאַמאַראַ איז דאַן (אין 1839) ווידער געוואָרען פּרעזידענט, אָבער פון אַלע זייטען האָבען זיך אויפגעהויבען גענעראַלען, וועלכע האָבען געקליבען מחנות צו מאַכען פּראָנונציאַמענטאָס. די אַנהענגער פון גענעראל סאַנטאַ קרוז, וועלכער האָט זיך אָבגעטראָגען נאָך אייראָפּאַ, האָבען זיך צוזאַמענגעקליבען אין באָליוויא, פון וואַנען זיי האָבען געוואָלט זיך אַ לאָז טהאָן נאָך קוצקאָ. גענעראל גאַמאַראַ, וועלכער האָט בעשלאָסען ניט צו געבען זיי צייט אויסצופיהרען זייער פּלאַן, האָט אין איילענעס אָנגעפאַנגען אַ מאַרש נאָך באָליוויא, אָבער אין אַ זעהר בלוטיגער שלאַכט אין 1841 איז ער געטויטעט געוואָרען און די מייסטע פון זיינע אָפיצירען זיינען געפאַנגען געוואָרען.

נאָך גענעראל גאַמאַראַ'ס טויט איז די לאַגע אַלץ ערגער געוואָרען. פּרעזידענטען און דיקטאַטאָרען האָבען זיך נאָך שנעלער געביטען וויא פריהער. נור ענדליך איז אויפגעקומען אַ דיקטאַטאָר, וואָס האָט זיך אויסגעצייכענט ניט בלויז אַלס אַ מוטהיגער גענעראל, זאָנדערן אויך אַלס אַ פעהיגער אַדמיניסטראַ־

טאָר און שטאַטס־מאַן. דאָס איז געווען גענעראַל ראַמאָן קאַסטילאַ, וועלכער האָט זיך אויך אויסגעצייכענט אין דער שלאַכט ביי איאַקוטשאָ, נור ער האָט זיך אַלץ צוריקגעהאַלטען פון מאַכען אַ פּראָנונסיאַמענטאָ אין זיין אייגענעם נאָמען. ער האָט זיך ערוואָרבען אַ נאָמען אַלס אַן ענערגישער און עהרליכער מאַן. דאַרום זיינען צו איהם צוגעשטאַנען פיעלע, וויא נור ער איז אַרויסגע־טראָטען צו מאַכען אַ סוף פון דעם אונענדליכען בירגער־קריעג און איינצופיה־רען אָרדנונג. אויך דיזעס מאָל האָט ער אייגענטליך געשטיצט דעם געזעצליך ערוועהלטען פּרעזידענט מענדעץ געגען זיינע געגנער. נאָכדעם וויא קאַסטילאָ



גענעראַל ראַמאָן קאַסטילאָ

האָט בעזיעגט אין 1844 דיזע געגנער און איז אַריין מיט טריאומף אין קוצקאָ, האָט ער צוערשט ערקלערט אַלגעמיינע אַמניסטיע און באַלד נאָכדעם אַרויפ־געזעצט צוריק גענעראַל מענדעץ אויף דעם פּרעזידענטען־שטוהל, אָבער אין צעהן מאָנאַט ארום, ווען מענדעץ'עס געזעצליכער טערמין האָט זיך געענדיגט, איז גענעראַל קאַסטילאָ כמעט איינשטימיג ערוועהלט געוואָרען פון קאָנגרעס אַלס פּרעזידענט.

דיזער גרויסער מאַן פון פערו האָט געהערשט מיט אַן אייזערנער, אָבער אויך מיט אַן עהרליכער האַנד. מען האָט פאַר איהם מורא געהאַט, אָבער מען האָט איהם אויך געאַכטעט. ער האָט געהאַלטען אין צוים דיא אַמביציעזע

גענעראַלען, וועלכע האָבען אַלץ אויסגעקוקט אויף אַ געלעגענהייט צו מאַכען אַ פּראָנונסיאַמענטאָ, און האָט אויך איינגעפיהרט רוהע און אָרדנונג, וויא וויים דאָס איז דאַן מעגליך געווען נאָך אַזוי פיעל רעוואָלוציאָנען און קאָנטר־רעוואָלוציאָנען. דיא מאַסען פון פאָלק האָבען איהם געשטיצט געגען דעם מי־ליטערישען טהייל פון דיא קרעאָלען, וואָס האָט אַרויסגערופען און געפיהרט דיא אויפשטאַנדען אין דיא צוואַנציג יאָהר נאָך דער שלאַכט ביי איאַקוטשאָ.

דערצו נאָך איז גענעראַל קאַסטילאַ זעהר פיעל געהאָלפען געוואָרען דורך דיא מיליאָנען, וועלכע האָבען אָנגעפאַנגען צו פליסען אין זיין רעגיערונגס־קאַסע פון דיא גואַנאָ און ניטראַטען מינען, מיט וועלכע עס זיינען אויסער־אָרדענטליך רייך דיא וויסטעסטע געגענדען פון זיד־אַמעריקאַ ביי דיא ברעגען פון פאַסיפישען אָקעאַן. ווען מען האָט אויסגעפונען, וואָס פאַר טהייערע מאַטעריאַלען עס געפינען זיך דאָרטען פאַר דיא בעמיסטיגונג פון פעלדער, האָבען זיך אַהין אַ לאַז געטהאָן שיפען פון אייראָפּאַ. דיא וויסטעסטע און כמעט גאָר ניט בעוואָהנטע טהיילען פון פערו זיינען מיט אַמאָל געוואָרען דיא טהייערסטע. דיא ניטראַטען און גואַנאָ האָבען צוגעשטעלט און שטעלען צו מעהר גאָלד וויא אפילו רייכע גאָלד־מינען. דיא טאַקסע אויף דיזע בעמיסטי־גונגס־מאַטעריאַלען האָט געהאָלפען גענעראַל קאַסטילאַ ניט נור צו דעקען אַלע קאָסטען פון אַ בעדייטענדער אַרמעע און פון דער רעגיערונג, זאָנדערן אויך צו ערלייכטערען דיא שטייער־לאַסט פון דיא אינדיאַנער אַקערבויער, צו צאָהלען רעגעלמעסיג דיא שטאַאַטס־שולדען, צו בויען דיא ערשטע אייזענבאַהן צווישען לימאַ און קאַלאַאָ און צו עטאַבלירען אַ ליניע פון דאַמפף־שיפען ביי דיא ברע־גען פון פאַסיפישען אָקעאַן.

גענעראַל קאַסטילאַ האָט רעגיערט וויא אַ דיקטאַטאָר, נור ווען זיין גע־זעצליכער 6־יעהריגער טערמין האָט זיך געענדיגט, האָט ער פריייוויליג רעזיג־נירט. אויף זיין פּלאַץ איז ערוועהלט געוואָרען גענעראַל עטשעניק, וועלכער האָט אָבער ניט לאַנג זיך געהאַלטען. דיזער גענעראַל האָט זיך אַזוי געפיהרט, אַז עס האָט אויסגעבראָכען אַן אויפשטאַנד געגען איהם, און קאַסטילאַ האָט זיך ווידער געמוזט אַריינמישען, אום צו עטאַבלירען אָרדנונג און פריעדען. נאָך עטליכע שלאַכטען, וועלכע האָבען זיך געענדיגט צו גונסטען פון גענעראַל קאַסטילאַ, האָט גענעראַל עטשעניק געמוזט מאַכען פּליטה פון פערו. קאַס־טילאַ איז דאַן ווידער געוואָרען דיקטאַטאָר. אין דער צייט פון זיין צווייטער דיקטאַטור, פון 1855 ביז 1862, ווען ער האָט זיך צוריקגעצויגען פון פּאָלי־טישען לעבען, האָט ער אַלץ מעהר געשטעלט אויף אַ פעסטען באָדען דיא רע־פּובליק. אין 1860 האָט ער דורכגעפיהרט אַ קאָנסטיטוציאָן, וועלכע פער־בלייבט עד היום אין קראַפט. דיא רעגיערונג, וואָס ער האָט איינגעפיהרט, איז אַ צענטראַליסטישע. דער פּרעזידענט האָט אַ צו גרויסע מאַכט. דאָס

לאַנד איז צוטהיילט אין פּראָווינצען, וועלכע ווערען פערוואַלטעט פון פּרעפּעקטען אָדער גובערנאַטאָרען, וואָס ווערען ערנאַנט פון פּרעזידענט. נור אַזעלכער וואָס קען לעזען און שרייבען און וואָס צאָהלט געוויסע שטייער אָדער בעזיצט אייגענטהום, איז בערעכטיגט צו שטימען. דאָס מיינט, אַז דער גרעסטער טהייל פון די פּערואַנער בלייבען אָהן שטימרעכט. שקלאַווערייַ און אַלע ספּעציעלע אָבצאָהלונגען פון אינדיאַנער זיינען פערבאָטען געוואָרען (אין פּערו האָט עקזיסטירט שקלאַווערייַ ביז 1855).

קאַסטילאַ'ס פּלאַץ האָט פערנומען גענעראַל סאַן ראָמאַן, זיינער אַן אַלטער פריינד. ער איז אָבער געשטאָרבען אין זעקס מאָנאַט נאָך זיין ערוועהלונג אַלס פּרעזידענט, און דער וויצע־פּרעזידענט פּעזעט האָט אָהן שום שטערונגען געקענט זיך זעצען אויף דעם פּרעזידענטען־שטוהל. גענעראַל פּעזעט האָט אָבער ניט געקענט ענדיגען דעם געזעצליכען טערמין צוליעב אַ צוזאַמענשטויס מיט שפּאַניען. אין דער צייט פון זיין לאַנגער הערשאַפט האָט קאַסטילאַ אויך געזוכט צוצוציהען עמיגראַנטען פון אויראָפּאַ און פון אַזיען (אַ סך כינעזער זיינען דאַן אַריבערגעבראַכט געוואָרען צו אַרבייטען אויף די בוימוואָל און צוקערפּלאַנטאַציעס אין די טהאָלען). גראַדע האָט עס פּאַסירט, אַז איינ׳גע פון די שפּאַנישע איינוואַנדערער זיינען בעפאַלען און געטויטעט געוואָרען פון פּערואַנער אין אַ שטרייט אויף אַ פּלאַנטאַציע. די שפּאַנישע רעגיערונג האָט דאַן פערלאַנגט, אַז די מערדער זאָלען בעשטראָפט ווערען און אַז די פּערואַנער רעגיערונג זאָל ניט נור בעטען ענטשולדיגונג, זאָנדערן אויך בעצאָהלען דריי מיליאָן דאָלאַר שאַדענערזאַץ. ווען די פּערואַנער־רעגיערונג האָט צוריקגעוויזען אַזעלכע פאָרדערונגען, האָט שפּאַניען געשיקט קריעגס־שיפען, וועלכע האָבען פערכאַפּט די בעסטע גואַנאָ אינזלען. פּרעזידענט פּעזעט האָט זיך דאַן געווענדעט צו דער הילפע פון טשילי, אָבער די שפּאַניער האָבען געסטראַשעט צו באָמבאַרדירען די פּאָרטען, און ער האָט זיך דערשראָקען און נאָכגעגעבען אַלע שפּאַנישע פאָרדערונגען. דאָס האָט אַרויסגערופען אַזעלכע פּראָטעסטען אין גאַנצען לאַנד, אַז גענעראַל פּעזעט האָט געמוזט רעזיגנירען. גענעראַל פּראַדאָ איז דאַן געוואָרען דיקטאַטאָר און האָט פון איין זייט ערקלערט קריעג צו שפּאַניען און פון דער אַנדער זייט געשלאָסען אַ בונד מיט טשילי, וועלכע האָט בעשלאָסען צו העלפען די פּערואַנער געגען די שפּאַנישע אַטאַקע. אין 1866, ווען אַ שפּאַנישע פלאָטע האָט גענומען באָמבאַרדירען קאַלאַאָ, האָבען די קאַנאָנען פון דיזער פעסטונג אַזוי גוט געענטפערט, אַז איינ׳גע שיפען זיינען שטאַרק צושעדיגט געוואָרען און קיין לאַנדונג פון שפּאַנישע סאָלדאַטען האָט ניט געקענט געמאַכט ווערען. די שפּאַנישע פלאָטע האָט זיך דאַן אָבגעטראָגען, און דאָס איז געוועזן דער סוף פון דיזער קורצער מלחמה.

ביי דער באָמבאַרדירונג פון קאַלאַאָ זיינען אָבער ביז 2000 פּערואַנער געטוי־טעט און פערוואונדעט געוואָרען.

ווען דיא געפאַהר פון דער שפּאַנישער אַטאַקע איז פּאַריבער, האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ רייסעריי וועגען דעם, וואָס גענעראַל פּראַדאָ איז ניט געוועזן דער געזעצליכער פּרעזידענט. נאָך דיא פאַרשריפטען פון דער קאָנסטיטוציאָן האָט דער צווייטער וויצע־פּרעזידענט, אַ גענעראַל מיט'ן נאָמען קאַנסעקאָ, בעדאַרפט פערנעהמען דעם פּלאַץ פון אַ פּרעזידענט. קאַסטילאַ האָט דאַן ווידער אָרגאַניזירט אַן אַרמעע צו שטיצען דיא קאָנסטיטוציאָן און דעם גע־זעצליכען פּרעזידענט, אָבער דיא אָנשטרענגונג איז געווען צו שטאַרק פאַר זיינע יאָהרען (ער איז שוין אַלט געווען 70 יאָהר) און ער איז געשטאָרבען אויף'ן וועג. גענעראַל פּראַדאָ האָט פון דעסטוועגען געמוזט אָבטרעטען דעם פּלאַץ צו גענעראַל קאַנסעקאָ. ווען עס האָט זיך געענדיגט קאַנסעקאָ'ס גע־זעצליכער טערמין, האָט דער קאָנגרעס אויסגעקליבען פאַר פּרעזידענט אין 1868 אַ גענעראַל מיט'ן נאָמען באַלטאַ, וועלכער האָט טהיילוויז נאָכגעפאָלגט דעם גוטען ביישפּיעל פון גענעראַל קאַסטילאַ און האָט בעזאָנדערס געזאָרגט פאַר דיא אויפבויאונג פון אייזענבאַהנען. דיא גרויסע איינקינפטע, וואָס דיא פּערואַנער רעגירונג האָט געהאַט פון דיא גואַנאָ און ניטראַטען מינען, האָט גענעראַל באַלטאַ פערברויכט אויף אייזענבאַהנען און אַנדערע גרויסע און קאָסט־באַרע אונטערנעהמונגען. אייזענבאַהן־ליניעס, וואָס האָבען צוזאַמען זיך גע־צויגען 2000 מייל, זיינען אויפגעבויט געוואָרען, וואָס עס האָט געקאָסט אַרום 40 מיליאָן פונט סטערלינג. אונטער זיין אַדמיניסטראַציאָן איז ערעפענט גע־וואָרען אין לימאַ אַן אינטערנאַציאָנאַלע אויסשטעלונג. דאָס לאַנד האָט אויפ־געלעבט, אָבער איז אויך אַריינגעקראָכען אין אַזעלכע גרויסע חובות, וועלכע האָבען געפיהרט און געמוזט פיהרען צו אַ באַנקראָט. דיא אויסגאַבען האָבען ווייט איבערגעיאָגט דיא איינצאַהמען, און דיא פריינדע פון פּרעזידענט און דיא בעאַמטע בכלל האָבען אין אַ קורצער צייט אָנגעזאַמעלט גרויסע עשירות דורך דיזע קאָסטבאַרע אונטערנעהמונגען.

אין 1872, ווען עס האָט זיך געענדיגט גענעראַל באַלטאַ'ס געזעצליכער טערמין, איז אויסגעוועהלט געוואָרען צום ערשטען מאָל אין דער געשיכטע פון פּערו אַ ציווילנער פּרעזידענט אין דער פּערזאָן פון דאָן מאַנועל פּאַרדאָ, וועלכער האָט געלייסטעט זיין בעסטעס אויסצומיידען אַ באַנקראָט דורך אַ פערקלענערונג פון דיא אויסגאַבען און דורך בעסערע רעכנונגען און פיהרונגען אין דער רע־גיערונג. ער האָט אויך געזוכט צו פערשפּרייטען בילדונג אין פאָלק. דיא פי־נאַנציעלע לאַגע איז אָבער אַלץ ערגער געוואָרען דורך דיא אויסצעהרונג פון דיא גואַנאָ פּלעצער. עס איז שוין ניט געווען מיט וואָס צו צאָהלען אפילו

דיא פראַצעגנטען פון דיא שטאַאטס־שולדען, און אין 1876 איז פאַרדאָ, וועלכער ווערט גערעכענט פאַר דעם בעסטען פרעזידענט וואָס פערו האָט געהאַט, גע־צוואונגען געווען צו רעזיגנירען.

דאַן איז געקומען דער פינאַנציעלער קראַך, און באַלד נאָכדעם האָט גע־פאָלגט דיא מלחמה מיט טשילי, וועלכע האָט זיך געענדיגט זעהר אונגליקליך פאַר פערו, וויא מיר וועלען עס זעהען אין נעכסטען קאַפּיטעל.



## זיעבעטער קאַפּיטעל.

# דיא אורזאַכען און רעזולטאַטען פון דער מלחמה מיט טשילי

דעם 5טען אַפּריל 1879 איז טשילי אַרויס מיט אַן אָפיציעלער קריעגס־ערקלערונג געגען פּערו. איהר אויסרייד פאַר דיא וועלט איז געווען, אַז פּערו האָט זיך פערבונדען מיט באָליוויאַ געגען איהר. דער אמת איז אָבער געווען, אַז זיא האָט שוין אַ לענגערע צייט פריהער געזוכט אַ געלעגענהייט צו פערכאַפּען דיא פּערואַנער פּראָווינץ טאַראַפּאַקאַ, וועלכע איז אונערמעסליך רייך מיט איהרע ניטראַטען. פון דיא וויסטעניסען ביי דיא ברעגען פון פּאַסיפישען אָקעאַן, וויסטעניסען וואו עס פאַלט גאָר קיין רעגען ניט, איז אַ שמאָלער פּאַס, וואָס ציהט זיך אַרום 350 מייל, אונגעהייער וויכטיג פאַר דיא גאַנצע מענשהייט און אַן אונערשעפּפּליכער קוואַל פון רייכטהום פאַר זיינע בעזיצער דערמיט, וואָס דאָרטען געפינען זיך אַזעלכע ניטראַט־זאַלצען, וועלכע זיינען נויטיג פאַר דיא בעמיסטיגונג פון פעלדער און פאַר פערשיעדענע אינדוסטריען.

דער נאָרדליכער טהייל פון דיזער ניטראַט־געגענד, אונגעפעהר 150 מייל לאַנג, האָט געהערט צו פּערו און טראָגט דיא נעמען טאַראַפּאַקאַ און טאַקנאַ. דער זידליכער טהייל, דיא געגענד מיט'ן נאָמען אַטאַקאַמאַ, איז פערנומען געוואָרען פון באָליוויאַ, אום צו האָבען אַ צוטריט צום אָקעאַן. מען וואָלט זיך היינט אַזוי וועניג געקימערט וועגען דיזע רעגענלאָזע מדבריות וויא פריהער, ווען מען וואָלט דאָרטען ניט ענטדעקט אַזעלכע טהייערע מינעראַלען וויא דיא ניטראַטען. נאָך דיזער ענטדעקונג זיינען דיזע וויסטעניסען געוואָרען ניט נור טהייערער פאַר אַלע פּרוכטבאַרע פּראָווינצען פון דער אינקאַ־אימפּעריע, זאָנדערן אויך טהייערער פאַר דיא גאָלד און זילבער־מינען, וועלכע געפינען זיך אין אַלע קאָרדילערען און אַנדעסען. דיא ענערגישע און אינדוסטריעלע טשיליאַנער, דיא זאָ־גענאַנטע "יענקים" פון זיד־אַמעריקאַ, האָבען זיך אַ לאָז געטהאָן אַהין און אָנגעפאַנגען צו עקספּלואַטירען דיא ניטראַט־מינען, ווערענד דיא באָליוויאַנער זיינען זיך געבליבען אויף זייערע הויכע בערג־געגענדען. דיא רעגיערונג

פון טשילי האָט גענומען פערלאָנגען די פּראָווינץ אַטאַקאַמאַ. זיא האָט ער־
קלערט, אַז איהר טעריטאָריע דאַרף זיך ציהען צום נאָרד ביז פערו. באָליוויאַ




די שווארצע פלעקען אויף דיזער לאַנדקאַרטע פון די וויסטע נאָרדליכע טשיליאַנער פּראָווינצען, וועלכע האָבען פריהער געהערט צו פערו און באָליוויאַ, שטעלען פאָר די ערטער, וואו עס געפינען זיך די ניטראַט־מינען. וואָס פאַר א טהייל פון גאַנץ זיד־אַמעריקאַ עס פער־נעהמען דיזע פּראָווינצען, ווערט פאָרגעשטעלט אויף דער לאַנדקאַרטע פון זיד־אַמעריקאַ (אויבען צו דער רעכטער האַנד) דורך שטריכעלעך.

האַט זיך געפונען איז אַזאַ לאַגע, אַז אין 1866 האַט זיא ניט ווילענדיג אָבגע־טראָטען אַ טהייל פון איהרע ניטראַט־געגענדען צו טשילי. אַזוי וויא דיא שטרייטען צווישען דיזע צוויי רעפּובליקען האָבען זיך אַלץ ניט געענדיגט, און טשילי האָט אַלץ מעהר געפאָרדערט און פערכאַפּט אויף דעם פּשוט'ן גרונד, דאַס זיא איז שטאַרקער, האָט באָליוויא געזוכט שטיצע ביי פּערו, וועלכע האָט אויך אָנגעפאַנגען צו שרעקען זיך פאַר טשילי'ס מאַכט. אַזוי איז עס פּערו, וועלכע האָט אַליין געוואָלט קאָנטראָלירען דיא ניטראַט־מינען, אריינגעשלעפּט געוואָרען אין דיא רייסערייען און אין דער מלחמה צווישען פּערו און באָ־ליוויא אין 1879.

ווען דיא טשיליאַנער רעגיערונג האָט זיך דערוואוסט, אַז אין 1872 האָבען פּערו און באָליוויא געשלאָסען אַ געהיימען בונד, האָט זיא אָנגעפאַנגען זיך צו־צוגרייטען צו אַ מלחמה מיט זיי און האָט זיך בעזאָנדערס אַ נעהם געטהאָן צו פערשטאַרקען איהר פלאָטע, ניט אַכטענדיג אויף אַלע קאָסטען. אין אָנפאַנג פון 1879, ווען דער קאָנגרעס פון באָליוויא האָט פערגרעסערט דיא טאַקסע אויף דיא ניטראַטען, טראָץ אַלע פּראָטעסטען פון דיא טשיליאַנער קאָמפּאַניעס אין אַטאַקאַמאַ, האָט דיא טשיליאַנער רעגיערונג געשיקט קריעגס־שיפען, וועל־כע האָבען אָהן שום צערעמאָניעס פערכאַפּט אַלע באָליוויאַנער פּאָרטען. דאַס איז געווען דער אָנפאַנג פון דעם זאָ־געננאַנטען ניטראַטען־קריעג, וואָס האָט זיך געצויגען אַרום דריי יאָהר און האָט זיך געענדיגט מיט אַ פאָלשטענדיגען זיעג פון טשילי.

דיא באָליוויאַנער און אויך דיא פּערואַנער האָבען פערלאָרען כמעט אַלע שלאַכטען, פון וועלכע אייניגע זיינען געווען שרעקליך בלוטיגע. צוערשט האָט טשילי, אַ דאַנק איהר איבערמאַכט אויף'ן ים, ניט נור פערכאַפּט אַלע פּאָרטען אין דיא ניטראַטען־פּראָווינצען פון באָליוויא און פּערו, זאָנדערן האָט אויך בלאָ־קירט ערפאָלגרייך דיא ברעגען פון גאַנץ פּערו, אפילו דעם הויפּט־פּאָרט קאַלאַאָ. אין דיזער מלחמה האָט זיך ווידער אַרויסגעוויזען, אַז ווער עס בעהערשט דיא ים־וועגען צו פּערו, דער האַלט אין זיינע הענד דיזע מדינה. וויא נור דיא בעסטע און גרעסטע פּערואַנער שלאַכט־שיף "הואסקאר", וועלכע האָט זיך בע־זאָנדערס אויסגעצייכענט אין דער ערשטער ים־שלאַכט מיט אַ טשיליאַנער פלאָטע, איז צושטערט געוואָרען עטליכע מאָנאַט שפּעטער אין אַן אַנדער ים־שלאַכט, האָבען דיא טשיליאַנער געקענט לאַנדען סאָלדאַטען, וואו נור זיי האָבען געוואָלט, און באָמבאַרדירען אונגעשטערט אַלע פּערואַנער פּאָרטען.

וואָס אָנבעלאַנגט צו באָליוויא, איז זיא פון אָנפאַנג אָן געווען הילפלאָז אויף'ן ים געגען טשילי. איהרע פּאָרטען זיינען סאַי וויא סאַי געווען בעזעצט פון טשיליאַנער אַרבייטער אין דיא ניטראַט־מינען. דערצו נאָך איז עס איבער־הויפּט זעהר שווער צוצוקומען פון דיא אַנדעסען אין באָליוויא צו דיזע ניטראַט־

געגענדען. דיא טשיליאנער וואָלטען דארום געקענט האַלטען אונגעשטערט דיא באָליוויאנער פּאַרטען און ניטראַט־מינען אין אַטאַקאַמאַ, ווען מען וואָלט ניט געקענט צוקומען אהין פון דיא פערואַנער ניטראַט־געגענדען אין נאָרד. נור אין אָנפאַנג פון 1880 האָט געלאַנדעט אַן אַרמעע פון 14 טויזענד טשיליאַנער אין פּערו צום נאָרד פון דיא פערואַנער פּאָזיציעס אין דער ניטראַט־פּראָווינץ טאַקנאַ, אום אָבצושניידען דעם וועג דיא פערואַנער אַרמעען. מיט דער הילפע פון זייערע קרופּ־קאַנאָנען האָבען דיא טשיליאַנער שנעל בעזיעגט דיא אַרמעען פון דיא פערואַנער און באָליוויאַנער לעבען דעם פּאָרט אַריקאַ און האָבען פער־נומען אויך דיא ניטראַט־געגענדען פון פּערו. דיא לאַגע פון פּערו איז געוואָרען אַ פערצווייפעלטע. אַלע איהרע פּאָרטען זיינען געווען בלאָקירט, דיא ניטראַט־פּראָווינצען האָבען זיך געפונען אין דיא הענד פון טשיליאַנער, וועלכע האָבען אויך געשיקט סאָלדאַטען צו בעפאַלען דיא שטעדט אין מיטען לאַנד און צו פערוויסטען דיא פרוכטבאַרע טהאָלען ביי דיא ברעגען פון דיא טייכען.

דיא רעגיערונג פון יונייטעד סטייטס האָט אָנגעבאָטען צו העלפען מאַכען שלום; אָבער אַזוי וויא טשילי האָט פערלאַנגט ניט נור דיא פערואַנער ניטראַט־פּראָווינצען טאַקנאַ און טאַראַפּאַקאַ, זאָנדערן אויך אַ קאָנטריבוציע, האָט זיך דיא פערואַנער רעגיערונג ענטזאַגט, און דיא מלחמה איז ווייטער פאָרטגעזעצט געוואָרען. אום צו צווינגען דיא פערואַנער רעגיערונג, וועלכע האָט זיך דאַן געפונען אונטער דער דיקטאַטור פון גענעראַל פּיעראָלאַ, נאָכצוגעבען, האָט דיא רעגיערונג פון טשילי בעשלאָסען צו אַטאַקירען לימאַ גופא. ענדע 1880 האָט געלאַנדעט אַ גוט אָרגאַניזירטע און שטאַרק בעוואָפענטע אַרמעע פון 26 טויזענד טשיליאַנער ניט ווייט פון לימאַ. געגען דיזער אַרמעע, וועלכע האָט זיך אַ לאָז געטהאָן צו דער הויפּט־שטאָדט פון פּערו, האָט גענעראַל קאַסערעס, דער הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער פערואַנער אַרמעע, געקענט צוזאַמענקלייבען נור אַ קליינע צאָהל רעגולערע באַטאַליאָנען. דיא בעפעלקערונג האָט זיך אָבער אויפגעהויבען אין מאַסען געגען דעם פרעמדען שונא און האָט אין איילענים זיך בעפעסטיגט אין געוויסע סטראַטעגישע פּונקטען. דיזע מיליץ האָט אָבער ניט געקענט אויס־האַלטען דיא אַטאַקעס פון דער רעגולערער טשיליאַנער אַרמעע. אין דער שלאַכט ביי טשאָרילאָס, אַ פּלאַץ עטליכע מייל צום זיד פון לימאַ, זיינען 4000 פערואַנער אומגעקומען און עבען זאָ פיעל געפאַנגען געוואָרען. דיא טשיליאַנער אַרמעע האָט דאַן אויך פערלאָרען 3000 מאַן. נאָך דעם איז שוין דער וועג צו לימאַ געווען אָפען פאַר דיא זיעגרייכע טשיליאַנער אַרמעע, וועלכע איז אהין אַריין דעם 17טען יאַנואַר 1881.

דיא איינוואָהנער פון לימאַ, וועלכע האָבען געמוזט צאָהלען אַ מיליאָן דאָ־לאַר אַ מאָנאַט קאָנטריבוציע צו זייערע זיעגער, האָבען דאַן, מיט דער צושטי־מונג פון דער טשיליאַנער רעגיערונג, אויסגעקליבען גענעראַל גאַרסיאַ קאַלדעראָן

פאַר דעם פראָוויזאָרישען פרעזידענט, אום צו פערהאַנדלען וועגען דיא פריעדענס־בעדינגונגען. נור ווען דיא טשיליאַנער האָבען דיא ערשטע זאַך פערלאַנגט דיא ניטראַט־געגענדען און ער האָט מורא געהאַט נאָכצוגעבען, האָבען זיי איהם גאָר געשיקט אַלס געפאַנגענעם נאָך זייער הויפט־שטאָדט און גענומען אַליין ווירטהשאַפטען אין לימאַ און אין אַנדערע פערואַנער פאָרטען, וואו זיי האָבען פערכאַפט דיא צאָל־אַמטען (קאָסטאָם־האַוזעס) און קאָנפיסצירט אַלע אָבצאָהלונגען אויף אימפּאָרטירטע סחורות. אַזוי האָט עס זיך געצויגען אַ יאָהר צוויי ביז גענעראַל איגלעזיאַס איז געוואָרען פרעזידענט פון דער פערואַנער רעפובליק און אַ פריעדענס־אָבמאַך, וואָס טראָגט דעם נאָמען טראַקטאַט פון אַנקאָן, איז אונטערשריעבען געוואָרען אין 1883.

נאָך דיזען טראַקטאַט האָט פערו אָבגעטראָטען אין גאַנצען דיא פראָווינץ טאַראַפאַקאַ צו טשילי. וואָס אַנבעלאַנגט צו דער פראָווינץ טאַקנאַ מיט דעם פאָרט אַריקאַ, איז עס אָבגעמאַכט געוואָרען, אַז אין פערלויף פון צעהן יאָהר זאָל זיא זיך געפינען אונטער דער פערוואַלטונג פון טשילי און נאָכהער זאָלען דיא איינוואָהנער דאָרטען ענטשיידען דורך אַן אָבשטימונג, צו וועלכער רעפובליק זיי ווילען בעלאַנגען. אַזאַ אָבשטימונג איז נאָך עד היום ניט פאָרגעקומען און וועט וואַהרשיינליך ניט פאָרקומען אויך אין דער צוקונפט. שוין דרייסיג יאָהר זיינען פאָריבער נאָך דעם טראַקטאַט פון אַנקאָן, און טשילי בעהערשט נאָך אַלץ דיא פראָווינץ טאַקנאַ, וועלכע ווערט אַלץ מעהר בעזעצט פון טשיליאַנער אַרבייטער און הענדלער.

דיזע מלחמה, וועלכע האָט געקאָסט אַלע דריי רעפובליקען זעהר פיעל בלוט און געלד, האָט זיך אַזוי געענדיגט מיט אַ גרויסען נצחון פאַר טשילי. באָליוויאַ איז אין גאַנצען אָבגעשניטען געוואָרען פון ים, און פערו האָט פערלאָרען איהרע ניטראַט־אוצרות. טשילי האָט ניט נור בעדייטענד פערגרעסערט איהר טעריטאָריע, זאָנדערן האָט אויך פערנומען דיא גאַנצע ניטראַט־טעריטאָריע, פון וועלכער זיא שעפט אונגעהייערע רייכטהימער. 75 פראָצענט פון טשיליס עקספּאָרט בעשטעהט פון סאָדיום ניטראַט (אין דער האַנדעלס־וועלט טראָגט דיזע זאַלץ דעם נאָמען טשיליאַנער ספּיאַלטער) און ברענגט איין דער רעגיערונג איבער 20 מיליאָן דאָלאַר אַ יאָהר.

וויא נור דיא טשיליאַנער סאָלדאַטען האָבען אין 1885 פערלאָזען פערו, האָט אויסגעבראָכען אַן אויפשטאַנד געגען פרעזידענט איגלעזיאַס. דיזער אויפשטאַנד האָט זיך געענדיגט דערמיט, וואָס איגלעזיאַס האָט געמוזט רעזיגנירען און וואָס גענעראַל קאַסערעס איז אין 1886 רעגעלמעסיג אויסגעוועהלט געוואָרען פאַר פרעזידענט אויף פיער יאָהר. דיזער דיקטאַטאָר האָט געהאַט אַ זעהר שווערע אויפגאַבע. דיא שטאַאטסקאַסע איז געוועזן פוסט. דיא בעפעלקערונג איז פעראָרימט און פערקלענערט געוואָרען דורך דיא שרעקליכע מלחמה מיט

טשילי. דיא דערפער און פלאנטאציעס אין דיא פרוכטבארע טהאלען זיינען פערברענט און צושטערט געווען. דיא איינקינפטע פון דיא גואנא און ניטראט־מינען זיינען פערשוואונדען, און דיא חובות האבען געדריקט דאס פאלק און געסטראשעט מיט דער ארייננמישונג פון אויראפעאישע רעגירונגען, וועלכע האבען נאטירליך געשטיצט דיא פאָדערונגען פון זייערע בירגער וואס האבען אלץ דרינגליכער געפאדערט וועניגסטענס פראצענטען אויף זייערע קאפיטא־לען. וויא ווייט ער האט נור געקענט, האט גענעראל קאסערעס איינגעפיהרט



גענעראל קאסערעס

עקאנאמיעס אין דער פערוואלטונג און האט אנגעהאלטען ארדנונג אין לאנד. דיא קרעדיטארען, בעזאנדערס דיא ענגלישע, זיינען טהיילווייז בערוהיגט גע־ווארען דערמיט, וואס מען האט זיי איבערגעגעבען דיא נאציאנאלע אייזענבאהן־ליניעס און געגעבען פעטע קאנצעסיעס אויף מינען, גואנא־אינזלען, וועלדער און פעלדער.

דער טערמין פון גענעראל קאסערעס האט זיך פריעדליך געענדיגט, און אין 1890 איז אויסגעוועהלט געווארען פאר פרעזידענט סעניאר בערמודעז,

וועלכער האָט פאָרטגעזעצט דיא פּאָליטיק פון זיין פאָרגענגער. ער איז אָבער געשטאָרבען אין 1893, און זיין פּלאַץ איז פערכאַפּט געוואָרען פון דעם צווייטען וויצע־פּרעזידענט, וועלכער איז געשטיצט געווען פון גענעראַל קאַסערעס. דאָס האָט אויפגעבראַכט דעם ערשטען וויצע־פּרעזידענט, וועלכער איז בערעכטיגט געווען צו דער פּרעזידענטשאַפט אויף דעם גרונד פון דער קאָנסטיטוציאָן, און דער רעזולטאַט דערפון איז געווען אַ נייער שרעקליכער בירגער־קריעג, וואָס האָט זיך געצויגען אַרום צוויי יאָהר. דער קאַמפּף איז געפיהרט געוואָרען צווי־שען דיא אַנהענגער פון דעם געוועזענעם דיקטאַטאָר־פּרעזידענט פּיעראָלאַ און פון דעם נייען דיקטאַטאָר־פּרעזידענט קאַסערעס, וועלכער האָט צוזאַמענגערופען אַ קאָנגרעס אין לימאַ אין 1894 און האָט זיך "געלאָזט" אויסוועהלען פאַר פּרעזידענט נאָך דעם שטייגער פון אַלע דיקטאַטאָרען אין דיא לאַטיינישע רע־פּובליקען. ווען זיינע געגנער האָבען זיך אריינגעריסען אין לימאַ, זיינען דאָרטען פאָרגעקומען אין פערלויף פון צוויי טעג אַזעלכע בלוטיגע געשלעגען אין די גאַסען, אַז אַרום 3000 נפשות זיינען געפאַלען טויט אָדער פערוואונדעט פוןביידע זייטען. אַזעלכע שוידערליכע סצענען האָט אפילו דיא פיעל־געפּרופטע הויפּט־שטאָדט פון פּערו ניט געזעהן, וויא אין דער נאַכט פון 18טען מערץ 1895, ווען דיא אַנהענגער פון ביידע פּאַרטייען האָבען זיך געפיהרט וויא ווילדע חיות. ענדליך האָבען זיך דיא אויסלענדישע געזאַנדטע אריינגעמישט צו מאַכען אַ סוף פון דיזער שוידערליכער בלוטפערגיסונג און צו בעוועגען גענעראַל קאַסערעס צו רעזיגנירען און צו פערלאָזען פּערו.

דאַן איז פּיעראָלאַ געוואָרען דער געזעצליך־ערוועהלטער פּרעזידענט. ער האָט געזעהען צו בערוהיגען דאָס לאַנד און דורכצופיהרען ליבעראַלע רעפאָרמען, דאַרונטער אויך וועגען ציוויל־הייראַטען, וואָס עס האָט אויפגערודערט דיא קאַטאָלישע קירכע דאָרטען געגען איהם.

אין 1899, ווען זיין געזעצליכער טערמין האָט זיך געענדיגט, איז אויסגע־וועהלט געוואָרען רעגעלמעסיג סעניאָר ראָמאַניא, אַ ציוויל־אינזשעניר, וואָס האָט געזאָרגט פאַר דיא אינטערעסען פון פאָלק און וואָס האָט ווידער פריעדליך גע־קענט אָבטרעטען זיין אַמט אין יאָהר 1903 צו סעניאָר קאַנדאַמאָ, וועלכער איז גע־שטאָרבען דעם נעכסטען יאָהר. דאַן איז אויסגעוועהלט געוואָרען אָהן רוהע־שטערונגען אַלס פּרעזידענט סעניאָר כאָזע פּאַרדאָ, וועלכער האָט אויך געענדיגט פריעדליך זיין טערמין, אָבוואָהל זיינע געגנער האָבען געמאַכט אין 1908 אַ פער־זוך איהם צו ערמאָרדען.

דאָס לאַנד בערוהיגט זיך אַפילו אַלץ מעהר, און דיא לאַגע פון פאָלק פער־בעסערט זיך אויך מיט יעדען יאָהר. אָבער פּאָליטישע אויפשטאַנדען און פּראָ־נונסיאַמענטאָס האָבען נאָך פון דעסטוועגען אין גאַנצען ניט אויפגעהערט. אין מאַי 1909 האָבען זיך אָנגעפאַנגען אונרוהען אין דער הויפּט־שטאָדט גופא.

סעניאָר ליגיא, וועלכער איז ערוועהלט געוואָרען פאַר פּרעזידענט אין סעפּטעמ־בער 1908, איז געצוואונגען געווען, אום צו רעטען זיין לעבען, צו אונטערשרייבען א דאָקומענט, אַז ער גיט איבער דיא קאָמאַנדע איבער דער אַרמעע צו זיינע פּאָליטישע געגנער. אין 1912, ווען עס איז געקומען צו דיא וואַהלען פון א נייעם פּרעזידענט, איז דער פּאַרטיי־קאַמפּף געוואָרען אַזוי שאַרף און געפעהרליך, דאָס מען האָט זיי נאָך אַ בעשלוס פון קאָנגרעס אָבגעלייגט אויף אייניגע מאָ־נאַטען. סעניאָר גילערמאָ עדוארדאָ בילינגהוירסט, וועלכער איז געווען וויצע־פּרעזידענט אין 1908 און בירגערמייסטער פון לימאַ זייט 1909, איז ערשט אין אוגוסט 1912 ערוועהלט געוואָרען אויף 4 יאָהר אַלס פּרעזידענט.

אין דיא לעצטע פּאָאַר יאָהר האָט פּערו פריעדליך געשליכטעט איהרע גרענעץ־שטרייטען מיט קאָלאָמביא און בראַזיליען און אויך מיט עקוואַדאָר. דיא בעציהונגען מיט טשילי ווערען אויך פריעדליכער. וויכטיגע אינערליכע רעפאָרמען ווערען אַלץ מעהר דורכגעפיהרט, און דיא פינאַנציעלע לאַגע פער־בעסערט זיך אַזוי, אַז דער לעצטער בודזשעט פון דער רעגיערונג האָט זיך גע־שלאָסען מיט אַן איבערשוס פון אַרום אָנדערטהאַלב מיליאָן דאָלאַר — אַ זעל־טענע פּאַסירונג ניט נור אין פּערו, זאָנדערן אויך אין דיא מייסטע אַנדערע זיד־אַמעריקאַנישע רעפּובליקען. דאָס גיט זעהר גוטע האָפנונגען אויף אַ גוטער צוקונפט פאַר דיזע פיעל־געפּרופטע רעפּובליק, וועלכע איז געבליבען מיט אונ־געפעהר אַ דריטעל פון דער טעריטאָריע פון דער פּערואַנער אימפּעריע אונטער דיא לעצטע אינקאַס.

* * *

ווען איך האָב אַזוי געשלאָסען דיזע געשיכטע האָט גאַנץ אונערוואַרטעט פּאַסירט אַ פּראָנונסיאַמענטאָ אין לימאַ נאָך דעם גאַנץ אַלטען מוסטער. אַ טויזענד מיליטערישע פערשווערער אונטער דער קאָמאַנדע פון אַ קאָלאָנעל מיט'ן נאָמען בענאַווידעס זיינען פּלוצלונג בעפאַלען אין מיטען פון דער נאַכט פון 4טען פעברואַר 1914 דעם פּרעזידענט'ס פּאַלאַץ און נאָך אַ קורצען קאַמפּף מיט דער וואַך דאָרטען, איז זיי געלונגען צו פאַנגען פּרעזידענט בילינגהוירסט און צו צווינגען איהם צו רעזיגנירען. גלייך נאָך דעם האָט מען איהם אַוועקגעפיהרט אין דער מיליטערישער פעסטונג פון דעם פּאָרט קאַלאַאָ, וואו מען האָט איהם געהאַלטען געפאַנגען ביז דעם 18טען פעברואַר, און מען האָט איהם אַרויפגע־זעצט אויף אַ שיף און טראַנספּאָרטירט נאָך פּאַנאַמאַ, אום ער זאָל ווייטער אַליין מאַכען אַ רייזע נאָך אייראָפּאַ אויף דעם שטייגער פון פיעלע אַנדערע געפאַלענע דיקטאַטאָרען, דאַרונטער אויך דעם עקס־פּרעזידענט ליגיא, וועמען ער האָט מיט עטליכע מאָנאַט פריהער געצוואונגען צו פערלאָזען דאָס פאַטערלאַנד.

דיזע איבערקעהרענים איז אויסגעפיהרט געוואָרען ניט נור זעהר שנעל, בלויז אין איין שטונדע, זאָנדערן אויך פערהעלטניסמעסיג בלוטלאָז. סך הכל

זיינען אין דעם געשלעג געטויטעט געוואָרען א־25 פערזאָן, דארונטער אויך גע־נעראל ווארעלא, וועלכער איז צוגלייך געוועזן פרעמיער, קריעגס־מיניסטער און פלאָטען־מיניסטער. אזוי וויא דער קאָנגרעס אין לימא האָט גלייך אָנערקענט דיא רעוואָלוציאָנערע כונטא אונטער דער פיהרונג פון קאָלאָנעל בענאווידעס אלס דיא פראָוויזאָרישע רעגיערונג, ביז דיא נייע וואהלען, איז עס ניט געקומען צו רוהעשטערונגען און בלוטפערגיסונגען אין לאנד. בענאווידעס בלייבט דער־ווייל דיקטאטאָר און ער וועט שוין וואהרשיינליך אויסגעוועהלט ווערען אלס פרעזידענט, אויב עס וועט איהם נור געלינגען צו האלטען דעם רעגיערונגס־רודער אין זיינע הענד ביז נאָך דיא נעכסטע וואהלען. נור ווער קען איבערהויפט פּראָויסזאָגען, וואָס עס קען פּאסירען מיט א רעגיערונג אין פערו אָדער אין אַן אנדער שפּאניש־שפּרעכענדער רעפּובליק?



# דיא געשיכטע פון באָליוויא

מען רעכענט, אז צו דער צייט פון דער שפּאַנישער עראָבערונג האָבען זיך אויף דיא הויכע פּלאַטאָס פון דיא אנדעסען צום זיד־אָסט פון טיטיקאַקא גע־פונען וועניגסטענס אכט מיליאָן אונטערטאַנען פון דיא אינקאַס. היינט גע־פינען זיך דאָרטען העכסטענס אַ פיערטעל פון דיעזער צאָהל. דיעזע פּלאַטאָס זיינען דיא בעוואָהנטעסטע טהיילען פון דער גרויסער אינלענדישער רעפּובּליק, וועלכע טראָגט דעם נאָמען פון איהר גרינדער, דעם ליבעראַטאָר באָליוואַר, וויא מיר וויסען עס שוין פון דער געשיכטע פון פּערו. אין דיא קאָלאָניאַלע צייטען זיינען דיעזע געבירגיגע געגענדען געווען אַ טהייל פון פּערו אונטער דעם נאָמען טשאַרקאַס (נאָך דעם נאָמען פון דער גרעסטער אינדיאַנער שטאָדט דאָרטען) אָדער אויבערסטע פּערו. זייער געשיכטע איז דאַרום פערבונדען מיט דער געשיכטע פון דער אינקא־אימפּעריע און פון דער שפּאַנישער הערשאַפט אין פּערו ביז נאָך דעם קאַמפּף פאַר אונאַבהענגיגקייט.

אין דיא אויגען פון דיא שפּאַניער האָבען דיעזע געגענדען געקראָגען אַ גרויסע בעדייטונג נאָך דער ענטדעקונג פון דיא בעריהמטע פּאָטאָזי זילבער־מינען אין דער נאַכבאַרשאַפט פון טשאַרקאַס אין 1545. פון דיא פּאָטאָזי־מינען האָט שפּאַניען ארויסגעשלעפּט צוויי ביליאָן אונצעס זילבער. פון אַלע זייטען האָבען זיך געריסען אהין שפּאַניער, אום וואָס שנעלער רייכער צו ווע־רען דורך דיא ארבייט פון דיא אונגליקליכע אינדיאַנער, וועלכע מען האָט געטריבען וויא בהמות צו גראָבען אין דיא בערג. מען האָט נאַכהער געפונען אַנדערע גרויסע מינען פון זילבער און אויך פון גאָלד און בליי אין דער פּראָווינץ, וואָס טראָגט עד היום דעם נאָמען אָרוראָ, און אין דער נאַכבאַרשאַפט פון טיטיקאַקא. וויא פיעל שפּאַניער עס האָבען דאָרטען געזוכט זייער גליק און וויא פיעבערהאַפט מען האָט געגראָבען דאָרטען אין דיא בערג, קען מען שליסען פון דיא אונגעפעהר צעהן טויזענד מינען, וועלכע זיינען געבליבען אַלס שטומע עדות פון דער אַמאָליגער טהעטיגקייט.

אין פערלויף פון דיא צוויי און אַ האַלב יאָהרהונדערטע פון דער שפּאַני־שער הערשאַפט האָבען דיא אינדיאַנער פון באָליוויאַ געשלעפּט געדולדיג דעם שווערען יאָך, מיט אויסנאַהמע בלויז וועהרענד דעם אויפשטאַנד אונטער דער פיה־

רונג פון טופּאַק אַמאַרו, וועלכער האָט געשטאַמט פון דער קעניגליכער אינקא פאַ־מיליע. וועגן דיעזען אויפשטאַנד, וועלכער האָט זיך געצויגען פון 1780 ביז 1782, איז שוין געשריעבען געוואָרען אין דער געשיכטע פון פּערו. דאָ וועלען מיר נור צוזעצען, אז ער האָט זיך בעזאָנדערס פערשפּרייט אין באָליוויא. נאָך דער גרויליכער הינריכטונג פון דיעזען לעצטען אינקאַ, וואָס איז געפאַנגען געוואָרען פון אַ שפּאַנישער מחנה, איז דער אויפשטאַנד פון דיא אינדיאַנער פאָרטגעזעצט געוואָרען אונטער דער פיהרונג פון טופּאַק אַמאַרו'ס אַ שוועסטער־קינד, וועלכער האָט זיך נאָכהער אונטערגעגעבען, פערלאָזענדיג זיך אויף דעם צוזאָג פון דיא שפּאַנישע בעאַמטע, אַז מען וועט איהם בעגנאַדיגען. אָבער דיא שפּאַניער האָבען ניט געהאַלטען זייער וואָרט און האָבען איהם געשמידט אין קייטען און געטריבען צוזאַמען מיט 90 מיטגליעדער פון דיעזער אינקאַ־פאַמיליע, פרויען און קינדער אַריינגערעכענט, איבער דיא בערג פון באָליוויא נאָך לימאַ, פון וואַנען מען האָט זיי אַריבערגעשיקט נאָך שפּאַניען, וואו זיי זיינען אויסגעשטאָרבען אין אַ געפענגניס.

דיא רעזולטאַטען פון דיעזען אויפשטאַנד זיינען געוועזען פון איין זייט, אַז דיא שפּאַנישע רעגיערונג האָט גענומען איינפיהרען דיא רעפאָרמען, פאַר וועל־כע טופּאַק אַמאַרו האָט געאָפּפערט זיין לעבען, און פון דער אַנדער זייט, אַז דער האַס צו דיא שפּאַניער איז נאָך ביטערער געוואָרען. פון דעסטוועגען האָ־בען זיך דיא שפּאַניער לענגער געהאַלטען אין באָליוויא געגען דיא רעוואָלוציאָ־נערען, וויא אַפילו אין פּערו. אָהן דער הילפע פון דיא אַרגענטינער רעוואָלו־ציאָנערען וואָלטען דיא קרעאָלען פון באָליוויא געבליבען הילפלאָז געגען דיא שפּאַנישע סאָלדאַטען. פון 1809 ביז 1825 איז באָליוויא געוועזען דאָס הויפּט שלאַכטפעלד פאַר און געגען דיא שפּאַנישע הערשאַפט אין זיד־אַמעריקאַ. אין דיעזער צייט, מעג מען זאָגען, האָבען שלאַכטען גאָר ניט אויפגעהערט דאָרטען, ספּעציעל אין דיא געגענדען אַרום טיטיקאַקאַ. ניט נור יעדע שטאָדט, זאָנדערן אַפילו יעדעס דערפעל איז דאָרטען געפאַנגען און בערויבט אָדער פערברענט גע־וואָרען פון דיא רעוואָלוציאָנערען אָדער פון דיא שפּאַניער מיט דיא לאָיאַליס־טען, וועלכע פלעגען אויסשלאַכטען איינע דיא אַנדערע מיט שוידערליכע גרויזאַמקייטען. דיא אינדיאַנער האָבען דאַן מייסטענס געזוכט צו בלייבען נייטראַל אין דיעזען קאַמפּף צווישען זייערע ווייסע הערשער; אָבער פוןביידע זייטען פלעגט מען זיי פאַנגען אַלס רעקרוטען און צווינגען צו נעהמען אַנטהייל אין דיא שלאַכטען. אַ טהייל פון דיא אינדיאַנער, ספּעציעל דיא מעסטיזאָס, פלעגען העלפען דיא רעוואָלוציאָנערען אין דער האָפנונג, אַז נאָך דער אָבשאַפונג פון דער שפּאַנישער הערשאַפט וועט אויך זייער לאַגע פערבעסערט ווערען.

דיא אורזאַכען פון דער רעוואָלוציאָן אין באָליוויא זיינען געווען דיא זעלבע וויא אין פּערו און אין אַלע אַנדערע שפּאַנישע קאָלאָניעס. דיא קרעאָלען

דאָרטען האָבען שוין אין 1809, א קורצע צייט נאָך דער נאַפּאָלעאָנישער אי־בערקעהרענים אין שפּאַניען, פערכאַפּט דיא רעגיערונגס געביידען אין דער הויפּט־שטאדט לאַ פּאַז און אויך אין טשארקאַס און ארונטערגעזעצט דיא שפּאַ־נישע בעאַמטע. אָבער דיא וויצע־קעניגע פון לימאַ און בוענאָס ערעס האָבען שנעל צוגעשיקט שפּאַנישע סאָלדאַטען, וועלכע האָבען דערשטיקט אין בלוט דיזען אויפשטאַנד. נור אַזוי שנעל וויא דיא רעוואָלוציאָנערען פון ארגענטינע האָבען געקענט ארונטערזעצען דעם וויצע־קעניג אין בוענאָס ערעס, האָבען זיי געשיקט אין 1810 א מחנה נאָך באָליוויא אונטער דער קאַמאַנדע פון גענעראַל באַלקאַרסע. אָנפאַנגס האָט דאָרטען דיא רעוואָלוציאָנערע ארמעע בעזיעגט דיא שפּאַנישע ארמעע, אָבער נאָכהער האָבען זיך אָנגעפאַנגען שטרייטען צווישען דיא רעוואָלוציאָנערען, ספּעציעל צווישען דיא ארגענטינער, וועלכע האָבען געוואָלט איינפיהרען א צענטראַליסטישע רעגיערונג און קאַמאַנדעווען איבער באָליוויא און דיא באָליוויאַנער, וועלכע האָבען אליין געוואָלט פערוואַלטען זייער לאַנד, און דיזע שטרייטען האָבען געבראַכט דערצו, אַז ניט נור האָבען דיא שפּאַניער געזיעגט אין א שלאַכט לעבען טיטיקאַקאַ אין 1811, זאָנדערן, אַז דיא ארגענטינער ארמעע האָט געמוזט זיך אָבטראָגען פון באָליוויא.

דיא זיעגרייכע שפּאַנישע ארמעע האָט זיך דאַן א לאָז געטאָן נאָך ארגענ־טינע צו פערכאַפּען בוענאָס ערעס. ווען דאָס וואָלט געלונגען דיא שפּאַניער, וואָלט עס געווען א טויט קלאַפּ פאַר דיא רעוואָלוציאָן אין גאַנץ זיד־אמעריקאַ, נור אויפ'ן וועג, אין דער שלאַכט לעבען טוקומאַן, איז דיא שפּאַנישע ארמעע בעזיעגט געוואָרען פון דיא ארגענטינער אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל מאַנועל בעלגראַנאָ, וועלכער פערנעהמט איינע פון דיא העכסטע פּלעצער אין דער געשיכטע פון דער ארגענטינער רעפּובליק.

אין 1813 האָבען דיא ארגענטינער ווידער געשיקט אַן ארמעע צו שטיצען דיא באָליוויאַנער, וועלכע האָבען אַלץ ניט אויפגעגעבען דעם קאַמפּף געגען דיא שטאַרקערע שפּאַנישע באַטאַליאָנען. אָבער אין דער געגענד פון פּאָטאָזי איז דיזע ארמעע ווידער בעזיעגט געוואָרען פון דיא שפּאַניער. דיא פיהרער פון דער רעוואָלוציאָן אין ארגענטינע האָבען דאַן געגומען אָרגאַניזירען א נייע אַרמעע צו אַטאַקירען דיא שפּאַניער אין זייערע שטאַרקסטע פעסטונגען אויף דיא פּלאַטאָס פון באָליוויא. אַזוי וויא באָליוויא געפינט זיך צווישען ארגענ־טינע און פּערו, האָבען דיא רעוואָלוציאָנערען זיך געפונען אין שטענדיגער גע־פאַהר בעפאַלען צו ווערען פון דיא שפּאַניער, וועלכע האָבען דאָרטען צוזאַ־מענגעקליבען זייערע קרעפטע. נור אויך אין 1815, ווען אַן ארגענטינער ארמעע האָט דערגרייכט ביז צו דער הויפּטשטאָדט פון באָליוויא און האָט זיך פעראייניגט מיט אַלע רעוואָלוציאָנערע קעמפּפער דאָרטען, האָבען דיא שפּאַ־ניער געהאַט אַזאַ זיעג, אַז גאַנצע זיעבען יאָהר נאָכדעם האָבען דיא באָליוויאַנער

רעוואָלוציאָנערען ניט געקענט אויפהייבען א קאָפּ געגען זייערע אונטער־דריקער.

אין 1816 האָט עס אויסגעזעהען אזוי וויא דיא בעוועגונג אין זיד־אַמעריקא געגען דיא שפּאַנישע הערשאַפט איז אינגאַנצען אונטערדריקט געוואָרען. דאָס איז געווען דיא ערגסטע און פינסטערסטע צייט פאַר דיא רעוואָלוציאָנערען ניט נור אין באָליוויא, אין פּערו און אין אַלע לענדער פון דער אינקא־אימפּעריע, זאָנדערן אויך אין אַרגענטינע, אורוגוואַי, ווענעצועלא און קאָלאָמביא, וויא מיר וועלען עס שפּעטער זעהען. אָבער מיר ווייסען שוין פון דער פּערואַנער געשיכטע, וואָס פאַר אַן ענדערונג עס איז פאָרגעקומען נאָך דעם זיעג פון סאַן מאַרטין׳ס אַרמעע ביי טשאַקאַבוקאָ אין טשילי. אונטער דער קאָמאַנדע פון דיעזען אַרגענטינער העלד האָבען דיא אַרגענטינער רעוואָלוציאָנערען דאָך אויסגעפיהרט צו ברעכען דיא מאַכט פון דיא שפּאַניער אין זייערע גרעסטע נעסטען פון אונטערסטע און אויבערסטע פּערו.

נאָך דער גרויסער שלאַכט ביי איאַקוטשאָ, וועלכע האָט אין גאַנצען געבראָכען דיא שפּאַנישע קרעפטע אין פּערו, וויא מיר ווייסען עס שוין פון א פאָריגען קאַפּיטעל, האָט גענעראַל סוקרע, איינער פון דיא וויכטיגסטע און פעהיגסטע גענעראַלען פון דעם ליבעראַטאָר באָליוואַר, זיך א לאָז געטהאָן מיט זיין זיעגרייכער אַרמעע נאָך דער הויפּטשטאָדט פון באָליוויא, אום צו פּעריאָגען דיא לעצטע שפּאַנישע קרעפטע, וועלכע האָבען זיך נאָך געהאַלטען אין איינִיגע באָליוויאַנער שטעדט און בעזאָנדערס אין דער פּראָווינץ פּאָטאָזי אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל אָלאַניעטאָ, וועלכער האָט זיך דאָרטען געהאַלטען מיט א 2000 מאַן ביז מערץ 1825, ווען ער איז טויטליך פערוואונדעט געוואָרען אין א צוזאַמענשטויס מיט איינִיגע פון זיינע אייגענע סאָלדאַטען.

גענעראַל סוקרע איז פּאַקטיש געוואָרען דער דיקטאַטאָר דאָרטען. ער האָט צוזאַמענגערופען פערטרעטער פון דיא פּראָווינצען פון אויבערסטע פּערו צו בעשטימען, אויב זיי ווילען בלייבען פערבונדען מיט אַרגענטינע, אָדער עטאַבלירען א בעזונדערע רעפּובליק. אין אויגוסט 1825 האָבען זיך דיעזע פערטרעטער פערזאַמעלט אין דער שטאָדט טשוקוויסאַקאַ און האָבען געשטימט צו גונסטען פון אַן אייגענער רעפּובליק. אין דער זעלבער צייט האָבען זיי אויך בעשלאָסען צו געבען זייער רעפּובליק א נאָמען באָליוויא לכבוד דעם בעפרייער באָליוואַר, וועלכער האָט פאַר איהר פערפאַסט א קאָנסטיטוציאָן נאָך זיין געשמאַק, וויא דאָס איז ערקלערט אין דער געשיכטע פון פּערו.

דיעזע קאָנסטיטוציאָן האָט זיך אָבער אזוי ווענִיג געהאַלטען, וויא גענעראַל סוקרע, וועלכער איז ערוועהלט געוואָרען אַלס פּרעזידענט אויף זיין גאַנצען לעבען. אויפשטאַנדען האָבען אויסגעבראָכען געגען זיין דיקטאַטור אין פערשיעדענע ערטער. ער האָט זיך אייגענטליך געהאַלטען מיט דער הילפע פון

זיינע 2000 קאָלאָמביאַנער סאָלדאַטען. צו ענדע פון 1827 האָט ער געמוזט פער־לאָזען באָליוויא צוזאַמען מיט זיינע קאָלאָמביאַנער סאָלדאַטען, און עטליכע מאָנאַט שפּעטער איז צוזאַמענגערופען געוואָרען אַ קאָנגרעס, וואָס האָט גע־ענדערט באָליוואַר׳ס צענטראַליסטישע קאָנסטיטוציע און אויסגעקליבען פאַר פּרעזידענט גענעראַל סאַנטאַ קרוץ, וועלכער האָט אָנגעשטרענגט זיינע קרעפטע צו עטאַבלירען רוהע און אָרדנונג אין דיעזען לאַנד, וואָס האָט בעזאָנדערס גע־ליטען אין דער צייט פון דעם לאַנגען און שרעקליך־בלוטיגען קאַמפּף געגען דיא שפּאַנישע הערשאַפט.

ביז 1835 האָט באָליוויא געלעבט אין פריעדען אונטער דער דיקטאַטור פון דיעזען פעהיגען גענעראַל, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכענט אַלס אַדמיני־סטראַטאָר. אָבער אין דיעזען יאָהר האָט ער זיך אריינגעמישט אין דעם אינער־ליכען קאַמפּף פון פּערו און האָט דערמיט אריינגעשלעפּט באָליוויא אין אַ נייע רייהע פון אויפשטאַנדען און שלאַכטען. ווען ער האָט בעזיעגט אין 1836 דעם פּערואַנער דיקטאַטאָר, גענעראַל גאַמאַרא, און האָט זיך ערקלערט פאַר דעם פּראָ־טעקטאָר פון פּערו, איז טשילי ארויסגעטראָטען צו גונסטען פון גענעראַל גאַמאַרא, וויא מיר ווייסען עס שוין פון דער פּערואַנער געשיכטע. נאָך אַ קאַמפּף וואָס האָט זיך געצויגען דריי יאָהר איז גענעראַל סאַנטאַ קרוץ בעזיעגט און פּעריאָגט געוואָרען, און גענעראַל גאַמאַרא איז געבליבען פּרעזידענט פון פּערו, וועהרענד אַ גענעראַל מיט׳ן נאָמען וועלאַסקאָ איז געוואָרען דער הויפּט פון אַ פּראָוויזאָ־רישער רעגיערונג אין באָליוויא.

דיא אַנהענגער פון גענעראַל סאַנטאַ קרוץ זיינען אָבער געבליבען גענוג שטאַרק אין באָליוויא צו געווינען צוריק דורך אַ רעוואָלוציאָן דיא פּאָליטישע אויבערמאַכט און צו מאַכען איינעם פון זייערע פיהרער, גענעראַל באַליוויאַן, פאַר דעם פּרעזידענט. דער פּערואַנער דיקטאַטאָר, גענעראַל גאַמאַרא, האָט זיך געוואָלט בענוצען מיט דיעזע אינערליכע אונרוהען אין באָליוויא, אום צו פערבאַפּען דיא רייכע באָליוויאַנער פּראָווינץ לאַ פּאַז; אָבער אין 1841 ווען ער האָט בעלאַגערט דיא הויפּטשטאָדט פון באָליוויא, איז זיין אַרמעע בעזיעגט גע־וואָרען פון גענעראַל באַליוויאַן׳ס אַרמעע און ער אַליין האָט דערביי פערלאָרען זיין לעבען. גענעראַל באַליוויאַן, וועלכער איז געוואָרען דער דיקטאַטאָר און האָט געהערשט אין באָליוויא ביז 1848, האָט דאַן געוואָלט בעפאַלען פּערו. אָבער פון איין זייט איז טשילי ארויסגעטראָטען געגען דיעזע אַטאַקע און פון דער אַנדער זייט האָט דער פעהיגער פּערואַנער דיקטאַטאָר־פּרעזידענט, גענעראַל קאַסטילאַ, אונטערגעהעצט באַליוויאַן׳ס געגנער צו אַן אויפשטאַנד, וואָס האָט זיך געענדיגט מיט זייער זיעג און מיט דער דיקטאַטור פון גענעראַל בעלזו, וועמען עס איז געלונגען צו פערבלייבען אין מאַכט גאַנצע זיעבען יאָהר.

דיעזער דיקטאַטאָר איז געווען אַ טיראַן אָהן שום בילדונג. ער האָט זיך

געשטיצט אויף דיא נידריגסטע טהיילען פון דיא מאַסען, פון וועלכע ער האָט געשטאַמט, און האָט געקוקט צווישען דיא פינגער אויף דיא באנדיטען, וועלכע האָבען זיך שרעקליך פערמעהרט דורך דיא שטענדיגע אונרוהען און מלחמות. ער האָט זיך אויך גאָר ניט געקימערט וועגען דיא זיכערהייט פון אויסלענדער און האָט זיך אויסגעלאַכט פון אַלע אינטערנאַציאָנאַלע געזעצע און פון דיא פראָטעסטען פון דיא אויסלענדישע פערטרעטער. ער האָט זאָגאר געהאט דיא חוצפה צו הייסען אַלע געזאנדטע און קאָנסולען זיך אָבטראָגען פון זיין לאַנד, פיהלענדיג זיך-זיכער געגען אַלע גרויסמעכטע דערמיט, וואָס עס איז אזוי שווער צו צוקומען צו דיעזע הויכע בערג-געגענדען. דיא ענגלישע רעגיערונג האָט דאן ערקלערט, אז זיא קוקט גאָר ניט אויף באָליוויאַ וויא אויף אַ ציווייליזירטע מדינה.

אין 1857 האָט אָבער גענעראַל בעלזו געפונען פאר נויטיג אַליין צו רעזיגנירען, נור ער האָט איבערגעלאָזען אויף זיין פּלאַץ זיין אײדים, אַ גענעראַל מיט'ן נאָמען קאָרדאָווא, געגען וועמען עס האָט באַלד אויסגעבראָכען אַ רעוואָלוציאָן, וועלכע האָט זיך געענדיגט מיט אַ נידערלאַגע פאר איהם. דאָקטאָר כאָזע לינאַרעס, אַ געלערנטער און ענערגישער מאַן, וועלכער האָט אָנגעפיהרט אַ ביטערן קאַמפּף געגען דיא גענעראַלען בעלזו און קאָרדאָווא, איז דאַן געוואָרען דער דיקטאַטאָר; אָבער ער האָט געהאַנדעלט ניט פיעל בעסער פאַר זיינע פאָרגענגער. ער האָט אויך צוטהיילט דיא בעסטע פּלעצער אין דער רעגיערונג צווישען זיינע פריינד און נאָכשלעפּערס. אָנפאַנגס האָט ער פּרובירט דורכפיהרען אייניגע פון דיא פערשפּראָכענע רעפאָרמען, אָבער ער האָט דערמיט קיינעם ניט צופרידענגעשטעלט און האָט אויפגערעגט געגען זיך דיא אַרמעע און אפילו זיינע אייגענע מיניסטאָרען. איידער ער האָט געענדיגט זיין געזעצליכען טערמין אַלס פּרעזידענט האָט אויסגעבראָכען אַן אויפשטאַנד, וואָס האָט געפיהרט צו אַ שרעקליכען בירגער-קריעג אין פערלויף פון דריי יאָהר. ווען לינאַרעס איז אַרונטערגעזעצט געוואָרען אין 1861, האָבען דיא פיהרער פון דעם אויפשטאַנד אויסגעקליבען אַלס פּרעזידענט אַ גענעראַל מיט'ן נאָמען מאַריאַ דע אַטשאַ. באַלד אָבער האָט זיך צוברענט אַזאַ שרעקליכער קאַמפּף צווישען דיעזע פיהרער, אַז דיא רעגיערונגען פון פּערו און פון טשילי האָבען גענומען פערהאַנדלען וועגען אַ צוטהיילונג פון באָליוויאַ.

נור דיא דיקטאַטור איז אין 1865 אריינגעפאַלען אין דיא הענד פון אַ גענעראַל מיט'ן נאָמען מעלגאַרעכאָ, וועלכער האָט זיך בעריהמט געמאַכט מיט זיינע טיראַנישע פיהרונגען, אָבער וועלכער האָט דאָך געקענט אויסהאַלטען אַלע אַטאַקעס פון זיינע געגנער ביז 1871 און אויך פערבעסערען דיא פינאַנציעלע לאַגע און לאָזען בויען אַן אייזענבאַהן-ליניע ביז צו דער אָזערע טיטיקאַקאַ. גענעראַל מעלגאַרעכאָ האָט זיך אָנפאַנגס געפיהרט אזוי וויא עס וואָלט גאָר קיין

קאָנסטיטוציע ניט עקזיסטירט, אָבער נאָכהער האָט ער איינגעפיהרט זיין איי־
גענע קאָנסטיטוציע. ער האָט זיך ארומגערינגעלט מיט שפּיאָנען און מיט אזא
לייב־גוואַרדיע, וואָס האָט בלינד געפאָלגט אַלע זיינע ווילדע קאפּריזען. מען
דערצעהלט וועגען איהם, אז איין טאָג, ווען ער איז געווען בעזאָפען, וויא גע־
וועהנליך, האָט ער געהייסען דיא סאָלדאַטען אין זיין פּאַלאַץ שפּרינגען פון דיא
פענסטער, אום צו צייגען אַ געזאַנדטען, וויא גוט זיי זיינען דיסציפּלינירט און
וויא בלינד זיי פיהרען אויס יעדען בעפעהל זיינעם. דיא סאָלדאַטען האָבען
טאַקע געפאָלגט, און פיעלע פון זיי האָבען זיך צובראָכען דיא הענד און דיא
פיס, שפּרינגענדיג; אָבער דעם דיקטאַטאָר האָט עס געריהרט וויא דיא וואַנד.

ענדליך האָט אַ רעוואָלוציאָן אונטער דער לייטונג פון גענעראַל מאָראַלעס
געמאַכט אַ סוף פון מעלגאַרעכאָ'ס דיקטאַטור. אָבער דיעזער גענעראַל איז ער־
מאָרדעט געוואָרען דעם נעכסטען יאָהר נאָך זיין ערוועהלונג אַלס פּרעזידענט,
און וויעדער האָבען זיך אָנגעפאַנגען בלוטיגע געשלעג און פּראָנונסיאַמענטאָס,
וועלכע האָבען זיך געצויגען ביז 1876, ווען גענעראַל דאַזאַ איז געוואָרען
דיקטאַטאָר.

צו דיעזער צייט זיינען דיא בעציהונגען צווישען טשילי פון איין זייט און
באָליוויא מיט פּערו פון דער אנדער זייט געוואָרען אַלץ פיינדליכער. געגען דיא
שטייגענדע פאָדערונגען און פּשוט פערכאַפּונגען פון טשילי אין דיא ניטראַט־
געגענדען פון באָליוויא האָבען דיא באָליוויאַנער פּרעזידענטען געפונען פאַר
נויטיג צו זוכען דיא שטיצע פון פּערו. ווען גענעראַל דאַזאַ איז געוואָרען דיק־
טאַטאָר, האָט ער ארויפגעלעגט אַ טאַקסע פון 10 סענט אויף יעדע 100 קילאָ־
גראַם פון ניטראַטען, וועלכע זיינען עקספּאָרטירט געוואָרען פון דער פּראָווינץ
אַטאַקאַמאַ. ער האָט ערקלערט, אַז אויב דיא עקספּאָרטערס וועלען זיך ענט־
זאָגען צו צאָהלען דיעזע טאַקסע, וועט ער קאָנפיסצירען אַלע זייערע זאַפּאַסען
פון דיא ניטראַטען. אַלס אַנטוואָרט אויף דיעזע פאָדערונגען פון דעם באָלי־
וויאַנער דיקטאַטאָר האָט דיא טשיליאַנער רעגיערונג געשיקט אין 1879 אַ
פלאָטע, וואָס האָט פערכאַפּט אַנטאָפאַגאַסטאַ און דיא אַנדערע פּאָרטען פון
באָליוויא.

גלייך נאָך דער ערשטער נידערלאַגע פון דער באָליוויאַנער אַרמעע אין
דיעזער ניטראַטען־מלחמה, וועלכע האָט זיך געענדיגט זיעגרייך פאַר טשילי,
וויא מיר ווייסען עס שוין פון דער פּערואַנער געשיכטע, האָט גענעראַל דאַזאַ
געמוזט אָבטרעטען פּלאַץ צו אַן אַנדער דיקטאַטאָר, צו גענעראַל נאַרציסאָ קאַמ־
פּעראָ, וועלכער איז נאָכהער אויסגעוועהלט געוואָרען געזעצליך אַלס פּרעזי־
דענט. אַזוי וויא דיא ניטראַטען־מלחמה איז אין 1880 געפיהרט געוואָרען
מייסטענס אויפ'ן ים צווישען טשילי און פּערו, האָט באָליוויא, וועלכע האָט ניט
געהאַט אַ פלאָטע, ניט געקענט נעהמען אַן אַנטהייל. דאָס האָט געהאָלפען אַבי־

סעל דעם פּרעזידענט קאַמפּערא צו אָרגאַניזירען אַ נייע לאַנד־אַרמעע און אויך דורכצופיהרען אייניגע רעפאָרמען. ווען פּערו האָט פערלאָרען דיא שלאַכט ביי טשאָריל‌אָס אין 1881 און דיא זיעגרייכע טשיליאַנער זיינען אריין אין לימא, האָט באָליוויא געמוזט זיך אונטערגעבען און זיך געזעגענען אין גאַנצען מיט איהר ניטראַט־פּראָווינץ אַטאַקאַמאַ און אפילו מיט איהר צוטריט צום ים.

באָליוויא איז אַזוי געוואָרען אַן אינלענדישע רעפּובליק. עס איז פאַראַן בלויז נאָך איין רעפּובליק אין דער נייער וועלט, וואָס האָט קיין דירעקטען צו־טריט צום ים — דאָס איז פאַראַגוואַי, אָבער זיא האָט פון אָנפאַנג אָן קיינע פּאָרטען ניט געהאַט. עס בלייבט אַ פראַגע אויב באָליוויא האָט זעהר פיעל פער־לאָרען דורך דעם, וואָס זיא איז אַזוי מיט געוואַלט אָבגעשניטען געוואָרען פון ים. עס איז גראַדע געוואָרען רוהיגער דאָרטען, און דיא פּרעזידענטען בייטען זיך רעגעלמעסיג, יעדענפאַלס אָהן פּראָנונסיאַמענטאָס און בלוטפערגיסונגען. דער קאַמפּף צווישען קלעריקאַליזם און ראַדיקאַליזם, וואָס האָט זיך ארויסגע־וויזען אויך אין באָליוויא אַזוי ביטער און בלוטיג וויא אין אַלע אַנדערע שפּאַני־שע קאָלאָניעס, איז אַלץ שוואַכער געוואָרען. דיא קאָנסטיטוציאָן איז געענ־דערט געוואָרען אין אַ דעמאָקראַטישער ריכטונג, און דיא עקאָנאָמישע לאַגע האָט זיך אויך פערבעסערט. דיא פּראָדוקציאָן פון זילבער, וועלכע איז עד היום דיא וויכטיגסטע אינדוסטריע אין דיזער רעפּובליק (באָליוויא פערנעהמט דעם דריטען פּלאַץ צווישען דיא זילבער־פּראָדוצירענדע לענדער אין דער וועלט) איז געשטיגען און האָט גענעבען דער רעגיערונג מיטעל צו בויען אייזענבאַהנען ביז צו איהרע מערב׳דיגע גרענעצען, פון וואַנען זיא האָט אייגענטליך אַ פרייען האַנדעלס־וועג צום פּאַסיפישען אָקעאַן דורך איינעם פון דיא פּאָרטען אין אַטא־קאַמאַ, וואָס טשילי האָט פערכאַפּט, און ביז צו איהרע מזרח׳דיגע גרענעצען, פון וואַנען זיא האָט ווידער אַ פרייען האַנדעלס־וועג צום אַטלאַנטישען אָקעאַן דורך בראַזיליען (נעמליך דורך דעם טייך מאַדעיראַ, וואָס פאַלט אריין אין אַמאַזאָן).

דיא פּרעזידענטען פון באָליוויא האָבען אַלץ געזוכט צו קומען צו אַן אויס־גלייך מיט טשילי וועגען אַ פּאָרט. אין 1895 איז געשלאָסען געוואָרען אַ האַנ־דעלס־אָפּמאַך צווישעןביידע רעפּובליקען, און אום צו פערבעסערן זייערע בעציהונגען, האָט דיא רעגיערונג פון טשילי שליסליך פערשפּראָכען צו געבען באָליוויא אַ פּאָרט, ווען עס וועט זיך ענדיגען דיא שטרייטפראַגע צווישען טשילי און פּערו וועגען דיא פּראָווינצען טאַקנאַ און אריקאַ. אָבער דאָס איז גע־בליבען אַ פּאַפּירענער צוזאָג. דיא רעגיערונג פון טשילי האָט זיך ענטזאַגט אָפּ־צוטרעטען אירגענד וועלכען פּאָרט צו באָליוויא, ווען זיא האָט זיך דערוואוסט, אַז באָליוויא און אַרגענטינע האָבען געשלאָסען אַ געהיימען אָפּמאַך. דיזע רע־פּובליקען האָבען אַלע געהאַט לאַנגע און ביטערע שטרייטען וועגען זייערע גרע־

נעצען. ניט איין מאָל האָט עס געהאַלטען ביי א מלחמה צווישען טשילי און ארגענטינע וועגען געוויסע גרענעץ-טעריטאָריעס, וויא מיר וועלען עס זעהען, ווען מיר וועלען קומען צו זייערע געשיכטען. אָבער וויא נור דיעזע גרענעץ-שטרייטען זיינען געשליכטעט געוואָרען דורך א שיעדס-געריכט, האָט שוין באָליוויא ניט געקענט האָפען אויף דער שטיצע פון ארגענטינע און געמוזט נאָכ-געבען אַלעס וואָס טשילי האָט פערלאַנגט. נאָך זייער לעצטען אָפּמאַך, וואָס איז געשלאָסען געוואָרען אין 1905, האָט באָליוויא זיך ענטזאַגט פון אירגענד וועלכע פּרעטענזיעס אויף א פּאָרט ביי דיא ברעגען פון פּאַסיפישען אָקעאַן, נור דערפאַר האָט דיא רעגיערונג פון טשילי פערשפּראָכען צו בויען אויף איהרע קאָסטען אַן אייזענבאהן-ליניע פון דעם פּאָרט אריקא ביז לא פּאַז (דיא הויפּט-שטאָדט פון באָליוויא) און צו געבען דיא באָליוויאַנער א פרייען האַנדעלס-וועג צו געוויסע טשיליאַנער פּאָרטען.

דיעזען פערשפּרעך האָט דיא רעגיערונג פון טשילי געהאַלטען, און ביידע רעפּובליקען לעבען דערווייל אין פריעדען. דיא בעפעלקערונג פון באָליוויא, וועלכע בעשטעהט מייסטענס פון אינדיאַנער (א העלפט זיינען ריינע אינדיאַנער, וואָס געברויכען אויך זייער אייגענע שפּראַך, און א פיערטעל זיינען געמישטע אינדיאַנער, מעסטיזאָס), בעשעפטיגט זיך מיט אַקערבוי און פיהצוכט, ספּעציעל פון די היימישע לאַמאַס און אַלפּאַקאַס און פון ציגען און שעפּסען, וואָס די שפּאַ-ניער האָבען אימפּאָרטירט באַלד נאָך דער עראָבערונג פון דער אינקא-אימפּעריע. די קרעאָלען, וועלכע בילדען אונגעפעהר צוועלף פּראָצענט פון דער בעפעלקערונג, בלייבען אַלץ דיא רעגיערער און הערשער. זיי וואַקסען אָבער ניט אין פּראָ-פּאָרציע צו דער אַלגעמיינער בעפעלקערונג, ווייל דיא איינוואַנדערונג פון אייראָפּאַ איז א זעהר שוואַכע נאָך דיעזע הויכע בערג-לענדער, צו וועלכע עס איז נאָך אַלץ שווער צוצוקומען. שטאַרקער ווערט אַלץ אין צאָהל און אויך אין איינפלוס דער קלאַס פון מעסטיזאָס אָדער בכלל דער געמישטער, וואָס וועט מיט דער צייט פערנעהמען דעם פּלאַץ פון דיא ווייסע און פון וועלכען עס וועט זיך אויסבילדען א נייע און קרעפטיגע נאַציאָנאַליטעט.



## ערשטער קאַפּיטעל.

# דיא שפּאַנישע עראָבערונג און הערשאַפט

אין קיין טהייל פון דער נייער וועלט האָבען דיא שפּאַניער ניט אָנגעטראָפען אַזאַ האַרטנעקיגען און לאַנגען ווידערשטאַנד פון דיא אינדיאַנער וויא אין טשילי. דיא זידליכע געגענדען פון טשילי זיינען אייגענטליך קיין מאָל ניט איינגענומען געוואָרען פון דיא שפּאַניער, אָבוואָהל זיי האָבען ניט אויפגעהערט צו שיקען אהין ארמעען געגען דיא אַראַוקאַניער און דיא אַנדערע קריעגערישע שטאַמען, וועלכע האָבען זיך פערבונדען געגען דיא ווייסע.

דער נאָמען טשילי שטאַמט פון אַ וואָרט, וואָס בעדייטעט אין דער קוויטשואַ־שפּראַך (דאָס איז געוועזן דיא פערשפּרייטעסטע און ענטוויקעלטעסטע שפּראַך אין דער אינקאַ־אימפּעריע, דיא שפּראַך פון דיא אינקאַס גופא, וועלכע ווערט נאָך עד היום געשפּראָכען פון פיעלע אינדיאַנער שטאַמען אין באָליוויאַ און פּערו): שנעע. מיט דיעזען נאָמען האָבען דיא אינקאַס בעצייכענט דיא קעלטערע געבירגיגע געגענדען צום זיד, וואו מען זעהט פון אַלע זייטען שפּיצען מיט אייביגען אייז. דיא טעריטאָריע וואָס דיא רעפּובליק טשילי פערנעהמט יעצט, נאָך איהר זיעגרייכער מלחמה מיט פּערו און באָליוויאַ, ציהט זיך וויא אַ לענטע ביי דיא ברעגען פון פּאַסיפישען אָקעאַן. איהר לענג, אָנפאַנגענדיג פון איהרע גרענעצען מיט פּערו אין נאָרד, ביז קעיפ האָרן, דעם זידליכסטען פּונקט פון דער נייער וועלט, איז 2661 מייל, ווערענד איהר ברייט איז פון 46 ביז 228 מייל. אין דיעזער הינזיכט האָט טשילי קיין גלייכען צו זיך ניט אין דער וועלט.

דיעזע לאַנגע און שמאָלע מדינה איז קלימאַטיש צוטהיילט אין דריי גאַנץ פערשיעדענע געגענדען: דיא נאָרדליכע, וועלכע איז אַ הייסע רעגענלאָזע וויסטעניס און וועלכע איז אַזוי וואונדערבאַר רייך אין ניטראַטען; דיא צענטראַלע, וועלכע ענטהאַלט זעהר פרוכטבאַרע און געדיכט־בעפעלקערטע טהאָלען מיט דער הויפּטשטאָדט סאַנטיאַגאַ און דעם הויפּט פּאָרט וואַלפּאַראַיזאָ, און דיא זידליכע, וועלכע איז שוין אַ צופיעל רעגענדיגע און קאַלטע און דערפאַר זעהר ווענינ בעפעלקערטע עד היום. דער הויפּט רייכטהום פון דער זידליכער

פייכטער געגענד בעשטעהט אין וועלדער, וועלכע האָבען אויסגעצייכענט גע־דיענט דיא ווילדע אינדיאַנער שטאַמען אין זייער שטענדיגען קאַמפף געגען דיא שפּאַניער. מען האָט אויסגעמאָסטען, אז בלויז 40 טויזענד סקווער מייל פון טשילי, וואָס דאָס איז אונגעפעהר א זיעבעטעל פון איהר גאַנצע טעריטאָריע, טויג פאַר אַקערבוי. דאָס איבעריגע בעשטעהט פון בערג, וואָס זיינען מייס־טענס נאַקעטע, פון וויסטעניסען (ספּעציעל דיא ניטראַט־פּראָווינצען אַטאַ־קאַמאַ, טאַראַפּאַקאַ און טאַקנאַ, וואָס טשילי האָט פערכאַפּט ביי באָליוויא און פּערו, וויא מיר וועלען עס שוין פון דיא פאָריגע קאַפּיטלען), און פון וועלדער, אַזערעס און אייז־פעלדער אין דיא קאַלט־פייכטע געגענדען צום זיד. אַרום דריי־פינפטעל פון דער טעריטאָריע פון טשילי איז זעהר געבירגיג, מיט מאַסען שפּיצען, וועלכע זיינען אייביג בעדעקט מיט אייז.

מיט א הונדערט יאָהר פאַר דער שפּאַנישער ערָאבערונג איז טופּאַק יופּאַנקווי, איינער פון דיא גרעסטע און פעהיגסטע אינקאַ־הערשער, צוגעקומען מיט זיינע אַרמעען ביז צו דיא פרוכטבאַרע צענטראַלע טהיילען פון טשילי. ווייטער צום זיד, אין דיא רעגענדיגע געגענדען, האָט ער זיך אָנגעשטויסען אויף דיא ווילדע קריעגערישע שטאַמען, וועלכע האָבען שפּעטער אויך פער־צאַמט דעם וועג דיא שפּאַנישע קאָנקוויסטאַדאָרעס. טופּאַק יופּאַנקווי׳ס זוהן האָט געשיקט עקספּעדיציעס צו פערשפּרייטען און צו בעפעסטיגען דיא אינקאַ־הערשאַפט דאָרטען, אָבער דאָס איז איהם און זיינע נאָכפאָלגער געלונגען נור ביז דעם טייך מאַולע, וואו עס האָט זיך אָנגעפאַנגען דיא טעריטאָריע פון דיא ווילדע און זעהר קריעגערישע אַראוקאַניער שטאַמען. דיא צענטראַלע געגענדען פון טשילי, וואָס זיינען אויך דאַמאָלס געוועזען געדיכט בעפעלקערט און קולטי־ווירט פון אַקערבויער, האָבען שנעל איבערגענומען דיא ציוויליזאַציאָן פון דיא אינקאַס, אָבער זיי זיינען געבליבען אונטער דער פערוואַלטונג פון דיא איינ־געבאָרענע קאַסיקס. דיא קאָמוניסטישע פּערואַנער סיסטעם איז קיין מאָל ניט איינגעפיהרט געוואָרן אין טשילי און דיא אַקערבויער דאָרטען זיינען מייסטענס געוועזען קליינע און פרייע לאַנדבעזיצער.

ווען אַלמאַגראָ האָט זיך נאָך דער עראָבערונג פון פּערו א לאַז געטאָן נאָך טשילי אין דער האָפנונג צו געפינען דאָרטען עלדאָראַדאָס, האָט ער אַנשטאָדט גאָלד און זילבער געפונען אויפ׳ן וועג אַלץ ווייטער צום זיד קריעגערישע שטאַ־מען, וועלכע האָבען איהם געצוואונגען צו פערקירעווען צוריק. דיא רעזולטאַטען פון אַלמאַגראָ׳ס צוריק־קומען נאָך קוצקאָ וועלען מיר שוין פון דער פּערואַנער געשיכטע. ווען פּיזאַראָ איז געוואָרן דער הערשער פון פּערו, האָט ער געשיקט אין 1540 דעם בעריהמטען שווערד־העלד פּעדראָ דע וואַלדיוויא צו עראָבערן און צו בעזעצען טשילי. וואַלדיוויאַ׳ס עקספּעדיציע איז בעשטאַנען פון א פּאָאַר

הונדערט שפאניער און פון א גרויסער צאהל אינדיאנער, וועלכע זיינען מייס־טענס געוועזען דיא לאסט־טרעגער.

ווען וואלדיוויא איז צוגעקומען צום גרויסען טהאל פון טשילי, דיא בעסטע, פרוכטבארסטע און געדיכט־בעפעלקערטסטע אקערבוי־געגענד, האט ער דארט געגרינדעט דיא שטאדט סאנטיאגא, וועלכע איז געווארן און בלייבט דיא הויפטשטאדט פון דיזער מדינה. דיא פרידליכע אקערבויער, וועלכע זיינען געוועהנט געווארן צו דער אינקא־הערשאפט, האבען זיך ניט געוועהרט געגען דיא נייע ערָאבערער. אבער ווען וואלדיוויא האט זיך א לאז געטאן ווייטער צום זיד, איז דער ווידערשטאנד פון דיא אינדיאנער אלץ גרעסער און שטארקער געווארן. אום אנצוהאלטען דיא שפאנישע הערשאפט האט ער געגרינדעט שטעדט אין געוויסע סטראטעגישע פונקטען ביי דיא ברעגען פון ים, וועלכע זיינען געווארן וויכטיגע פארטען פון טשילי, אונטער דיא נעמען לא סערענא, קאנסעפסיאן, ווילא ריקא, וואלדיוויא און אנגאל. אבער אין 1553 האבען זיך דיא אראוקאניער שטאמען פעראייניגט מיט אנדערע און האבען ניט נור צו־שטערט דיא מייסטע פון דיא זידליכע שפאנישע בעזעצונגען, זאנדערן האבען אויך בעזיעגט און אויסגעשאכטען דיא שפאניער נאך א גרויסער שלאכט.

מיט עטליכע מאנאט פאר דיעזער נידערלאגע האט וואלדיוויא, וועלכער האט אלץ געקראגען פערשטערקונגען פון פערו און אויך פון שפאניען, אזוי פעסט געגלויבט, דאס איהם איז שליסליך געלונגען אויך איינצונעהמען דיא וואלד־געגענדען פון דיא אראוקאניער, אז ער האט געשיקט איינעם פון זיינע אדיוטאנטען נאך מאדריד מיט א ביטע צו בעעהרען איהם מיט דעם טיטול מארקיז און צו בעלוינען מיט דעם אמט פון גובערנאטאר אויף זיין גאנצען לעבען. ארום דיזער צייט האט ער אויך ארויסגעשיקט אן עקספעדיציע צו ערָאבערן דיא לענדער אויף דער מזרח זייט פון דיא אנדעסען. דיזע עקספע־דיציע האט עס געפיהרט צו דער גרינדונג פון דער קאלאניע מענדאזא, וועלכע האט געלעגט דעם פונדאמענט פון דער שפאנישער הערשאפט אין דיא גע־גענדען פון ארגענטינא. ער האט אויך אויסגעשטאטעט אן עקספעדיציע צו דעם וואסער־דורכגאנג פון מאגעלאן, אום צו קומען אין דירעקטע פערבינדונגען דורך'ן אקעאן מיט שפאניען.

אבער דיא אראוקאניער, וועלכע האבען ביסלעכווייז געלערנט וויא צו פיהרען אהן ביקסען שלאכטען מיט דיא שפאניער, האבען זיך פערבונדען אונטער א נייעם טאקווי (הויפט קאמאנדיר אויף זייער שפראך), וועלכער האט צוזאמענגעקליבען א מחנה פון צעהן טויזענד מאן. ווען וואלדיוויא איז ארויס מיט אייניגע הונדערט שפאניער און א 5000 אינדיאנער (מייסטענס פון דיא שטאמען וואס זיינען געוועזען בלוטיגע שונאים פון דיא אראוקאניער) האט דער אראוקאניער נאפאלעאן זעהר געשיקט מאנעווירט צו צוקומען וואס נעהענ־

טער צו דיא שפאניער אזוי, אז וואס וועניגער פון זיינע סאלדאטען זאלען פאלען פון דיא שפאנישע קאנאנען און ביקסען. וויא נור דאס איז איהם געלונגען, האבען דיא אראוקאניער געמאכט א קורצען סוף מיט זייערע לאנגע פיקעס און העק פון דער שפאנישער מחנה. זעהר וועניגע פון דיא שפאנישע שווערד־העלדען האבען געקענט זיך רעטען דורך אנטלויפען רייטענדיג אויף זייערע פערד. וואלדיוויא אליין איז געפאנגען געווארן, ווען ער האט פרובירט אנטלויפען. אז מען האט איהם געבראכט צושלעפען פאר דעם טאקווי, האט ער געבעטען צו שענקען איהם דאס לעבען און געשווארען, אז דערפאר וועט ער זיך צוריקציהען מיט אלע שפאניער פון טשילי, אבער אן אינדיאנער פיהרער האט איבערגעשניטען זיינע רייד מיט א האק אין קאפ.

דיא שפאנישע קאלאניסטען האבען דאן געזוכט רעטונג אין צוויי פארטען, וועלכע זיי האבען בעפעסטיגט און וועלכע דיא אינדיאנער האבען ניט געוואוסט וויא איינצונעהמען. אונטער דער פיהרונג פון א יונגען טאקווי מיט'ן נאמען לאוטארא, וועלכער איז פריהער געפאנגען געווארן און מיט געוואלט געטויפט געווארן פון וואלדיוויא אליין און וועלכער איז צוריק אנטלאפען צו זיינע לאנדסלייט, האבען דיא אראוקאניער בעזיעגט און אויסגעשלאכטעט עטליכע עקספעדיציעס, וואס דיא שפאניער האבען ארויסגעשיקט פון סאנטיאגא און פון לימא. דיזער לאוטארא איז שפעטער געפאלען טויט אין איינער פון דיא שלאכטען מיט דיא שפאניער, אבער זיינע מחנות האבען ניט אויפגעהערט צו קעמפפען ווייטער מיט א ווילדען מוטה פאר זייער פרייהייט און דיא אונאבהענגיגקייט פון זייער לאנד.

פערציג יאהר נאך דעם טויט פון וואלדיוויא האבען זיך געצויגען שרעקליך ווילדע און בלוטיגע שלאכטען צווישען דיא אראוקאניער און דיא שפאניער, וועלכע פלעגען אלץ געשיקט ווערן פון דיא וויצע־קעניגע אין לימא. נאך יעדער נידערלאגע האבען דיא אראוקאניער אלץ מעהר געלערנט, וויא צו אטאקירען און צו בעזיעגען דיא שפאנישע סאלדאטען. ווען דיעזע אינדיאנער פלעגען פערלירען א שלאכט, פלעגען זיי זיך צולויפען אין דיא וועלדער און אויסווארטען אויף א געלעגענהייט צו בעפאלען פלעצליך א שפאנישע קאלאניע אדער אן אבטיילונג פון דער שפאנישער ארמעע. קיין מאל זיינען דיא שפאניער ניט זיכער געוועזן אפילו אין דיא בעפעסטיגטע פארטען צום זיך פון טייך מאולע געגען אן אטאקע פון דיא ווילדע אינדיאנער. צו ענדע פון 16טען יאהרהונדערט, נאך אלע מיליטערישע אנשטרענגונגען פון דעם וויצע־קעניג מענדאזא און פון זיין זוהן, וועלכער האט עטאבלירט פארטען און פעסטונגען אזוי ווייט צום זיד, וויא דער גרויסער און וויכטיגער אינזעל טשילאע, האבען זיך דיא אראוקאניער ווידער ארגאניזירט אונטער דעם טאקווי פאילאמאטשו, וועלכער האט ניט נור בעלאגערט און צושטערט אלע שפאנישע

בעזעצונגען אין אראוקאניא גופא, זאנדערן האט אויך פערברענט קאנסעפ־סיאן און א פאאר אנדערע שטעדט און פארטען הונדערטע מיילען צום נארד פון דיזער געגענד. דיא שפאניער זיינען דאן ניט זיכער געווען אפילו אין זייער הויפטשטאדט סאנטיאגא. פאילאמאטשו האט נאך בעוויזען צו נעהמען מיט שטורם דיא שטאדט וואלדיוויא, וואו ער האט געפאנגען אויסער דיא איינוואהנער, אויך ביקסען, קאנאנען און פערשיעדענע זאכען, וואס זיינען ווערטה געווען מיליאנען. אין 1603 זיינען דיא שפאניער געבליבען אין דיא געגענדען צום זיד פון טייך ביא־ביא (דאס איז געווען דער נארדליכער גרענעץ פון אראוקאניא) בלויז מיט דער ציטאדעל פון פארט וואלדיוויא.

אזוי וויא דיזער קאמפף האט אויך געמאכט א חורבן אין דער קאסע פון וויצע־קעניגטהום אין לימא, האט דיא שפאנישע רעגיערונג בעשלאסען צו זוכען פרידליכע וועגען צו קומען צו אן אויסגלייך מיט די מוטהיגע אראוקאניער. אין 1612 האט מען געמאכט א פערזוך צו שיקען אין אראוקאניא יעזואיטישע מיסיאנערען, אום אויך צו פערהאנדלען וועגען פריעדען; אבער ערשט אין 1640 איז אונטערגעשריעבען געווארן דער זאגענאנטער אפמאך פון קווילין, נאך וועלכען דער טייך ביא־ביא איז געווארן דער גרענעץ צווישען דיא שפאנישע פאסעסיעס אין טשילי און דיא געגענד פון דיא אראוקאניער שטאמען, וועלכע האבען אזוי פאקטיש געוואונען זייער אונאבהענגיגקייט.

ביז צו דער צייט פון דעם אלגעמיינען קאמפף געגען דיא שפאנישע הערשאפט אין זיד־אמעריקא אין אנפאנג פון 19טען יאהרהונדערט איז דער פריעדענס־אפמאך פון קווילין געבראכען געווארען נור דורך מלחמות אין 1655, אין 1723 און אין 1766. דיא לעצטע מלחמה האט זיך געענדיגט מיט א פריעדענס־אפמאך, אז דיא אראוקאניער האבען געקראגען זאגאר דאס רעכט צו האבען זייערן א געזאנדטען און פערטרעטער אין דער הויפטשטאדט סאנטיאגא.

נור דאס וואס דיא ווייסע האבען ניט געקענט אויספיהרען מיט זייערע שווערדען און קאנאנען, דאס האבען זיי שליסליך אויסגעפיהרט מיט זייער ציוויליזאציאן. ביסלעכווייז האבען אויך דיזע ווילדע, אבער זעהר קרעפטיגע און פעהיגע אינדיאנער איבערגענומען דיא פיהרונגען און זיטען פון דיא שפאניער און האבען זיך אויך צומישט מיט דיא ווייסע, זא דאס זיי זיינען שליסליך צוגעשטאנען צו דער טשיליאנער נאציאן. ערשט אין 1882 זיינען דיא אראוקאניער געווארן בירגער פון טשילי.

אזוי וויא פון איין זייט האט מען אלץ געהאט צו פיהרען קריעג מיט דיא ווילדע אינדיאנער און פון דער אנדער זייט האט מען אין טשילי ניט געפונען גאלד אדער זילבער, האבען דיא שווערד־העלדען און גאלד־זוכער קיין חשק ניט געהאט צו קומען אהין. דאס האט געלעגט א בעזונדערן שטעמפעל

אויף דעם כאראקטער פון דיא טשיליאנער און אויף דער געשיכטע פון זייער לאנד. דיא יעניגע פון דיא איינוואנדערער, וואס זיינען דארטען פערבליבען, האבען זיך טאקע געמוזט בעשעפטיגען מיט אקערבוי. דער צענטראלער טהייל פון טשילי, וואס איז בעריהמט מיט זיינע פראכטפאלע און פרוכטבארע טהאלען, איז וויא צוגעמאסטען פאר אייראפעאישע קאלאניסטען. דארטען געפינען זיך אויך היינט דריי פערטעל פון דער בעפעלקערונג פון טשילי.

דיא שפאנישע רעגיערונג, וועלכע האט, וויא מיר ווייסען עס שוין פון דער געשיכטע פון פערו, פערוועהרט דיא איינוואנדערונג אפילו פון איהרע אייגענע אונטערטאנען אין פערו, באליוויא און עקוואדאר, האט געהאנדעלט גאנץ אנדערש וועגען טשילי. זיא האט גאר אליין אויפגעמונטערט און אונ־טערשטיצט דיא באסקען און אנדערע ענערגישע בויערן פון נארד־שפאניען צו עמיגרירען נאך טשילי, און צו גרינדען דארטען אמת'ע אקערבוי־קאלאניעס. אזוי איז אין טשילי געשאפען געווארן א קלאס פון אייראפעאישע פארמערס, וועלכע האבען ענטוויקעלט דאס לאנד און נאטירליך אויך געווירקט אויף דער גאנצער בעפעלקערונג.

דיא רואינירענדע קאלאניאלע סיסטעם, וואס דיא שפאנישע רעגיערונג האט אנגעהאלטען אונגעפעהר 200 יאהר אין דער נייער וועלט, איז אויך פערבליבען אין קראפט אין טשילי. מען האט ניט ערלויבט שיפען צו מאכען דיא רייזע פון טשיליאנער פארטען ארום קעיפ הארן אדער דורך דעם מאגעלאן וואסערוועג. דער האנדעל צווישען טשילי און שפאניען (אירגענד וועלכע קאמערץ מיט אנדערע נאציאנען איז בכלל פערבאטען געווארן) האט געמוזט געפיהרט ווערן דורך פערו אדער ארגענטינע. דער האנדעל איז דאן יעדענ־פאלס געוועזען זעהר קליין דארטען. דער הויפט־רייכטהום פון טשילי איז בע־שטאנען אין אקערבוי־פראדוקטען, וועלכע האבען אויך ניט געפעהלט אין דיא אנדערע קאלאניעס און אין שפאניען גופא. דיא שפאנישע רעגיערונג האט פערבאטען אפילו צו קולטיווירען אליוו־בוימער און וויינגערטנער. דיא אינ־דיאנער אקערבויער, וועלכע זיינען פערשקלאווט געווארן (אין אייניגע ערטער פלעגט מען זיי פשוט פערקריפלען, אז זיי זאלען ניט קענען אנטלויפען...), האבען גאר ניט געברויכט אייראפעאישע ארטיקלען, אבער אויך דיא שפאנישע גוטבעזיצער און קאלאניסטען האבען זיך מייסטענס בעגנוגענט מיט דיא זאכען, וועלכע מען פלעגט שאפען אויפ'ן ארט. דיא קינדער פון דיא קאנ־קוויסטאדארעס און פון דיא הויכע שפאנישע בעאמטע, וועלכע האבען פער־כאפט גרויסע גיטער אין דיא פרוכטבארע געגענדען און האבען איינגעפיהרט דיא זעלבע רעפארטימיענטא־סיסטעם, וויא אין פערו און אין אלע אנדערע שפאנישע קאלאניעס מיט א געדולדיגער אינדיאנער בעפעלקערונג, און וועל־כע בילדען אויך היינט דיא אריסטאקראטיע אין דיזער רעפובליק, זיינען

מייסטענס פערבליבען אין לאנד און זיינען דארום געקומען אין נעהענטערע בעציהונגען מיט דיא אנדערע קלאסען, וועלכע האָבען זיך אַלץ מעהר צוזאַמענגעמישט און צוזאַמענגעשמאָלצען אין איין נאַציאָנאַליטעט.

דיא צאָהל פון פול־בלוטיגע אינדיאַנער איז היינט זעהר קליין אין טשילי, סך הכל א 50,000, דארונטער אויך דיא ווילדע פון דעם גרויסען אינזעל טיערא דעל פועגא (פייערלאנד). דיא ווייסע, וואָס זייער צאָהל איז אַלץ פערגרעסערט געוואָרען דורך איינוואנדערונג פון אייראָפּעאישע לענדער, אויסער שפּאַניען, זיינען ניט נור דיא הערשער, זאָנדערן אויך, מעג מען זאָגען, דיא מאַיאָריטעט. דיא מעסטיזאָס בילדען אונגעפעהר א העלפט פון דער בעפעלקערונג אין טשילי.

ווען מען נעהמט דאָס אין אנבעטראכט, זעהט מען, וואָרום דיזע פערהעלטניסמעסיג קליינע און וועניג בעפעלקערטע רעפּובליק האָט געקענט אזוי שנעל און ענטשיעדען בעזיעגען פּערו און באָליוויא צוזאַמען און ווערן, זאָ צו זאָגען, א גרויסמאכט אין זיד־אַמעריקא.

אין 18טען יאָהרהונדערט, זייט אויפ'ן שפּאַנישען טראָן זיינען ארויף דיא בורבאָנען, איז דיא עקאָנאָמישע לאגע אין טשילי געוואָרען אַלץ בעסער. מען האָט דאַן ערלויבט האנדעלס־שיפען צו פאָהרען דירעקט ארום קעיפּ האָרן, און פראנצויזען האָבען געקראָגען דיא פּריווילעגיע צו לאנדען און צו האנדלען אין טשיליאַנער פּאָרטען. דיא גובערנאַטאָרען וועלכע האָבען שוין ניט געהאַט צו פיהרען שטענדיג א בלוטיגען קאמפּף מיט דיא אראוקאניער און אנדערע ווילדע אינדיאנער שטאַמען, האָבען זיך געקענט אָבגעבען צו א פערשפּרייטונג פון האנדעל און אינדוסטריע און אויך פון בילדונג. עס זיינען אויפגעקומען נייע שטעדט און פּאָרטען. אין 1747 איז אויך געגרינדעט געוואָרען אן אוניווערסיטעט אין סאנטיאגא. אין דיא ערשטע קאָלאָניאַלע יאָהרען האָט מען אפילו פערבאָטען צו אימפּאָרטירען ביכער פון שפּאַניען. דיא בילדונג איז געלעגען אויסשליסליך אין דיא הענד פון גלחים, ספּעציעל פון יעזואיטען, און זיי האָבען נור געזאָרגט צו פערגרעסערן זייער איינפלוס און צו מאַכען רייכער און מעכטיגער דיא קירכע.

דיא שטעדט האָבען ביסלעכווייז געקראָגען זעלבסטפערוואַלטונג. אין דיא קאַבילדאָס (דער שפּאַנישער וואָרט פאַר מוניציפּאַליטעטען אָדער שטאָדט־פערוואַלטונגען) האָבען געהערשט דיא קרעאָלען; אָבער דיא אַלגעמיינע פערוואַלטונג איז געלעגען אין דיא הענד פון געבאָרענע שפּאַניער, וועלכע פלעגען זיך נאָכשלעפּען נאָך יעדען נייעם גענעראַל־גובערנאַטאָר און וועלכע האָבען געוועהנליך נור געהאַט איין צוועק: צו ווערען וואָס שנעלער רייך אויף דער רעכנונג פון דיא קאָלאָניעס. דיא קרעאָלען, וועלכע זיינען געווען בעזאָנדערס

שטאַרק און צאָהלרייך אין טשילי צוליעב דיא אויבען־געבראַכטע אורזאַכען, האָבען אַלץ פּראָטעסטירט געגען אַזאַ אָרדנונג. זיי האָט נאַטירליך פערדראָסען, וואָס דיא בעסטע און פעטסטע רעגיערונגס־פּלעצער ווערען פערטהיילט צווישען געבאָרענע שפּאַניער, און זיי האָבען זיך יעדענפאַלס געהאַלטען פעסט צוזאַמען אין דיא קאַבילדאָס, וועלכע זיינען אין אַלע שפּאַנישע קאָלאָניעס געוואָרן דיא צענטערס פון דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג אין אָנפאַנג פון 19טען יאָהר־הונדערט.



## צווייטער קאפיטעל.

# פון דעם אויפשטאַנד געגען שפּאַניען ביז דעם קריעג מיט פּערו

צו דער צייט פון דעם אויפשטאַנד געגען די שפּאַנישע רעגירונג האָט טשילי געצעהלט אַרום אַ האַלבען מיליאָן נפשות. די אורזאַכען פון דיזען אויפשטאַנד, וואָס האָט געפיהרט און געמוזט פיהרען צו אַ קאַמפּף פאַר פאָל־שטענדיגע פּאָליטישע אונאַבהענגיגקייט, זיינען שוין ערקלערט געוואָרן אין די געשיכטען פון מעקסיקאָ און פּערו, די וויכטיגסטע און גרעסטע צענטערס פון דער שפּאַנישער הערשאַפט אין דער נייער וועלט. דיזע אורזאַכען זיינען געווען די זעלבע אין אַלע שפּאַנישע קאָלאָניעס, אָבער ניט אין יעדער פון זיי איז די רעוואָלוציאָנערע שטימונג אָדער דער קלאַס פון די קרעאָלען געווען גלייך שטאַרק. אין טשילי איז גראַדע די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי ניט געווען זעהר שטאַרק אין אָנפאַנג. אַ בעדייטענדער טהייל פון די קאָ־לאָניסטען איז געווען צוגעבונדען צו דער שפּאַנישער קרוין. די שפּאַניער זיינען אויך זעהר פיעל געשטיצט געוואָרן פון די אַריסטאָקראַטישע לאַנד־בעזיצער אין טשילי. זיי האָבען צוזאַמען געבילדעט די לאָיאַליסטישע פּאַר־טיי, מיט וועלכער די רעוואָלוציאָנערען האָבען געהאַט צו פיהרען אַ לאַנגען און ביטערן קאַמפּף. די פּאָלקס־מאַסען, וועלכע זיינען געווען אונוויסענד און אָבגעשניטען איינע פון די אַנדערע דורך לאַנגע שטרעקען איבער הויכע בערג און טיעפע טהאָלען, זיינען מייסטענס געווען גלייכגילטיג צו דער רע־וואָלוציאָנערער בעוועגונג.

דאַרום האָט די רעוואָלוציאָן אויסגעבראָכען אין טשילי עטוואָס שפּע־טער וויא אין די מייסטע אַנדערע שפּאַנישע קאָלאָניעס, ערשט נאָכדעם וויא עס איז אָנגעקומען אַ פערטרעטער פון דער רעוואָלוציאָנערער כונטאַ פון בוענאָס ערעס און האָט אויפגעפאָדערט די בירגער פון סאַנטיאַגאָ צו פאָלגען דעם ביישפּיעל פון זייערע אַטלאַנטישע ברידער און אַרונטערזעצען זייער גענעראַל־גובערנאַטאָר. דעם 18טען סעפּטעמבער 1810 האָט טאַקע דער גע־

נעראַל־גובערנאַטאָר רעזיגנירט, וויאַ דיאַ קאַבילדאָ פון סאַנטיאַגאָ האָט עס פערלאַנגט, און דיזער טאָג ווערט געפייערט אַלס אַ נאַציאָנאַלער יום טוב אין טשילי, אַלס דער אָנפאַנג פון אונאַבהענגיגקייט, אַזוי וויאַ דער 4טער דזשולאַי אין יונייטעד סטייטס.

אַ כונטאַ פון זיעבען אָנגעזעהענע בירגער פון סאַנטיאַגאָ האָט יענעם טאָג איבערגענומען דיאַ פערוואַלטונג פון לאַנד אין נאָמען פון קעניג פערדינאַנד דעם זיעבעטען, ווען נאַפּאָלעאָן האָט ארונטערגעזעצט פון טראָן, וויאַ מיר וועלען זעהן אין דעם פערינע קאַפּיטעל פון דיזען בוך. איינער פון דיאַ ערשטע און וויכטיגסטע אַקטען פון דיזער כונטאַ איז געווען צו עפנען דיאַ פאָרטען פאַר דיאַ האַנדעלס־שיפען פון אַלע נאַציאָנען, וואָס עס האָט נאָך דעם ערשטען יאָהר איינגעבראַכט פיער מאָל מעהר איינקונפט וויאַ פריהער. דער קאָנגרעס וואָס איז צוזאַמענגערופען געוואָרן אין אַפּריל 1811 האָט אָבגעשטימט אַ גאַנצע רייהע פון רעפאָרמען, וויאַ דיאַ אָבשאַפונג פון שקלאַ־ווערייַ, דיאַ רעאָרגאַניזירונג פון דיאַ געריכטען, דיאַ זעלבסטפערוואַלטונג פון שטעדט, דיאַ פרייהייט פון האַנדעל, א. ז. וו.

אָבער דאָס האָט באַלד געפיהרט צו אַ ביטערן קאַמפף צווישען דיאַ ראַדי־קאַלען, וועלכע זיינען שטאַרקער געווען אין דיאַ זידליכע פּראָווינצען מיט זייער הויפּטשטאָדט קאָנסעפּסיאָן, און דיאַ קאָנסערוואַטאָרס, וועלכע זיינען מייסטענס בעשטאַנען פון דיאַ אַריסטאָקראַטישע לאַנדבעזיצער אין דיאַ צענט־ראַלע פּראָווינצען מיט דער הויפּטשטאָדט סאַנטיאַגאָ. מיט דיזען אינערליכען קאַמפף, וואָס איז געפיהרט געוואָרן אין פערלויף פון אַ פּאָאַר יאָהר בעזאָנ־דערס צווישען דיאַ ראַדיקאַלע כונטאַ פון קאָנסעפּסיאָן אונטער דער לייטונג פון דר. ראָזאַס, און דיאַ קאָנסערוואַטיווע כונטאַ אונטער דער לייטונג פון גענעראַל קארערא, וועלכער איז געוואָרן דער מיליטערישער דיקטאַטאָר, האָט זיך בענוצט גענעראַל אַבאַסקאַל, דער פעהיגער און ענערגישער וויצע־קעניג פון פּערו, וויאַ נור איהם איז געלונגען צו אונטערדריקען דיאַ רעוואָלוציאָנערען אין פּערו און אין באָליוויאַ. ער האָט געשיקט אַן אַרמעע פון 4000 סאָלדאַטען, וועלכע איז צוערשט צוריקגעשטויסען געוואָרן פון 12,000 פּאַטריאָטען אונ־טער דער קאָמאַנדע פון דעם דיקטאַטאָר קארערא, אָבער וועלכע האָט שליסליך אַזוי געזיעגט אין דער שלאַכט ביי ראַנקאַגוּאַ אין 1814, אַז גענעראַל קארערא האָט געמוזט אַנטלויפען פון סאַנטיאַגאָ און זוכען רעטונג מיט אַ הייפעלע פון זיינע נאַכפאָלגער אין אַרגענטינע און אַז גענעראַל בערנאַרדינאָ אָ'היגינס, איינער פון דיאַ וויכטיגסטע קעמפּפער פאַר דיאַ אונאַבהענגיגקייט פון טשילי, האָט אויך געמוזט זיך אָבטראָגען מיט אַנדערע פּאַטריאָטען נאָך מענדאָזאַ, אַרגענטינע, וואו זיי האָבען פערשטאַרקט דיאַ אַרמעע, וועלכע סאַן מארטין האָט אָרגאַניזירט, וויאַ מיר וועלען עס זעהן, צו פעריאָגען דיאַ שפּאַניער פון

טשילי און פון פערו גופא. גענעראל א׳היגינס, דער טשיליאנער פאטריאט מיט אן אירלענדישען נאמען, איז געווען דער זוהן פון אן איינגעוואנדערטען ארימען אירלענדער, וועלכער איז אנפאנגס רייך געווארן פון האנדעל אין

גענעראל בערנארדינא א׳היגינס

טשילי, האט זיך נאכהער אויסגעצייכענט אין אן עקספעדיציע געגען דיא אראוקאניער און האט שליסליך זיך דערדיענט צו ווערן דער גענעראל גובערנאטאר פון טשילי און זאגאר דער וויצע־קעניג פון פערו.

ארום דריי יאהר נאך דער נידערלאגע פון דיא טשיליאנער רעוואלוציא־

נערען ביי ראַנקאַגוא האָבען דיא שפּאַנישע גענעראַלען געהערשט אין טשילי מיט אייזערנע הענד. דיא אַלטע אָרדנונג איז צוריק איינגעפיהרט געוואָרען און א סך פּאַטריאָטען זיינען הינגעריכטעט געוואָרען. אָבער אויף דער מזרח־זייט פון דיא אַנדעסען, סך הכל א 150 מייל פון סאַנטיאַגאָ, האָט סאַן מאַר־טין זיך אַלץ בעסער צוגעגרייט צו אַן אַטאַקע אויף דיא שפּאַניער אין טשילי. בערנאַרדינאָ אָ'היגינס איז געוואָרען זיין רעכטע האַנד און האָט זיך זעהר אויסגעצייכענט אין דער בעריהמטער שלאַכט ביי טשאַקאַבוקאָ, וועלכע האָט ענטשיעדען דעם שיקזאַל פון טשילי און דערלאַנגט א טויטקלאַפּ דיא שפּאַניער אין גאַנץ זיד אַמעריקאַ, וויא מיר וועלען עס שוין פון דער געשיכטע פון פּערו.

ווען סאַן מאַרטין איז אריין אין סאַנטיאַגאָ מיט זיין זיעגרייכער אַרמעע פון אַרגענטינינער און טשיליאַנער רעוואָלוציאָנערען, האָט ער צוזאַמענגערופען אַן אסיפה פון דיא אָנגעזעהענע בירגער, וועלכע האָבען איהם איינשטימיג אויסגעקליבען פאַר דעם גובערנאַמאָר פון טשילי. ער האָט זיך אָבער ענטזאַגט פון דיזען כבוד. זיין אַמביציע איז געווען, וויא מיר וויסען עס שוין, צו ברעכען דיא שפּאַנישע מאַכט אין פּערו גופא. דאָס איז געווען אַן אויסערגעוועהנליכער מאַן אין זיינע שטרעבונגען און אויך האַנדלונגען. ער איז געשטאַנען מיט פיעלע קעפּ העכער פאַר אַלע אַנדערע רעוואָלוציאָנערען און גענעראַלען אין זיד־אַמעריקאַ, אפילו פאַר דעם ליבעראַטאָר באָליוואַר. נור ווען ער האָט זיך ענטזאַגט, האָט ער אָנגעוויזען אויף זיין פריינד און אַדיוטאַנט בערנאַרדינאָ אָ'היגינס אַלס דעם ריכטיגען מאַן אויף דעם ריכטיגען פּלאַץ. זיין ראַטה איז אָנגענומען געוואָרען, און אָ'היגינס איז געוואָרען דער הויפּט פון דער טשיליאַנער רעפּובליק, מען מעג זאָגען, איהר ערשטער דיקטאַטאָר.

אָבער זיין דיקטאַטור האָט ניט לאַנג אָנגעהאַלטען. דיא אַנהענגער פון קארערא האָבען אויסגעקוקט אויף אַ געלעגענהייט צו מאַכען אַ רעוואָלוציאָן נאָך דעם אַלגעמיינעם מוסטער אין דער שפּאַניש־שפּרעכענדער אַמעריקאַ. אָ'היגינס איז שנעל פערהאַסט געוואָרען פאַר זיינע דיקטאַטאָרישע האַנדלונגען. דיא קאָנסערוואַטיווע פּאַרטיי האָט שטענדיג אינטריגירט געגען איהם, אָבער אפילו דיא ליבעראַלען און ראַדיקאַלען, וועמעס פיהרער ער איז פריהער געווען, זיינען אַרויסגעטרעטען געגען איהם אין 1823 אונטער דער קאָמאַנדע פון גע־נעראַל פרעירע, זאָ דאָס ער איז געצוואונגען געווען צו רעזיגנירען.

אין פערלויף פון זיעבען יאָהר נאָך דיזער פּאַסירונג האָבען זיך געביטען צעהן רעגיערונגען מיט נאָך מעהר גרעסערע און קלענערע דיקטאַטאָרס אין דיא פּראָווינצען און מיט דריי קאָנסטיטוציעס. שטרייטען און קאָנפליקטען זיינען פאָרגעקומען ניט נור צווישען דיא פּאַרטיי־פיהרער און אַמביציעזע גע־נעראַלען, זאָנדערן אויך צווישען פערשיעדענע פּראָווינצען און שטעדט. דיא גאַנצע רעפּובליק האָט זיך דאַן געהאַלטען אויף היהנערשע פיסלעך. דער אַלטער

קאמפף צווישען דיא צענטראלע געגענדען, וואו דיא אריסטאקראטישע פאמי־ליען און גרויסע גרונדבעזיצער האבען געפיהרט דיא גרענדע און האבען אָר־גאניזירט א שטארקע קאנסערוואטיווע פארטיי מיט דער הילפע פון דיא גלחים, און דיא זידליכע געגענדען, וואו עס איז אויפגעקומען א קלאס פון קליינע גרונד־בעזיצער, קאלאניסטען און הענדלער, וואס האבען געקעמפפט פאר ליבעראלע רעפארמען און פאר א דעמאקראטישע רעפובליק — דיזער קאמפף איז געוואָרן אלץ שארפער, און מען מעג זאגען, אז ער האט זיך נאך עד היום ניט גע־ענדיגט. דערצו נאך האבען דיא ווילד־געבליבענע אינדיאנער זיך אויפגעהויבען געגען דיא ווייסע, און דיא אנהענגער פון דער שפאנישער הערשאפט, דיא לאיאליסטען, האבען זיך צוזאמענגעקליבען אויף דעם גרויסען און פרוכט־בארען אינזעל טשילאָע און דאָרטען אָנגעפאנגען א קאנטער־רעוואלוציאָן.

גענעראל פרעירע, וועלכער האט פערנומען א'היגינס'עס פלאץ, האט גע־פיהרט א ביטערן קאמפף מיט דיא קלעריקאלען און אריסטאקראטען. ער האט געזוכט דורכצופיהרען ראדיקאלע רעפאָרמען דורך דעם קאנגרעס, וואס ער האט צוזאמענגערופען און בעהערשט. אין 1824 האט ער פערטריבען דעם ביסקופ פון סאנטיאגאָ און ארויסגעלאזען בעפעהלען צו קאנפיסצירען דיא גיטער פון דער קאטאלישער קירכע. דאס האט אלץ מעהר אויפגערעגט דיא קאנסער־וואטיווע פארטיי, וועלכע האט געפונען א זעהר פעהיגען פיהרער אין דער פערזאן פון פארטאלעס וואס איז פאקטיש געוואָרען דער דיקטאטאר נאך א גרוי־סער נידערלאגע פון דיא ליבעראלען אין דער שלאכט ביי לירקאי אין אפריל 1830, ווען ארום צוויי טויזענד מאן זיינען געפאלען פוןביידע זייטען. גענע־ראל פריעטא, וועלכער איז צוגעשטאנען צו דער קאנסערוואטיווער פארטיי, איז דאן אויסגעוועהלט געוואָרען אלס דער פרעזידענט פון דער פראוויזארישער רעגיערונג, און גענעראל פרעירע איז אנטלאָפען נאך פערו צוזאמען מיט איי־ניגע אנדערע גענעראלען און פיהרער פון דער בעזיעגטער ליבעראלער פארטיי.

דיא רעזולטאטען פון דעם זיעג פון דער קאנסערוואטיווער ארמעע אין דער בלוטיגער שלאכט ביי לירקאי זיינען געווען זעהר וויכטיגע פאר טשילי און, מען מעג זאגען, פאר גאנץ זיד־אמעריקא. גענעראל פריעטא און זיינע קאנסער־וואטיווע נאכפאלגער, מאנועל בולנעס און מאנועל מאנט, האבען זיך ארויס־געוויזען פאר זעהר פעהיגע רעגיערער. יעדערער פון זיי איז אויסגעוועהלט גע־וואָרען צו צוויי טערמינען פון פינף יאהר. צוזאמען האבען זיי געפיהרט דיא רעפובליק אין רוהע און אָרדנונג, וויא ווייט דאס האט זיך נור געלאזען אין 19טען יאהרהונדערט אין א שפאניש־שפרעכענדער רעפובליק, גאנצע דרייסיג יאהר. דיא ליבעראלען, וועלכע האבען נאטירליך געזוכט צו מאכען א סוף פון דער הערשאפט פון דער קאנסערוואטיווער פארטיי, האבען אין דיעזער צייט דריי מאל ארויסגערופען אויפשטאנדען, אבער זיי זיינען יעדעס מאל

שנעל און ענטשיעדען בעזיעגט געוואָרען. דאָס לאנד האָט זעהר פיעל פּראָגרעסירט דורך דיזע רוהע. דיא בעפעלקערונג איז געוואַקסען אויך דורך איינוואַנדערונג פון נאָרדליכע אייראָפּעאישע לענדער, ספּעציעל פון דייטשלאַנד. דער האַנדעל איז געשטיגען און אינדוסטריען האָבען זיך אָנגעפאַנגען צו ענטוויקלען. דורך דעם זיינען אויך געוואַקסען דיא איינקינפטע פון דער רעגיערונג, וועלכע האָט ניט נור געקענט צאָהלען דיא שולדען אין אויסלאַנד, זאָנדערן אויך בויען אייזענבאַהנען, פּאָרטען און שיפען.

אונטער דער אַדמיניסטראַציאָן פון גענעראַל פּריעטאָ מיט זיין הויפּט־



טשיליאנער קאָסטיומען אין 1840

מיניסטער פּאָרטאַלעס איז אויסגעאַרבייט און אָנגענומען געוואָרען דיא קאָנסטיטוציאָן, וועלכע איז פערבליבען אין קראַפט מיט ווייניגע ענדערונגען ביז היינט צו טאָג אין טשילי. דאָס איז אַ זעהר קאָנסערוואַטיווע, צענטראַליסטישע און אריסטאָקראַטישע קאָנסטיטוציאָן; אָבער מען מוז צוגעבען, אַז זיא האָט זעהר פיעל מיטגעהאָלפען צו פערבעסערן און צו פערשטאַרקערן דיזע רעפּובליק. אַלגעמיינעס שטימרעכט עקזיסטירט נאָך דאָרטען אַלץ ניט. דיא פּאָליטישע מאַכט ליגט מייסטענס אין דיא הענד פון גרונדבעזיצער. אָבוואָהל גענעראַל פּריעטאָ איז געוואָרען פּרעזידענט דורך אַ מיליטערישע רעוואָלוציאָן, האָט ער פון דעסטוועגען ניט געוואָלט זיך פיהרען וויא אַ דיקטאַטאָר. דער

קאָנגרעס האָט איהם דארום אויסגעוועהלט אין 1836 פאר פרעזידענט א צוויי־טען מאָל.

אין דיזער צייט האָט גענעראל פרעירע בעקומען שטיצע פון דיא ליבעראלען אין פערו און באָליוויא, ספּעציעל פון גענעראל סאנטא קרוז, וועלכער איז א קורצע צייט געווען דער דיקטאטאָר פון דיזע צוויי רעפּובליקען, וויא דאָס איז געשילדערט אין דער אָביגער געשיכטע פון פערו. איהם איז געלונגען צו אָרגאניזירען אן עקספּעדיציע אין פערו און צו לאנדען מיט געוועהר אויף דעם אינזעל טשילאָע; אָבער דער אויפשטאנד דאָרטען איז שנעל אונטערדריקט געוואָרען פון דער טשיליאנער רעגיערונג, וועלכע האָט דערפאר אָנגעפאנגען געגען סאנטא קרוז א קריעג, וואָס האָט זיך געענדיגט אונגליקליך ניט נור פאר דיזען דיקטאטאָר, זאָנדערן אויך פאר פערו. שוין דאן האָט זיך ארויסגעוויזען, אז טשילי איז שטארקער פאר איהרע צוויי נאָרדליכע שכנות—פערו און באָליוויא צוזאמען.

אונטער דער אדמיניסטראציאָן פון גענעראל בולנעס, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכענט אין דער מלחמה געגען סאנטא קרוז און וועלכער האָט רעגיערט צעהן יאָהר אָהן אינערליכע אונרוהען, איז דער אויסלענדישער האנדעל מערקווירדיג שנעל געוואקסען, וואָס עס האָט איהם געגעבען דיא מעגליכקייט ניט נור צו דעקען דיא קאָסטען פון דיזער מלחמה, זאָנדערן אויך צו שטעלען דיא פינאנצען אויף א פעסטען באָדען און צו פערגרעסערן דיא אויסגאבען אפילו אויף פאָלקסבילדונג. דיא ענטדעקונגען פון גאָלד אין קאליפאָרניא און אין אויסטראליען זיינען געווען א גוטע זאך פאר טשילי דערמיט, וואָס עס איז דאָרטען געעפענט געוואָרען א מארקעט פאר טשיליאנער ווייץ. אין דער זעלבער צייט האָבען דיא זילבער־מינען פון קאָפּיאפּאָ אין טשילי גופא געליפערט מיליאָנען. וואלפאראיזאָ איז דאן געוואָרען א זעהר גרויסער און וויכטיגער האנדעלס־פּאָרט, און דיא ערשטע ליניע פון דאמפף־שיפען אויף דעם פאסיפישען אָקעאן איז דאָרטען אָרגאניזירט געוואָרען פון דעם אמעריקאנער אינזשענער וויליאם ווהילראיט.

נאָך גרעסערע פאָרטשריטע האָט טשילי געמאכט אונטער דער צעהן־יעהריגער אדמיניסטראציאָן פון פרעזידענט מאנועל מאָנט, וועלכער איז פריהער געווען מיניסטער אונטער פרעזידענט בולנעס און וועלכער איז אויך געווען דער פעהיגסטער פיהרער פון דער הערשענדער קאָנסערוואטיווער פארטיי. אָבער באלד נאָך זיין ערשטער וואהל אין 1851 האָבען ליבעראלען אָנגעפאנגען א רעוואָלוציאָן אין זייער אלטען צענטער, אין דער פאָרט־שטאדט קאָנסעפּסיאָן, אָבער זיא האָט זיך שנעל געענדיגט נאָך דער זעהר בלוטיגער שלאכט ביי לאָנקאָמילא, ווען דיא קאָנסערוואטיווע ארמעע האָט געזיעגט. אזוי וויא פרעזידענט מאָנט האָט ניט נור ערקלערט אן אלגעמיינע אמניסטיע נאָך דיזען

זיעג, זאָנדערן ער האָט אויך געזוכט צו געווינען אויף זיין זייט די מעסיגערע ליבעראַלען דורך אייניגע רעפאָרמען, האָט מען אין א קורצער צייט ארום פער־געסען אָן דיזען אויפשטאנד, דורך וועלכען עס זיינען אומגעקומען פיער טוי־זענד מאַן און מיליאָנען דאָלארס זיינען פערלאָרען געגאנגען.

צו ענדע פון זיין צווייטען טערמין האָט פרעזידענט מאָנט אָנגעפאנגען צו האנדלען אלץ מעהר דיקטאטאָריש און איז אויך געקומען אין א צוזאמענשטויס מיט'ן קאָנגרעס. די ליבעראלע פארטיי איז דארום אלץ שטארקער געוואָרען, און אין די זידליכע פראָווינצען האָט ווידער אויסגעבראָכען א רעוואָלוציאָן. אין פערלויף פון פיער מאָנאט האָט זיך דאָן געצויגען א בירגער־קריעג, וועלכער האָט זיך געענדיגט מיט א נייער נידערלאגע פאר די ליבעראלען. אָבער די זיעגרייכע אריסטאָקראטען האָבען זיך דאָן ארומגעזעהען, אז זייערע בעזיעגטע געגנער געפינען דאָך אלץ מעהר אָנהענגער אין לאנד און אז עס איז דארום נויטיג צו קומען צו אָן אויסגלייך מיט זיי, אום אויסצומיידען ווייטערע אויפ־שטאנדען און בלוטפערגיסונגען. דער רעזולטאט דערפון איז געווען, דאָס ווען מאָנט'ס צווייטער טערמין האָט זיך געענדיגט אין 1861, איז אויסגעוועהלט געוואָרען פאר פרעזידענט אָן אונפארטייאישער מאָן אין דער פערזאָן פון א זעהר אנגעזעהענעם אריסטאָקראט מיט'ן נאָמען כאָזע פערעץ, וועלכער האָט אָנגעפאנגען זיין אדמיניסטראציאָן מיט אָן ערקלערונג פון אלגעמיינע אמניסטיע און האָט געזוכט צו מאכען פשרות צווישען די קאָנסערוואטיווע און ליבעראלען אפילו וועגען די קאטאָלישע קירכע. אונטער זיין צעהן־יעהריגער אדמיני־סטראציאָן, וויא אויך פון זיינע נאָכפאָלגער, די פרעזידענטען פעדעריקאָ עראזוריץ און אניבאל פינטאָ, וועלכע האָבען שוין געדיענט בלויז צו איין טערמין, ווייל די ליבעראלען האָבען דורכגעפיהרט אָן אמענדעמענט צו דער קאָנסטיטוציאָן, אז מעהר וויא איין טערמין זאָל קיינער ניט קענען זיין פרעזידענט פון דער רעפובליק, — איז אלץ שטארקער געוואָרען די מעסי־גע ליבעראלע פארטיי, וועלכע האָט צוגעצויגען אויך א סך פון די מעסיגע קאָנסערוואטיווע און יונגע אריסטאָקראטען. די ליבעראלען האָבען אויך, נאָך א לאנגען קאמפף מיט דער קאָנסערוואטיווער פארטיי אין קאָנגרעס, דורכגע־פיהרט, אז ווער עס קען נור לעזען און שרייבען זאָל האָבען שטימרעכט.

אין 1865 איז טשילי אריינגעשלעפט געוואָרען אין א מלחמה מיט שפא־ניען, וויא דאָס איז ערקלערט אין דער געשיכטע פון פערו. די שפאנישע רע־גיערונג האָט געשיקט א פלאָטע, וועלכע האָט בלאָקירט די פארטען פון טשילי און האָט באָמבארדירט דעם פארט וואלפאראיזאָ און צושטערט דארט כמעט די גאנצע שטאָדט. די רעגיערונג פון טשילי, וועלכע האָט זיך מוטהיג אָנגענו־מען פאר פערו געגען שפאניען, האָט פון דעסטוועגען ניט נאָכגעגעבען די שפאנישע פאָרדערונגען. דאָס איז בכלל געווען אָן אונזיננינגע מלחמה, בע־

זאַנדערם פון דער שפּאַנישער זייט, און שפּאַניען האָט שליסליך גאָר נישט אויס־געפיהרט מיט איהרע קריעגסשיפען, אויסער דיא פערניכטונג פון אייגענטהום און דיא פערגיסונג פון בלוט אין דיא פּאָרטען פון פּערו און טשילי.

ארום דיעזער צייט האָט שוין טשילי געצעהלט איבער צוויי מיליאָן נפשות. די דייטשע קאָלאָניזאציאָן אין די זידליכע פּראָווינצען איז אַלץ גרעסער געוואָרען, ווייל דיא רעגיערונג האָט ניט נור געגעבען געגוג לאַנד אונענטגעלטליך צו איינ־וואנדערער, זאָנדערן האָט אפילו געצאָהלט זייערע רייזע־קאָסטען. דיא שנעלע פערמעהרונג פון ווייסע קאָלאָניסטען אין דיא זידליכע פּראָווינצען האָט ארויס־גערופען אַן אויפשטאַנד פון דיא אַראוקאַניער אין 1868. דיעזע ווילדע שטאַמען האָבען אָנגעהויבען צו בעפאַלען דיא בעזעצונגען פון דיא ווייסע אין דיא ערטער ארום זייער אַלטע טעריטאָריע. נור נאָך עטליכע נידערלאַגעס און צוזאַמענשטוי־סען מיט דיא ווייסע, האָבען זיי געבעטען צו שליסען ווידער פריעדען מיט דער רעגיערונג, וועלכע האָט יעדענפאַלס אויסגעבויט קליינע פעסטונגען ביי דיא גרענעצען פון אַראוקאַניא, אום צו האַלטען אין צוים דיא ווילדע אינדיאַנער.

נאָך דער מלחמה מיט שפּאַניען האָט דיא רעגירונג פון טשילי זעהר ענער־גיש זיך אַ נעהם געטאָהן צו שאַפען אַ גרויסע פלאָטע, אום צו פערטהיידיגען די לאַנגע ברעגען פון לאַנד. דיא אויפבויאונג פון אייזענבאַהן־ליניעס צו פערבינ־דען דיא פּאָרטען מיט דיא וויכטיגסטע שטעדט איז פאָרטגעזעצט געוואָרען אַלץ ווייטער. אין אָנפאַנג פון דיא זיעבעציגער יאָהרען, ווען עראַזוריץ איז געוועזען פּרעזידענט, האָט מען אויך אַלץ פערמעהרט דיא צאָהל פון קריעגסשיפען און פון ים־סאָלדאַטען פאַר דיא מלחמה מיט פּערו צוליעב דיא ניטראַט־געגענדען.



## דריטער קאפיטעל.

# דער לעצטער בירגער־קריעג און דיא לעצטע גרענעץ־שטרייטען

דיא אורזאכען און דיא רעזולטאטען פון דער ניטראט־מלחמה זיינען שוין ערקלערט געווארען אין דיא געשיכטען פון פערו און באליוויא. מיר וועלען עס דא ניט ווידערהאלען. דיעזע מלחמה, וועלכע האט גרעסער געמאכט טשילי מיט א טעריטאריע פון אונגעפעהר 100,000 סקוועער מייל, וואו עס געפינען זיך דיא אויסערגעוועהנליך רייכע ניטראט־מינען, איז געפיהרט געווארען אונטער דעם פרעזידענט אניבאל פינטא, וועלכער איז רעספעקטירט געוועזען פון אלע פארטייען. זיין טערמין האט זיך געענדיגט אין 1881, ווען דיא מלחמה מיט פערו איז נאך ניט געוועזען אין גאנצען צו ענדע, און זיין פלאץ האט געזעצליך פערנומען סעניאר דאמינגא סאנטא מאריא, אויך א ליבעראל. אונטער דער אדמיניסטראציאן פון דיעזען פרעזידענט איז געשלאסען געווארען פריעדען מיט פערו און באליוויא, אבער עס האבען זיך אנגעפאנגען אינערליכע שטרייטען.

די ליבעראלע רעפארמען, וועלכע ער האט גענומען דורכפיהרען אלץ מעהר, האבען ארויסגערופען א פייערדיגע אפאזיציע פון דער קאנסערוואטיווער פאר־טיי און בעזאנדערס פון דיא קלעריקאלען אדער קירכען־פארטיי. דיא גלחים האבען גערונערט געגען איהם, ווייל ער האט געוואלט דורכפיהרען א ליבעראלען געזעץ וועגען ציוויל־הייראטהען, ציוויל־שיידונגען, ציוויל־מעטריקעס, א. ז. וו. אונטער דער לאנגער הערשאפט פון דער קאנסערוואטיווער פארטיי האט דיא קאטאלישע קירכע אנגעהאלטען אלע איהרע אלטע פריווילעגיעס. קיין חתונה האט ניט געקענט זיין א געזעצליכע, אויב א רעליגיעזע צערעמאניע איז ניט פארגעקומען אין א קאטאלישער קירכע. דיא קאטאלישע גלחים האבען געפיהרט דיא רייסטערס פון געבורטען און טויטען, וויא אונטער דער שפאנישער הערשאפט. זיי האבען אויך קאנטראלירט אלע בעערדיגונגס־פלעצער. אין 1865 האט פרעזידענט פערעז דורכגעפיהרט אפילו אן אמענדעמענט צו דער קאנסטיטוציאן וועגען פרייהייט פון עפענטליכען גאטעסדיענסט פאר ניט־קאטאליקען; אבער

דאָס איז פּאַקטיש געבליבען אַ טויטער בוכשטאַב ביז דער ליבעראַלער פּרעזי־דענט סאַנטאַ מאַריאַ האָט אָנגעפאַנגען אַ ביטערן קאַמף מיט דער קאַטאָלישער קירכע, אום צו געווינען אויף זיין זייט די ראַדיקאַלע און אַנטי־קלעריקאַלע פּאַרטייען. דער הויפּט־קעמפער פאַר דיזע וויכטיגע ציוויל־רעפאָרמען, וועל־כע זיינען שטענדיג פּערלאַנגט געוואָרען פון די ליבעראַלען, איז געווען דער פּרעמיער באַלמאַסעדאַ, אַ פייערדיגער ראַדיקאַל און בריליאַנטענער רעדנער, וועלכער איז געוואָרען פּרעזידענט, ווען סאַנטאַ מאַריאַ׳ס טערמין האָט זיך גע־ענדיגט אין 1886.

די ליבעראַלע פּאַרטיי איז דאַן צושפּאָלטען געוואָרען צוליעב דיזע רע־פאָרמען. די מעסיגע ליבעראַלען האָבען זיך אַרומגעריסען מיט די ראַדיקאַ־לען און אַנטי־קלעריקאַלען און האָבען אונטערשטיצט די מעסיגע קאָנסערוואַ־טיווע פּאַרטיי אין קאָנגרעס. דיזע רייסערייען האָבען שליסליך געפיהרט צו איינער פון די מערקווירדיגסטע רעוואָלוציאָנען אין דער געשיכטע פון טשילי און, מען מעג אויך זאָגען, פון אַלע זיד־אַמעריקאַנישע רעפּובליקען. ווען באַלמאַסעדאַ האָט פערנומען סאַנטאַ מאַריאַ׳ס פּלאַץ, טראָץ דער שטאַרקער און ביטערער אָפּאָזיציע פון די קאָנסערוואַטאָרען, קלעריקאַלען און אַ טהייל פון די ליבעראַלען אין קאָנגרעס, האָט ער געזוכט צו קריעגען אַ מאַיאָריטעט דורך פּשרות מיט זיינע געגנער. איהם איז טאַקע געלונגען צוזאַמענצושטעלען אַ מי־ניסטעריום פון די פיהרער פון כמעט אַלע פּאַרטייען, וואָס מען רופט אויף דעם פּאַרלאַמענטאַרישען לשון אַ קאָאַליציאָנס־מיניסטעריום.

די גלחים האָבען אָבער געקעהרט וועלטען געגען די "אפּיקורסים", וועל־כע האָבען געוואָגט איינצופיהרען ציוויל־הייראַטהען און דערצו נאָך אוועקצו־נעהמען ביי זיי די ווירטהשאַפט איבער די בית־עולם׳ס. זיי האָבען אַריינ־געלעגט אין חרם דעם פּרעזידענט מיט אַלע זיינע מיניסטאָרען. זיי האָבען זיך ענטזאָגט צו פּראַווען די רעליגיעזע צערעמאָניעס פאַר אַזעלכע, וואָס האָבען חתונה געהאַט נאָך דעם ציוויל־געזעץ אָדער האָבען פערשריעבען די געבורטען פון קינדער אין די ציוויל־רייסטערס. זיי האָבען אויפגעהעצט די פרויען, אויף וועלכע די קאַטאָלישע קירכע שטיצט זיך בעזאָנדערס אין אַלע לענדער. דער קאַטאָליציזם איז אַזוי שטאַרק איינגעוואָרצעלט געוואָרען אין טשילי, וויא אין אַלע אַנדערע שפּאַניש־שפּרעכענדע רעפּובליקען. אַלע אַנדערע געזעלשאַפט־ליכע פראַגען זיינען דאַן פערגעסען געוואָרען. מען האָט נור געשטריטען און געשטורמט וועגען די בעציהונגען צווישען שטאַאַט און קירכע בכלל און וועגען די נייע "גאָטלאָזע" געזעץ בפרט.

באַלמאַסעדאַ, דער הויפּטפיהרער פון די אַנטי־קלעריקאַלען, איז ערקלערט געוואָרען פון די גלחים פאַר דעם אַנטי־קריסט, פאַר דעם טייפעל אַליין. ווען אָבער דיזער ענערגישער קעמפער פאַר ליבעראַלע רעפאָרמען און פאַר אַ דע־

מאָקראַטישער קאָנסטיטוציאָן האָט זיך פערזיכערט מיט א מאַיאָריטעט אין קאָנגרעס האָט ער אָנגעפאַנגען צו פיהרען זיך אַלץ מעהר וויא א דיקטאטאָר. דערצו נאָך האָט ער גענומען שטיצען זיינע נעהענטערע פריינד און טרייעסטע אָנהענגער ניט נור מיט דיא בעסטע אמטען, זאָנדערן אויך מיט זעהר פעטע



פרעזידענט באַלמאַסעדא

קאָנטראַקטען צו בויען אייזענבאַהנען, דאָקס, שיפען, פאָלקסשולען און נייע פעסטונגען אין פערשיעדענע פאָרטען. דיא עקאָנאָמישע לאַגע פון טשילי איז גראַדע געווען א זעהר גוטע. דיא רעגיערונגס־קאַסע איז געווען פול. דיא איינ־קינפטע פון דער רעגירונג זיינען פערדאָפּעלט געוואָרען דורך דיא עראָבערונג פון דיא ניטראַט־געגענדען. באַלמאַסעדא האָט דאַרום געקענט שליידערן מיט

מיליאָנען און דורך דעם אויך קריעגען אַלץ אַ גרעסערע דיקטאַטאָרישע מאַכט. פון דער אַנדער האַנד האָט עס נאַטירליך אַלץ מעהר אויפגעבראַכט זיינע שונאים, וועלכע זיינען געוואָרען שטאַרקער אויך אין קאָנגרעס.

טראָץ דעם וואָס באַלמאַסעדאַ האָט אָנגעשרויפט אַלע מאַשינען פון דער רעגירונג צו געווינען אַ מאַיאָריטעט אין קאָנגרעס ביי דיא וואַהלען אין 1888, איז דאָס איהם ניט געלונגען. דעם נעכסטען יאָהר איז דיא פּאָליטישע לאַגע געוואָרען אַזוי געפעהרליך, אַז עס האָט געהאַלטען ביי אַן אויסברוך פון אַ בירגער־קריעג. דיא אָפּאָזיציע האָט געהאַט אַ מאַיאָריטעט אין קאָנגרעס, און באַלמאַסעדאַ האָט ניט געקענט צוזאַמענשטעלען אַ מיניסטעריום נאָך דיא פאָר־שריפטען פון דער קאָנסטיטוציאָן. דאַן איז באַלמאַסעדאַ ענטשיעדען אַרויס־געטראָטען געגען דעם קאָנגרעס. ער האָט ערקלערט, אַז אַלס פּרעזידענט האָט ער גאָר דאָס רעכט אָנצושטעלען פאַר אַ מיניסטער, וועמען ער וויל נור, און אַז דער קאָנגרעס האָט אין דעם גאָר קיין דעה ניט צו זאָגען. מיט אַנדערע ווערטער הייסט עס, אַז ער האָט בעשלאָסען אָבצושאַפען מיט זיין דיקטאַטאָרי־שער מאַכט דיא סיסטעם פון אַ פעראַנטוואָרטליכעם מיניסטעריום, וויא דאָס איז איינגעפיהרט דאָרטען נאָך דעם אַלגעמיינען קאָנסטיטוציאָנעלען מוסטער פון אייראָפּאַ.

עס איז איבעריג צו זאָגען, אַז דער קאָנגרעס האָט פייערליך פּראָטעסטירט געגען דיעזע דיקטאַטור. ביי דער ערשטער געלעגענהייט האָט דיא אָפּאָזיציע דערפאַר אויסגעפיהרט, אַז מען זאָל לאָזען דיא רעגירונג אָהן געלד פאַר דיא אויסגאַבען. אין 1890 האָט זיך דער קאָנגרעס ענטזאַגט אָבצושטימען דעם ביודזשעט. דאַן האָט באַלמאַסעדאַ ווידער פּרובירט מאַכען אַ פּשרה מיט זיינע פּאָליטישע געגנער און האָט אויסגעקליבען אַזעלכע מיניסטאָרען, וועלכע האָבען געקענט רעכענען אויף דער שטיצע פון דער מאַיאָריטעט פון קאָנגרעס. אָבער דיעזעס מיניסטעריום איז אין עטליכע מאָנאַט אַרום צופאַלען געוואָרען צוליעב אינערליכע רייסערייען. אַזוי וויא באַלמאַסעדאַ האָט געוואָלט, אַז זיין פריינד קלאַודיאָ וויקוניאַ זאָל פערנעהמען זיין פּלאַץ, ווען זיין טערמין וועט זיך ענדיגען, האָט ער איהם געמאַכט פאַר דעם פּרעמיער גאָר אָהן דער צושטימונג פון קאָנגרעס. דערצו נאָך האָט באַלמאַסעדאַ אַרויסגעלאָזען אַ בעי־פעהל, אַז דער ביודזשעט פון 1900 זאָל זיין גילטיג פאַר דעם נעכסטען יאָהר.

דיעזע דיקטאַטאָרישע האַנדלונגען האָבען שוין אַרויסגערופען אַ גרויסען אויפשטאַנד. דיא פּרעזידענטען פון סענאַט און פון דער דעפּוטירטען־קאַמער האָבען אַרויסגעלאָזען אַ פּראָקלאַמאַציאָן, אין וועלכער זיי האָבען ערקלערט, אַז מען דאַרף ניט פאָלגען דעם פּרעזידענט, ווייל ער האַנדעלט ניט קאָנסטיטוציאָ־נעל, און האָבען ערנאַנט קאַפּיטאַן מאָנט פאַר דעם הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער

פלאָטע, וועלכע האָט אויך רעבעלירט. עס האָט זיך אַזוי אָנגעפאַנגען אַ קורצער, אָבער שרעקליך בלוטיגער בירגער־קריעג.

דיא הויפּטמאַכט פון דער קאָנסטיטוציאָנעלער אָדער קאָנגרעסיסטישער פּאַרטיי איז בעשטאַנען אין דער פלאָטע. באַלמאַסעדאַ האָט דערפאַר זיך גע־שטיצט אויף דער אַרמעע. ער האָט ערקלערט דיא פיהרער פון דער אָפּאָזיציע אין קאָנגרעס און קאַפּיטאַן מאָנט פאַר פעררעטהער און האָט צוזאַמענגעקליבען אַן אַרמעע פון 40,000 מאַן. אין יוני 1891 האָט ער מיט זיין דיקטאַטאָרישער מאַכט בעפוילען אויסצו־וועהלען אַ פּרעזידענט, און דיא אויסוואַהל איז נאַטיר־ליך געפאַלען אויף דעם מאַן, וואָס ער האָט גשטיצט, נעמליך אויף זיין פריינד און הויפּט־מיניסטער וויקוניאַ. מיט זיין שטאַרקער אַרמעע האָט ער אָבער נור געקענט הערשען אויף דער יבשה. אויף'ן ים איז ער געבליבען מאַכטלאָז, ווייל דיא מייסטע קריעגסשיפען זיינען קאָמאַנדירט געוועזן פון זיינע געגנער, וועלכע האָבען זיך צוזאַמענגעקליבען אין דער ניטראַט־פּראָווינץ טאַראַפּאַקאַ. זיי האָ־בען אָבער ניט געהאַט גענוג געוועהר. אום צו קריעגען געוועהר אין יונייטעד סטייטס, האָבען זיי געשיקט דיא שיף "איטאַטאַ" נאָך קאַליפאָרניאַ. אויף דעם בעפעהל פון דער וואַשינגטאָנער רעגירונג אין נאָמען פון נייטראַליטעטס־געזעץ איז אָבער דיעזע שיף פערהאַלטען געוואָרען אין סאַן דיעגאָ. נור איהר איז דאָך געלונגען זיך אַרויסצוגנב'ענען מיט אַ לאַדונג פון געוועהר. דאַן האָט דיא וואַשינגטאָנער רעגירונג געהייסען אַרויסשיקען אַ קרייצער נאָכצויאָגען און צו פאַנגען דיעזע שיף, וועלכע האָט אַזוי געבראָכען דיא נייטראַליטעט פון יונייטעד סטייטס. דיא "איטאַטאַ" איז טאַקע געפאַנגען געוואָרען פון דעם אַמעריקאַנער קרייצער און צוריק געבראַכט געוואָרען נאָך סאַן דיעגאָ, קאַ־ליפאָרניאַ.

דיא קאָנגרעסיסטען האָבען אָבער אין דיעזער צייט געקראָגען געוועהר פון אייראָפּאַ אויף ענגלישע קאָנטראַבאַנדע שיפען, זאָ דאָס אין אויגוסט 1891 האָבען זיי שוין אויך געקענט צוזאַמענקלייבען אַן אַרמעע פון צעהן טויזענד מאַן אין דעם גרויסען ניטראַט־פּאָרט איקוויק, וואו עס האָט זיך געפונען זייער פּראָוויזאָרישע רעגיערונג אונטער דער לייטונג פון קאַפּיטאַן מאָנט. דיעזע אַרמעע האָט געלאַנדעט אין אַ פּלאַץ אַ מייל צוואַנציג צום נאָרד פון וואַלפּאַ־ראַיזאָ און האָט זיך אַ לאָז געטאָהן צום אָרט, וואו דיא אַרמעע פון דעם דיקטאַ־טאָר האָט זיך בעפעסטיגט. אין דער זעהר בלוטיגער שלאַכט דאָרטען, וואָס טראָגט אין דער געשיכטע פון טשילי דעם נאָמען דיא שלאַכט ביי קאָנקאָן, האָ־בען געזיעגט דיא קאָנגרעסיסטען. באַלמאַסעדאַ איז אַזוי צוקאָכט געוואָרען נאָך דיעזער נידערלאַגע פון זיין אַרמעע, אַז ער האָט געהייסען אַרעסטירען יעדען איינעם, וואָס מען האָט נור געקענט פערדעכטיגען אין סימפּאַטיע מיט זיינע פּאָליטישע געגנער. דערמיט האָט ער זיך, זעלבסטפערשטענדליך, אַלץ

מעהר פערהאסט געמאַכט ביים פאָלק, אפילו צווישען אַנטי־קלעריקאַלען. דיא זיעגרייכע אַרמעע פון דיא קאָנגרעסיסטען איז גלייך אוועק אויף'ן וועג צו דער הויפּטשטאָדט סאַנטיאַגאָ. באַלמאַסעדאַ האָט צוזאַמענגעקליבען זיינע לעצטע קרעפטע אין אַ פּלאַץ מיט'ן נאָמען פּלאַסילאַ, און דאָרטען איז דעם 28טען אויגוסט געפאָכטען געוואָרען דיא לעצטע שלאַכט פון דיעזען בירגער־קריעג. דיא קאָנגרעסיסטען האָבען וויעדער געזיעגט און זיינען דריי טעג שפּעטער אריין מיט טריאומף אין סאַנטיאַגאָ.

נאָך זיין נידערלאַגע ביי פּלאַסילאַ, ווען זיינע בעסטע קאָמאַנדירען זיינען געטויטעט געוואָרען, האָט באַלמאַסעדאַ פערלאָרען אירגענד וועלכע האָפנונג צו געווינען דעם קאַמפּף. ער איז דאַן אוועק זוכען שוץ אין דעם אמבאַסאַד פון ארגענטינע. דאָרטען איז ער געבליבען אין בעהעלטעניס ביז דעם 18טען סעפּטעמבער, ווען עס האָט זיך געזאָלט ענדיגען דער געזעצליכער טערמין פון זיין פּרעזידענטשאַפט. אין יענעם טאָג האָט ער זיך דערשאָסען נאָכדעם וויא ער האָט אָנגעשריבען אַ בריעף, אַז ער האָט בעשלאָסען צו ענדיגען זיין לעבען מיט זיינע אייגענע הענד, ווייל ער קען ניט ערווארטען אַן אונפּארטייאישען געריכט פון זיינע געגנער. מיט דיעזען זעלבסטמאָרד האָט זיך געענדיגט דער בלוטיגסטער בירגער־קריעג אין דער געשיכטע פון טשילי. אין דיזע שלאַכטען זיינען 10,000 לעבענס פערלאָרען געגאַנגען, און דיא קאָסטען האָבען איבערשטיגען פופציג מיליאָן דאָלאַר.

צו דיזער צייט איז עס שיער ניט געקומען צו אַ מלחמה צווישען טשילי און יונייטעד סטייטס. גראַדע האָט עס בעדאַרפט פּאַסירען, אַז דיא מאַטראָזען פון דער אַמעריקאַנער קריעגסשיף "באַלטימאָר", וועלכע האָט זיך געפונען אין פּאָרט פון וואַלפּאַראיזאָ צו בעשיצען אַמעריקאַנער בירגער אין פאַל פון נויט, האָבען זיך צושלאָגען, ווען מען האָט זיי ארונטערגעלאָזען אויפ'ן ברעג, מיט טשיליאַנער מאַטראָזען אין אַ שענק. אין דיזען געשלעג פון בעזאָפענע מאַטראָזען איז איינער פון דיא אַמעריקאַנער דער'הרג'עט געוואָרען און עטליכע אַנדערע זיינען שווער פערוואונדעט געוואָרען. דיא וואַשינגטאָנער רעגיערונג האָט געפונען נאָך דיא בעריכטען פון דעם קאַפּיטאַן פון "באַלטימאָר" און פון דעם קאָנסול דאָרטען אַ בעליידיגונג פאַר יונייטעד סטייטס אין דיזען געשלעג און האָט געפאָדערט שאַדענערזאַץ פאַר דיא אָפּפער. דיא טשיליאַנער רעגירונג האָט זיך אָנפאַנגס ענטשיעדען ענטזאַגט נאָכצוגעבען דיעזע פאָדערונג פון דער אַמעריקאַנער רעגיערונג. זיא האָט ערקלערט, אַז דאָס איז געוועזן אַ גאַנץ געוועהנליכער געשלעג צווישען בעזאָפענע מאַטראָזען און אַז קיין נאַציאָנאַלע בעליידיגונג אָדער אויסברוך פון האַס צו אַמעריקאַנער איז דערביי גאָר ניט פאָרגעקומען. אָבער שליסליך, ווען דיא וואַשינגטאָנער רעגירונג האָט זיך ענטשיעדען ענטזאַגט אויסצוהערען אירגענד וועלכע ערקלערונגען און תירוצים

וועגען דיזע מעשה, האָט דיא רעגירונג פון טשילי בעצאָהלט דיא 75,000 דאָלאַר ענטשעדיגונג, וואָס מען האָט פון איהר פערלאַנגט. נור א געפיהל פון פיינדשאַפט צו יונייטעד סטייטס, צו דיא ״יענקיס״, איז לײדער דאַן בעזאָנדערס שטאַרק איינגעוואָרצעלט געוואָרען אין טשיליאַנער פאָלק. אין דער גאַנצער לאַטיינישער אַמעריקאַ קוקט מען אַלץ מיט פיינדליכע און פערדעכטליכע אויגען אויף יונייטעד סטייטס, וויל מען גלויבט דאָרטען, דאָס דיא מעכטיגע נאָרד־אַמעריקאַנישע רעפּובליק זוכט נור אונטער דער מאַסקע פון דער מאָנראָו־דאָקטרין צו פערכאַפּען דיא טעריטאָריעס און יעדענפאַלס צו בעהערשען דיא פעלקער פון דיא שוואַכע רעפּובליקען פון צענטראַל און זיד־אַמעריקאַ. אָבער אין טשילי איז דער האַס צו דיא ״יענקיס״ שטאַרקער וויא אין דיא אַנדערע שפּאַניש־שפּרעכענדע רעפּובליקען.

ווען דיא זיעגרייכע קאָנגרעסיסטישע פּאַרטיי האָט אָרגאַניזירט אין סאַנטיאַגאָ א פּראָוויזאָרישע רעגירונג, האָבען זיך אָנגעפאַנגען דיא וואַהלען פאַר א נייעם קאָנגרעס און פאַר א נייעם פּרעזידענט. קאַפּיטאַן מאָנט, וועלכער איז אויך געוואָרען דער הויפּט פון דיעזער פּראָוויזיאָרישער רעגירונג, האָט זיך ענטשיעדען ענטזאָגט צו געברויכען אירגענד וועלכען רעגירונגס־איינפלוס איז דיעזע וואַהלען. ער האָט ערקלערט, אז ער ווינשט צו הערען דיא אונאַבהענגיגע און פרייע שטימע פון פאָלק. עס קען אָבער זיין, אז ער האָט אין דיזען פאַל אַזוי גרויסמוטהיג געהאַנדעלט, וויל ער האָט געוואוסט, אז ער וועט סאַי וויא סאַי קריעגען דיא מאַיאָריטעט, וויא עס האָט זיך טאַקע ארויסגעוויזען. יעדענפאַלס איז עס זיכער, אז צום ערשטען מאָל אין דער געשיכטע פון טשילי איז דאַן פאָרגעקומען אַן אמת פרייע אויסוואַהל פון א פּרעזידענט.

קאַפּיטאַן מאָנט האָט בעוויזען, אז ער איז ניט בלויז א פעהיגער קריעגספיהרער, זאָנדערן אויך א פעהיגער אדמיניסטראַטאָר. ניט נור האָט ער זיך ענטזאָגט צו פערפאָלגען דיא באַלמאַסעדיסטען, ער האָט נאָך אייניגע פון זיי געזוכט אריבערציהען אויף זיין זייט, וואָס עס איז איהם אויך געלונגען. ער האָט ערקלערט אַלגעמיינע אמניסטיע, און דיא אַנטלאָפענע אָפיצירען פון דער באַלמאַסעדיסטישער אַרמעע האָבען זיך באַלד בענוצט דערמיט. עס איז אַזוי שנעל איינגעפיהרט געוואָרען אָרדנונג אין גאַנצען לאַנד. אָבוואָהל געזיענט האָט איינגענטליך דיא קאָנסערוואַטיווע פּאַרטיי, פון וועלכער קאַפּיטאַן מאָנט איז געווען איינער פון דיא הויפּטפיהרער, דאָך האָט ער דורכגעפיהרט אַזאַ וויכטיגע דעמאָקראַטישע רעפאָרמע, וויא האָום־רול (זעלבסטפערוואַלטונג) אין דיא שטעדט.

אונטער דער אַדמיניסטראַציאָן פון דיזען פּרעזידענט זיינען פאָרטגעזעצט געוואָרען דיא אַלטע און אָנגעפאַנגען געוואָרען נייע עפענטליכע אַרבייט, וויא דיא בויאונג פון אייזענבאַהנען, דאָקס, שיפען א. ז. וו. ער האָט אויך רעפאָר־

גאניזירט די ארמעע און די פינאנצען. אין 1895 האט ער איינגעפיהרט דעם גאלד־סטענדערד און געשטעלט דעם קרעדיט פון דער רעפובליק אויף א פעסטען פונדאמענט (דאן האט זיך גראדע בעזאנדערס געקאכט אין יונייטעד סטייטס וועגען דיא זאגענאנטע "פרייע זילבער געלד"). ווען זיין געזעצליכער טערמין האט זיך געענדיגט דעם 18טען סעפטעמבער 1896, איז זיין פלאץ פערנומען געווארען פון סיניאר פעדעריקא עראזוריז, וועלכער איז אויסגעוועהלט גע־ווארען מיט דריי מאנאט פריהער לויט דיא פארשריפטען פון דער קאנסטיטו־ציאן. דיזער זוהן פון א פריהערען פרעזידענט האט ארויסגעצייגט גרויסע פעהיג־קייטען אלס אדמיניסטראטאר און שטאאטסמאן. ער האט שוין ניט געהאט איבערצוקומען גרויסע שוועריגקייטען אין אינערליכע אנגעלעגענהייטען. אבער דערפאר זיינען אויפגעקומען אויסלענדישע שוויריגקייטען. צו דיא סכסוכים מיט פערו וועגען דיא ניטראט־פראווינצען טאקנא און אריקא (זעה דיא געשיכטע פון פערו) זיינען צוגעקומען מחלוקות מיט ארגענטינע וועגען אנדערע געגענדען. אין 1896 האבען אפילו טשילי און ארגענטינע געשלאסען אן אפמאך, אז דיא שטרייטען וועגען זייערע גרענעצען זאלען געשליכטעט ווערען דורך א שיעדס־געריכט; אבער דיזער אפמאך איז פאקטיש געבליבען א טויטער בוכשטאב. פוןביידע זייטען האט מען גאר גענומען זיך צוגרייטען צו א קריעג.

דיזער גרענעץ־שטרייט, וויא דיא מייסטע אנדערע צווישען דיא רעפוב־ליקען פון זיד־אמעריקא, איז געווען דער רעזולטאט פון דיא שלעכטע לאנד־קארטען פון דיא פראווינצען אין דיא צייטען פון דער שפאנישער הערשאפט. לאנד איז געווען איבערגענוג פאר אלע קאלאניעס, און מען האט זיך ווייניג געקימערט אפילו וועגען גאנץ גרויסע שטרעקען. אין קאלאניאלע צייטען האט עס, נאטירליך, ניט אויסגעמאכט, אויב, למשל, דיא געגענדען פון פא־טאגאניע וועלען צוגערעכענט ווערען צו ארגענטינע אדער צו טשילי. אבער ווען דיזע צוויי קאלאניעס זיינען געווארען זעלבסטשטענדיגע רעפובליקען, איז עס געווען נאטירליך, אז יעדע פון זיי זאל פערלאנגען א גרעסערען טהייל פון אזעלכע געגענדען, וואס זיינען פריהער ניט געווען גענוי בעשטימט און אב־געגרענעצט.

ענדליך, נאך דיפלאמאטישע פערדרעהעניסען אין פערלויף פון צוויי יאהר, ווען עס האט זיך אויך אנגעפאנגען א פינאנציעלער קריזיס אין דיזע צוויי פארטגעשריטענסטע רעפובליקען פון זיד־אמעריקא (ניט רעכענענדיג דיא פארטוגעזישע בראזיליע) צוליעב דיא קריעגס־געפאהר, האט דיא טשיליאנער רעגיערונג געשטעלט אלס אן אולטימאטום דיא פארדערונג, אז דער אבמאך פון 1896 וועגען א שיעדס־געריכט זאל טאקע אויסגעפיהרט ווערען אין דער פראקטיקע. דאן האט דיא ארגענטינער רעגירונג ניט געוואלט ארויסטרעטען

פאַר דער וועלט אַלס אַזעלכע, וואָס זוכט נור קריעג און ענטזאַגט זיך פון אַרביטראַציאָן, און האָט אָנגענומען דעם אולטימאַטום פון טשילי.

זייער שטרייט וועגען דיא מזרח־גרענעצען פון דער געוועזענער באָליוויאַ־נער פּראָווינץ אַטאַקאַמאַ איז איבערגעגעבען געוואָרען צום שיעדס־געריכט פון דעם אַמעריקאַנער געזאַנדטען אין בוענאָס־ערעס. זיין ענטשיידונג איז אָנ־גענומען געוואָרען אָהן שום טענות פוןביידע צדדים אין 1899. אָבער זייער שטרייט וועגען דיא זידליכע גרענעצען אין פּאַטאַגאָניע, וואָס איז איבערגעגע־בען געוואָרען צום שיעדס־געריכט פון ענגלאַנד, האָט זיך ניט געענדיגט אַזוי שנעל און רוהיג. אַן ענגלישע קאָמיסיע האָט צוערשט געהאַט צו אונטערזוכען אַלע זייערע שטרייט־פּונקטען. דאָס האָט נאַטירליך גענומען צייט, און אין דיזער צייט האָט זיך ווידער פאַנאַנדערגעפלאַקערט אַזאַ רייסעריי צווישען ביידע רעפּובליקען, אַז זיי האָבען אָנגעפאַנגען צו מאָביליזירען זייערע אַרמעען און עס האָט געהאַלטען גאַנץ נאָהענט פון אַ מלחמה. שליסליך האָבען זיי בע־שלאָסען צו פערלאָזען זיך אויף דער ענטשיידונג פון ענגלישען קעניג לויט דעם רעפּאָרט פון דער ענגלישער אונטערזוכונגס־קאָמיסיאָן. אין 1902 האָט דער ענגלישער קעניג בעקאַנט געמאַכט זיין ענטשיידונג, און ביידע רעפּובליקען האָבען איהר ניט נור אָנערקענט, זאָנדערן האָבען אויך געשלאָסען אַ נייעם אָבמאַך, אַז אין דער צוקונפט, ווען עס וועט ווידער פאָרקומען עפּעס אַ שטרייט צווישען זיי, זאָל עס איבערגעגעבען ווערען צו אַ שיעדס־געריכט פון ענגלאַנד אָדער פון דער שווייץ. דאָס האָט פערזיכערט און וועט אויך אין דער צוקונפט פערזיכערן דעם פריעדען צווישען דיזע צוויי פאָרטגעשריטענסטע און שטאַרקסטע שפּאַניש־שפּרעכענדע רעפּובליקען אין זיד־אַמעריקאַ.

איהרע גרענעץ־שטרייטען מיט באָליוויאַ און פּערו האָט טשילי אויך גע־ענדיגט אָהן וויטערע שטערונגען פון פריעדען, וויא מיר וועלען עס שוין פון דיא אָביגע געשיכטען פון דיזע צוויי רעפּובליקען. אין 1900 האָט עס געהאַל־טען דערביי, אַז עס זאָל געשלאָסען ווערען אין זיד־אַמעריקאַ אַ בונד פון עט־ליכע רעפּובליקען געגען דיא אַמביציעס פון טשילי; אָבער דיא רעגיערונג פון טשילי האָט ערקלערט, אַז זיא מיינט ניט ביי קיינעם צו כאַפּען און קיינעם ניט אָנצוגרייפען, און אויך דיזע קריעגס־וואָלקענס אויף דיא אַנדעסען זיינען צערשטרייט געוואָרען.

אין דיא לעצטע יאָהרען מאַכט טשילי זעהר שנעלע און גרויסע פאָרט־שריטע. פריעדען הערשט אינערליך און אויסערליך. דיא וואַהלען פון פּרע־זידענטען קומען פאַר רעגעלמעסיג און רוהיג. עס זעהט אויס, אַז אין דיזער רעפּובליק פון די "זידליכע יענקים" איז מען שוין אין אמת'ן פּטור געוואָרען פון דיא דיקטאַטורען, אויפשטאַנדען און פּראָנונסיאַמענטאָס, וועלכע זיינען געווען דיא גרעסטע צרה פון דער גאַנצער לאַטיינישער אַמעריקאַ אין 19טען

יאָהרהונדערט און פון וועלכע פיעלע שפאניש-שפרעכענדע רעפובליקען (בע־זאָנדערס דיא פון צענטראל אמעריקא) ליידען נאָך עד היום.

דיא פרעזידענטען אין טשילי האָבען פערלאָרען זייער פריהערע מאכט. זיי זיינען מעהר בעשרענקט פון דער קאָנסטיטוציאָן און, וואָס עס איז וויכ־טיגער, זיי זיינען געצוואונגען אלץ מעהר צו פאָלגען איהרע פאָרשריפטען און צו רעכענען זיך מיט דער מאיאָריטעט אין קאָנגרעס און מיט דער עפענטליכער מיינונג.

היינט איז וואלפאראיזא, דער גרעסטער פאָרט פון טשילי, אויך פער־בונדען מיט בוענאָס-ערעס, דעם גרעסטען פאָרט אין דער נייער וועלט נאָך ניו יאָרק, דורך איין אייזענבאהן-ליניע, וועלכע שניידט דורך דיא אנדעסען־בערג און פערבינדעט דיא געגענדען ביי דיא ברעגען פון פאסיפישען אָקעאן מיט דיא געגענדען ביי דיא ברעגען פון אטלאנטישען ים. דיזע טראנס-אנדעסען־אייזענבאהן, א וואונדער פון דער היינטיגער אינזשענער-קונסט, איז פון בע־זאָנדערס גרויסער וויכטיגקייט פאר דיא עקאָנאָמישע און אויך פאָליטישע ענט־וויקלונג פון טשילי.



# דיא געשיכטע פון עקוואדאר

צו דער צייט פון דער שפאנישער עראבערונג זיינען דיא געבירגיגע געגענדען פון עקוואדאר געוועזן א טהייל פון דער אינקא־אימפעריע (זעה דיא געשיכטע פון פערו). אטאהואלפא, וועלכער איז געוועזן דער זוהן פון דעם זיעגרייכען אינקא הואינא־קאפאק און פון דער טאכטער פון דעם בעזיעגטען קעניג פון קוויטא, איז געווארען דער הערשער פון דיעזע געגענדען. אבער לאנגלאנג פאר דיא אויבער־הערשאפט פון דיא אינקאס האבען עקזיסטירט דארטען מלוכות. עס זיינען געבליבען אויף דיא פלאטאס שטומע עדות פון דיזע מלוכות אין דיא חורבות פון טעמפלען, פאלאצען און פעסטונגען. מען איז דערגאנגען נאך פארשונגען פון ארכעאלאגען, אז דיא מלוכה וואס דיא אינדיאנער שטאמען מיט׳ן נאמען קוויטוס האבען געגרינדעט אין דער געגענד ארום דער שטאדט קוויטא, האט עקזיסטירט ניט ווענינער פון צוועלף הונדערט יאהר.

דער גרעסטער טהייל פון דער היינטיגער בעפעלקערונג פון דיזער רעפובליק, וועלכע האט געקראגען איהר נאמען צוליעב איהר געאגראפישע פאזיציע (קוויטא ליגט אונגעפעהר א מייל פופצעהן צום זיד פון עקוואטאר), בעשטעהט פון אינדיאנער, וואס שטאמען פון דיא קוויטוס און קאראס, דיא אמאליגע הערשער דארטען. א גענויע פאלקסצעהלונג איז נאך עד היום ניט געמאכט געווארען אין דיזער רעפובליק. מען נעהמט געוועהנליך אן, אז דארטען געפינען זיך ארום אנדערהאלבען מיליאן נפשות, פון וועלכע עכט־ווייסע זיינען בלויז הונדערט טויזענד. דיזע מינאריטעט הערשט אבער היינט און האלט פאקטיש אין קנעכטשאפט דיא מאסען אינדיאנער אזוי וויא אין דיא קאלאניאלע צייטען. דיא צאהל פון נעגער איז דארטען א גאנץ קליינע. זיי געפינען זיך נור אין דיא הייסע און פייכטע געגענדען ביי דיא ברעגען פון פאסיפישען אקעאן, וואו זיי האבען זיך טהיילווייז צוזאמענגעמישט מיט אינדיאנער.

דיא טעריטאריע פון עקוואדאר בלייבט צוטהיילט צווישען א געוויסע צאהל ווייסע פאמיליעס, וועלכע בילדען דארט דיא הערשענדע אריסטאקראטיע אזוי וויא אין דיא צענטראלע טהיילען פון טשילי. זיי שטאמען פון דיא קאנקוויסטאדארעס און פון דיא שפאנישע בעאמטע, וועלכע האבען פערכאפט דיא בעסטע טהיילען פון לאנד און פערשקלאוות דיא אינדיאנער. דיא שפאנישע קאלא־

ניאלע סיסטעם, מיט וועלכער מיר זיינען שוין בעקאנט פון דיא פריהערע קאפיטלעך, איז אויך איינגעפיהרט געווארען אין עקוואדאר. דיא שפאניער האבען אבער געקענט זיך בעזעצען נור אויף דיא האכלענדער, וואו דאס קלימאט איז מעסיג אפילו אונטער דער עקוואטאריאלער זון, ספעציעל אויף דעם פלאטא ארום קוויטא, וואו עס געפינט זיך אויך היינט דער גרעסטער טהייל פון דער בעפעלקערונג. דיא פאסען לאנד צווישען דיא אנדעסען און דיא ברע־גען פון פאסיפיק זיינען זעהר פרוכטבארע, אבער צו פייכטע. דיא רעגענלאזע און וויסטע ברעגען הייבען זיך אן צום זיד פון עקוואדאר און ציהען זיך ביז וואלפאראיזא, טשילי. דיא אורזאכען דערפון ליגען אין דעם קאלטען שטראם



אינדיאנער אין עקוואדאר.

אויף דעם פאסיפישען אקעאן, אין דיא טרוקענע ווינטען און אין דיא הויכע בערג, וועלכע שניידען איבער דעם וועג דיא ווארימע און פייכטע ווינטען, וואס בלאזען פון אטלאנטישען ים און לאזען ארונטער זייער פייכטקייט אין דיא געגענדען צום מזרח פון דיא אנדעסען. דיא ברעגען פון עקוואדאר זיינען זעהר געדיכט בעוואקסען מיט טראפישע וועלדער. אזוי וויא דיא אנדעסען הייבען זיך דארט אן זעהר נאהענט פון ים און עס געפינען זיך ביי דיזע ברעגען זעהר ווענינ האפענס פאר שיפען, בלייבען זיי עד היום זעהר שיטער בעפעל־קערט. מען מעג זאגען, אז פון פאנאמא ביז פערו איז פאראן נור איין גוטער האפען, און דאס איז גוואיאקוויל, דער גרעסטער פארט פון עקוואדאר. ניט רעכענענדיג דעם גאלף פון גוואיאקוויל, זיינען דיא ברעגען פון עקוואדאר אזוי

שיעף און ניט־צוגענגליך, וויא דיא פּאַסיפישע ברעגען פון קאָלאָמביא, וועלכע האָבען נאָך אַלץ ניט קיין גוטע האַנדעלס־פּאָרטען. אין פּיזאַראָ'ס צייט זיינען דיזע ברעגען גאָר ניט געווען בעוואָהנט, מיט דיא אויסנאַהמע פון אייניגע גאַנץ ווילדע שטאַמען. פּיזאַראָ האָט דארום געקענט לאַנדען און קריעגען שפּייז ערשט אין דער נאַכבאַרשאַפט פון דעם גאָלף פון גוואַיאַקוויל.

דאָס גיט אונז אַ נאַטירליכע און איינפאַכע ערקלערונג, ווארום דיא קאָנקוויסטאַדאָרעס האָבען אויסגעלאָזען אויף זייער וועג פון פּאַנאַמאַ צום זיד דיא ברעגען פון קאָלאָמביא און פון עקוואדאָר און האָבען אָנגעפאַנגען דיא ער־אָבערונג פון דיזע לענדער ערשט נאָכדעם, וויא זיי האָבען צושטערט דיא אינקא־אימפּעריע און איינגענומען פּערו. אונטער דער הערשאַפט פון דיא אינקאַס זיינען אויך אויסגעלעגט געוואָרען וועגען איבער דיא טהאָלען און בערג, וואָס ציהען זיך פון דיא שטעדט אין פּערו ביז צו דיא שטעדט אין עקאַוודאָר. מיט דיזע וועגען האָבען זיך עס דיא שפּאַניער בענוצט אין זייערע עקספּע־דיציעס.

דער נעהענטסטער און לייכטסטער וועג צו צוקומען פון ים ביז קוויטאָ איז איבער דיא בערג וואָס ציהען זיך פון דעם פּאָרט גוואַיאַקוויל. היינט איז דיזער זעהר וויכטיגער פּאָרט פערבונדען דורך אן אייזענבאַהן מיט קוויטאָ און מיט אנדערע שטעדט אויף דיא פּלאַטאָס, וואָס צושפּרייטען זיך אויף אַ הויכקייט פון אַכט ביז צעהן טויזענד פוס איבער דער פלעכע פון ים און וואָס זיינען ארומ־גערינגעלט מיט שפּיצען, וועלכע בלייבען אייביג בעדעקט מיט אייז אונטער דער עקוואַטאָריאַלער זון. פריהער אָבער האָט מען אהין געקענט פאָהרען נור אויף מוילטהיערען.

דיא ערשטע שפּאַניער, וואָס האָבען דורכגעשניטען אַ וועג צווישען דיא געדיכט־בעוואַקסענע בערג פון גוואַיאַקוויל ביז דיא פּלאַטאָס, האָבען זיך גע־פונען אונטער דער קאָמאַנדע פון דעם קאָנקוויסטאַדאָר אַלוואַראַדאָ, מיט וועמען מיר האָבען זיך בעקענט אין דער געשיכטע פון מעקסיקאָ. דיזער וויכטיגסטער אַדיוטאַנט פון הערנאַנדאָ קאָרטעז האָט זיך אויף זיין אייגענער רעכנונג אַ לאָז געטאָהן פון פּאַנאַמאַ נאָך זיד־אַמעריקאַ, ווען מען האָט געקראָגען נאַכריכטען וועגען פּיזאַראָ'ס העלדענטהאַטען און אוצרות אין פּערו. ער האָט געלאַנדעט ניט ווייט פון גוואַיאַקוויל און האָט אָנגעפאַנגען אַ מאַרש איבער דיא אַנדעסען ביז ער האָט זיך דורכגעהאַקט אַ וועג צום פּלאַטאָ ארום דער אַלטער אינדיאַנער שטאָדט ריאָבאַמבאַ.

אָבער ווען אַלוואַראַדאָ איז אהין צוגעקומען, האָט ער זיך שוין צוזאַמענגע־שטויסען מיט אַנדערע קאָנקוויסטאַדאָרעס, וועלכע האָבען דערגרייכט פון פּערו אַלץ ווייטער צום נאָרד ביז קוויטאָ. דער ערשטער שפּאַנישער עראָבערער פון דער אַלטער קוויטאָ־מלוכה איז געווען סעבאַסטיאַן דע בענאַלקאַזאַר, איינער

פון פיזאראָ'ס לייטענאַנטען. נאָך דער הינריכטונג פון אטאהואַלפּא (זעה דיא געשיכטע פון פערו) האָט דאָרטען אויסגעבראָכען אַ בלוטיגער קאַמפּף צווישען איינינע אינדיאַנער שטאַמען וועגען דיא אויבערהערשאַפט. איינער פון דיזע שטאַמען האָט גערופען צו הילפע דיא שפּאַניער, וועלכע האָבען זיך געפונען אין אַ נאָרדליכען פּאָרט פון פערו אונטער דער קאָמאַנדע פון בענאַלקאַזאַר. אַנשטאָט צו העלפען איין אינדיאַנער קאַסיק געגען אַן אַנדערן האָבען דיא שפּאַניער פערנומען דאָס גאַנצע לאַנד. צו ענדע פון 1533 איז בענאַלקאַזאַר געוואָרען דער אויבערהאַר אין קוויטאָ. אַלמאַגראָ האָט זיך אין דער זעלבער צייט אויך אַהין אַ לאָז געטאָהן מיט זיינע שוועָרד־העלדען, אָבער אויפ'ן וועג האָט ער אָנגעטראָפען אַלוואַראַדאָ'ס עקספּעדיציע. אום פּטור צו ווערען פון דיעזען גאַנץ אונערוואַרטעטען קאָנקורענט, האָט אַלמאַגראָ איהם אָנגעבאָטען אַ סומע פון הונדערט טויזענד דאָלאַר, אום ער זאָל זיך צוריקציהען פון זיד־אַמעריקא. אַלוואַראַדאָ האָט זיך ניט געלאָזט פיעל בעטען, און דיעזער מסחר איז געשלאָסען געוואָרען. דיא קאָנקוויסטאַדאָרעס פון פערו זיינען אזוי פּטור געוואָרען פון אַ ווירקליך געפעהרליכען קאָנקורענט, וועלכער איז דאַמאָלס געווען דער גובערנאַטאָר פון גוואַטעמאַלא.

אין עקוואַדאָר האָבען אָבער דיא קאָנקוויסטאַדאָרעס קיין גאָלד און אפילו קיין זילבער־מינען ניט געפונען. דיא אַנדעסען דאָרטען זיינען גראָדע אָרעמער אין מעטאַלען, וויא אין אַנדערע טהיילען פון זיד־אַמעריקא. דיא פּלאַטאָס זיינען אָבער וויא צוגעמאָסטען פאַר קאָלאָניעס פון אייראָפּעער. בענאַלקאַזאַר האָט צוטהיילט דיזע פּרוכטבאַרע געגענדען צווישען זיינע סאָלדאַטען און האָט פערשקלאַפט דיא אינדיאַנער אַקערבויער. ער האָט אויך געשיקט עקספּעדיציעס צו פערנעהמען דיא וויטערע געגענדען. מיט אַ מחנה פון 150 שפּאַניער און 4000 אינדיאַנער האָט ער זיך אַרונטערגעלאָזען פון דיא אַנדעסען און זיך דורכגעשניטען אַ וועג דורך דיא טראָפּישע וועלדער ביז צום ברעג, וואו ער האָט געגרינדעט דעם פּאָרט גוואַיאַקוויל. ווען ער האָט זיך צוריקגעקעהרט נאָך קוויטאָ און האָט זיך אַ לאָז געטהאָן פון דאָרטען וויטער צום נאָרד, אום צו עראָבערן דיא געגענדען, וועלכע בילדען יעצט דעם זידליכען טהייל פון דער רעפּובליק קאָלאָמביא, זיינען אינדיאַנער בעפאַלען גוואַיאַקוויל און האָבען צושטערט דאָרטען דיא שפּאַנישע קאָלאָניע. פּיזאַראָ האָט דאַן געשיקט פערשטערקונגען אויף שיפען פון לימא, און אַ נייער שפּאַנישער פּאָרט איז אויפגעבויט געוואָרען אין גוואַיאַקוויל; אָבער דיא אינדיאַנער האָבען וויעדער חרוב געמאַכט דיא שפּאַנישע בעזעצונג. ערשט ווען פּיזאַראָ האָט געשיקט נאָך אַמאָל פערשטערקונגען אין 1537 אונטער דער קאָמאַנדע פון זיין אַדיוטאַנט אָרעלאַנאַ, האָבען דיא שפּאַניער געקענט פערבלייבען אין דעם אָרט, וואו עס געפינט זיך היינט דער גרעסטער און בעסטער פּאָרט צווישען פּאַנאַמאַ און לימא.

אין דער האָפנונג צו געפינען אזא עלדאָראַדאָ וויא פערו אין דיא אונבעקאַנטע געגענדען צום מזרח פון קוויטאָ, האָט גאָנזאַלאָ פיזאַראָ, וועלכער איז געשיקט געוואָרען פון זיין ברודער אַלס דער גובערנאַטאָר פון דיא פראָווינצען צום נאָרד פון פערו, אָרגאַניזירט אין 1541 איינע פון דיא גרעסטע און שטאַרקסטע עקספעדיציעס פון אוואַנטוריסטען אין יענע צייטען. אָבער וואָס ווייטער זיי האָבען מאַרשירט, ארונטערלאָזענדיג זיך פון דיא אַנדעסען־בערג אין מזרח־זייט, אַלץ שווערער איז עס געוואָרען דורכצושניידען אַ וועג דורך דיא טראָפּישע וועלדער. עס איז געוואָרען אַלץ הייסער און פייכטער. עס האָט גערעגענט כמעט אָהן אויפהער, און אויסער אונענדליכע וועלדער אויף דיא בערג און אין דיא טיעפע טהאָלען, וואו עס האָבען געשטראָמט טייכען פון דיא בערג, האָט מען גאָר נישט געזעהען ארום זיך. דיא רעגענדיגע און געדיכט־בעוואַקסענע געגענדען, וועלכע ציהען זיך אין מזרח־זייט פון דיא אנדעסען, וואו עס פאַנגען זיך אָן דיא טייכען, וועלכע פאַלען אַריין אין דעם מעכטיגען אַמאַזאָן־טייך, טראָגען אויף שפּאַניש דעם נאָמען מאָנטאַניאַס. טהיילען פון דיעזע ריזיגע טראָפּישע געגענדען זיינען נאָך עד היום אונבעקאַנט. אין מאַנכע ערטער דאָרטען האָט נאָך אַ פוס פון א ווייסען ניט געטראָטען. אין דיא מאָנטאַניאַס שלעפען זיך אַרום אינדיאַנער שטאַמען, וואָס זיינען היינט אַזוי ווילד וויא לאַנג־לאַנג פאַר קאָלומבוס׳עס רייזע. דיעזע אינדיאַנער זיינען צוטהיילט אין קליינע שבטים, וועלכע שטעהען אויף דער נידריגסטער שטופע און פון וועלכע איניגע זיינען נאָך קאַניבאַלען (מענשענפרעסער). דיא מייסטע פון זיי געפינען זיך אין דיא סילוואַסען, וויא מען רופט דיא וואַלדיגע געגענדען אין דעם טהאָל פון אַמאַזאָן און פון דיא טייכען, וואָס פאַלען אין איהם אַריין.

ווען גאָנזאַלאָ פיזאַראָ מיט זיינע שווערד־העלדען זיינען צוגעקומען צו דיא סילוואַסען, זיינען זיי געווען אויסגעמאַטערט, אָבגעריסען און אויך אויסגעהונגערט. זייער געוועהר איז פעררָאָסט געוואָרען פון דער פייכטקייט, זייערע קליידער זיינען צוריסען געוואָרען אויפ׳ן וועג צווישען דיא טראָפּישע וועלדער, זייערע שפּייז־זאַפּאַסען זיינען אויסגעגאַנגען און נייע האָבען זיי ניט געקענט קריעגען, וויל אין ערגיץ האָבען זיי ניט געטראָפען אַפילו א סימן פון אינדיאַנער דערפער. גאָנזאַלאָ האָט דאַרום בעשלאָסען צו שיקען פאָראויס איניגע שווערד־העלדען אונטער דער קאָמאַנדע פון אָרעלאַנאַ צו קריעגען שפּייז. אָרעלאַנאַ האָט זיך געהאַלטען ביי דיא ברעגען פון אַ שטראָם, וואָס איז אַלץ ברייטער געוואָרען ביז מען האָט שוין געקענט זיך שיפען אויף איהם. זיי האָבען דאַן אויפגעבויט שיפלעך, אויף וועלכע זיי זיינען געשוואומען אַלץ ווייטער מיט׳ן שטראָם. אָבער זיי האָבען אַלץ ניט געטראָפען אירגענד וועלכע בעזעצונגען ביי דיא ברעגען. זיי זיינען אַזוי זעהר ערווייטערט געוואָרען פון דעם אָרט, וואו גאָנזאַלא פיזאַראָ האָט געווארט אויף זיי. אויסרעכענענדיג,

אז ער וועט שוין ניט זיין אין שטאנד צוריקצוקעהרען זיך געגען דעם שטראָם, האָט אָרעלאַנאַ בעשלאָסען צו שווימען ווייטער אויף גאָט'ס בעראָטה, ביז עס וועט איהם ענדליך געלינגען אָנצוטרעפען עפּעס אַ שטאָדט אָדער צו דערגרייכען דעם ים.

דער טייך, אויף וועלכען ער איז אזוי געשוואומען ארום טויזענד מייל, טראָגט היינט דעם נאָמען נאַפּאָ און דיענט אַלס גרענעץ צווישען עקוואַדאָר און קאָלאָמביא. דיעזער טייך פאַלט שליסליך אַריין אין אמאַזאָן, און ווען אָרעלאַנאַ מיט זיין הייפעלע אַוואַנטוריסטען, וועלכע האָבען, זעלבסטפערשטענדליך, זעהר פיעל געליטען אויף דיזען לאַנגען וועג אין רעכטען מיטען פון דיא סיל־וואַסען, זיינען ווייטער געשוואומען מיט'ן שטראָם פון דיזען מעכטיגסטען פון אַלע טייכען אויף דעם ערד־קוגעל, זיינען זיי צוגעקומען צו דיא ברעגען פון אטלאנטישען אָקעאַן, וואו זיי האָבען אויפגעבויט אַ זעגעל־שיף, אויף וועלכער זיי זיינען ענדליך געקומען נאָך שפּאַניען. אזוי איז עס דער אַמאַזאָן־טייך ענטדעקט געוואָרען.

וואָס אַנבעלאַנגט צו גאָנזאַלאָ פּיזאַראָ, האָט ער געוואַרט עטליכע טעג אויף אָרעלאַנאַ. נאַכהער האָט ער אָנגעפאַנגען צו שלעפּען זיך מיט דיא לעצטע כחות צוריק צום פּלאַטאָ, וואו ער האָט שוין געקראָגען גענוג שפּייז ביי דיא אינדיאַנער. א סך פון זיינע בעגלייטער זיינען אומגעקומען אויף'ן וועג פון קראַנקהייטען און הונגער. ווען גאָנזאַלאָ איז צוגעקומען צו קוויטאָ, האָט ער זיך דערוואוסט, אז זיין ברודער פראַנציסקאָ איז ערמאָרדעט געוואָרען אין לימאַ פון דיא אַלמאַגריסטען. ער האָט גלייך זיך אַ לאָז געטאָהן נאָך פּערו. וואָס עס האָט מיט איהם ווייטער פּאַסירט, דאָס ווייסען מיר שוין פון דער פּערו־אַנער געשיכטע.

אין פערלויף פון דיא צוויי און אַ האַלב יאָהרהונדערטע, וואָס עקוואַדאָר האָט זיך געפונען אונטער דער שפּאַנישער הערשאַפט, זיינען דאָרטען פּאָר־געקומען זעהר ווענינ בעמערקענסווערטהע ענדערונגען. עקוואַדאָר איז געווען אַ טהייל פון דעם פּערואַנער וויצע־קעניגטהום. דיא הייפעלעך שפּאַניער, וואָס האָבען פערנומען דיא פעלדער פון דיא אינדיאַנער און אומגעוואַנדעלט דיא אינדיאַנער אין קנעכט, האָבען איינגעפלאַנצט דאָרטען אַזוי וויא אין אַנדערע טהיילען פון דער אינקא־אימפּעריע זייער רעליגיאָן, שפּראַך און ציוויליזאַציאָן, וויא וויט נור זיי האָבען עס געקענט. דיא בעסטע זאַך, וואָס דיא שפּאַניער האָבען געטאָהן פאַר עקוואַדאָר און בכלל פאַר זייערע קאָלאָניעס אין דער נייער וועלט איז געווען דיא איינפיהרונג און קולטיווירונג פון דיא ניצליכע פלאַנצען און חיות פון דער אַלטער וועלט. דיא הויכע פּלאַטאָס זיינען אויסגעצייכענט פאַר אַלע אייראָפּעאישע תבואות און פרוכטען. אין דיזע לענדער, וואו מען מאַכט דורך אַלע קלימאַטען אין פערלויף פון עטליכע שטונדען, ווען מען הויבט

זיך פון די הייסע טהאָלען ביי דיא ברעגען פון ים ביז דיא אייז־בעדעקטע שפּיצען פון דיא אַנדעסען, וואַקסען פלאַנצען פון דיא טראָפּישע, מעסיגע און אייז־קאַלטע געגענדען.

אין אָנפאַנג פון 18טען יאָהרהונדערט זיינען דיא מייסטע פּראָווינצען פון דער היינטיגער רעפּובליק עקוואַדאָר געוואָרען אַ טהייל פון דעם ווייצע־קעניגטהום פון ניי־גראַנאַדאַ (היינט מייסטענס דיא געגענדען פון דער רעפּובליק קאָלאָמביאַ) מיט דער הויפּטשטאָדט באָגאָטא. דיזע אַדמיניסטראַטיווע ענדערונג איז געמאַכט געוואָרען, ווייל פון קוויטאָ ביז באָגאָטאַ איז א העלפט וועג וויא פון קוויטאָ ביז לימאַ (דער אַלטער אינקא־וועג צווישען דיזע צוויי שטעדט איז אַרום צוועלף הונדערט ענגלישע מייל). דער נאַטירליכער און בעסטער האַנדעלס־וועג פאר קוויטאָ און דיא אַנדערע שטעדט אויף דיא פּלאַטאָס פון עקוואַדאָר איז אָבער ביז צום פּאָרט גוואַיאַקוויל. דיא לאַגע פון אַלע איינוואָהנער אין דיזע פערוואָרפענע געגענדען, פון דיא קרעאָלען און מעסטיזאָס אַזוי וויא פון דיא אינדיאַנער, האָט זיך גאָר ניט געביטען דורך אירגענד וועלכע אדמיניסטראַטיווע ענדערונגען. דיא אריסטאָקראַטישע גוטבעזיצער און גלחים האָבען געהערשט. דיא מאַסען זיינען געבליבען אַזוי אונוויסענד און פערגרעבט וויא אין דיא צייטען פון דיא אינקאַס. נור אַ קליינער טהייל פון דיא קרעאָלען האָט געקענט לעזען און שרייבען.

דיא רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג איז דאָרום דאָרטען געוועזן שוואַכער וויא אין אַנדערע זיד־אַמעריקאַנישע קאָלאָניעס. דער אויפשטאַנד, וואָס האָט זיך אָנגעפאַנגען אין קוויטאָ, ווען מען האָט בעקומען דיא נאַכריכט וועגען דיא אַרונטערזעצונג פון פערדינאַנד דעם זיעבעטען אין 1809, אזוי וויא דאָס האָט דאַן פּאסירט אין דיא הויפּטשטעדט פון אַלע אַנדערע שפּאַנישע קאָלאָניעס, האָט געפונען אַ זעהר שוואַכען אָפּקלאַנג אַפּילו צווישען דיא קרעאָלען, וועלכע זיינען געוועזן און געבליבען עד היום דיא פיהרער פון אַלע רעוואָלוציאָנען אין דער לאַטיינישער אַמעריקאַ. עס איז ניט געוועזן שווער פאַר דיא רעוואָלוציאָנערע כונטא אין קוויטאָ אויסצופיהרען דעם פּלאַן אַרונטערצוזעצען דעם שפּאַנישען גובערנאַטאָר און צו אַרעסטירען דיא שפּאַנישע בעאַמטע; אָבער דיא שפּאַניער צוזאַמען מיט אַ טהייל פון דיא קרעאָלען אין אַנדערע שטעדט פון עקוואַדאָר, דאַרונטער אויך פון גוואַיאַקוויל, האָבען זיך פערבונדען און האָבען נאָך איינינע בלוטיגע צוזאַמענשטויסען בעזיעגט דיא רעוואָלוציאָנערע כונטאַ פון קוויטאָ. אַלע ווייטערע פערזוכען פון דיא פּאַטריאָטען צו עטאַבלירען זייער אייגענע רעגיערונג זיינען דורכגעפאַלען. דיא לאָיאַליסטען צוזאַמען מיט דיא שפּאַניער האָבען געזיעגט כמעט אויף אַלע פונקטען. דיא אינדיאַנער זיינען געבליבען אַזוי גלייכגילטיג אין עקוואַדאָר, וויא אין באָליוויאַ, פּערו און בכלל אין אַלע אַנדערע טהיילען פון דער אינקאַ אימפּעריע. פון ביידע זייטען פלעגט

מען זיי אָבער טרייבען מיט געוואַלט צו דיענען אין דיא ארמעען פון זייערע ווייסע הערען.

דיא שפאַנישע גענעראַלען האָבען קאָמאַנדעוועט און גרויזאם פערפאָלגט די פאַטריאָטען אין גאַנצען לאַנד. אין פערלויף פון ניין יאָהר איז קוויטאָ געווען א צענטער פון דער שפּאַנישער הערשאַפט. פון דאָרטען פלעגט דער שפאַנישער גובערנאַטאָר ארויסשיקען עקספעדיציעס צו פעריאָגען דיא רעוואָלוציאָנערען פון פערשיעדענע ערטער, וואו זיי האָבען זיך נאָך געקענט האַלטען וויא עס איז. דיא לאַגע פון דיא רעוואָלוציאָנערען איז אין דיזער צייט געווען א פער־צווייפעלטע אין גאַנץ זיד־אַמעריקא, וויא מיר ווייסען דאָס שוין פון דיא גע־שיכטען פון פערו, באָליוויאַ און טשילי.

ביז דעם בעריהמטען מאַרש פון דיא ארגענטינער און טשיליאַנער רעוואָ־לוציאָנערען אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל סאַן מארטין איבער דיא אַנ־דעסען און זייער זיעג ביי טשאַקאַבוקאָ אין טשילי האָט עס אויסגעזעהען אַזוי וויא שפאַניען וועט ווייטער הערשען. ווען סאַן מאַרטין האָט אויסגעפיהרט אין 1820 זיין פּלאַן צו ברעכען דיא מאַכט פון שפּאַניען אין לימאַ גופא (זעה דיא געשיכטע פון פערו), איז ער אויך געקומען אין פערבינדונגען מיט דיא רעוואָ־לוציאָנערען אין עקוואַדאָר, וועלכע האָבען דאַן, נאַטירליך, געקראָגען מעהר מוטה צו קעמפּפען ווייטער. אין אָקטאָבער 1820 איז דיא פאַטריאָטען געלונגען צו פערכאַפּען גוואַיאַקוויל און צו שיקען אויך א מחנה צו העלפען זייערע ברידער אין קוויטאָ. דיא שפּאַניער האָבען דאַן אפילו ווידער געזיעגט, אָבער דיא רע־וואָלוציאָנערען האָבען שוין געקענט קריעגען הילפע פון קאָלאָמביא, וואו באָ־ליוואַר האָט געוואונען אין 1819 דיא וויכטיגע שלאַכט ביי באָיאַקאַ, וויא מיר וועלען עס זעהען אין א נעכסטען קאַפּיטעל.

סאַן מאַרטין פון איין זייט און באָליוואַר פון דער אַנדער זייט האָבען אויך אַרויסגעריסען עקוואַדאָר פון שפּאַנישע הענד. גענעראַל סוקרע, דער פעהיגס־טער פון דיא רעוואָלוציאָנערע גענעראַלען נאָך סאַן מאַרטין, האָט געלאַנדעט אין 1821 אין גוואַיאַקוויל מיט 1700 פון דיא בעסטע סאָלדאַטען, וועלכע האָבען געקעמפּפט אין באָליוואַר׳ס אַרמעען אין קאָלאָמביא און ווענעצועלאַ. אין דער זעלבער צייט האָט באָליוואַר אַליין אָנגעפאַנגען א מאַרש איבער דיא בערג פון באָגאָטאַ נאָך קוויטאָ. סאַן מאַרטין האָט צוגעשיקט 1200 סאָלדאַטען צו העל־פען גענעראַל סוקרע צו מאַרשירען פון גוואַיאַקוויל נאָך קוויטאָ, אום צו אַטאַ־קירען דיא שפּאַניער דאָרטען פון אַלע זייטען. אין אַן אָרט לעבען דעם גרויסען וואולקאַן פּיטשינטשאַ, אויף א הויכקייט פון 10,200 פוס איבער דער אָבער־פלעכע פון ים, האָבען זיך דיזע רעוואָלוציאָנערע אַרמעען צוזאַמענגעשטויסען מיט דער שפּאַנישער, און דעם 24טען מאַי 1822 איז עס געקומען צו א שלאַכט,

וועלכע האָט זיך געענדיגט מיט אַ גרויסען זיעג פאר דיא רעוואָלוציאָנערען און וועלכע האָט אויך געפיהרט צו דער אונאַבהענגיגקייט פון עקוואדאָר.

ביז 1830 איז אָבער עקוואדאָר געווען אַ טהייל פון דער רעפּובליק קאָ־לאָמביא, וועלכע האָט דאַן איינגעשלאָסען אונטער דער דיקטאַטור פון באָלי־וואר אויך ווענעצועלא און ניי־גראַנאַדאַ. דער ליבעראַטאָר צוזאַמען מיט זיין גענעראַל סוקרע האָבען געקענט אויספיהרען אַלעס וואָס זיי האָבען געוואָלט אין עקוואדאָר אַזוי וויא אין באָליוויאַ (זעה די געשיכטע פון באָליוויאַ). עס האָט זיך אָבער שנעל אַרויסגעוויזען, אַז מען קען ניט צוזאַמענשמעלצען דיזע קאָ־



קאָסטיומען פון דיא איינגעבאָרענע לעבען קוויטאָ

לאָניעס אין איין רעפּובליק. באָליוואר'ס פּאָזיציע איז געוואָרען אַלץ שוואַכער אפילו אין זיין געבורטס־לאַנד ווענעצועלא, וועלכע האָט זיך אָבגעטהיילט אין 1830 פון ניי־גראַנאַדאַ. דיא אַמביציעזע פּלענער פון דעם ליבעראַטאָר צו גרינ־דען אַ גרויסע זיד־אַמעריקאַנישע אימפּעריע זיינען צופאַלען געוואָרען דורך דיא שטרעבונגען פון דיא קרעאָלען צו אַטאָנאָמיע און אונאַבהענגיגקייט אין דיא קאָלאָניעס, וועלכע שטעלען צוזאַמען היינט דיא טעריטאָריעס פון דיא שפּאַניש־שפּרעכענדע רעפּובליקען אין זיד־אַמעריקאַ.

דיא געשיכטע פון עקוואדאָר אַלס אַן אונאַבהענגיגע רעפּובליק פאַנגט זיך אייגענטליך אָן פון 1830, ווען זיא האָט זיך אָבגעטהיילט פון קאָלאָמביא. דיזע

געשיכטע איז אַזוי פול מיט רעוואָלוציאָנען און דיקטאַטורען, וויא דיא געשיכטען פון דיא אַנדערע שפּאַניש־שפּרעכענדע רעפּובליקען. איהר ערשטער פּרעזידענט, גענעראַל כואַן כאָזע פלאָרעס, איז פאַקטיש געווען איהר דיקטאַטאָר אַ יאָהר פופצעהן. ער האָט געהאַט צו קעמפּפען מיט אַנדערע אַמביציעזע גענעראַלען, וועלכע האָבען פערכאַפּט איינִיגע שטעדט און פּרובירט איינפיהרען זייערע רע־גיערונגען. אויסער דעם איז דאָרטען אַליץ אָנגעפיהרט געוואָרען דער זעלבער ביטערער קאַמפּף צווישען דיא קלעריקאַלען און ליבעראַלען, וויא אין אַלע אַנ־דערע לאַטיינישע רעפּובליקען.

אונטער דער ליימונג פון זייער בעסטען און געבילדעטסטען פּאַרקעמפּפער ראָקאַפוּענטע האָבען דיא ליבעראַלען געמאַכט אין 1835 אַן אויפשטאַנד, וועל־כער האָט שליסליך געפיהרט צו דער פּעריאָגונג פון דעם דיקטאַטאָר פלאָרעס. ראָקאַפוּענטע, וועלכער איז דאַן געוואָרען פּרעזידענט, האָט איינגעפיהרט אַ ליבעראַלע קאָנסטיטוציאָן און האָט אויך פּרובירט האַנדלען וויא אַ קאָנסטיטוּ־ציאָנעלער פּרעזידענט. אָבער ווען זיין געזעצליכער טערמין האָט זיך געענדיגט אין 1839, איז גענעראַל פלאָרעס ווידער געוואָרען דיקטאַטאָר און האָט זיך געלאָזט אויסוועהלען אַ דריטען מאָל אין 1843. אין דער זעלבער צייט האָט ער אויך געצוואונגען דעם קאָנגרעס אָנצונעהמען אַ נייע קאָנסטיטוציאָן—פון 1830 ביז 1909 האָט מען דאָרטען פאַבריצירט ניט וועניגער פון עלף קאָנסטיטוציאָ־נען—אום צו פערלענגערען דעם טערמין פון אַ פּרעזידענט אויף אַכט יאָהר.

דיעזע דיקטאַטאָרישע האַנדלונג האָט אַרויסגערופען אַ פערצווייפעלטען אויפשטאַנד פון דיא ליבעראַלען, וועלכע האָבען צוזאַמענגעקליבען זייערע קרעפטע אין גוואַיאַקוויל. גענעראַל פלאָרעס האָט זיך דאַן אַרונטערגעלאָזען פון דיא בערג מיט אַן אַרמעע צו פּעריאָגען דיא ליבעראַלען, אָבער ער איז בעזיעגט געוואָרען און איז געצוואונגען געווען צו פערלאָזען דאָס לאַנד. דער מולאַט ראָמאַן ראָקאַ, וועלכער איז דאַן געוואָרען פּרעזידענט, האָט געזוכט צו מאַכען פּשרות צווישען דיא פערביטערטע ליבעראַלען און קלעריקאַלען, אָבער דאָס איז איהם וועניג געלונגען. אונטער זיין אַדמיניסטראַציאָן איז געשלאָסען געוואָרען אַן אָפּמאַך מיט קאָלאָמביא וועגען זייערע גרענעצען, אַן אָפּמאַך מיט ענגלאַנד וועגען דיא אָבשאַפונג פון שקלאַווערייַ און אַ האַנדעלס־אָפּמאַך מיט בעלגיען.

אין 1849, ווען עס איז געקומען דיא צייט צו ערוועהלען אַ פּרעזידענט נאָך אַלע פאָרשריפטען פון דער קאָנסטיטוציאָן, האָבען זיך אָנגעפאַנגען ביטערע שטרייטען, וועלכע האָבען געפיהרט צו אַ נייעם אויפשטאַנד. נאָך אַ פּראָנונסיאַ־מענטאָ פון גענעראַל אורבינאַ, וועלכער האָט אַרויסגעשטעלט אַ געוויסען דיעגאָ נאָבאָאַ אַלס זיין קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט, איז דער לעצטער טאַקע אויסגע־וועהלט געוואָרען פון קאָנגרעס אין 1850. אָבער ווען ער האָט, צו דער ערגערנים און ערשטוינונג פון דיא ליבעראַלען, צוריקגערופען דיא פּעריאָגטע יעזואיטען

און אויך געשיקט סאָלדאַטען צום גרענעץ פון קאָלאָמביא צו העלפען דאָרטען דיא בעזיעגטע קאָנסערוואַטאָרס, האָט גענעראַל אורבינא געמאַכט א נייע פראָנונסיאַמענטאָ, דיזעס מאָל שוין דירעקט פאר זיך אַליין און האָט פעריאָגט נאָבאָא'ן. דיזער דיקטאַטאָר האָט איינגעפיהרט א נייע ליבעראַלע קאָנסטיטור־ציאָן — דיא זעקסטע אין דיא ערשטע 22 יאָהר פון דער אונאַבהענגיגקייט פון עקוואַדאָר — און האָט טאַקע געהאַנדעלט וויא אַ ראַדיקאַל און אַנטי־קלעריקאַל. ווען זיין טערמין האָט זיך געענדיגט אין 1856, האָט ער אויסגעפיהרט, אז זיין פריינד פראַנסיסקא ראָבלעס זאָל פערנעהמען זיין פלאַץ און פאָרטזעצען זיין ליבעראַלע פאָליטיק. צוזאַמען האָבען זיי אויסגעהאַלטען אלע קאָנסערוואַטיווע אַטאַקעס ביז 1859, ווען עס איז געקומען צו אַ קריעג מיט פערו. אין דער צייט ווען זיי האָבען זיך געפונען לעבען דיא גרענעצען פון פערו מיט אַן ארמעע, האָט אויסגעבראָכען אַן אויפשטאַנד פון זייערע פאָליטישע געגנער אין דער פראָווינץ קוויטאָ. דיא גלחים האָבען ניט נור געהעצט דעם עולם געגען דיזע אפיקורסים, וואָס האָבען געוואָלט איינפיהרען רעפאָרמען נאָך דעם פראַנצויזי־שען מוסטער (ראָבלעס האָט טאַקע איינגעפיהרט דיא פראַנצויזישע אָדער מעט־רישע סיסטעם פון וואָגען און מאָסען), זאָנדערן האָבען אויך געשאַפען געלד און געוועהר פאר דיא קאָנסערוואַטיווע ארמעע.

אונטער דער פיהרונג פון דר. מאָרענאָ, א פראָפעסאָר פון כעמיע, איז עס נאָך אייניגע שלאַכטען געלונגען דער קאָנסערוואַטיווער פאַרטיי צו זיעגען און צוזאַמענצורופען אין 1861 אַ קאָנגרעס, וועלכער האָט נאַטירליך אויסגעפיהרט דעם וואונש פון דיא זיעגער. דר. מאָרענאָ איז דאַן געוואָרען פרעזידענט, אָבער אויסער דעם וואָס ער האָט אויפגערייצט אפילו דיא מעסיגע פוןביידע פאַר־טייען מיט זיינע רעאקציאָנערע האַנדלונגען צו גונסטען פון דיא גלחים, וו:א דיא צוריקרופונג פון יעזואיטען און דיא פאָלשטענדיגע אונאַבהענגיגקייט פון דער קאַטאָלישער קירכע אין פאָלקסשולען (זיין אָפמאַך מיט דעם פאַפסט ווע־גען פאָלקסבילדונג האָט ארויסגערופען אונצופריעדענהייט און פראָטעסטען אין גאַנץ זיד־אמעריקאַ), האָט ער זעהר פיעל פערלאָרען אפילו אין זיין אייגענער פאַרטיי, ווען מען איז דערגאַנגען, אַז אין א קאָרעספאָנדענץ מיט אַ פראַנ־צויזישען דיפלאָמאַט האָט ער זיך ערקלערט צו גונסטען זאָגאר פון אַ פראַנצוי־זישען פראָטעקטאָראַט איבער עקוואַדאָר. מען האָט איהם דאַן פון אַלע זייטען פערדאַמט אַלס אַ פעררעטהער, און דיא ליבעראַלען פון קאָלאָמביא, וועלכע האָבען געזיעגט אין דעם בירגער־קריעג דאָרטען אין 1863, האָבען געפונען פאַ־נויטיג צו שיקען אַן אַרמעע צו "בעפרייען זייערע ברידער אין עקוואַדאָר פון דעם טהעאָקראַטישען יאָך פון פראָפעסאָר מאָרענאָ".

דיזער זעהר פעהיגער מאַן האָט דאַן גענומען זיך פיהרען וויא אַ דיק־טאַטאָר און האָט געשיקט אַן אַרמעע געגען זיינע אינלענדישע און אויסלענדישע

שונאים, אָבער אין 1865, ווען דיזע אַרמעע איז בעזיעגט געוואָרען, האָט ער רעזיגנירט. זיין איינפלוס איז אָבער נאָך אַלץ געווען גענוג גרויס, אז איינער פון זיינע אַנהענגער איז געוואָרען פּרעזידענט. אין פערלויף פון פופצעהן יאָהר, ביז 1875, ווען ער איז ערמאָרדעט געוואָרען, האָט ער געשפּיעלט דיא הויפּט־ראָלע אין עקוואַדאָר. אין 1869 האָט ער געמאַכט אַ פּראָנונסיאַמענטאָ און האָט ווידער פערכאַפּט דיא רעגירונג אין זיינע הענד, און דעם נעכסטען יאָהר האָט ער "זיך געלאָזט אויסוועהלען" פון קאָנגרעס אויף אַ טערמין פון זעקס יאָהר. זיין פּאָליטיק איז דיא גאַנצע צייט געבליבען אַ קלעריקאַלע. ער האָט אַלץ גע־זוכט צו פערשטאַרקען דיא מאַכט פון דער קאַטאָלישער קירכע און זיין אייגענע דיקטאַטור.

דר. מאָרענאָ'ס לאַנגע הערשאַפט האָט אַזוי געבראַכט אין פערצווייפלונג דיא ליבעראַלען, אַז אייניגע פון זיי האָבען בעשלאָסען פּטור צו ווערען פון איהם איינפאַך דורך אַ מאָרד. אָבער נאָך דיזען מאָרד, וועלכער איז בעגאַנגען געוואָרען פון עטליכע יונגע קרעאָלען אין מיטען העלען טאָג אויף אַ הויפּט פּלאַץ פון קוויטאָ, האָט זיך ניט געפונען אַן ענערגישער פיהרער וואָס זאָל קענען פער־נעהמען זיין פּלאַץ. עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ ביטערער קאַמפּף צווישען דיא אַמביציעזע גענעראַלען פוןביידע פּאַרטייען. אין 1877 איז גענעראַל ווענטע־מילאַ, אַ פיהרער פון דיא ראַדיקאַלען, ערקלערט געוואָרען פאַר דעם פּרעזי־דענט. ער האָט גלייך געענדערט דיא קאָנסטיטוציאָן אין אַ ליבעראַלען גייסט און האָט זיך אַ נעהם געטאָהן צו פערפאָלגען דיא קלעריקאַלען. אָבער ווען זיין געזעצליכער טערמין האָט זיך געענדיגט, האָט ער געוואָלט הערשען אַלס דיק־טאַטאָר. דאָס האָט אַרויסגערופען אַן אויפשטאַנד געגען איהם פון אַלע זייטען. דיא מעסיגע קאָנסערוואַטאָרס און מעסיגע ליבעראַלען האָבען זיך פערבונדען געגען איהם און האָבען געזיעגט אין 1883, ווען ער האָט געמוזט אַנטלויפען פון גוואַיאַקוויל נאָך פּערו. דר. קאַמאַניאָ, אַ ליבעראַל, איז דאַן ערוועהלט גע־וואָרען אַלס פּרעזידענט. איהם איז וויא עס איז געלונגען צו ענדיגען דעם גע־זעצליכען טערמין פון פיער יאָהר און אויך איבערצולאָזען זיין אָרט אָהן רוהע־שטערונגען צו זיין נאָכפאָלגער דר. אַנטאָניאָ פלאָרעס, וועלכער האָט ווידער פריעדליך געענדיגט זיין טערמין אין 1892.

דאָס זיינען געווען יאָהרען פון פערהעלטניסמעסיגע רוהע אין עקוואַדאָר. אונטער דער אַדמיניסטראַציאָן פון דר. לואי קאָרדעראָ, וועלכער איז אויסגע־וועהלט געוואָרען פאַר פּרעזידענט אין 1892, האָבען זיך אָבער אָנגעפאַנגען שטרייטען און בלוטפערגיסונגען, וועלכע האָבען זיך נאָך אייגענטליך ניט גע־ענדיגט ביז היינט צו טאָג. דער אָנפאַנג פון דיזע אונרוהען איז געקומען דורך אַן אויסלענדישע פּאַסירונג. אין 1894, ווען יאַפּאַן האָט געפיהרט מלחמה מיט כינאַ און האָט זיך גענויטיגט אין קריעגסשיפען, האָט זיא געקויפט ביי

טשילי דעם קרייצער "עסמעראַלדאַ". דיא טשיליאַנער רעגיערונג האָט אָבער געוואָלט אָנהאַלטען נייטראַליטעט לפנים און אויסמיידען אירגענד וועלכע אינ־טערנאַציאָנאַלע פערדרעהעניסען דורך אַזאַ מסחר. זיא האָט דארום טראַנס־פערירט דעם קרייצער צו דער רעגירונג פון עקוואדאָר, און ווען ער איז אָנגעקומען אין אַ פּאָרט פון דיא גאַלאַפּאַגאָס אינזלען, וועלכע געהערען צו עקוואדאָר (זייער נאָמען קומט פון דיא ריזיגע טשערעפּאַכעס דאָרטען; זיי ליגען אויפ'ן פּאַסיפישען אָקעאַן 580 מייל צום וועסט פון דיא ברעגען פון עקוואדאָר, פער־נעהמען צוזאַמען קנאַפּע 3000 סקווער מייל, אָבער צעהלען העכסטענס 2000 נפשות), האָבען יאַפּאַנעזער אויפגעהאַנגען זייער פלאַג און זיינען אָבגעשוואו־מען נאָך יאַפּאַן.

פּרעזידענט קאָרדעראָ האָט דאָ געהאַנדעלט איינפאַך אַלס אַן אַגענט צווי־שען צוויי רעגירונגען, נאַטירליך ניט אומזיסט, און דאָס האָט אַרויסגערופען אַ שטורם פון פּראָטעסטען געגען איהם אין גאַנצען לאַנד, וואָס האָט באַלד געפיהרט צו אַן אויפשטאַנד אונטער דער קאָמאַנדע פון דעם ליבעראַלען גענעראַל אַלפאַראָ, וועלכער האָט אין 1883 געמוזט אַנטלויפען נאָך אַן אונגעלונגענעם אויפשטאַנד און בלייבען נאָכדעם אין אויסלאַנד. ווען דיא אַרמעע, וועלכע פּרעזידענט קאָרדעראָ האָט געקענט צוזאַמענקלייבען, איז בעזיעגט געוואָרען, האָט ער זיך אָבגעטראָגען פון עקוואדאָר, און גענעראַל אַלפאַראָ איז געוואָרען דיקטאַטאָר.

דיא קלעריקאַלען האָבען אָבער ניט נור אינטריגירט געגען גענעראַל אַלפאַראַ, ווען ער האָט אָנגעפאַנגען דורכצופיהרען ליבעראַלע רעפאָרמען, זאָנ־דערן האָבען אויך אָרגאַניזירט אויפשטאַנדען. נור איהם איז דאָך געלונגען צו ענדיגען זיין געזעצליכען טערמין אין 1901 און אויך איבערצוגעבען זיין אַמט צו גענעראַל לעאָנידאַס פּלאַזאַ, וועלכער האָט נאָך ענערגישער פאָרטגעזעצט דיא אַנטי־קלעריקאַלע פּאָליטיק. אונטער דער אַדמיניסטראַציאָן פון גענעראַל פּלאַזאַ זיינען ענדליך דורכגעפיהרט געוואָרען אַזעלכע ליבעראַלע רעפאָרמען וויא ציוויל הייראַטהען און שיידונגען. דיא גרינדונג פון נייע קלויסטערס איז אין גאַנצען פערבאָטען געוואָרען, און דיא גיטער פון דיא אַלטע קלויסטערס זיינען ערקלערט געוואָרען פאַר נאַציאָנאַלעם אייגענטהום.

ווען דער געזעצליכער טערמין פון גענעראַל פּלאַזאַ האָט זיך געענדיגט אין 1905, האָבען דיא קאָנסערוואַטיווע און קלעריקאַלע פּאַרטייען אויסגעפיהרט מיט דער הילפע פון דיא מעסיגע ליבעראַלען, אַז איינער פון זייערע רייהען, דער באַנקיר ליזאַראָ גאַרציאַ, זאָל ערוועהלט ווערען אַלס פּרעזידענט; אָבער גענעראַל אַלפאַראָ האָט באַלד געמאַכט אַ נייעם אויפשטאַנד, וועלכער האָט זיך געענדיגט דערמיט, דאָס ער איז ווידער געוואָרען דיקטאַטאָר.

דער קאמפף צווישען דיא קאָנסערוואטיווע און ליבעראלע פארטייען, וועל־כער האָט געפיהרט צו אזוי פיעל רעוואָלוציאָנען און בלוטפערגיסונגען, איז נאָך אלץ ניט צו ענדע אין דער גאנצער לאטיינישער אמעריקא און בעזאָנדערס אין אזעלכע רעפובליקען, וויא עקוואדאָר, וואו דיא גרויסע מאיאָריטעט בעשטעהט פון אינדיאנער, וועלכע ווערען אָנגעפיהרט פון דיא גלחים. אָבער דער ליבע־ראליזם זיעגט ביסלעכווייז און דיא רעדער פון פראָגרעס דרעהען זיך אויך אין דיא פערוואָרפענסטע ווינקעלעך פון דער אינקא אימפעריע.



# דיא געשיכטע פון קאלאמביא

דיא טעריטאריע פון דער היינטיגער רעפובליק קאלאמביא, א טעריטאריע וואס איז נאך אלץ צוויי און א האלב מאל גרעסער פאר שפאניען, ליגט אין דעם נארד־וועסטליכען ווינקעל פון זיד־אמעריקא, צווישען עקוואדאר צום זיד־וועסט און איהר פריהערע פראווינץ און היינטיגע רעפובליק פאנאמא צום נארד־וועסט. איהרע נארדליכע ברעגען, וועלכע ווערען בעשווענקט פון דעם קאריבעאישען ים (דאס איז א גרויסער בוזים פון אטלאנטישען ים, אייגענטליך דיא זידליכע העלפט פון מעקסיקאנער גאלף), זיינען בעזוכט געווארען פון קאלומבוס׳ן אליין אין 1502 (זעה דיא געשיכטע פון צענטראל אמעריקא). דיא ערשטע שפאנישע בעזעצונג לעבען דיזע ניעדריגע, פייכטע און זעהר אונגעזונדע ברעגען איז געווען אין דעם גאלף פון דאריען, פון וואנען באלבאא איז צוגעקומען צום גאלף פון פאנאמא (זעה דיא געשיכטע פון פאנאמא) און האט דערמיט געעפענט א וועג פאר פראנציסקא פיזארא און פאר דיא אנדערע קאנקוויסטאדארעס אין זיד־אמעריקא.

צו דיא געבירגיגע געגענדען, דיא פלאטאס פון דיא אנדעסען־בערג אין קאלאמביא, האבען דיא שפאנישע שווערד־העלדען געקענט צוקומען מיט א יאהר צוואנציג שפעטער דורך דעם טייך מאגדאלענא, וואס דיענט אויך אלס א וועג צום ים פאר דיא הויפטשטאדט באגאטא. אויף דיזע האכלענדער, וועלכע זיינען זעהר פרוכטבארע און זיינען אויסגעצייכענט פאר אייראפעאישע קאלאניסטען, האבען דאן געלעבט אינדיאנער שטאמען, וועלכע האבען זיך געפונען אונגעפעהר אויף דער זעלבער שטופע פון קולטור וויא דיא אצטעקען און פערואנער. דיא וויכטיגסטע פון דיזע שטאמען, דיא טשיבטשאס, האבען געלעבט אין שטעדט און בעארבייטעט דיא פעלדער אויף דיא הערליכע פלאטאס פון באגאטא און טונכא, וואו עס איז געווארען דער צענטער פון דיא שפאנישע עראבערער אין דיזען טהייל פון זיד־אמעריקא. מאנכע פון דיזע שטאמען זיינען נאך ניט אונטערגעגאנגען, אנדערע האבען זיך כמעט אין גאנצען צו־מישט מיט דיא שפאניער און בילדען היינט דעם קלאס פון מעסטיזאס, פון וועלכע עס בעשטעהט דיא מאיאריטעט פון דער קאלאמביאנער בעפעלקערונג. דער פראצענט פון דיא ווייסע איז דארטען פערהעלטניסמעסיג א קליינער. מען

רעכענט, אז ניט מעהר וויא איינער פון צעהן איז טאקע א וויסער אין דער קאָלאָמביאַנער רעפובליק. אזוי וויא קאָלאָמביא האָט שוין לאַנג אויפגעהערט צו זיין אַן איינוואַנדערונגס־לאַנד אפילו פאר שפאַניער און דיא ראַסען־מישונגען געהען דאָרטען אָן אַלץ מעהר אָהן שום שטערונגען, מעג מען אַננעהמען, אז מיט דער צייט וועט דיא קאָלאָמביאַנער נאַציאָנאַליטעט בעשטעהען פון מעסטי־זאָס, וועלכע וועלען זיין נעהענטער צום טיפ פון אינדיאַנער, וויא צום טיפ פון אייראָפּעער.

דער ערשטער פון דיא קאָנקוויסטאַדאָרעס, וואָס האָט דערגרייכט ביז באָגאָטאַ, איז געווען כימענעץ דע קוועזאַדאַ. מיט א קאָמפּאַניע פון 800



א וועג איבער דיא אַנדעסען־בערג.

אַוואַנטוריסטען און מיט 100 פערד איז ער אין 1536 אַרויס פון דעם פּאָרט סאַנטא מאַרטא, ניט ווייט פון דער דעלטא פון מאַגדאַלענא, דעם גרעסטען און וויכטיגסטען פון דיא קאָלאָמביאַנער טייכען, און האָט אָנגעפאַנגען א זעהר שווערען מאַרש איבער דיא בערג. עס האָט גענומען מאָנאַטען ביז דיזע אַוואַנ־טוריסטען האָבען זיך דורכגעהאַקט א וועג אין דיא געדיכטע טראָפּישע וועלדער דאָרטען. א סך פון זיי זיינען אומגעקומען פון מיעדקייט, פיעבערס, הונגער און אויך פון שטענדיגע געשלעג מיט דיא ווילדע אינדיאַנער אין דיזע וועלדער. ווען זיי האָבען זיך דערשלאָגען צום טהאָל פון דעם טייך אָפּאָן, וואָס פאַלט אַריין אין מאַגדאַלענא א מייל 300 פון דיא ברעגען פון ים, האָבען זיי בעשלאָסען צו הייבען זיך ווייטער איבער דיא בערג ביז זיי האָבען ענדליך דערגרייכט דיא

פּלאַטאָס ארום באָגאָטאַ. וויא שווער עס איז געווען דורכצוברעכען זיך א וועג אין דיזע פערוואָרפענע ערטער אויף דיא אַנדעסען, קען מען זיך פאָרשטעלען פון דעם בייליעגענדען בילד פון אַ בערג־וועג דאָרטען אין אונזערע צייטען.

ווען קוועזאַדאַ איז צוגעקומען צום פּלאַטאָ, וואו עס האָט זיך געפונען דיא מלוכה פון דיא טשיבטשאַס, איז ער געבליבען בלויז מיט אַ פערטעל פון זיין קאָמפּאַניע. דיא אַנדערע זיינען אומגעקומען אויף דעם שרעקליכען און גע־פעהרליכען וועג. אָבער מיט דיזער הייפעלע שווערד־העלדען האָט ער אין עט־ליכע מאָנאַט איינגענומען דיזע מערקווירדיג פרוכטבאַרע און וואונדערשעהנע האָכלענדער און בעהערשט דיא האַלב־ציוויליזירטע אינדיאַנער, וועלכע זיינען געווען אזוי ווענינ קריעגעריש, אז זיי האָבען גאָר קיין אַרמעע ניט געהאַט. דיא שפּאַניער האָבען געהאַט צו פיהרען אַ לאַנגען און ביטערן קאַמפּף גראַדע מיט דיא ווילדע אינדיאַנער, ספּעציעל מיט דיא שטאַמען, וועלכע האָבען זיך ארומגע־שלעפּט אין דיא טראָפּישע וועלדער, אין דיא טיעפע טהאָלען פון דיא טייכען און ביי דיא ברעגען פון ים. אין אַן אָרט, וואו עס איז אַמאָל געשטאַנען דיא הויפּטשטאדט פון דיא טשיבטשאַס, האָט קוועזאַדאַ געגרינדעט אין 1538 דיא שטאָדט באָגאָטאַ, וועלכע איז געוואָרען ניט נור דיא הויפּטשטאָדט פון דיעזער געגענד, זאָנדערן אויך א גרויסער צענטער פון שפּאַנישער קולטור אין זיד־אַמעריקאַ.

באָגאָטאַ, צו וועלכער עס איז נאָך אַלץ זעהר שווער צו צוקומען, ווייל זיא איז נאָך ניט פערבונדען דורך אַן אייזענבאַהן מיט אירגענד וועלכען פּאָרט, ליגט אויף אַ פּלאַטאָ, וואָס איז ארום 9000 פוס הויך איבער דער אָבערפלעכע פון ים און ציהט זיך 60 מייל אין דער לענג און 30 מייל אין דער ברייט (דיזע שטיק פלאַכע לאַנד איז דער גרונד פון אַן אַמאָליגער אָזערע, וואָס איז מיט מי־ליאָנען יאָהרען צוריק אויסגעטריקענט געוואָרען). היינט לעבען דאָרטען ארום 150,000 נפשות. אין דיא צייטען, ווען קוועזאַדאַ האָט זיך אהין אריינגעריסען, האָט דאָרטען זיך געפונען, רעכענט מען, א בעדייטענד גרעסערע בעפעלקערונג.

עטליכע מאָנאַט נאָך קוועזאַדאַ'ס עראָבערונג זיינען אָנגעקומען אין באָגאָטאַ צוויי אַנדערע שפּאַנישע עקספּעדיציעס: איינע אונטער דער קאָ־מאַנדע פון בענאַלקאַזאַר, דעם עראָבערער פון קוויטאָ (זעה דיא געשיכטע פון עקוואַדאָר), און דיא אַנדערע פון ווענעצועלאַ. פון דריי פערשיעדענע זייטען זיינען אַזוי דיא גאָלד־זוכער און קאָנקוויסטאַדאָרעס אָנגעקומען כמעט גלייכ־צייטיג אין איינעם פון דיא פערוואָרפענסטע ווינקעלעך פון דיא אַנדעסען, ווייל זיי האָבען געהערט פון דער מלוכה פון דיא טשיבטשאַס און האָבען ערוואַרטעט צו געפינען דאָרט אַזאַ עלדאָראַדאָ וויא אין פּערו.

אַזוי וויא קוועזאַדאַ איז אָנגעקומען אהין דער ערשטער און ער האָט פאַר־געשלאָגען זיינע קאָנקורענטען גרויסע סומען, אז זיי זאָלען איהם לאָזען אליין

אויף׳ן פעלד אין דיזען לאנד, וואס ער האט א נאמען געגעבען נײ־גראנאדא לכבוד דיא שפאנישע פראווינץ גראנאדא, וואו ער איז געבארען געווארען,



דיא אנדעסען לעבען באגאטא

זיינען זיי פריעדליך געקומען צו אן אויסגלייך. קוועזאדא האט דאן איבערגע־לאזען זיין ברודער אלס גובערנאטאר פון נײ־גראנאדא, און ער אליין איז צוזאמען

מיט בענאַלקאַזאַר און פעדערמאַן (דעם אַנפיהרער פון דיא אַוואַנטוריסטען, וועלכע זיינען געקומען אויף אַ געוויסען וועג פון ווענעצועלאַ) אַוועקגעפאָהרען אויף איין שיף נאָך שפּאַניען, מיטפיהרענדיג אַ מאַסע גאָלד, וואָס זיי האָבען אָנגערויבט אין דיא אינדיאַנער מלוכות.

אין 1539 האָט עס פּאַסירט, אַז אַ פּאָרטוגעזער קאַפּיטאַן מיט'ן נאָמען מעלאָ איז צוגעקומען צו דער מינדונג פון מאַגדאַלענא און איז געפאָהרען אַלץ ווייטער אויף דיזען טייך, אום אויסצופאָרשען דיא געגענד און אויסצוגעפינען נייע וועגען. דיזע רייזע איז געווען פון דער גרעסטער וויכטיגקייט פאַר ניי־גראַנאַדאַ, ווייל זיא האָט געצייגט, אַז מאַגדאַלענא קען דיענען אַלס אַ גוטער און זיכערער וועג פאַר שיפען ביז אַ פּונקט ניט ווייט פון באָגאָטאַ. דיא שפּאַניער האָבען זיך באַלד בענוצט מיט דיזער ענטדעקונג. פון דיא הויכע פּלאַטאָס האָבען זיי אין געוויסע ערטער אויסגעלעגט וועגען אַרונטער דיא בערג ביז צו דיא ברעגען פון דיזען טייך, אויף וועלכען זיי פלעגען שוין קענען שיפען ביז דיא פּאָרטען פון קאַריבעאישען ים. דאָס איז אויך היינט דער וויכטיגסטער האַנדעלס־וועג פון קאָלאָמביא. דער מאַגדאַלענאַ־טייך מיט זיינע צופלוסען, ספּעציעל מיט דעם גרויסען צופלוס קאַוקאַ, דיענט אַלס אַן אַרטעריע פאַר דיא פרוכטבאַרע פּלאַטאָס, וועלכע זיינען אָבגעטהיילט איינע פון דיא אַנדערע דורך טיעפע טהאָלען און צו וועלכע עס איז אַזוי שווער צוצוקומען.

פון אַלע זייטען האָבען זיך אַ לאָז געטאָהן אַוואַנטוריסטען צו זוכען גאָלד אין דיזע פרוכטבאַרע געגענדען, וואו דיא איינגעבאָרענע האָבען בעזאָנדערס געדולדיג געטראָגען דעם יאָך און וואו דער קלימאַט איז איינער פון דיא אַנגענעהמסטע און געזינדעסטע אין דער וועלט פאַר אייראָפּעער. צו דיזער צייט זיינען נאָך דיא גאָלד־פעלדער פון האַאיטי ניט געווען אויסגעשעפּט און עס האָבען געפעהלט שקלאַווען אפילו פאַר דיא צוקער־פּלאַנטאַציעס דאָרטען. דיא שוואַכע אינדיאַנער שטאַמען אין דיא וועסט־אינדישע אינזלען זיינען אויסגעשטאָרבען מיט אַ שוידערליכער שנעלקייט אונטער דיא בייטשען פון דיא שפּאַנישע גאָלד־זוכער, וויא מיר ווייסען עס שוין פון פריהערע קאַפּיטלען. דיא אַוואַנטוריסטען זיינען דאַרום געצוואונגען געווען ניט נור צו זוכען נייע גאָלד־מינען אַנדערשוואו, זאָנדערן אויך נייע שקלאַווען פאַר דיא אַלטע מינען.

דיא ערשטע שפּאַנישע בעזעצונגען ביי דיא ברעגען פון קאָלאָמביאַ און אויך פון ווענעצועלאַ זיינען אייגענטליך געווען פּונקטען פאַר עקספּעדיציעס צו פאַנגען אינדיאַנער און זיי צו פערקויפען אַלס שקלאַווען אין האַאיטי און קובאַ. דיזע עקספּעדיציעס האָבען נאַטירליך געמוזט אַריינדרינגען אַלץ טיעפער אין לאַנד, אום צו קענען פאַנגען נייע אָפּפער. דיא קאַריבען און דיא אַנדערע ווילדע אינדיאַנער שטאַמען, וועלכע האָבען זיך אַרומגעשלעפּט אין דיא געגענדען ביי דיא ברעגען פון קאַריבעאישען ים, פלעגען זיך צולויפען וואו

דיא אויגען האָבען זיי געטראָגען. ווען נור זיי פּלעגען דערשמעקען, אז דיא שרעקליכע ווייסע מענשען מיט זייער פייערשיסענדען געוועהר דערנעהענטערן זיך. וואָס טיעפער דיא שפּאַנישע יעגער נאָך אינדיאַנער שקלאַווען פּלעגען אריינ־קריעכען אין דיא וועלדער און בערג פון קאָלאָמביא און ווענעצועלאַ, אַלץ מעהר האָבען זיי געהערט וועגען דיא האַלב־ציוויליזירטע אינדיאַנער שטאַמען אויף דיא הויכע פּלאַטאָס.

דיא עראָבערונג פון דיזע פּלאַטאָס איז אָנגעפיהרט געוואָרען בעזאָנדערס פון צוויי פּאָרטען, נעמליך: סאַנטאַ מארטאַ, וואָס איז געגרינדעט געוואָרען ניט ווייט פון מאַגדאַלענאַ טייך אין 1525 טאַקע מיט דעם צוועק צו פאַנגען אינדיאַנער פאַר דיא גאָלד־מינען אין האאיטי, און קארטאַגענאַ, וואָס ליגט אויך ניט ווייט פון מאַגדאַלענאַ טייך און וואָס איז געגרינדעט געוואָרען אין 1533. אזוי וויא מען האָט גראדע געפונען גאָלד ניט ווייט פון דעם פּראַכט־פּאָלען פּאָרט פון קארטאַגענאַ, האָבען זיך אַהין אַ שאָט געטאָהן אוואַנטוריסטען פון אַלע זייטען. אונטער דער קאָמאַנדע פון אַ שווערד־העלד מיט׳ן נאָמען הערעדיאַ האָבען זיך דיא גאָלד־זוכער אַ לאָז געטאָהן פון קארטאַגענאַ צו דיא ווילדע ערטער, וואו דער טייך קאוקאַ פאַלט אריין אין מאַגדאַלענאַ און פון וואַנען זיי האָבען נאָך גרויסע געפאהרען און שוועריגקייטען דערגרייכט ביז צו די אונגעהייער רייכע גאָלד־מינען פון דער געגענד, וועלכע בילדעט היינט דיא פּראָווינץ אַנטיאָקוויאַ פון דער קאָלאָמביאַנער רעפּובליק. פון דיא מינען אין אַנטיאָקוויאַ האָט מען ארויסגעצויגען גאָלד אין ווערטה פון הונדערטע מיליאָ־נען. מען האָט דערצעהלט, אז יעדער איינער, וואָס האָט אַנטהייל גענומען אין הערעדיאַ׳ס עקספּעדיציע, האָט געקראָגען אויף זיין חלק מעהר גאָלד, וויא דיא קאָנקוויסטאַדאָרעס פון מעקסיקאָ און פּערו.

ארום דעם מיטען פון 16טען יאָהרהונדערט, אַ יאָהר זעכציג נאָך דער ענט־דעקונג פון אַמעריקאַ, זיינען דיא פּלאַטאָס פון ניי־גראַנדאַ געוועזן פערנומען און צוטהיילט צווישען דיא שפּאַנישע אוואַנטוריסטען, און דיא האַלב ציווילי־זירטע אינדיאַנער זיינען פערשקלאַווט געוואָרען, וויא אין פּערו און מעקסיקאָ. דיא ווילדע אינדיאַנער שטאַמען, וועלכע האָבען זיך ניט געלאָזט פערשקלאַ־ווען, זיינען מעהרסטענטהיילס אויסגעראָטעט געוואָרען אין צוזאַמענשטויסען מיט דיא שפּאַניער אָדער זיינען זיך צולאָפען אַלץ ווייטער אין דיא טראָפּישע וועלדער און זומפּען, וואו דיא שפּאַניער האָבען זיי ניט געקענט דערגרייכען און וואו זיי בלייבען נאָך עד היום אין זייער ווילדער אונאַבהענגיגקייט.

דיא אַנפיהרער פון דיזע אוואַנטוריסטען אין דיא פערשיעדענע בעזעצונ־גען אויף דיא פּלאַטאָס און אין דיא פּאָרטען האָבען אָבער באַלד אָנגעפאַנגען ארומצורייסען זיך וועגען דיא חלוקה, וועגען דיא גרענעצען פון זייערע טערי־טאָריעס. דאָס איז געוועזן דער אָנהייב פון דעם קאַמפּף פאַר לאָקאַלע אָטאָ־



א שיפעל פון אינדיאנער אויף'ן מאגדאלענא־טייך.

נאָמיע, פאַר די אונאַבהענגיגקייט פון די פּראָווינצען, וואָס האָט געקאָסט אזוי פיעל בלוט אין 19טען יאָהרהונדערט, זייט מען האָט דאָרטען אָבגעשאַפט די שפּאַנישע הערשאַפט. אין 1545 האָט די שפּאַנישע רעגירונג געשיקט אַ הויבען בעאַמטען צו אונטערזוכען די לאַגע אין דיזע פּערוואָרפענע ערטער. זיא האָט אויך געזוכט איינצופיהרען אַזעלכע געזעצע וויא אין פּערו צו בעשיצען די אונגליקליכע אינדיאַנער, וועלכע די קאָנקוויסטאַדאָרעס האָבען אונ־באַרמהערציג געיאָגט אין די מינען. אָבער דיזע הומאַנע געזעצע זיינען אויך אין ניי־גראַנאַדאַ געבליבען טויטע בוכשטאַבען. די קאַבילדאָס (שטאָדט־פערוואַלטונגען) האָבען געקענט טאָהן, וואָס זיי האָבען געוואָלט אין דיזע גע־גענדען, צו וועלכע עס איז אויך היינט שווער צוצוקומען. די מאַכט פון דעם שפּאַנישען קעניג מיט זיינע גובערנאַטאָרען איז מייסטענס געווען אויפ'ן פּאַפּיר.

אום צו האָבען מעהר קאָנטראָל איבער דיזע געגענדען, האָט די שפּאַנישע רעגירונג בעשלאָסען צו שיקען אַהין אַ בעזונדערן גענעראַל־גובערנאַטאָר מיט דער מאַכט פון אַ וויצע־קעניג. די הויפּטשטאָדט פון ניי־גראַנאַדאַ איז גע־וואָרען באָגאָטאַ. ביז 1731 זיינען אויך מאַנכע פּראָווינצען, וועלכע געהערען היינט צו דער רעפּובליק ווענעצועלאַ, געווען אַ טהייל פון ניי־גראַנאַדאַ, נור אזוי וויא עס איז זעהר שווער צו צוקומען פון די ווענעצועלער ברעגען צו באָגאָטאַ, האָט די שפּאַנישע רעגיערונג געפונען פאַר נויטיג צו לאָזען די מזרח'דיגע פּראָווינצען פון ניי־גראַנאַדאַ אונטער אַ בעזונדערער אדמיניסטראַ־ציאָן מיט דעם אַלגעמיינעם נאָמען ווענעצועלאַ.

ווענען די שפּאַנישע הערשאַפט אין ניי־גראַנאַדאַ אין פערלויף פון די צוויי און האַלב הונדערט יאָהר ביז דעם קאַמפּף פאַר אונאַבהענגיגקייט איז ניטאָ וואָס ספּעציעלעס צו זאָגען. די זעלבע רואינירענדע עקאָנאָמישע סיסטעם, די זעלבע פּאָליטישע אונטערדריקונגען, די זעלבע שלעכטע אדמיניסטראַ־ציאָן, די זעלבע מאַכט פון דער קאַטאָלישער קירכע, די זעלבע פערשקלאַ־וואונג פון די אינדיאַנער אין ניי־גראַנאַדאַ וויא אין פּערו, באָליוויאַ, עקוואַ־דאָר א. ז. וו. די אורזאַכען, וועלכע האָבען אַרויסגערופען אויפשטאַנדען אין אַנדערע שפּאַנישע קאָלאָניעס באַלד נאָך דער איבערקעהרעניס אין שפּאַניען גופא דורך די פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן און נאַפּאָלעאָנישע מלחמות, האָבען אויך גלייכצייטיג געווירקט אין ניי־גראַנאַדאַ. צוערשט זיינען אָרגאַניזירט געוואָרען רעוואָלוציאָנערע כונטאַס אין קאַרטאַגענאַ און אין אַנדערע פאָרט־שטעדט און נאָכהער אין באָגאָטאַ, וואו עס האָבען זיך נאַטירליך געפונען מעהר שפּאַנישע בעאַמטע און וואו דער וויצע־קעניג אַמאַר איז גראָדע געווען זעהר פּאָפּולער.

דער ערשטער קאָנגרעס וואָס איז צוזאַמענגערופען געוואָרען אין באָגאָטאַ

אויף דער איינלאַדונג פון דער דאָרטיגער רעוואָלוציאָנערער כונטא אין 1811, האָט נור פערטראָטען א קליינעם פּראָצענט אפילו פון דער ווייסער בעפעל־קערונג. קארטאַגענא און אַנדערע פּראָווינצען האָבען זיך ענטזאַגט צו שיקען פערטרעטער צו דיזען קאָנגרעס. צווישען דיא פיהרער פון דיא פערשיעדענע שטעדט און פּראָווינצען האָבען זיך אָנגעפאַנגען שטרייטען, וועלכע האָבען געפיהרט צום ערשטען בירגער־קריעג צווישען דיא קרעאָלען. דער קאמפף האָט זיך בעזאָנדערס צופלאַקערט צווישען די צענטראַליסטען, וואָס זיינען געווען בעזאָנדערס שטארק אין באָגאָטא אונטער דער לייטונג פון א יונגען און זעהר פעהיגען קרעאָל מיט'ן נאָמען נאַריניאָ, און דיא פעדעראַליסטען, וועלכע זיי־נען געווען בעזאָנדערס שטארק אין קארטאַגענא. נאַריניאָ, וועלכער מעג גע־רעכענט ווערען פאַר דעם ערשטען דיקטאַטאָר פון ניי־גראַנאַדאַ, איז אָנפאַנגס בעזיעגט געוואָרען אין א שלאַכט מיט דיא פעדעראַליסטען, אָבער נאָכהער האָט ער זיי בעזיעגט, ווען זיי האָבען בעלאַגערט באָגאָטא.

ווען דיא שפּאַנישע גענעראַלען, וועלכע האָבען זיך נאַטירליך בענוצט מיט דיזע אינערליכע רייסעריייען און זיינען אויך געשטיצט געווען פון דיא לאָיאַליסטען אין דיא רייהען פון דיא קרעאָלען, זיינען צוגעקומען פון קוויטאָ ביז צו אַנטיאָקוויא און האָבען אָנגעפאַנגען א מארש צום פּלאַטאָ פון באָגאָטא, האָבען זיך דיא שטרייטענדע פּאַרטייען פעראייניגט געגען דעם אַלגעמיינעם שונא. דיא רעוואָלוציאָנערע אַרמעע, וועלכע נאַריניאָ האָט צוזאַמענגעקליבען, האָט בעזיעגט אין יאַנואַר 1814 דיא שפּאַנישע אַרמעע, אָבער ווען דיא שפּאַ־ניער האָבען געקראָגען פערשטערקונגען, האָבען דיא רעוואָלוציאָנערן געליטען א שטאַרקע נידערלאַגע; נאַריניאָ אַליין איז געפאַנגען געוואָרען. צו דיזער צייט איז דיא רעוואָלוציאָנערען אין ניי־גראַנאַדאַ געקומען צו הילפע דער גרעסטער העלד פון דעם בעפרייאונגס־קאמפף, באָליוואַר אַליין, וועלכער האָט געמוזט אַנטלויפען פון זיין געבורטס־לאַנד ווענעצועלאַ נאָך דיא זיעגען דאָרטען פון דיא שפּאַניער מיט דיא לאָיאַליסטען אין 1813. ער האָט אָבער דאָן ניט גע־קענט פיעל העלפען דיא פּאַטריאָטען געגען דיא שפּאַניער און אויך ניט פער־בינדען ענגער דיא צענטראַליסטען פון באָגאָטא מיט דיא פעדעראַליסטען פון קארטאַגענא. ער איז זאָגאַר געצוואונגען געווען אוועקצופאָהרען נאָך דעם אינזעל דזשאַמאַיקא אונטער דעם ענגלישען שוץ, וואו ער האָט אויסגעוואַרט אויף א גינסטיגערע צייט צו אַטאַקירען ווידער דיא שפּאַניער.

דאָס זיינען בכלל געווען דיא ערגסטע יאָהרען פאַר דיא רעוואָלוציאָנערען אין אַלע שפּאַנישע קאָלאָניעס, וויא מיר ווייסען עס שוין פון דיא געשיכטען פון פּערו, טשילי, באָליוויאַ און עקוואַדאָר. ביז 1819 האָבען דיא שפּאַניער געהערשט מיט אַן אייזערנער האַנד אויף אויף דיא פּלאַטאָס פון ניי־גראַנאַדאַ.

אין פריהלינג פון 1815 איז מאַרשאַל מאָרילאָ, איינער פון דיא פעהיגסטע שפּאַנישע גענעראַלען אין זיין צייט, אָנגעקומען מיט צעהן טויזענד וועטעראַ־נען פון שפּאַניען. ער האָט צוערשט געלאַנדעט אין ווענעצועלא, וואו ער האָט געקראָגען פערשטערקונגען פון דיא לאָיאַליסטען, און נאכהער האָט ער מיט אן אַרמעע פון 8000 מאן און מיט פיעלע קריעגסשיפען אטאקירט מאגדאלענא, וואו עס האָט זיך געפונען דיא עלטעסטע און שטאַרקסטע פעסטונג אין זיד־אַמעריקאַ. נאָך אַ בעלאַגערונג, וועלכע האָט זיך געצויגען איבער פיער מאָנאַט און וועלכע האָט אומגעוואַנדעלט דיזע האַנדעלס־שטאָדט אין אַ בית עולם, זיינען דיא שפּאַניער אַריין אין פּאָרט און אין דער פעסטונג פון קאַרטאַגענא. נאָך דיא רעכנונגען פון דיא קאָלאָמביאַנער היסטאָריקער זיינען ביי דיזער בעלאַגערונג אומגעקומען ביז 6000 פערזאָן פון הונגער און קראַנקהייטען.

דיא שפּאַנישע קאָמאַנדירען, וועלכע זיינען אין דיזער צייט געווען זיעג־רייך כמעט אויף אַלע פּונקטען אין זיד־אַמעריקאַ, האָבען געזוכט צו פאַנגען דיא פיהרער, וועלכע זיי פלעגען אָהן שום צערעמאָניעס אומברענגען. מאַרשאַל מאָרילאָ האָט בעפוילען, אז מען זאָל קיין גנאַדע ניט צייגען צו דיא העכערע רעוואָלוציאָנערע אָפיצירען און אויך צו דיא פיהרער פון דיא רעוואָלוציאָנערע כונטאַס. ווען ער איז אַריין מיט טריאומף אין באָגאָטאַ, האָט מען אויף זיין בעפעהל הינגעריכטעט 125 פּאַטריאָטען, דאַרונטער אויך דעם בעוואוסטען געלעהרטען קאַלדאַס, מיט וועמען ניי־גראַנאַדאַ האָט בעזאָנדערס שטאָלצירט. אַפילו פרויען האָבען דיא בלוטיגע שפּאַנישע קאָמאַנדירען ניט געשאַנעוועט. איינע פון זיי מיט'ן נאָמען פּאָליקאַרפּאַ סאַלאַבריעטאַ, וועלכע איז בעריהמט ניט אַזוי מיט איהר רעוואָלוציאָנערען מוטה וויא מיט איהר שעהנהייט, איז הינגעריכטעט געוואָרען צוזאַמען מיט זיעבען מענער. דאָס איז דיא נאַציאָ־נאַלע העלדין פון קאָלאָמביאַ. זיא ווערט בעזונגען אין פיעלע פּאָלקסליעדער אונטער דעם נאָמען לאַ פּאָלאַ.

נור אין 1819, ווען מאַרשאַל מאָרילאָ צוזאַמען מיט זיינע לייטענאַנטען, צווישען וועלכע עס האָט זיך אויסגעצייכענט גענעראַל סאַמאַנאָ מיט זיינע מי־ליטערישע פעהיגקייטען אַזוי וויא מיט זיין גרויזאַמקייט, האָבען געגלויבט, אַז זיי האָבען שוין אונטערדריקט דיא רעוואָלוציאָנערע בעוועגונגען אין ניי־גראַנאַדאַ, וויא אויך אין עקוואַדאָר און ווענעצועלא, האָבען זיי געקראָגען דיא נאַכריכט, אז באָליוואַר האָט געלאַנדעט מיט אַ נייער אַרמעע אין אַ פּאָרט פון ווענעצועלא. דיא אַרמעע פון דעם ליבעראַטאָר איז דיזעס מאָל בעשטאַנען ניט בלויז פון רעוואָלוציאָנערע קרעאָלען, זאָנדערן אויך פון געדונגענע ענג־לישע סאָלדאַטען, וועלכע האָבען געקענט אויסהאַלטען דיא אַטאַקעס פון דיא בעסטע שפּאַנישע וועטעראַנען. צוזאַמען האָבען זיי געצעהלט אַרום דריי טוי־

זענד מאַן. מיט דיזער אַרמעע האָט עס באָליוואַר בעשלאָסען אויסצופיהרען זיין געוואַגטען פּלאַן אַרויפצוקלעטערן אויף דיא בערג, וואָס ציהען זיך פון ווענעצועלאַ ביז דעם פּלאַטאָ פון באָגאָטאַ, און דאָרטען צו אַטאַקירען דיא שפּאַניער, וועלכע האָבען זיך געפונען אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל סאַמאַנאָ. דיזער וועג איז געווען אַ זעהר שווערער און געפעהרליכער, אָבער באָליוואַר האָט דערגרייכט זיין ציעל. מיט זיינע שנעלע בעוועגונגען האָט ער צומישט דעם שפּאַנישען קאָמאַנדיר, וועמען גענעראַל סאַמאַנאָ האָט אַרויסגעשיקט אַנטקעגען מיט אַ מחנה פון 3000 מאַן, מייסטענס לאַיאַליסטען. אין אַ פּלאַץ מיט'ן נאָמען באָיאַקאַ האָבען זיך ביידע אַרמעען צוזאַמענגעשטויסען אין אָוגוסט 1819, און דיא רעוואָלוציאָנערן האָבען געהאַט דאָרט אַ גרויסען זיעג.

דיא שלאַכט ביי באָיאַקאַ האָט ענטשיעדען דעם שיקזאַל ניט נור פון ניי־גראַנאַדאַ, זאָנדערן אויך פון ווענעצועלאַ און עקוואַדאָר. גענעראַל סאַמאַנאָ, וועלכער איז דאַן געבליבען מיט אַ הייפעלע סאָלדאַטען אין באָגאָטאַ, האָט זיך אָבגעטראָגען פון דאָרטען מיט אַזאַ איילעניס, אַז ער האָט זאָגאַר איבערגעלאָזען דיא אַרכיוועז און אויך געלד אין שאַצאַמט. ער איז אַוועק צוריק נאָך קוויטאָ. באָליוואַר איז אַריין מיט טריאומף אין באָגאָטאַ נאָך אַ שנעלען דרייטעגיגען מאַרש פון דעם שלאַכטפעלד פון באָיאַקאַ. ער איז געוואָרען דער פּרעזידענט, פאַקטיש דער דיקטאַטאָר פון גאַנץ ניי־גראַנאַדאַ, מיט אויסנאַהמע בלויז פון דער פּראָווינץ פּאַסטאָ, וועלכע האָט זיך דיא גאַנצע צייט אויסגעצייכענט מיט איהר טריי׳הייט צו שפּאַניען.

אָבוואָהל באָליוואַר איז אַליין געווען אַ צענטראַליסט און האָט געפּלאַנעוועט זאָגאַר צו פערבינדען אַלע שפּאַניש־שפּרעכענדע לענדער אין איין רעפּובליק אונטער זיין דיקטאַטור, דאָך איז ער געצוואונגען געווען צו מאַכען קאָמפּראָמיסען מיט דיא פעדעראַליסטען. אין דער שטאָדט קוקוטאַ ביים גרענעץ פון ווענעצועלאַ איז אין אָנפאַנג פון 1821 צוזאַמענגערופען געוואָרען אַ קאָנגרעס פון פערטרעטער פון דיא פּראָווינצען פון ניי־גראַנאַדאַ און פון ווענעצועלאַ. דיא מאַיאָריטעט איז דאָרט געווען געגען דיא צענטראַליסטישע אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע באָליוואַר האָט געוואָלט איינפיהרען. מען האָט איהם אפילו אויסגעוועהלט פאַר פּרעזידענט, אָבער מען האָט פון איהם פערלאַנגט, אַז ער זאָל איבערגעבען דיא אַדמיניסטראַציאָן צו אַן אַנדערן, ווען נור ער וועט איבערנעהמען דיא קאָמאַנדע איבער דער אַרמעע. דערמיט האָבען דיא פיהרער אין דיזען קאָנגרעס געוואָלט אויסמיידען אַ מיליטערישע דיקטאַטור.

באָליוואַר האָט אָבער ניט געקענט פערבלייבען אַ לענגערע צייט אין באָגאָטאַ. ער האָט געמוזט קומען צו הילפע דיא רעוואָלוציאָנערען אין ווענע־

צועלאַ, אין עקוואַדאָר און אויך אין פּערו (זעה דיא געשיכטע פון פּערו). אין 1821 האָט ער געוואונען דיא וויכטיגע שלאַכט ביי קאַראַבאָבאָ אין ווענעצועלאַ און דעם נעכסטען יאָהר האָט ער אָנגעפאַנגען אַ מאַרש צום זיד איינצונעהמען דיא לאַיאַליסטישע פּראָווינץ פּאַסטאָ און פון דאָרטען ווייטער צום זיד נאָך קוויטאָ און אַנדערע שטעדט פון עקוואַדאָר, וואו זיין גענעראַל סוקרע האָט געוואונען דיא וויכטיגע שלאַכט לעבען דעם וואולקאַן פּיטשינטשאַ (זעה די געשיכטע פון עקוואַדאָר).

אין דער צייט וואָס דער ליבעראַטאָר האָט געפיהרט שלאַכטען געגען דיא שפּאַניער, איז דיא רעגירונג פון ניי־גראַנאַדאַ געלעגען אין דיא הענד פון דעם וויצע־פּרעזידענט סאַנטאַנדער, ווען ער האָט אַליין אויסגעקליבען און געלאָזען אויף זיין פּלאַץ אין באָגאָטאַ. דיזער שטעלפערטרעטער איז אָבער געווען אַ ליבעראַל און האָט אויך געזוכט דיא שטיצע פון דיא פעדעראַליסטען, אום צו צושטערען דיא צענטראַליסטישע און דיקטאַטאָרישע פּלענער פון דעם ליבעראַטאָר. דיא ליבעראַלע פּאַרטיי איז דאַן אַלץ אָפענער ארויסגעטראָטען געגען באָליוואַר׳ן, וועלכער האָט גענומען שטיצען דיא גלחים און האָט ניט דערלאָזען דורכצופיהרען אזעלכע רעפאָרמען, וויא דיא אָבשאַפונג פון שקלאַווערייע און פון טויט־שטראַף. דיא אַנהענגער פון סאַנטאַנדער, מייסטענס פעדעראַליסטען און ליבעראַלען, האָבען געזוכט פערשיעדענע מיטעל וויא פּטור צו ווערען פון באָליוואַר׳ס דיקטאַטור. אָבער דאָס איז זיי ניט געלונגען ביז 1829, ווען ווענעצועלאַ האָט זיך אָבגעטהיילט פון פערבאַנד, וויא מיר וועלען עס זעהען אין דער געשיכטע פון דיזער רעפּובליק.

נאָך באָליוואַר׳ס טויט אין 1830, ווען עקוואַדאָר האָט זיך אויך אָבגעריסען פון פערבאַנד, איז ניי־גראַנאַדאַ געבליבען אַליין און האָט זיך קאָנסטיטואירט צו ענדע פון 1831 אַלס אַ בעזונדערע רעפּובליק. דער קאָנגרעס וואָס איז צוזאַמענגערופען געוואָרען דעם נעכסטען יאָהר אין באָגאָטאַ, האָט אויסגעאַרבייט אַ פעדעראַליסטישע קאָנסטיטוציאָן און ערוועהלט פאַר פּרעזידענט פראַנציסקאָ סאַנטאַנדער, וועלכער איז געווען דער פעהיגסטער ליבעראַלער פיהרער און דערצו אויך אַן אויסגעצייכענטער אַדמיניסטראַטאָר. ער האָט געזוכט צו פערקלענערען דיא חובות פון לאַנד און דיא אַרמעע, וועלכע איז זעהר פערמעהרט געוואָרען אונטער באָליוואַר׳ס קאָמאַנדע. ער ווערט גערעכענט פאַר דעם אמת׳ן גרינדער פון דער רעפּובליק ניי־גראַנאַדאַ, וועלכע האָט מיט אַ יאָהר דרייסיג שפּעטער געקראָגען דעם נאָמען "דיא פעראייניגטע שטאַאטען פון קאָלאָמביא", דעם נאָמען וואָס זיא טראָגט אויך היינט.

ווען סאַנטאַנדער האָט געענדיגט זיין געזעצליכען טערמין פון פיער יאָהר, האָט אויסגעבראָכען אַזאַ ביטערער קאַמפּף צווישען דיא פעדעראַליסטען און

צענטראַליסטען, אז עס איז געקומען צו אַ בירגער־קריעג, וואָס האָט זיך גע־צויגען ביז 1841 און האָט זעהר פיעל אָבגעשוואַכט דיא יונגע רעפּובליק. אין דער צייט פון דיזען בירגער־קריעג האָט אויך דיא פּראָווינץ פּאַנאַמאַ רעוואָל־טירט און זיך ערקלערט אונאַבהעננגיג. שליסליך האָבען געזיעגט דיא צענטראַ־ליסטען אונטער דער פיהרונג פון גענעראַל מאָסקווערא און זיין איידים, גענע־ראַל העראַן, וועלכע האָבען אונטערדריקט דעם אויפשטאַנד אויך אין פּאַנאַמאַ און זיינען געוואָרען דיקטאַטאָרס. אונטער דער אדמיניסטראַציאָן פון גענעראַל מאָסקווערא האָט מען אין 1849 אָנגעפאַנגען צו בויען דיא פּאַנאַמאַ אייזענ־באַהן און איינגעפיהרט דאַמפּף־שיפען אויף דעם מאַגדאַלענא טייך.

אָבער אזוי וויא אונטער דיא דיקטאַטורען פון דיזע צוויי גענעראַלען האָט מען ניט נור צוריקגערופען דיא יעזואיטען און איבערגעגעבען דיא פאָלקס־בילדונג אין גלח'שע הענד, זאָנדערן מען האָט אויך איינגעפיהרט אַ בעזאָנדערס צענטראַליסטישע קאָנסטיטוציאָן, האָבען דיא פעדעראַליסטען, וועלכע זיינען אויך געוואָרען אַלץ הייסערע ליבעראַלען און אַנטי־קלעריקאַלען, אַרויסגערופען אונרוהען און שליסליך אויסגעפיהרט, אַז דער קאָנגרעס זאָל אויסוועהלען פאַר פּרעזידענט גענעראַל כאָזע לאָפּעץ, איינעם פון דיא ליבעראַלע פיהרער.

ווידער האָט מען דאַן געענדערט דיא קאָנסטיטוציאָן אין א פעדעראַ־ליסטישען גייסט. דאָס לאַנד איז צוטהיילט געוואָרען אין קלענערע אָטאָנאָמע פּראָווינצען נאָך דיא פאָדערונגען פון דיא לאָקאַלע פיהרער. דיא פּראָווינצען, וועלכע זיינען אומגעוואַנדעלט געוואָרען אין סטייטס לויט דעם מוסטער פון יונייטעד סטייטס, האָבען זאָגאר געקראָגען דאָס רעכט אַרויסצוטרעטען פון נאַציאָנאַלען פערבאַנד און זיך ערקלערן אונאַבהעננגיג. מיט דיזען רעכט האָ־בען זיך טאַקע בענוצט דיא פּראָווינצען פּאַנאַמאַ און אַנטיאָקוויאַ אין 1856 און זיינען אויף אַ קורצער צייט געוואָרען זעלבסטשטענדיגע רעפּובליקען.

אונטער דער ראַדיקאַלער אַדמיניסטראַציאָן פון גענעראַל לאָפּעץ זיינען אויך דורכגעפיהרט געוואָרען וויכטיגע אינערליכע רעפאָרמען, וויא דיא גענצ־ליכע אָבשאַפונג פון שקלאַווערײ, דיא איינפיהרונג פון ציוויל הייראַטהען און וועלטליכע פאָלקסשולען, דיא אַבטהיילונג פון שטאַאַט און קירכע, דיא אָב־שאַפונג פון טויטשטראָף פאַר פּאָליטישע פערברעכער, א. ז. וו. ווען דיא גלחים האָבען אָנגעפאַנגען צו העצען דיא פערפינסטערטע מאַסען געגען דיא „גאָט־לאָזע" ליבעראַלען, האָט פּרעזידענט לאָפּעץ פערטריבען פון לאַנד אייניגע ביסקופּען.

אין 1857 האָט אָבער דיא קאָנסערוואַטיווע פּאַרטײ אויסגעפיהרט, אז דער קאָנגרעס זאָל אויסקלייבען פאַר פּרעזידענט איהר קאַנדידאַט, אן אַד־וואָקאַט מיט'ן נאָמען מאַריאַנאָ אָספּינאָ; אָבער דיא ליבעראַלען האָבען פּראָ־

טעסטירט, אז דיא וואהלען זיינען ניט געוועזן געזעצליכע, און האָבען ארויס־גערופען אַן אויפשטאַנד אין איניגע פּראָווינצען. דיזער אויפשטאַנד האָט גע־פיהרט צו אַ נייעם בירגער־קריעג, וועלכער האָט זיך געצויגען ביז 1861, ווען דיא ליבעראַלען האָבען געשטורמט און געפאַנגען באָגאָטאַ. גענעראַל מאָסקוועראַ, וועלכער האָט זיך דאַן ערקלערט פאַר אַ מעסיגען ליבעראַל, איז וויעדער גע־וואָרען דיקטאַטאָר. ער האָט צוזאַמענגערופען אַ קאָנגרעס וויעדער צו ענדערן דיא קאָנסטיטוציאָן. נאָך דיזער קאָנסטיטוציאָן זיינען עס אָרגאַניזירט געוואָרען ״דיא פעראייניגטע שטאַאטען פון קאָלאָמביא״.

אָבער אין דיא זיד־וועסטליכע פּראָווינצען האָבען געזיעגט דיא קאָנסער־וואַטאָרס און קלעריקאַלען, און זייער פיהרער ארבאָלעדאָ האָט זיך פערבונדען מיט דר. מאָרענאָ, דעם קאָנסערוואַטיווען דיקטאַטאָר פון עקוואַדאָר (זעה דיא געשיכטע פון דיזער רעפּובליק). אין 1862 איז אָבער אַרבאָלעדאָ ערמאָרדעט געוואָרען, און זיין נאָכפאָלגער האָט בעשלאָסען צו קומען צו אַן אויסגלייך מיט דעם דיקטאַטאָר מאָסקוועראַ. דעם נעכסטען יאָהר איז צוזאַמענגערופען געוואָרען אַ קאָנווענציאָן פון דיא פיהרער פון אַלע פּאַרטייען, און עס איז אויס־געאַרבייט געוואָרען אַ נייע קאָנסטיטוציאָן, אָבער גענעראַל מאָסקוועראַ איז פערבליבען דיקטאַטאָר. ער איז אָבער ניט אין שטאַנד געוועזן איינצופיהרען רוהע און אָרדנונג אין דיא פּראָווינצען, וועלכע האָבען אַלץ ניט אויפגעהערט צו רעבעלירען. אין איין פּראָווינץ האָבען געפיהרט דיא רעדעל דיא ליבעראַלען און פעדעראַליסטען, און אין אַן אַנדערער האָבען געהערשט דיא צענטראַליסטען און קלעריקאַלען. גענעראַל מאָסקוועראַ אַליין איז ארעסטירט געוואָרען פון זיינע זיעגרייכע געגנער און איז פערשיקט געוואָרען נאָך אויסלאַנד אויף צוויי יאָהר. אַלס פּרעזידענט איז דאַן אויסגעקליבען געוואָרען דער ליבעראַלער פיהרער גוטיערעץ, וועלכער האָט קוים אויסגעהאַלטען אַ פּאָר יאָהר. איין דיקטאַטאָר האָט געפאָלגט נאָך אַן אַנדערן ביז 1876, ווען עס איז רעגעלמעסיג אויסגעוועהלט געוואָרען אַ פּרעזידענט מיט׳ן נאָמען פּאַראַ, וועלכער האָט גע־קענט אָבטרעטען זיין פּלאַץ געזעצליך צו גענעראַל טרוכילאָ.

אין 1880 איז אַרויף אויפ׳ן פּרעזידענטען שטוהל אַ מאַן וואָס האָט גע־שפּיעלט אַ בעזאָנדערס וויכטיגע ראָלע אין דער געשיכטע פון דיא ווייטערע רעוואָלוציאָנען און קאָנטער־רעוואָלוציאָנען אין דיזער בעזאָנדערס פיעל געפּלאָג־טער רעפּובליק. דאָס איז געוועזן סעניאָר ראַפאַעל נוניעץ, וועלכער האָט אָנ־געפאַנגען אַלס ליבעראַל און געענדיגט אַלס קאָנסערוואַטאָר. ער איז געוועזן עטליכע מאָל דיקטאַטאָר. אין 1892 איז ער ערוועהלט געוואָרען אַלס פּרעז־זידענט אויף אַ טערמין פון 6 יאָהר, אָבער ער איז געשטאָרבען אין 1895, ווען דיא ליבעראַלען האָבען אַרויסגערופען אַ נייעם אויפשטאַנד געגען זיין רעגיערונג.

צו דיא אינערליכע צרות דורך דיא אונאויפהערליכע אויפשטאַנדען און בירגער־קריעגען אין פערלויף פון גאַנצען 19טען יאָהרהונדערט, זיינען נאָך צוגע־קומען אויסערליכע צוליעב דיא גרענעצען (מאַנכע פון דיא גרענעץ־שטרייטען פון קאָלאָמביא האָבען זיך נאָך עד היום ניט געענדיגט) און ספּעציעל צוליעב דיא פערדרעהעניסען מיט דעם פּאַנאַמאַ קאַנאַל. זייט דיא פראַנצויזען האָבען געקראָגען א קאָנצעסיע צו גראָבען א קאַנאַל דורך דעם איסטהמוס פון פּאַ־



פּרעזידענט ראפאעל נוניעז.

נאַמאַ, האָבען זיך אָנגעפאַנגען ביטערע רייסערייען צווישען דיא פיהרער פון די פערשיעדענע פּאַרטייען אויף מכח דיא מיליאָנען, וואָס קאָלאָמביאַ האָט דער־פאַר געקראָגען. דאָס איז געווען אַ זעהר פּעטער ביסען פאַר דיזע פיהרער; אָבער ער האָט זיך שליסליך אין גאַנצען ארויסגעגליטשט פון זייערע הענד דורך זייערע שטרייטען.

וואָס עס האָט פּאַסירט מיט דיזען קאַנאַל, איז שוין דערצעהלט געוואָרען אין דער געשיכטע פון יונייטעד סטייטס און אויך פון דער ניי־געשאַפענער

רעפּובליק פּאנאמא. מיר ווילען עס דאָ ניט ווידערהאָלען. עס זעהט אָבער אויס, אז דער פערלוסט פון דיעזער וויכטיגסטער פּראָווינץ, פון אזא שמאלץ־גרוב וויא דיא אייזענבאהן און דער קאנאל אין דעם איסטמוס פון פּאנאמא, האָט גראדע געווירקט צום גוטען פאר קאָלאָמביא. דיא שטרייטענדע פּארטייען זיינען געלאָסענער געוואָרען. מען קען ניט זאָגען, אַז דיא צייט פון רע־וואָלוציאָנען איז שוין דאָרטען אין גאנצען פאָריבער, אָבער זייט 1904, ווען גענעראל ראפאעל רעיעס איז ערוועהלט געוואָרען פּרעזידענט, איז דיא אינער־ליכע רוהע נאָך ניט געשטערט געוואָרען. דיעזער גענעראל האָט געכאַפּט דעם שניט ביי דעם בעריהמטען מעקסיקאַנער דיקטאַטאָר פּאָרפירִיאָ דיאַץ וויא צו פיהרען דיא פיעל־געפּרופטע רעפּובליק און האָט זיך ארויסגעוויזען פאר א גוטען אדמיניסטראַטאָר.



## ערשטער קאַפּיטעל.

# דיא שפּאַנישע הערשאַפט און דער קאַמפף פאַר אונאַבהענגיגקייט

ווען אַלפאָנסאָ דע אָכעדאַ איז פאָרבייגעשוואומען אין 1499 דיא נאָרדליכע ברעגען פון זיד־אַמעריקאַ, צו וועלכע קאָלומבוס איז צוגעקומען אין דער צייט פון זיין דריטער רייזע אין 1498, האָט ער, פאָהרענדיג אַלץ ווייטער אויף דעם קאַריבעאישען ים צו מערב־זייט, פערקירעוועט צום זיד אין דעם גרויסען גאָלף פון מאַראַקאַאיבאָ, וואו ער האָט געפונען רייהען הייזער, וועלכע דיא אינדיאַנער האָבען געבויט אויף סוואַיעס אָדער פּאַליעס לעבען דיא זומפּיגע ברעגען. ער האָט דארום דיזען אָרט אַ נאָמען געגעבען ווענעצועלאַ, וואָס עס מיינט "קליינע ווענעציע", און דיזער נאָמען איז נאַכהער פערבליבען פאַר דיא גאַנצע געגענד צווישען דעם גאָלף פון מאַראַקאַאיבאָ אין מערב און דיא מינדונג פון דעם גרויסען טייך אָרינאָקאָ אין מזרח.

דער וועסטליכער טהייל פון דער רעפּובליק ווענעצועלאַ ווערט דורכגעשניטען פון אַ צווייג פון די אַנדעס־בערג, וועלכע ציהען זיך פון קאָלאָמביאַ און דערגרייכען ערטערווייז כמעט ביז דיא סאַמע ברעגען פון קאַריבעאישען ים. דיזע רייהע בערג, וואָס טראָגען דעם נאָמען סיעראַ נעוואַדאַ דע מערידאַ, ענטהאַלט איינינע זעהר פרוכטבאַרע פּלאַטאָס, וואו עס געפינען זיך איינינע פון דיא עלטעסטע שפּאַנישע בעזעצונגען אין זיד־אַמעריקאַ. איינע פון אזעלכע שטעדט, מערידאַ, ליגט דאָרטען אויף אַ פּלאַטאָ, וואָס איז 5400 פוס הויך איבער דער אָבערפלעכע פון ים און וואָס געפינט זיך לעבען אַ שפּיץ 15,420 פוס הויך איבער דער אָבערפלעכע פון ים. פון דיזע בערג שטראָמען פיעלע צופלוסען צום אָרינאָקאָ און עס ציהען זיך אויך צווייגען צו מזרח און צו מערב. אויף איינער פון דיזע מזרח'דיגע צווייגען, וועלכע ציהען זיך גאַנץ נאָהענט און פּאַראַלעל צו דיא ברעגען פון קאַריבעאישען ים, געפינט זיך אויך קאַראַקאַס, דיא הויפּטשטאָדט פון ווענעצועלאַ. דיזע געבירגיגע געגענדען, וועלכע ענטהאַלטען הערליכע און העכסט פרוכטבאַרע פּלאַטאָס און טהאָלען, זיינען געווען בעפעלקערט פון איינינע האַלב־ציוויליזירטע אינדיאַנער שטאַמען

אין קאָלומבוס'עס צייט און זיינען אויך היינט פיעל גערוכטער בעוואָהנט פאַר דיא אַנדערע געגענדען פון וועגעצועלאַ.

וואָס ווייטער צום מזרח פון דער סיערא נעוואדאַ דע מערידאַ ווערט דאָס לאַנד אַלץ פלאַכער ביז עס ווערט אומגעוואַנדעלט אין דיא בעריהמטע סטעפּעס, גענאַנט ליאַנאָס, אין דעם טהאַל פון אָרינאָקאָ און פון זיינע הונדערטע צופלוסען, וועלכע שניידען דורך דעם גרעסטען טהייל פון וועגעצועלאַ אין אַלע ריכטונגען. דער זידליכער טהייל פון וועגעצועלאַ, וואָס נעהענטער ער קומט צו דיא גרענעצען פון בראַזיליען, ווערט ווידער איבערגעהאַקט מיט רייהען בערג, וועלכע זיינען בעוואַקסען מיט געדיכטע טראָפּישע וועלדער.

דיא ערשטע פּערמאַנענטע שפּאַנישע בעזעצונגען ביי דיא ברעגען פון וועגעצועלאַ זיינען ענטשטאַנען אַזוי וויא אין קאָלאָמביאַ דורך דיא פּיראַטען, וואָס האָבען זיך געיאָגט נאָך אינדיאַנער, אום זיי צו פערקויפען פאַר שקלאַווען אין האַאיטי און קובאַ. דיא וויכטיגסטע פון דיזע בעזעצונגען איז געווען קאָראָ, וואָס איז געגרינדעט געוואָרען אין 1527 אויף אַ שמאָלען פּאַס לאַנד, וועלכער טהיילט אָפּ דעם קאַריבעאַישען ים פון דעם מאַראַקאַאיבאָ גאָלף. דיא פּאָזיציע פון דיזען פּאָרט איז אַ זעהר סטראַטעגישע. דיא פּיראַטען און אַוואַנ־טוריסטען, וועלכע האָבען איהר אויסגעקליבען, האָבען פון דאָרטען לייכט געקענט צוקומען ניט נור צו אַנדערע פּאָרטען, זאָנדערן אויך אַריינדרינגען טיעף אין לאַנד און דערגרייכען ביז צו דיא פּלאַטאָס פון דיא אַנדעסען. עס איז גראַדע פיעל לייכטער אַרויפצושטייגען פון דיא וועגעצועלער ברעגען ביז צו דיא האָכלענדער און אַלע פּלאַטאָס אויף דער סיערא נעוואדאַ דע מערידאַ, וויא פון דיא ברעגען פון קאָלאָמביאַ צו דיא פּלאַטאָס פון דיא אַנדערע אַנדעסען־צווייגען.

דער פּאָרט קאָראָ איז דאַרום געוואָרען דער קאָלאָניזאַציאָנס־פּונקט פון דיא שפּאַניער אין וועגעצועלאַ. פון דאָרטען האָבען זיי זיך צושפּרייט אַלץ ווייטער און האָבען אַרום דעם מיטען פון 16טען יאָהרהונדערט פערנומען דיא בעסטע און שעהנסטע געגענדען און פערשקלאַווט דאָרטען דיא אינדיאַנער אַקערבויער, וויא אין פּערו, קאָלאָמביאַ א. ז. וו. אין 1567 איז געגרינדעט געוואָרען קאַראַקאַס אויף אַ פּלאַטאָ, וואָס ציהט זיך לעבען דיא ברעגען פון קאַריבעאַישען ים אויף אַ הויכקייט פון אונגעפעהר 3000 פוס און וואָס איז באַלד געוואָרען דיא הויפּטשטאָדט פון וועגעצועלאַ צוליעב איהר זיכערערע פּאָזיציע געגען אַטאַקעס פון ענגלישע, פראַנצויזישע און האָלענדישע פּיראַטען, וועלכע זיינען אַלץ געפעהרליכער געוואָרען פאַר דיא שפּאַנישע שיפען און אַטלאַנטישע פּאָרטען אין דער נייער וועלט, וויא אויך צוליעב דיא זעלטענע פרוכטבאַרקייט פון דער אומגעגענד. פון דעסטוועגען איז עס אין 1595 גע־לונגען אַ באַנדע פּיראַטען אָדער, וויא מען האָט זיי געוועהנליך גערופען, בוקאַ־

נירען אונטער דער קאָמאַנדע פון אַן ענגלישען קאַפּיטאַן צו דערגרייכען ביז צו דיא בערג דאָרטען און צו בערויבען אויך קאַראַקאַס.

דיא בעפעלקערונג פון ווענעצועלא איז אַ בעזאָנדערס געמישטע. דער פּראָצענט פון ווייסע, מייסטענס פון שפּאַנישער אָבשטאַמונג, איז אַ זעהר קליינער. דער פּראָצענט פון אינדיאַנער און פון נעגער, אריינגערעכענט זייערע מישונגען, איז בעדייטענד גרעסער אין ווענעצועלא, וויא אין קאָלאָמביאַ. דיא מאַיאָריטעט בעשטעהט פון מעסטיזאָס. מען רעכענט, אַז דיא קרעאָלען בילדען העכסטענס אַ צעהנטעל פון דער ווענעצועלער בעפעלקערונג און אַז דיא איבעריגע זיינען געמישטע פון פערשיעדענע ראַסען. צווישען דיא מעסטיזאָס פון ווענעצועלא פערנעהמען דיא איינוואָהנער פון דיא סטעפּעס, דיא ליאַנעראָס, אַ בעזונדערן פּלאַץ. זיי צייכנען זיך אויס אַלס רייטער און יעגער און בעשעפטיגען זיך מיט פיהצוכט. זיי זיינען עהנליך צו דיא קאָזאַקען פון דיא רוסישע סטעפּעס, צו די קאַובאָיס פון טעקסעס און פון נאָרד־אַמעריקאַנישע פּרעירים, און צו דיא גאַוטשאָס פון דיא אַרגענטינער פּאַמפּאַסען. דיא שפּאַנישע אַוואַנטורים־טען און דיא קרעאָלען האָבען זיך בּיסלעכווייז אַלץ ווייטער צושפּרייט איבער דיא פלאַכע געגענדען און ליאַנאָס אין דעם טהאָל פון אָרינאָקאָ, וואו עס האָבען זיך וואונדערשנעל פערמעהרט דיא פערד און בהמות, וואָס מען האָט אימפּאָרטירט פון שפּאַניען און וואָס מען האָט איבערגעלאָזען זיך פיטערן פריי. ריזיגע סטאַדעס פלעגען זיך אַרומשלעפּען איבער דיא ליאַנאָס פון ווענעצועלא אַזוי וויא איבער דיא פּאַמפּאַסען פון אַרגענטינאַ. דיא ליאַנעראָס פלעגען זיך יאָגען נאָך דיזע סטאַדעס אויף זייערע פלינקע פערד און האָבען געפיהרט אַ האַלב ווילדען לעבען.

דיא שפּאַנישע רעגירונג האָט זיך נאָך וועניגער געקימערט וועגען דיזע יעגער, פון וועלכע זיא האָט קיין איינקונפט ניט געקענט ציהען, וויא וועגען דיא איינוואָהנער אין דיא שטעדט אויף דיא פּלאַטאָס און אין דיא פּאָרטען. דיא ליאַנעראָס זיינען אַלץ מעהר פערגרעבט געוואָרען. קיין איינציגער פון זיי האָט געקענט לעזען. דיא שפּאַנישע רעגירונג האָט איבערהויפּט געהאַלטען, אַז בילדונג איז ניט נויטיג פאַר איהרע אונטערטהאַנען אין דער נייער וועלט. ערשט צו ענדע פון 17טען יאָהרהונדערט איז געעפענט געוואָרען אַ גלח'שע שול אין דער הויפּטשטאָדט קאַראַקאַס. ווען דיא שטאָדט מערידאַ האָט געשיקט נאָך מאַדריד אַ ביטע צו עפענען דאָרטען אַן עהנליכע שול, האָט דיא רעגירונג עס ענטזאָגט מיט דיא ווערטער: "זיין קאַטאָלישע מאַיעסטעט האַלט ניט פאַר צוועקמעסיג, אַז בילדונג זאָל ווערען אַלגעמיין אין אַמעריקאַ"... עס זיינען פאַריבער אַנדערהאַלב יאָהרהונדערט פון שפּאַנישער הערשאַפט אָהן איין איינציגע פאָלקסשולע אין ווענעצועלא!

זיין קאַטאָלישע מאַיעסטעט האָט אָבער שטאַרק געזאָרגט, אַז דיא קאַ־

לאָניעס זאָלען וואָס מעהר און שנעלער אָנפילען זיין קאסע. דיא שטייערלאַסט איז געוואָרען אַלץ דריקענדער. אין ווענעצועלא זיינען איינגעפיהרט געוואָרען רעגירונגס־מאָנאָפּאָלען אויף טאַבאַק, זאַלץ און אַנדערע אַרטיקלען. דער האַנדעל מיט אַנדערע לענדער איז פערבאָטען געוואָרען אין ווענעצועלא, אַזוי וויא אין אַלע אַנדערע שפּאַנישע קאָלאָניעס. דיא בעריהמטע קאַדיקס קאָמפּאַניע האָט אויך געהאַט אַ מאָנאָפּאָל אויף אַלע אימפּאָרטירטע אַרטיקלען אין ווענעצועלא. מען פלעגט צוערשט ברייגנען סחורות פון שפּאַניען, אייגענטליך נור פון דעם פּאָרט קאַדיקס, נאָך דעם איסטמוס פון פּאַנאַמא, און פון דאָרטען פלעגט מען זיי פּאַנאַנדערשיקען אויף ברעג־שיפען צו אַלע קאָלאָניעס פון זיד־אַמעריקא. עס איז איבעריג צו זאָגען, אַז דער רעזולטאַט פון אַזא משונה׳דיגער עקאָנאָמישער סיסטעם איז געווען פון איין זייט, דאָס אַלע אימפּאָרטירטע אַרטיקלען האָבען געקאָסט צו טהייער, און פון דער אַנדער זייט, דאָס שמוגלעריי איז געוואָרען זעהר פערשפּרייטעט. אין דער קאָנטראבאַנדע האָבען זיך בעטהייליגט בעזאָנדערס ענגלישע, פראַנצויזישע און האָלענדישע פּיראַטען־שיפען. דיא בוקאַנירען זיינען געווען ים־רויבער און אויך קאָנטראבאַנדיסטען. צו ענדע פון 17טען יאהרהונדערט זיינען זיי געווען בעזאָנדערס צאָהלרייך און שטאַרק. אַ געוויסע צייט האָבען זיי פּאַראַליזירט דעם פערקעהר פון שפּאַניען מיט איהרע קאָלאָניעס אין דער נייער וועלט. אין 1654 האָבען פראַנצויזישע בוקאַנירען אַטאַקירט דעם ווענעצועלער פּאָרט קומאַנא; אין 1669 האָט דער בעריהמטער ענגלישער פּיראַטען־קאַפּיטאַן מאָרגאַן בערויבט מאַראַקאַאיבאָ; אין 1679 איז קאַראַקאַס גופא איינגענומען און בערויבט געוואָרען פון אַ פראַנצויזישער באַנדע ים־רויבער.

אין 18טען יאָהרהונדערט, ווען דיא שפּאַנישע רעגירונג האָט זיך ענדליך אַרומגעזעהען, וויא זיא רואינירט איהר גאַנצע קאָלאָניאַלע אימפּעריע מיט איהר עקאָנאָמישער סיסטעם, האָט זיא איבערגעגעבען דעם האַנדעל מיט ווענעצועלא צו אַ גרויסער פּריוואַט קאָמפּאַניע אויף געוויסע בעדינגונגען. דיזע קאָמפּאַניע האָט געטראָגען דעם נאָמען גויפּוזקאָא און האָט געהאַט בעזאָנדערס דעם צוועק צו פערגרעסערען דעם האַנדעל מיט פעל אין דיא ליאַנאָס. אָבער עס האָבען זיך אָנגעפאַנגען רייסערייען צווישען דיא אַגענטען פון דיעזער קאָמפּאַניע מיט דיא קליינע היימישע הענדלער, מיט דיא גוטסבעזיצער און מיט דיא ליאַנעראָס. דיזע רייסערייען האָבען געפיהרט צו אַן אויפשטאַנד אין 1749 אונטער דער קאָמאַנדע פון אַ קרעאָל מיט׳ן נאָמען לעאָן. ער האָט צוזאַמענגעקליבען אַ מחנה פון 6000 מאַן און האָט געסטראשעט צו בעפאַלען קאַראַקאַס, אויב דיא רעגירונג וועט ניט אָבשאַפען דיא גויפּוזקאָא קאָמפּאַניע. דער גענעראַל־גובערנאַטאָר פון ווענעצועלא האָט פערשפּראָכען אויסצופיהרען דיזען פערלאַנג; אָבער וויא נור דיא רעבעלען זיינען זיך צוגאַנגען, האָט ער פער־

געסען אָן זיין צוזאָג. ערשט אין 1778 האָט דיא שפּאַנישע רעגירונג אָבגעשאַפּט אויף דעם מאָנאָפּאָל פון דיזער קאָמפּאַניע און האָט געעפענט דיא פּאָרטען פאר האַנדעלס־שיפען פון אַנדערע נאַציאָנען.

דאָס איז שוין געווען אַרום דער צייט פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן, וועלכע האָט איבערגעקעהרט אַ וועלט אויך אין אַמעריקא, וויא מיר וויסען עס שוין פון דיא געשיכטען פון מעקסיקאָ, פּערו א. ז. וו. דיזע רעוואָלוציאָן האָט געפונען איהר ערשטען אָפּקלאַנג אין דער לאַטיינישער אַמעריקאַ גראַדע אויף דעם באָדען פון ווענעצועלא. דאָס איז אָבער געקומען ניט דורך דעם, וואָס דיא איינוואָהנער פון דיזער קאָלאָניע זיינען געשטאַנען העכער אין בילדונג אָדער וואָס זיי האָבען מעהר געליטען פון די שפּאַנישע בעאַמטע, וויא דיא איינוואָהנער פון דיא אַנדערע קאָלאָניעס, נור דורך דעם, וואָס דיא ווענעצועלער פּאָרטען זיינען געווען נעהענטער צו דיא ענגלישע, פראַנצויזישע און האָלענדישע קאָלאָניעס אין וועסט־אינדיען און האָבען געהאַט מעהר און עפטער פערקעהר מיט שיפען פון דיא פּאָרטגעשריטענע אייראָפּעאישע נאַציאָנען, און טהיילווייז אויך, מעג מען זאָגען, דורך אַ צופאַל. דער צופאַל איז בעשטאַנען אין דעם, וואָס דיא שפּאַנישע רעגירונג האָט גראַדע פערשיקט נאָך לאַ גואַירא (דאָס איז דער נעהענטסטער פּאָרט פאר קאַראַקאַס) דיא פיהרער פון אַ רעפּובליקאַנישער פערשווערונג, וועלכע איז ענטדעקט געוואָרען אין שפּאַניען אין 1796 (דיזע פערשווערונג איז אָרגאַניזירט געוואָרען פון שפּאַנישע פּריוואַטמענשען־קעמפּפער אונטער דעם איינפלוס פון דיא פראַנצויזישע רעוואָלוציאָנערען). דיזע ערשטע שפּאַנישע רעפּובליקאַנער האָט מען געהאַלטען פערשפּאַרט אין דער פעסטונג פון לאַ גואַירא; אָבער מען האָט ניט פערוועהרט דיא קרעאָלען פון דיזען פּאָרט און פון קאַראַקאַס זיי צו בעזוכען. דער רעזולטאַט פון דיזע וויזיטען איז געווען וואָס איניגע פון דיזע קרעאָלען זיינען אויך אָנגעשטעקט געוואָרען מיט רעוואָלוציאָנערע געדאַנקען. דיא זריעה פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן איז אַזוי איינגעפלאַנצט געוואָרען אויף דעם באָדען פון ווענעצועלא נאָך פאר דעם אָנפאַנג פון 19טען יאָהרהונדערט.

אונטער דעם איינפלוס פון דיא פערשיקטע שפּאַנישע רעפּובליקאַנער איז אויך אָרגאַניזירט געוואָרען אַ רעפּובליקאַנישע פערשווערונג פון קרעאָלען אין קאַראַקאַס; אָבער דיא שפּיאָנען פון דעם גענעראַל־גובערנאַטאָר האָבען איהר בעצייטענס ענטדעקט, און דער סוף דערפון איז געווען, וואָס איינער פון דיא הויפּטפיהרער האָט דערפאַר בעצאָהלט אין 1798 מיט זיין לעבען אויפ'ן עשאַפאָט און וואָס איניגע יונגע קרעאָלען זיינען אַרעסטירט געוואָרען. אַנדערע האָבען זיך געראַטעוועט דורך פלוכט נאָך טרינידאַד, דזשאַמאַיקאַ, קוראַסאַאָ און אַנדערע ענגלישע און האָלענדישע אינזלען אין וועסט־אינדיען.

צווישען דיא ערשטע פריוואַטמענשען־קעמפּפער אין ווענעצועלא, און מען מעג

אויך זאָגען, אין גאַנץ זיד־אַמעריקא, פערנעהמט דעם ערשטען פּלאַץ פראַנ־ציסקאָ מיראַנדא, א קרעאָל פון קאַראַקאַס. ער האָט געקעמפּפט אין דער אמע־ריקאַנער רעוואָלוציאָן אונטער דזשאָרדזש וואשינגטאָן און האָט זיך נאכהער אויסגעצייכענט אין דיא בעריהמטע שלאַכטען פון דיא פראנצויזישע רעוואָלו־ציאָנערע אַרמעען אין וואַלמי (פראַנקרייך) און זשעמאַפּ (בעלגיען) אין 1792. ער האָט אויסגעאַרבייט א פּלאַן צו לאַנדען אַן אַרמעע אין איינעם פון דיא פּאָרטען ניט ווייט פון קאַראַקאַס. אום אויסצופיהרען דיזען פּלאַן איז ער אוועק נאָך ניו יאָרק, וואו ער האָט געקראָגען דריי שיפען מיט געוועהר און אויך מיט אַמעריקאַנער אַוואַנטוריסטען אָדער פיליבוסטערס אין 1806. איהם איז אָבער דאָן ניט געלונגען צו לאַנדען אין ווענעצועלאַ. דיא שפּאַנישע רעגי־רונג האָט זיך דערוואוסט פון דיזער עקספּעדיציע בעצייטענס און האָט ארויסגעשיקט שיפען איהר צו פאַנגען. אין א ים־שלאַכט ניט ווייט פון דיא ברעגען פון ווענעצועלאַ האָבען דיא שפּאַניער געזיעגט, און 60 פון מיראַנדאַ'ס פיליבוסטערס זיינען געפאַנגען געוואָרען. צעהן פון דיזע אַמעריקאַנער אַוואַנ־טוריסטען זיינען פעראורטהיילט געוואָרען צום טויט פון א מיליטערישען גע־ריכט און דערשאָסען געוואָרען אין דעם פּאָרט פּוערטאָ קאַבעלאָ, וואו זייערע נעמען בלייבען אויסגעקריצט אויף א מאָנומענט, וואָס מען האָט דאָרטען ניט לאַנג צוריק געשטעלט צו זייער אַנדענקען.

פאַר מיראַנדאַ'ס קאָפּ האָט דער גענעראַל גובערנאַטאָר אָנגעבאָטען דרייסיג טויזענד דאָלאַר; אָבער ער האָט זיך געראַטעט אין דזשאַמאַיקא, וואו ער האָט מיט דער הילפע פון דיא ענגלישע בעאַמטע אָרגאַניזירט אַן עקספּעדיציע פון א פינף הונדערט אַוואַנטוריסטען פון פערשיעדענע נאַציאָנען. דיזעס מאָל איז איהם ניט נור געלונגען צו לאַנדען, זאָנדערן אויך צו פאַנגען דעם אַלטען און וויכטיגען ווענעצועלער פּאָרט קאָראָ. אָבער דיא בעפעלקערונג דאָרטען און אין דער אומגעגענד איז געוועזען גלייכגילטיג און זאָגאַר פיינדליך צו דיא רע־וואָלוציאָנערען, זאָ דאָס מיראַנדאַ איז געצוואונגען געוועזען אָבצוטרעטען.

צו דיזער צייט איז שוין אָבער פאָרגעקומען אַזאַ פּאָליטישע איבערקעה־רענים אין שפּאַניען גופא, וויא דיא אַרונטערזעצונג פון דעם בורבאָנישען קעניג פערדינאַנד דעם זיעבעטען אויף דעם בעפעהל פון דעם גרויסען נאַפּאָלעאָן. ווען פראַנצויזישע קאָמיסאַרען זיינען אָנגעקומען אין 1808 אין ווענעצועלאַ מיט דער נאַכריכט, אַז יאָזעף, נאַפּאָלעאָן'ס א ברודער, איז געוואָרען קעניג פון שפּאַ־ניען אויף פערדינאַנד'ס פּלאַץ, און האָבען פערלאַנגט א שבועה פון טרייהייט צום נייעם קעניג, האָט דער גענעראַל גובערנאַטאָר אין קאַראַקאַס ניט געוואוסט, וואָס צו ענטפערן און צו טהאָן, און ער האָט צוזאַמענגערופען דיא אָנגע־זעהענסטע בירגער, אום אויסצוהערען זייערע מיינונגען. דיזע בירגער האָבען

איינשטימיג ענטשיעדען געגען דעם נייעם קעניג, אזוי וויא דאָס האָט פּאַסירט אין אַלע אנדערע שפּאַנישע קאָלאָניעס, און האָבען אָרגאַניזירט א כונטא.

* * *

דאָס איז געווען דער אָנפאַנג פון דער בעוועגונג פאַר א זעלבסטשטענדיגע רעפּובליק. אין אַפּריל 1810, ווען דער גענעראַל־גובערנאַטאָר האָט ווידער צוזאַמענגערופען אַן אסיפה פון דיא אנגעזעהענסטע בירגער, אום אויסצוהערען בעריכטען איבער דיא פּאַסירונגען אין שפּאַניען, האָט מען שוין פון איהם פערלאַנגט, אַז ער זאָל רעזיגנירען און איבערגעבען דיא פערוואַלטונג פון דער גאַנצער קאָלאָניע אין דיא הענד פון דיא מיטגליעדער פון א רעוואָלוציאָנערער כונטא, וועלכע איז עטאַבלירט געוואָרען אין קאַראַקאַס. דיא אַגענטען, וואָס דיזע כונטא האָט אַרויסגעשיקט איבערן לאַנד, זיינען אָבער ניט אויפגענומען געוואָרען פריינדליך אין אייניגע ערטער, דאַרונטער אויך אין קאָראָ און מאַראַקאַיבאָ, וואָס עס האָט אַרויסגערופען דאָרטען דעם ערשטען בירגער־קריעג. דיא כונטא פון קאַראַקאַס האָט זיך איבערהויפּט געפונען אין א גרויסער פערלעגענהייט. איהרע פיהרער האָבען ניט געוואוסט, וויא צו האַנדלען געגענאיבער זייער מוטערלאַנד. זיי האָבען זיך געפונען צווישען עטליכע פייערן מיט אמאָל. שליסליך האָבען זיי, אונטער דעם איינפלוס פון מיראַנדאַ, בעשלאָסען אַרויסצוטרעטען אָפען מיט אַן ערקלערונג פון אונאַבהענגיגקייט. אין 1811 איז צוזאַמענגערופען געוואָרען א קאָנגרעס, וואָס האָט אַרויסגעלאָזען א פּראָקלאַמאַציאָן פון אונאַבהענגיגקייט און האָט אויך אָנגענומען א בעזאָנדערס ראַדיקאַלע קאָנסטיטוציאָן.

װענעצועלאַ איז אזוי געוואָרען דיא ערשטע אונאַבהענגיגע רעפּובליק אין זיד־אַמעריקאַ. אָבער דיזע ערקלערונג האָט ערשט געפיהרט ניט נור צו א קאַמפּף מיט דיא שפּאַניער, זאָנדערן אויך מיט דיא לאָיאַלע און קאָנסערוואַטיווע קרעאָלען, וועלכע זיינען אונטערגעהעצט געוואָרען פון דיא גלחים. אין קאָראָ און אין אַנדערע פּלעצער, וועלכע האָבען געוואָלט בלייבען טריי צו שפּאַניען, האָט מען אָרגאַניזירט באַנדעס צו פעריאָגען דיא רעפּובליקאַנישע כונטא פון קאַראַקאַס. דיא רעוואָלוציאָנערע קרעפטע, וואָס מיראַנדאַ האָט צוזאַמענגעקליבען, זיינען בעזיעגט געוואָרען פון זייערע געגנער אונטער דער קאָמאַנדע פון דעם שפּאַנישען גענעראַל מאָנטעווערדע אין 1812.

דערצו נאָך האָט עס גראַדע אין דיזען יאָהר פּאַסירט אַזאַ שרעקליכע ערד־ציטערנים אין דיא מייסטע געבירגיגע פּראָווינצען, וואו דיא ליבעראַלען האָבען געפיהרט דיא גרענדע, אַז אין קאַראַקאַס אַליין זיינען אומגעקומען צוועלף טויזענד פּערזאָן. אין דיא מייסטע לאָיאַליסטישע פּראָווינצען איז אָבער גראַדע קיין ערדציטערנים ניט געווען, און דיא גלחים האָבען זיך בענוצט דערמיט,

אום צו שרעקען דיא פערגרעבטע, אבערגלויביגע מאסען, אז דאס האט גאָט געשטראָפט דיא זינדיגע רעוואָלוציאָנערען. דיא לאָיאַליסטען און קלעריקאַלען זיינען דורך דיזען בייזען שפּיעל פון דער נאַטור שטארקער געוואָרען, און גענע־ראל מאָנטעווערדע האט איינגענומען פיעלע וויכטיגע שטעדט אויפ'ן וועג נאָך קאראקאס. דיא רעפּובליקאנישע כונטא אין קאראקאס האט דאן אויסגעקלי־בען פראנציסקא מיראנדא פאר דעם דיקטאטאָר, אָבער דיא אַרמעע פון 5000 מאן, וועלכע איהם איז געלונגען צוזאמענצוקלייבען, האט פערלאָרען דעם רעוואָלוציאָנערען מוטה (א טהייל איז זאָגאר אריבער אויף דער זייט פון דיא לאָיאַליסטען), און מאָנטעווערדע איז אריין מיט טריאומף אין קאראקאס.

צווישען דיא יונגע אָפיצירען, וועלכע זיינען געבליבען פעסט אויף דער זייט פון דיא בעזיעגטע רעפּובליקאנער און אויף וועלכע מיראנדא האט געלייגט גרויסע האָפנונגען, איז געוועזען סימאָן באָליוואר. דיזער ליבעראטאָר פון זיד־אמעריקא איז געבאָרען געוואָרען אין קאראקאס אין 1783 און האט געהערט צו דער אַריסטאָקראטיע פון ווענעצועלא. צו דריי יאָהר איז ער געבליבען א יתום, אָבער א רייכער יורש. ער האט געקראָגען אַן אויסגעצייכענטע און אויך ליבע־ראלע ערציהונג פאר זיין צייט. מען האט איהם געשיקט נאָך מאדריד צו ענדיגען זיינע שטודיען. דאָרטען האט ער פערבראכט עטליכע יאָהר און האט חתונה געהאט מיט אַן אדעליגער פריילין, ווען ער איז אלט געוועזען בלויז 18 יאָהר. ער האט אויך ארומגערייזט איבער אנדערע אייראָפּעאישע לענדער און האט בייגעוואָהנט רעוואָלוציאָנערע סצענען אין פאריז. אין 1809, אויף איינער פון זיינע רייזען פון אייראָפּא צוריק נאָך זיין געבורטסלאנד, האט ער אויך בעזוכט יונייטעד סטייטס, אום צו בעטראכטען וויא אזוי א רעפּובליקאנישע רעגירונג פיהרט זיך. דעם נעכסטען יאָהר איז ער שוין ארויסגעטראָטען אלס א רעוואָלוציאָנערער קעמפּפער אין זיין געבורטס־שטאָדט. ער איז געוועזען איי־נער פון דיא יעניגע, וואס האבען זיך גלייך אויסגעשפּראָכען פאר אַן אונאב־הענגיגע רעפּובליק.

ווען מאָנטעווערדע האט פעריאָגט דיא רעפּובליקאנישע כונטא פון קא־ראקאס, איז באָליוואר אנטלאָפען פון ווענעצועלא צוזאמען מיט אנדערע רע־וואָלוציאָנערען. ער איז א געוויסע צייט געבליבען אויף דעם אינזעל קוראסאָא, וואס געפינט זיך לעבען דיא ברעגען פון ווענעצועלא, נור געהערט צו האָלאנד. וויא נור ער האט דערהערט, אז אין ניי־גראנאדא האט אויפגעפלאקערט דער רע־וואָלוציאָנערער קאמפּף, האט ער אָנגעבאָטען זיין שווערד דער כונטא אין קארטאגענא, וויא דאס איז שוין איבערגעגעבען געוואָרען אין דער געשיכטע פון קאָלאָמביא. נאָך זיינע העלדענטהאטען אין ניי־גראנאדא האט ער־זיך א לאָז געטאָהן איבער דיא בערג און טהאָלען נאָך ווענעצועלא אום צו פיהרען ווידער דעם קאמפּף מיט דיא שפּאניער און לאָיאַליסטען אונטער דער קאָמאנדע פון

גענעראל מאָנטעווערדע. ווען ער איז צוגעקומען צו דער שטאָדט מערידא אין דעם וועסטליכען טהייל פון ווענעצועלא, איז זיין "ארמעע" בעשטאַנען בלויז פון 500 מאַן, אָבער באַלד זיינען צו איהם צוגעשטאַנען פּאַטריאָטען פון פיעלע ערטער, זאָ דאָס ער האָט טאַקע געקענט אויספיהרען זיין זעהר געוואגטען פּלאַן. נאָך עטליכע צוזאַמענשטויסען מיט דיא לאָיאַליסטען איז איהם אויך געלונגען צו בעזיעגען גענעראל מאָנטעווערדע אליין, וועלכער האָט זיך געמוזט אָבּ-



סימאָן באַליוואר, דער ליבעראַטאָר פון זיד-אמעריקא.

טראָגען פון קאראקאס נאָך פּוערטאָ קאַבעלאָ אונטער דעם שוץ פון שפּאַנישע שיפען און וואַרטען אויף פערשטערקונגען פון שפּאַניען. באָליוואר איז דאַן (דעם 4טען אָוגוסט 1813) אריין מיט גדולה אין זיין געבורטס-שטאָדט, וואו ער איז אויפגענומען געוואָרען מיט גרויס בעגייסטערונג. אין דער זעל-בער צייט האָט אַן אַנדער העלד פון דער רעוואָלוציאָן אין ווענעצועלא, א יונגער קרעאָל מיט'ן נאָמען מאַריניאָ, פערכאַפּט איינינע וויכטיגע פונקטען ביי דעם

טייך אָרינאָקאָ און האָט בעזיעגט דיא שפּאַניער און אייניגע לאָיאַלע ליאַנעראָס אין דעם אָסטליכען טהייל פון ווענעצועלאַ.

אָבער אַנשטאָט צו קעמפּפען ווייטער צוזאַמען געגען דעם געמיינשאַפט־ליכען שונא האָבען דיזע צוויי רעוואָלוציאָנערע גענעראַלען אָנגעפאַנגען אַרומ־צורייסען זיך ווענגען דיא פאָרם פון דער רעגירונג. יעדער פון זיי איז געווען דיקטאַטאָר אין זיין טהייל פון ווענעצועלאַ; אָבער באָליוואַר האָט ניט נור געוואָלט בלייבען דער איינציגער דיקטאַטאָר פון גאַנץ ווענעצועלאַ, זאָנדערן אויך פון קאָלאָמביאַ, עקוואַדאָר און גאַנץ זיד־אַמעריקאַ, וויא מיר ווייסען עס שוין פון פריהערע קאַפּיטלען. עס וואָלט אויסגעבראָכען אַ קריעג צווישען דיא אַנהענגער פון באָליוואַר און דיא אַנהענגער פון מאַריניאַ, ווען עס וואָלטען ניט אָנגעקומען פערשטערקונגען פון שפּאַניען און ווען דיא לאָיאַליסטען וואָלטען ניט צוזאַמענגעקליבען זייערע קרעפטע צו אַטאַקירען דיא רעוואָלוציאָנערען פון פערשיעדענע זייטען.

דאָס ערגסטע פאַר די רעוואָלוציאָנערען איז דאַן געווען, וואָס די ליאַנעראָס זיינען אַריבער אויף דער זייט פון דיא שפּאַניער צוליעב אַ שוידערליכע גרויזאַמקייט פון איינעם פון באָליוואַר'ס אַדיוטאַנטען. נאָך אַ שלאַכט מיט אייניגע פון דיזעווילדע רייטער אונטער דער קאָמאַנדע פון זייער בעריהמטען פיהרער באָוועס, ווען דיא רעוואָלוציאָנערן האָבען געזיעגט, האָט דער קאָמאַנדיר פון דער רעוואָלוציאָנערער מחנה געהייסען אויסשלאַכטען ניט נור אַלע געפאַנגענע ליאַנעראָס, זאָנדערן אויך אַלע איינוואָהנער פון דער שטאָדט קאַלאַבאַזאָ, ווייל אייניגע פון דיזע איינוואָהנער האָבען געהאָלפען דיא לאָיאַליסטען. דאָס גיט אונז אַ ביישפּיעל, וויא פיעל בלוט עס איז פערגאָסען געוואָרען אין דיזע בירגער־קריעגען.

אַן אַנדער ביישפּיעל, נאָך אַ שרעקליכערען, ליפערט באָליוואַר אַליין. ווען ער איז אַלץ מעהר צוריקגעשטויסען געוואָרן פון שפּאַניער און לאָיאַליסטען, זאָ דאָס ער האָט זיך געקענט האַלטען מיט זיין נידערשלאָגענער אַרמעע בלויז אין קאַראַקאַס און אין דיא אַרומיגע טהאַלען, איז ער געוואָרען אַזוי ווילד פון פערצווייפלונג און צאָרן, אַז ער האָט געהייסען אויסשלאַכטען דיא 860 שפּאַניער, וועלכע זיינען געהאַלטען געווען אין געפאַנגענשאַפט אין דעם פאָרט לאַ גואַירא! נאָכהער, ווען דיא ליאַנעראָס אונטער דער קאָמאַנדע פון זייער פעהיגען פיה־רער באָוועס זיינען צוגעקומען צו דיא בעפעסטיגונגען לעבען קאַראַקאַס, און דער קאָמאַנדיר פון דיא רעוואָלוציאָנערען האָט דערזעהען, אַז ער וועט ניט אויסהאַלטען דיא אַטאַקע פון דיזע ווילדע רייטער און וועט מוזען צוריקטרעטען, האָט ער געהייסען זיינע סאָלדאַטען אַנטלויפען אַזוי שנעל וויא דיא פיס וועלען זיי טראָגען, און אַליין האָט ער אַריינגעוואָרפען אַ ברענענדע שוועבעלע אין דעם פּולווער מאַגאַזין דאָרטען גראַדע אין דעם מאָמענט, ווען דיא לאָיאַליסטען

האָבען זיך אריינגעריסען אין דער געביידע. אין דער עקספּלאָזיאָן איז ער אומ־געקומען צוזאמען מיט 800 פון דיא לאָיאַליסטען.

דיא ענטשיידענדע שלאכט צווישען דיא רעוואָלוציאָנערען און דיא לאָיאַ־ליסטען איז פאָרגעקומען אין יוני 1814. דיא רעוואָלוציאָנערען זיינען בעזיעגט געוואָרען נאָכדעם וויא א העלפט פון זיי זיינען געבליבען טויט אויף דעם שלאכטפעלד. באָליוואר האָט זיך קוים גערעטעט. ער איז אנטלאָפען נאָך קאראקאס, וואו ער האָט אין איילענים צוזאמענגעקליבען אזוי פיעל געלד און ציערונג, וויא פיעל ער האָט נור געפונען אונטער דער האנד, און האָט זיך א לאָז געטאָהן צוזאמען מיט אנדערע רעוואָלוציאָנערען צו דיא מזרח'דיגע גע־גענדען. לעבען א שטאָדט מיט'ן נאָמען אראגוא זיינען זיי אבער ווידער בע־זיעגט געוואָרען. דאן האָט זיך באָליוואר אָבגעטראָגען צום פּאָרט בארצעלאָנא מיט דער אבזיכט צו אָרגאניזירען אן עקספּעדיציע אויף שיפען צו דער מינדונג פון אָרינאָקאָ. אָבער דיא רעוואָלוציאָנערען, וועלכע האָבען איהם ערשט מיט א יאָהר פריהער, נאָך זיין זיעג איבער גענעראל מאָנטעווערדע, בעעהרט מיט'ן טיטול "ליבעראטאָר", האָבען ניט נור אויסגעקליבען אן אנדער קאָמאנדיר, זאָנ־דערן האָבען איהם זאָגאר ערקלערט פאר א פעררעטהער.

דיזער גרויסער מאן האָט אָבער ניט פערלאָרען זיין ווירקליך העלדישען מוטה נאָך אזעלכע שרעקליכע נידערלאגעס און ביטערע ערפאהרונגען. ער האָט דאן פערלאָזען ווענעצועלא, אָבער ער האָט זיך באלד בעוויזען מיט א טהייל פון זיינע ווענעצועלער סאָלדאטען אין ניי־גראנאדא, וואו ער האָט פאָרט־געזעצט דעם קאמפף געגען דיא שפּאנישע הערשאפט (זעה דיא געשיכטע פון קאָלאָמביא).

אין 1815, ווען פערדינאנד דער זיעבעטער האָט זיך שוין געהאלטען אזוי פעסט אויף דעם שפּאנישען טראָן, נאָך נאפּאָלעאָן'ס נידערלאגע ביי וואַ־טערלאָא און נאָך דעם וויענער קאָנגרעס, אז ער האָט זיך ערלויבט אָבצושאפען דיא קאָנסטיטוציאָן פון 1812 און צו ערקלערן זיך פאר אן אבסאָלוטען מאָנארך, האָט דיא שפּאנישע רעגירונג בעשלאָסען צו שיקען א שטארקע ארמעע, אום צו אונטערדריקען דיא אויפשטאנדען אין דיא ערטער, וואו דיא רעוואָלוציאָ־נערען האָבען זיך נאָך וויא עס איז געהאלטען, נעמליך אין ניי־גראנאדא און אין ארגענטינע. ווען מארשאל מאָרילאָ האָט צוערשט געלאנדעט אין א ווענע־צועלער פּאָרט מיט זיין ארמעע פון 10,000 שפּאנישע וועטעראנען, זיינען צו איהם צוגעשטאנען א מחנה פון ליאנעראָס, וועלכע האָבען זיך גאָר קיין רעכנונג ניט אָבגעגעבען, ווארום זיי שטיצען דיא שפּאנישע הערשאפט געגען זייערע ברידער. דיא שפּאנישע אָפיצירען האָבען אָבער געקוקט מיט פעראכטונג אויף דיזע שווארצליכע און האלב־ווילדע מענשען, און מארשאל מאָרילאָ האָט עטאב־

לירט אזא מיליטערישע ארדנונג, אז אפילו דיא הייסע לאיאליסטען זיינען אויפגעבראכט געווארען.

דער רעזולטאט דערפון איז געוועזן, אז א סך ליאנעראס און אנדערע לאיאליסטען האבען זיך צוריקגעצויגען, ווען מארילא האט אנגעפאנגען זיין מארש נאך ניי־גראנאדא. פון דער אנדער זייט האבען דיא רעוואלוציאנערען זיך צושפרייט אין פערשיעדענע טהיילען פון לאנד אין קליינע קריעגערישע באנדעס, זאגענאנטע גערילאס (א שפאנישווארט וואס בעדייטעט: קליינער קריעג), און האבען געקעמפפט געגען דיא שפאניער, וואו נור זיי האבען עס געקענט. צווישען דיא קאמאנדירען פון דיא גערילאס האט זיך בעזאנדערס אויסגעצייבענט א יונגער ליאנערא מיט'ן נאמען כאזע פאעז, וואס האט ניט געקענט לעזען און שרייבען, נור איז בעגאבט געוועזן פון דער נאטור מיט גבורה, קוראזש און אויך מיליטערישע פעהיגקייטען. ביי איין אטאקע אויף דיא שפאניער האט זיך פאעז אזוי אויסגעצייכענט מיט א באנדע פון 500 רעוואלוציאנערען, אז אנדערע גערילא־פיהרער האבען געקראגען מעהר מוטה צו פיהרען ווייטער דעם קאמפף, וואס עס האט וויעדער בעוואגען באליווער'ן צוריקצוקעהרען זיך נאך ווענעצועלא.

צו ענדע פון 1816, ווען דעם ליבעראטאר איז געלונגען צו לאנדען אין בארצעלאנא, איז ער אויסגעקליבען געווארען פון דיא פיהרער פון דיא פערשיעדענע גערילא־קאמפאניעס אלס דער הויפט־קאמאנדיר. ווען מארשאל מארילא האט דערהערט, אז דיא רעוואלוציאנערען אין ווענעצועלא זיינען וויעדער שטארקער געווארען, האט ער בעשלאסען צו מארשירען צוריק פון ניי־גראנאדא נאך ווענעצועלא מיט א פערהעלטניסמעסיג שטארקער ארמעע. אין פערלויף פון דריי יאהר האבען זיך דאן געצויגען שלאכטען כמעט אהן אן אויפהער. דא האבען געזיעגט דיא פאטריאטען, דא דיא שפאניער מיט דיא לאיאליסטען. דיא ליאנעראס, וועלכע זיינען אנפאנגס געוועזן א גרויסע שטיצע פאר שפאניען, זיינען ביסלעכווייז אריבערגעגאנגען, אונטער דעם איינפלוס פון פאעז און אנדערע פיהרער, אויף דער זייט פון דיא רעוואלוציאנערען. דיא הילפע פון דיזע מוטהיגע רייטער איז געוועזן זעהר וויכטיג פאר באליווער'ן; אבער דיא ביטערע ערפאהרונג האט איהם געצייגט, אז געגען רעגעלע שפאנישע סאלדאטען אונטער דער קאמאנדע פון געשולטע אפיצירען קען מען ניט געווינען מיט דיא רויהע היימישע סאלדאטען, אפילו ניט מיט דיא ליאנעראס. דער ליבעראטאר האט דארום גענומען דינגען אויסגעדיענטע אייראפעאישע סאלדאטען, בעזאנדערס ענגלישע, וועלכע האבען זיך געפונען אין דיא ענגלישע פאסעסיעס אין וועסט־אינדיען. נאך דיא נאפאלעאנישע מלחמות זיינען טויזענדע וועטעראנען געבליבען, זא צו זאגען, אהן א קנעלונג, און זיי האבען זיך ניט געלאזט לאנג בעטען צו נעהמען אנטהייל אין דיא שלאכטען פון דיא רעוואלו־

ציאָנערען געגען שפאַניען אין זיד־אַמעריקא, ווען נור מען האָט זיי דערפאַר גוט געצאָהלט. באָליוואר האָט אָנגעבאָטען 80 דאָלאר פאר יעדען איינעם, ווען ער וועט זיך נור פערשרייבען, און האָט פערשפּראָכען א בעלוינונג פון 500 דאָלאר, ווען דיא מלחמה וועט זיך ענדיגען. אויף דיזע בעדינגונגען האָט ער געקראָגען עטליכע הונדערט ענגלישע און אירלענדישע סאָלדאַטען, וועלכע זיינען געווען דיא גרעסטע הילפע פאר איהם און פאר דעם רעוואָלוציאָנערען קאַמפּף בכלל אין זיד־אַמעריקא.

מיט א מחנה פון 2000 ווענעצועלער און 500 ענגלענדער האָט זיך באָליוואר א לאָז געטאָהן אין 1819 צו דיא בערג, וועלכע ציהען זיך צו נײַ־גראַנאַדא, אום צו העלפען דיא רעוואָלוציאָנערען אין באָגאָטא (זעה דיא געשיכטע פון קאָ־לאָמביא). דאָס איז געווען א זעהר ריזיקאַלישע אונטערנעהמונג, נור זיא האָט זיך גליקליכערוויזע געענדיגט צו גונסטען פון דיא רעוואָלוציאָנערען. אין דער שלאַכט לעבען באָיאַקאַ ניט ווייט פון פלאַטאָ פון באָגאָטא האָט באָליוואר'ס אַרמעע בעזיעגט דיא שפאַנישע אַרמעע. דיזע שלאַכט איז געווען דיא וויכ־טיגסטע נאָך איהרע רעזולטאַטען פאר דעם בעפרייאונגס־קאַמפּף אין דיא נאָרד־ליכע געגענדען פון זיד־אַמעריקא, ספּעציעל אין קאָלאָמביא און ווענעצועלא. באָליוואר איז דאַן געוואָרען דער דיקטאַטאָר אין נײַ־גראַנאַדא, וועלכע ער האָט אין א קורצער צייט אַרום פערבונדען מיט ווענעצועלא און עקוואַדאָר אין איין רעפּובליק אונטער דעם נאָמען קאָלאָמביא, מיט דער האָפנונג צו ווערען נאָכ־הער דער הערשער איבער גאַנץ זיד־אַמעריקא.

אין דער צייט, ווען באָליוואר האָט געקלעטערט מיט זיין קליינער אַרמעע איבער דיא אַנדעסען אין קאָלאָמביא, אום וואָס שנעלער צו דערגרייכען ביז באָגאָטא, האָבען איהם דיא רעוואָלוציאָנערען אין ווענעצועלא פערדאַמט פּשוט אַלס פעררעטהער, פאר וואָס ער האָט פערלאָזען זיין פאָטערלאַנד אָהן דער ערלויבניס פון קאָנגרעס. אָבער וויא נור עס איז אָנגעקומען אין קאַראַקאַס דיא פרעהליכע בשורה וועגען באָליוואר'ס גרויסען זיעג ביי באָיאַקא, האָט מען איהם ווידער ערקלערט פאר דעם ליבעראַטאָר. דעם נעכסטען יאָהר האָט ער אָרגאַני־זירט א שטאַרקערע אַרמעע געגען דיא שפאַניער. ווען ער האָט געקראָגען א טויזענד אירלענדער פאר א בעשטימטען געהאַלט, האָט ער אַרויסגעשיקט אָב־טהיילונגען געגען דיא שפאַניער אין פערשיעדענע פּונקטען. מאַרשאַל מאָרילאָ האָט אין 1820 ניט געקענט פיעל אויפטאָהן געגען דיא רעוואָלוציאָנערען, וועל־כע האָבען אויפגעהויבען דיא קעפּ נאָך באָליוואר'ס ערפאָלגען. ער האָט גע־וואַרט אויף פערשטערקונגען פון שפאַניען, אָבער ער האָט זיי ניט געקראָגען צוליעב אַן איבערקעהרעניס אין מאַדריד (דיא ערפאָלגרייכע רעוואָלוציאָן אין 1820 געגען דעם אַבסאָלוטיזם פון פערדינאַנד דעם זיעבעטען). דיא נייע ליבע־ראַלע רעגירונג אין שפאַניען האָט גאָר בעשלאָסען צו שיקען פריעדענס־קאָמיסאַ־

רען, אום צו קומען צו אַן אויסגלייך מיט דיא רעוואָלטירטע קאָלאָניעס. אין נאָוועמבער 1820 איז עס דארום געקומען צו א וואפענשטילשטאנד אין פערלויף פון זעקס מאָנאט ביז דיא פריעדענס־קאָמיסארען וועלען אָנקומען. מארשאל מאָרילאָ האָט דאן רעזיגנירט און איז אוועקגעפאָהרען נאָך שפאניען, איבערלאָזענדיג גענעראל לא טאָרע אויף זיין פּלאַץ.

באָליוואר האָט אויסגענוצט דיזען וואפענשטילשטאנד צו אָרגאניזירען אזא שטארקע ארמעע, אז זיא זאָל קענען זיך מעסטען מיט דיא בעסטע שפּאַנישע סאָלדאטען. זיינע אדיוטאנטען האָבען זיך איבערהויפּט ניט געקימערט וועגען דעם וואפענשטילשטאנד און האָבען געזוכט צו פערכאפּען וואס מעהר פּאָרטען און שטעדט. אין פריהלינג 1821, ווען דער וואפענשטילשטאנד האָט זיך געענדיגט אָפיציעל, האָט באָליוואר געהאט אונטער זיין קאָמאנדע א צוואנציג טויזענד מאן, וועלכע זיינען צוטהיילט געווען אין פינף קאָרפּוסען אין פערשיעדענע געגענדען פון לאנד. ער אליין צוזאמען מיט פּאַעז'ן האָט זיך א לאָז געטאָהן מיט אַן ארמעע פון 9000 מאן צו אטאקירען דיא שפּאניער אונטער דער קאָמאנדע פון גענעראל לא טאָרע אין דער געגענד צווישען קאראַקאס און וואלענציא. אין אַן אָרט מיט'ן נאָמען קאראבאָבאָ איז אין יוני 1821 פּאָרגעקומען א וויכטיגע שלאכט, וועלכע האָט זיך געענדיגט מיט א גרויסען זיעג פון דיא רעוואָלוציאָנערען, א דאנק דער הילפע פון דיא געדונגענע טויזענד ענגלישע און אירלענדישע וועטעראנען, וועלכע האָבען אטאקירט מיט זייערע באיאָנעטען דיא שפּאניער. באָליוואר איז דאן ווידער אריין מיט טריאומף אין קאראקאס, דיזעס מאָל טאקע אלס דער ווירקליכער ליבעראטאָר פון זיין געבורטסלאנד. נאָך זייער נידערלאגע ביי קאָראבאָבאָ האָבען שוין דיא שפּאניער געקענט זיך האלטען נור אין א פּאָאר פּאָרטען. דאס לאנד איז פּאקטיש געווען אונאבהענגיג. אין 1823, ווען דיא פּאטריאָטען האָבען גענומען מיט שטורם פּוערטאָ קאבעלאָ, וואו דיא שפּאניער האָבען זיך צוזאמענגעקליבען, איז שוין דיא לאנגע מלחמה פאר דיא אָפּשאפונג פון דער שפּאנישער הערשאפט אין ווענעצועלא געווען אין גאנצען צו ענדע.



צווייטער קאַפּיטעל.

# דיקטאַטורען און בירגער־קריעגען

נור אין 1822 האָט שוין דער ליבעראַטאָר פערלאָזען ווענעצועלאַ, וואו דיא רעוואָלוציאָן האָט געזיעגט, און איז אַוועק נאָך עקוואַדאָר און פּערו, וואו ער האָט דערלאַנגט צוזאַמען מיט דעם אַרגענטינער גענעראַל סאַן מאַרטין דיא לעצטע קלעפּ דער שפּאַנישער הערשאַפט אין זיד־אַמעריקאַ (זעה דיא געשיכטע פון פּערו). אַלס הויפּט־קאָמאַנדיר אין ווענעצועלאַ איז דאַן געבליבען פּאַעז, וועלכער איז געקומען גלייך אין קאָנפּליקטען מיט דיא שטאָדט־פערוואַלטונגען און האָט אָנגעפאַנגען צו פיהרען זיך וויא אַ דיקטאַטאָר. אויסער דיא געוועהנליכע אינערליכע רייסערייען צווישען דיא צענטראַליסטען און פעדעראַליסטען, וויא אויך צווישען דיא ליבעראַלען און קאָנסערוואַטאָרס, צווישען דיא אַנטי־קלעריקאַלען און דיא פערטהיידיגער פון דער קאַטוילישער קירכע, רייסערייען, וועלכע האָבען זיך ווידערהאָלט גלייכצייטיג אין אַלע ניי־געבאַקענע שפּאַניש־שפּרעכענדע רעפּובליקען צוליעב דיא זעלבע אורזאַכען, וועלכע זיינען שוין ערקלערט געוואָרען אין פאָריגע קאַפּיטלעך פון דיזען בוך, זיינען אין ווענעצועלאַ אויך פאָרגעקומען שטרייטען צוליעב דעם פערבאַנד מיט ניי־גראַנאַדאַ און בכלל צוליעב באָליוואַר'ס שטרעבונג צו שאַפען אַ ריזיגע אימפּעריע אונטער זיין הערשאַפט.

אין 1826, ווען דיא פעדעראַליסטען זיינען אַלץ שטאַרקער געוואָרען און גענעראַל פּאַעז איז צוגעשטאַנען צו זיי אָפען געגען באָליוואַר'ס צענטראַליסטישע פּאַרטיי, איז דער ליבעראַטאָר געקומען אין איילעניס פון פּערו, אום ווייטער אָנצוהאַלטען דעם פערבאַנד פון ווענעצועלאַ מיט ניי־גראַנאַדאַ. ער האָט אויפגעלעזט דעם קאָנגרעס, וואו זיינע געגנער האָבען געהאַט דיא מאַיאָריטעט, און האָט זיך אָפען ערקלערט פאר אַ דיקטאַטאָר. אין דער זעלבער צייט האָט ער געשוואָרען, אַז זיינע געגנער טראַכטען אויף איהם אוים בלבולים און אַז ער מיינט גאָר ניט צו ווערען אַ קייזער, נור ער שטרעבט צו עטאַבלירען אַ גרויסע און שטאַרקע רעפּובליק. אַלע זיינע טענות, אָנשטרענגונגען און אויך פערפאָלגונגען האָבען אָבער ניט אָבגעהאַלטען דעם שטייגענדען שטראָם פון פעדע־

ראַליזם אין ווענעצועלאַ, ניי־גראַנאַדאַ, עקוואַדאָר א. ז. וו. דיא צאָהל פון אונ־צופריעדענע מיט דעם קאָלאָמביאַנער פערבאַנד און מיט דעם ליבעראַטאָר׳ס דיקטאַטור איז אַזוי שנעל געשטיעגען, דאָס צו ענדע פון 1829 האָט מען אויף אַן אסיפה פון א טויזענד פון דיא אָנגעזעהענסטע בירגער, דאַרונטער אויך א סך גענעראַלען און אָפיצירען, וואָס איז אָבגעהאַלטען געוואָרען אין קאַראַקאַס, דיא געבורטסשטאָדט פון דעם ליבעראַטאָר, בעשלאָסען ניט נור ארויס־צוטרעטען פון דיזען פערבאַנד, זאָנדערן אויך איבערצוגעבען דיא רעגירונג פון ווענעצועלאַ אין דיא הענד פון גענעראַל פּאַעז.

באָליוואַר האָט דאַן צוזאַמענגעקליבען אַן ארמעע אין ניי־גראַנאַדאַ צו צווינגען דיא ווענעצועלער אריינצוטרעטען צוריק אין דעם קאָלאָמביאַנער פער־באַנד, אָבער עס האָט זיך אויסגעלאָזען, אַז זיינע סאָלדאַטען האָבען מורא געהאַט אָדער ניט געוואָלט אַטאַקירען דיא ארמעע, וועלכע האָט זיך בעפעס־טיגט אין א שטאַרקער פּאָזיציע לעבען גרענעץ אונטער דער קאָמאַנדע פון גע־נעראַל פּאַעז. דאָס האָט אַזוי געווירקט אויף דעם ליבעראַטאָר, אַז ניט נור האָט ער רעזיגנירט אויפריכטיג, טאַקע מיט דער אבזיכט ניט צו זיין מעהר פּרעזידענט, זאָנדערן ער האָט זיך ווירקליך צוריקגעצויגען אַזאַ נידערשלאָגע־נער, אויסגעמאַטערטער, מיט א וועהטאָג אין הארצען, אַז עטליכע מאָנאַט שפּעטער איז ער געשטאָרבען.

פאַר׳ן טויט האָט ער אָנגעשריבען מיט א ווירקליך פּראָפעטישען בליק אויף דער צוקונפט פון דיא ניי־געשאַפענע זיד־אַמעריקאַנישע רעפּובליקען: ״אונזערע קאָנסטיטוציאָנען זיינען ביכער, אונזערע געזעצע — פּאַפּיער, אונזערע וואַה־לען — שלאַכטען, און דאָס לעבען גופא איז א פּייניגונג. מיר וועלען קומען צו אַזאַ צושטאַנד, אַז קיין אויסלענדישע נאַציאָן וועט ניט זוכען אונז צו עראָבערן, און מיר וועלען רעגיערט ווערען פון קליינע טיראַנען״. עס קען זיין, אַז טאַקע דעריבער, וואָס ער האָט פּאָראויסגעזעהען דיא פּראָנונסיאַמענטאָס, רעוואָלוציאָנען און קאָנטער־רעוואָלוציאָנען פון אַמביציעזע גענעראַלען צו פער־כאַפּען דיא רעגיערונגס־מאַכט, וויא דיא שרעקליכע פּראַקטיקע האָט עס געצייגט אין דער גאַנצער לאַטיינישער אַמעריקא, האָט ער עס געשטרעבט צו עטאַב־לירען א שטאַרקע צענטראַליסטישע רעגירונג און צו האַלטען מיט א מיליטע־רישער מאַכט אַלע בעפרייטע שפּאַנישע קאָלאָניעס צוזאַמען.

קליינע טיראַנען האָבען אויך רעגירט אין ווענעצועלאַ, אָבער זייער צאָהל איז גראַדע געווען קלענער וויא אין דיא מייסטע אַנדערע זיד־אַמעריקאַנער רעפּובליקען. נאָך פאַר דעם טויט פון דעם ליבעראַטאָר, וועמעס אַנ־דענקען עס ווערט פערעהרט אין גאַנץ זיד־אַמעריקאַ, איז אין מאַי 1830 צו־זאַמענגערופען געוואָרען א קאָנגרעס, וואָס האָט אויסגעקליבען גענעראַל פּאַעז

פאר פרעזידענט און האָט אָנגעקינדיגט דער רעגיערונג אין באָגאָטא, אז ווענע־צועלא האלט זיך פאר א פאָלשטענדיג אונאבהענגיגע רעפובליק. נאָך באָליוואר׳ס טויט, ווען דיא רעגירונג פון ניי־גראַנאדאַ האָט פאקטיש אנערקענט דיא אונ־אבהענגיגקייט פון ווענעצועלא, איז גענעראל פאעץ געבליבען דיקטאטאָר ביז 1846. אין פערלויף פון דיזע פופצעהן יאהר זיינען פאָרגעקומען עטליכע אויפ־שטאנדען, אָבער פאעץ האָט אַלע טריאומפירט. דיעזער אונגעוועהנליכער ליאַ־נערא האָט אויך ארויסגעוויזען מערקווירדיגע אדמיניסטראטיווע און דיפּלאָמאַ־טישע פעהיגקייטען. ער איז ווייט ניט געווען א גרויזאמער דיקטאטאָר. ווען עס פלעגט זיך ענדיגען דער געזעצליכער טערמין פון זיין פרעזידענטשאפט, פלעגט ער זאָגאר פריעדליך אָבטרעטען זיין פּלאַץ צו געזעצליך־ערוועהלטע נאָכ־פאָלגער, אָבער ער פלעגט זיי נאָמינירען און אין דער פראקטיקע בלייבען דער דיקטאטאָר. דיא יונגע רעפובליק האָט דערווייליג געקענט זיך אָברוהען און מאכען פאָרטשריטע.

אין 1846 האָט אויסגעבראָכען אן אויפשטאנד פון דיא פארביגע (מיים־טענס געמישטע פון ווייסע און אינדיאנער מיט נעגערס) געגען דיא קרעאָלען. גענעראל פאעץ איז דאן ווידער אויסגעקליבען געוואָרען אַלס דיקטאטאָר, אָבער ווען ער האָט אונטערדריקט דיזען אויפשטאנד, האָט ער צוגעשטימט, אז גענע־ראל מאָנאגאס, וועלכער האָט זיך אויך אויסגעצייכענט אין דעם בעפרייאונגס־קאמפף געגען שפאניען, זאָל ווערען פרעזידענט. נאכהער אָבער, ווען מאָנאַ־גאס, וועלכער איז אונטערשטיצט געווען אָנפאנגס פון דער קאָנסערוואטיווער פארטיי, האָט געוואָלט דורכפיהרען ליבעראלע רעפאָרמען, האָט פאעץ צו־זאמענגעקליבען אן ארמעע, אום איהם ארונטערצוזעצען. נור דיזעס מאָל האָט דער אַלטער דיקטאטאָר פערלאָרען און האָט געמוזט אויסוואנדערן.

ביז 1858 איז גענעראל מאָנאגאס געבליבען דיקטאטאָר. ער האָט זיך ארויסגעצייגט פאר א טרייען פעדעראליסט. דיא צענטראליסטען האָבען עט־ליכע מאָל ארויסגערופען אויפשטאנדען געגען איהם, אָבער זיי זיינען ניט געווען אין שטאנד איהם ארונטערצוזעצען. דיא וויכטיגסטע פון דיא רעפאָרמען אונ־טער זיין דיקטאטור איז געווען דיא אָבשאפונג פון שקלאווערייַ אין 1854.

דיא קאָנסטיטוציאָן, וואָס איז אָנגענומען געוואָרען אין דער צייט פון דער דיקטאטור פון גענעראל מאָנאגאס, איז געווען אזא פעדעראליסטישע, אז עס האָט ניט פיעל געפעהלט, דאָס ווענעצועלא זאָל צושפּאָלטען ווערען אין עטליכע רעפובליקען. דורך דעם זיינען אויך ארויסגעקומען שוועריגקייטען וועגען דיא שטייער פאר דיא צענטראלע רעגירונג און פאר דיא פּראָווינצען און שטעדט. מיט דיזע שוועריגקייטען האָבען זיך בענוצט אין 1858 דיא צענטרא־ליסטען, וועלכע זיינען געווען אונטערשטיצט פון דיא אריסטאָקראטישע גוטס־

בעזיצער און פון דיא גלחים, אום ארויסצורופען א רעוואלוציאן אין קאראקאס. גענעראל פאעץ איז דאן געקומען פון אויסלאנד צו העלפען דיא צענטראליסטען און איז פון דאס נייע געוואָרען דיקטאטאָר. אָבער אויך איהם איז ניט געלונגען צו עטאבלירען א צענטראליסטישע רעגירונג. דער קאמפף צווישען דיא פער־שיעדענע פארטייען און אמביציעזע פיהרער האט זיך געצויגען ביז 1864, ווען גענעראל פאעץ האט געמוזט אָבטרעטען דיא דיקטאטור צו גענעראל פאלקאָן מיט זיין אדיוטאנט, דעם בעריהמטען גענעראל גוצמאן בלאנקא, וועלכע האבען געהערט צו דער פעדעראליסטישער פארטיי.

אונטער דער דיקטאטור פון גענעראל פאלקאָן איז ווענעצועלא צוטהיילט געוואָרען אין צוואנציג האלב־אונאבהענגיגע שטאאטען. דער טערמין פון א פרעזידענט איז פערקירצט געוואָרען אויף צוויי יאָהר און דיא פרעסע האט גע־קראָגען אבסאָלוטע פרייהייט. אין יעדען פון דיא ניי־געשאפענע שטאאטען זיינען באלד אויפגעקומען אייגענע דיקטאטאָרס מיט אייגענע אנטי־דיקטא־טאָרס, און דיא לאגע איז געוואָרען אלץ ערגער. אין 1868 האט אויסגעבראָ־כען אן אויפשטאנד אונטער דער לייטונג פון דעם עקס־דיקטאטאָר מאָנאגאס, וואָס האט זיך געענדיגט דערמיט, אז גענעראל פאלקאָן האט געמוזט זיך אָב־טראָגען נאָך אויסלאנד. נור דעם נעכסטען יאָהר איז דיא רעגירונגס־מאכט אריינגעפאלען אין דיא הענד פון אזא דיקטאטאָר, וואָס האט בעוויזען דעם קונץ צו הערשען גאנצע צוואנציג יאָהר.

דאָס איז געווען גוצמאן בלאנקא, וועלכער האט געזיעגט אלס דער פיהרער פון דער פעדעראליסטישער פארטיי, נור וועלכער האט פראקטיש צענטראליזירט דיא גאנצע מאכט אין זיינע שטארקע הענד. ער האט ניט געענדערט דיא פונקטען פון דער קאָנסטיטוציאן, נור ער האט זיי אויך ניט אויסגעפיהרט, ווען ער האט ניט געוואלט. ער האט אפילו איבערגעלאָזען דעם פונקט וועגען דיא וואהלען פון א פרעזידענט יעדע צוויי יאָהר. נור ער האט פערזיכערט זיין דיק־טאטור אזוי: ווען עס האט זיך געענדיגט זיין אייגענער טערמין פון צוויי יאָהר, האט ער שוין געהאט אָנגעגרייט אזא שטעל־פערטרעטער, וואָס האט געמוזט טאנצען נאָך זיין פייפעל. דער קאָנגרעס פלעגט אויסוועהלען דעם יעני־גען, וועמען ער פלעגט נאָמינירען. און וויא נור דער טערמין פון זיין גע־האָרכזאמען שטעל־פערטרעטער פלעגט זיך ענדיגען, פלעגט ער "זיך לאָזען אויסוועהלען" פון דאָס נייע. אין דיא האלב־אונאבהענגיגע שטאאטען האט ער אויפגעפאסט, אז נור זיינע אנהענגער זאָלען אויסגעוועהלט ווערען און פיה־רען דיא גרענדע. מען מוז אָבער צוגעבען, אז ער איז געווען א פעהיגער אד־מיניסטראטאָר און אז דאָס לאנד האט טאקע אָבגערוהט און אויך זיך ענטוויי־קעלט אונטער זיין לאנגער דיקטאטור. אונטער זיין הערשאפט זיינען אויך

אויפגעבויט געוואָרען עטליכע אייזענבאהן־ליניעס. ער האָט זעהר פיעל אויפ־



א ווענעצועלער סאָלדאט אין 1870.

געטאָהן צו מאכען קאראקאס פאר איינע פון דיא שעהנסטע און בעסט־געבויטע

שטעדט אין זיד־אמעריקא. אקערבוי, פיה־פיטערונג און האנדעל האָבען אויפ־געבליהט.

אָבער דיא צאָהל פון זיינע פּאָליטישע שונאים און פון אונצופריעדענע מיט זיין לאנגער דיקטאטור, ספּעציעל מיט דער שטייגענדער לאסט פון דיא שטייער, איז אויך אַלץ געוואקסען. אין 1889 האָט אין קאראקאס אויסגעבראָכען אן אויפשטאנד, וועלכער האָט געפיהרט צו א נייעם פּערוויסטענדען בירגער־קריעג און האָט זיך געענדיגט דערמיט, וואָס גוצמאן בלאנקאָ האָט אויך געמוזט אויסוואנדערען נאָך דעם שטייגער פון דיא דורכגעפאלענע דיקטאטארס, וועלכע בלייבען מיט גאנצע ביינער און אָנגערויבטע מיליאָנען. (בלאנקאָ האָט צייט גע־האָט אָנצוזאמלען בעזאָנדערס גרויסע סומען אין אייראָפּעאישע באנקען, אום צו קענען לעבען א גוטען טאָג, ווען עס וועט קומען א סוף צו זיין דיקטאטור).

אַלס פּראָוויזאָרישער פּרעזידענט איז דאן אויסגעוועהלט געוואָרען א גע־נעראל מיט'ן נאָמען פּאלאסיאָס; אָבער ווען דיא קאָנסטיטוציאָן איז געענדערט געוואָרען אין מאנכע פּונקטען, דארונטער אויך אז דער טערמין פון א פּרע־זידענט זאָל פערלענגערט ווערען אויף פיער יאָהר, און ער האָט אָנגעצויגען דיא סטרונעס, אז ער זאָל ווייטער בלייבען פּרעזידענט, האָט אויסגעבראָכען אן אויפשטאנד געגען איהם אין 1891. דיזער אויפשטאנד האָט זיך, נאָך איי־ניגע שלאכטען, געענדיגט דערמיט, וואָס פּאלאסיאָס מיט זיינע אדיוטאנטען האָבען געמוזט אנטלויפען נאָך אויסלאנד, אום צו רעטען זייערע לעבענס, און וואָס גענעראל קרעספּאָ איז געוואָרען דיקטאטאָר.

אונטער דער אדמיניסטראציאָן פון גענעראל קרעספּאָ, וועלכער האָט זיך געפיהרט אויף בלאנקאָ'ס שטייגער, איז עס געקומען צו אזא שטרייט צווישען ווענעצועלא און ענגלאנד וועגען דיא גרענעצען פון גוויאנא (דער ענגלישער טהייל פון גוויאנא גרענעצט זיך אין מערב־זייט מיט ווענעצועלא), אז פּרע־זידענט קליוולענד פון יונייטעד סטייטס האָט געפונען פאר נויטיג אָנצונעהמען זיך פאר דיזע שוואכע רעפּובליק געגען דיא מעכטיגסטע אימפּעריע אין נאָמען פון דער מאָנראָו דאָקטרין. דיזער בעריהמט געוואָרענער שטרייט האָט זיך אָנגעפאנגען דערמיט, וואָס ווענעצועלער בעאמטע האָבען ארעסטירט צוויי ענג־לישע פּאָליציי־אָפיציערען מיט עטליכע סאָלדאטען אין א געוויסער געגענד אויף דער קלאגע, אז דיא ענגלענדער ווילען פערוואלטען א טעריטאָריע, וועלכע געהערט צו ווענעצועלא. אָבוואָהל דיא ווענעצועלער רעגיערונג האָט געהייסען פריי לאָזען דיא ארעסטירטע ענגלענדער, האָט דיא ענגלישע רעגיערונג דאָך פערלאנגט שאדענערזאץ. גענעראל קרעספּאָ האָט דאן אפּעלירט דורך זיין דיפּלאָמאטישען פּערטרעטער אין וואשינגטאָן צו פּרעזידענט קליוולענד אויף דעם גרונד, דאָס ענגלאנד האנדעלט געגען דיא מאָנראָו־דאָקטרין. פּרעזידענט קליוולענד האָט אנערקענט דיא קלאגע פון ווענעצועלא געגען ענגלאנד פאר א

ריכטיגע, און דעם 18טען דעצעמבער 1895 האָט ער אין אַ מעסעדזש צום קאָנגרעס אין װאַשינגטאָן ערקלערט, אַז אויב דיא ענגלישע רעגיערונג װעט זיך ענטזאַגען איבערצוגעבען דעם גרענעץ־שטרייט מיט װענעצועלאַ צו אַ שיעדס־געריכט און װעט געברויכען איהר מיליטערישע מאַכט געגען װענעצועלאַ, װעט עס דיא רעגיערונג פון יונייטעד סטייטס בעטראַכטען אַלס אַ **casus belli** (דאָס מיינט: אַ גרונד פאַר אַ מלחמה).

דאַן האָט זיך עס אָנגעפאַנגען אַ דיפּלאָמאַטישער סכסוך צווישען ענגלאַנד און יונייטעד סטייטס װעגען װענעצועלאַ. איין צייט האָט מען געמיינט, אַז עס װעט טאַקע אויסברעכען אַ מלחמה צווישען זיי; אָבער שליסליך האָט דיא ענגלישע רעגיערונג איינגעשטימט אין 1899 צו שליכטען איהר גרענעץ־מחלקה מיט װענעצועלאַ דורך אַ שיעדס־געריכט און אָנצונעהמען אַ קליינע בעלוינונג פאַר דיא אַרעסטירטע פּאָליציסטען.

אין דיזער צייט איז אָבער פאָרגעקומען אין װענעצועלאַ אַ נייע איבער־קעהרעניש. אין 1898 האָט דער דיקטאַטאָר קרעספּאָ אויסגעפיהרט, אַז סעניאָר אַנדראַדע, װעלכער איז געװען זיין דיפּלאָמאַטישער פערטרעטער אין װאַשינג־טאָן אין דער צייט פון דעם סכסוך צווישען ענגלאַנד און יונייטעד סטייטס, זאָל אויסגעװעהלט װערען פאַר פּרעזידענט. זיין אַבזיכט איז געװען צו קאָמאַנ־דירען װייטער הינטער אַנדראַדע'ס רוקען. אָבער דיא אָפּאָזיציאָן האָט אָנ־געפאַנגען אַ רעװאָלוציאָן, װעלכע האָט זיך געענדיגט דערמיט, װאָס גענעראַל קרעספּאָ איז שטערבליך פערװאונדעט געװאָרען אין איינער פון דיא שלאַכטען און װאָס אַנדראַדע האָט געמוזט אָבטרעטען דעם פּלאַץ אין 1900 צו אַ נייעם דיקטאַטאָר אין דער פּערזאָן פון גענעראַל טשיפּריאַנאָ קאַסטראָ, װעלכער האָט זיך באַלד בעריהמט געמאַכט מיט זיין קאַמפּף געגען, מעג מען זאָגען, דיא גאַנצע װעלט. ניט נור האָט קאַסטראָ זיך ענטזאַגט צו צאָהלען דיא חובות און דעם שאָדענערזאַץ, װאָס דיא רעגיערונגען פון ענגלאַנד, פראַנקרייך, אי־טאַליען, דייטשלאַנד און אויך יונייטעד סטייטס האָבען פערלאַנגט פאַר זייערע בירגער, װעלכע האָבען געליטען דורך דיא אָפטע רעװאָלוציאָנען און קאָנטר־רעװאָלוציאָנען, זאָנדערן ער האָט נאָך אָנגעפאַנגען צו פערפאָלגען פערשיעדענע אויסלענדישע קאָמפּאַניעס און ספּעקולאַנטען, װעלכע האָבען אַרויסגעקראָגען זעהר װיכטיגע קאָנצעסיעס ביי דיא פריהערע דיקטאַטאָרס.

דיזע האַנדלונגען האָבען געפיהרט אין 1903 דערצו, אַז ענגלישע, דייטשע און איטאַליענישע קריעגס־שיפען האָבען בלאָקירט דיא פּאָרטען פון װענעצועלאַ, אום צו צווינגען איהם נאָכצוגעבען זייערע פינאַנציעלע פאָדערונגען. ער האָט דאַן אַפּעלירט צו דער רעגיערונג פון יונייטעד סטייטס זיך אַריינצומישען אין נאָמען פון דער מאָנראָו דאָקטרין. זיין ביטע איז אָבער פערװאָרפען געװאָרען

אין וואַשינגטאָן, ווייל ער האָט פונקט אזוי שלעכט און קאַפּריזנע בעהאַנדעלט אַמעריקאַנער אונטערנעהמער און פינאַנסיסטען, וויא אויראָפּעאישע.

דער שטרייט איז דאַן איבערגעגעבען געוואָרען מיט דער צושטימונג פון אַלע צדדים צום אינטערנאַציאָנאַלען טריבונאַל אין האַאג, וועלכער האָט ענטשיעדען אין 1906, אַז ווענעצועלאַ דאַרף צאָהלען געוויסע סומען שאַדענערזאַץ צו דיא רעגיערונגען פון ענגלאַנד, דייטשלאַנד, איטאַליען א. ז. וו.

דערמיט האָבען זיך אָבער ניט געענדיגט דיא אַטאַקעס פון דיקטאַטאָר קאַסטראָ אויף אויסלענדישע קאָמפּאַניעס און קאַפּיטאַליסטען. ער האָט אַלץ בעהויפּטעט, אַז ער קעמפּפט פאַר דיא אינטערעסען פון זיין פאָטערלאַנד געגען דיא פערכאַפּונגען און עקספּלואַטאַציעס פון אויסלענדישע ספּעקולאַנטען און אינטריגאַנטען. אין 1907 האָט ער זיך ענטזאַגט צו צאָהלען צו בעלגישע קרעדיטאָרען און אויך צו געוויסע אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליסטען. דעם נעכסטען יאָהר האָט ער גאָר ארויסגעיאָגט דעם האָלענדישען געזאַנדטען אויף דעם גרונד, דאָס אויף דעם האָלענדישען אינזעל קוראַסאַאָ ווערען געמאַכט פערשווערונגען און'מען אָרגאַניזירט אַן עקספּעדיציע געגען זיין רעגיערונג. דיא האָלענדישע רעגיערונג האָט געענטפערט אויף אַזאַ ווילדען אַקט מיט קריעגס־שיפען, וועלכע האָבען בלאָקירט דיא ווענעצועלער פּאָרטען און פערניכטעט דיא ווענעצועלער פלאָטע.

אין פערלויף פון אכט יאָהר האָט דיזער זאָנדערבארער מאַן אָנגעהאַלטען זיין דיקטאַטור, צום טראָץ פון אַלע זיינע צאָהלרייכע אינלענדישע שונאים און פון דיא רעגיערונגען פון אַלע האַנדעלס־נאַציאָנען. עס איז שווער צו זאָגען, אויב ער וואָלט זיך אזוי ווייטער געקענט האַלטען, ווען ער וואָלט ניט געפונען פאַר נויטיג אין 1910 אַוועקצופאָהרען נאָך אויראָפּאַ. ער האָט ערקלערט, אַז ער מוז פאָהרען מאַכען אַ כירורגישע אָפּעראַציאָן, אום צו רעטען זיין לעבען, און האָט איבערגעלאָזען אויף זיין פּלאַץ דעם וויצע־פּרעזידענט כואַן גאָמעץ, אויף וועמעס טרייהייט ער האָט בעזאָנדערס געהאָפּט.

אָבער אין דער צייט, ווען אַ שיף האָט געפיהרט קאַסטראָ'ן נאָך פראַנקרייך, האָט גאָמעץ געמאַכט אַ פראָנונסיאַמענטאָ. קאַסטראָ'ס וויכטיגסטע אַנהענגער זיינען אַרעסטירט געוואָרען, און גאָמעץ איז ערקלערט געוואָרען פון דיא פערשווערער פאַר דעם פּרעזידענט. דיזע רעוואָלוציאָן איז דורכגעפיהרט געוואָרען אָהן בלוט־פערגיסונגען, אָבער קאַסטראָ, וועלכער האָט נאַטירליך פייערדיג פּראָטעסטירט געגען דיזען פעררעטה, איז געקומען אין אָנפאַנג פון 1913 צוריק פון אויראָפּאַ געזונד און פריש פאַר אַ נייע רעוואָלוציאָן. צו דער צייט, ווען דיזע געשיכטע ווערט געשלאָסען (מערץ 1914), זיצט נאָך גאָמעץ אויף'ן פּרעזידענטען־שטוהל אין קאַראַקאַס, און קאַסטראָ זוכט אַלץ צו ווערען ווידער דיקטאַטאָר.

## ערשטער קאַפּיטעל.

# דיא שפּאַנישע בעזעצונגען און הערשאַפט אין דיא לאַ פּלאַטאַ געגענדען

אין 1516 האָט דיא שפּאַנישע רעגיערונג געשיקט אַן עקספּעדיציע אונטער דער קאָמאַנדע פון כואַן דיאַז דע סאָליס צו זוכען אַ זיד־וועסטליכען וועג נאָך אינדיען. דיזער קאַפּיטאַן איז פאָרבייגעפאָהרען דיא ברעגען פון בראַזיליען, וועלכע זיינען שוין ענטדעקט געוואָרען פון דעם פּאָרטוגעזישען קאַפּיטאַן פּעדראָ קאַבראַל מיט זעכצעהן יאָהר פריהער, ביז ער איז צוגעקומען צו דער זעהר ברייטער מינדונג פון אַ טייך, וואָס האָט געקראָגען דעם נאָמען ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ (זילבער־טייך). אָנפאַנגס האָט ער געמיינט, אַז ער האָט טאַקע דערגרייכט דעם זידליכען ענד פון דיזען לאַנד און אז ער האָט שוין ענטדעקט דעם פיעל געזוכטען נייען ים־וועג נאָך אינדיען. אָבער וואָס ווייטער ער איז געשוואומען, האָט ער אויסגעפונען, אַז דאָס וואַסער ווערט אַלץ ווייניגער געזאַלצען, וואָס עס האָט איהם נאַטירליך געפיהרט צום שלוס, אַז ער שווימט גאָר אויף אַ ברייטען טייך.

דיזע רייזע איז אָבער געקומען צו אַ שנעלען סוף דורך דעם טראַגישען טויט פון קאַפּיטאַן דע סאָליס. אין איין אָרט ביי דיא נאָרדליכע ברעגען פון לאַ פּלאַטאַ, וואו ער האָט געלאַנדעט מיט עטליכע בעגלייטער, איז ער פּלוצלונג בעפאַלען און געטויטעט געוואָרען פון אַ באַנדע ווילדע אינדיאַנער. דיא עקספּעדיציע האָט זיך דאַן צוריקגעקעהרט נאָך שפּאַניען. ווען דיא פּאָרטוגעזישע רעגיערונג איז געוואָהר געוואָרען, אַז שפּאַניער האָבען געלאַנדעט אין דער נאָכבאַרשאַפט פון בראַזיליען, האָט זיא פּראָטעסטירט אויף דעם גרונד פון דעם אָבמאַך פון טאָרדעסילאַס*) אין 1494, נאָך וועלכען דיא ניי־ענטדעקטע לענדער 370 ליג (אַזאַ אַלטע מאָס אונגעפעהר דריי ענגלישע מייל) צו מערב פון דיא קאַפּ ווערדע אינזלען האָבען געהערט צו איהר. אָבער אָבגעזעהען דערפון, וואָס ניט נור דיא געגענדען אַרום לאַ פּלאַטאַ, וועלכע זיינען געבליבען שפּאַנישע קאָלאָניעס אונטער דיא נעמען אַרגענטינאַ און אורוגוואַי, זאָנדערן אפילו כמעט גאַנץ בראַזיליען געפינען זיך פיעל ווייטער צו מערב פון דיא דאָזיגע אינזלען, זאָ

*) זעה וועגען דעם דיא איינלייטונג אין דיזען בוך.

דאָס זיי האָבען טאַקע געהערט צו שפּאַניען, האָט פּאָרטוגאַל דאָן סאַי וויא סאַי קיין זאַך ניט געטהאָן צו פערנעהמען און בעפעסטיגען אירגענד וועלכען פּאָרט אין דיזע געגענדען.

דיא שפּאַנישע רעגיערונג האָט זיך אין יענער צייט איבערהויפּט גאַנץ וועניג געקימערט וועגען דיא פּראָטעסטען פון פּאָרטוגאַל. שפּאַניען איז דאַך געוועזען אין 16טען יאָהרהונדערט דיא גרעסטע און שטאַרקסטע מלוכה אין אייראָפּאַ. אין 1519 האָט זיא יעדענפאַלס געשיקט א נייע עקספּעדיציע נאָך זיד־אַמעריקא צו זוכען אַלץ דעם זיד־וועסטליכען וועג נאָך אינדיען. דיזעס מאָל איז דער קאַפּיטאַן פון דער שפּאַנישער עקספּעדיציע געווען א פּאָרטוגעזער, דער בעריהמטער פערנאַנדאָ מאַגעלאַן, וועלכער האָט טאַקע ענטדעקט דעם דאָזיגען וועג און דערצו נאָך געמאַכט דיא ערשטע רייזע אַרום דער ערד. ער איז אַריינגעטראָטען אין שפּאַנישען דיענסט, ווייל ער האָט ניט געפונען גענוג שטיצע פאַר זיינע פּלענער אין זיין פאָטערלאַנד. אין אָנפאַנג פון 1520, ווען ער האָט דערגרייכט לאַ פּלאַטאַ, האָט ער אויך אויסגעפאָרשט דיא געגענד, טאָמער וועט איהם דאַך געלינגען צו געפינען א וועג צו אָסט־אינדיען. נאָכהער האָט ער זיך א לאָז געטהאָן אַלץ ווייטער צום זיד, ביז ער האָט דערגרייכט אין אָקטאָבער פון דיזען יאָהר דעם וואסער־וועג, וואָס טראָגט זיין נאָמען און וואָס פערבינדעט דעם אַטלאַנטישען מיט דעם פּאַסיפישען אָקעאַן (זעה איינלייטונג צו דער געשיכטע פון יונייטעד סטייטס אין דיזען בוך).

דיזער וועג איז אָבער וועניג בענוצט געוואָרען ספּעציעל דעריבער, ווייל ער איז זעהר א געפעהרליכער פאַר זעגעל־שיפען. דאָרטען בלאָזען כמעט שטענדיג צו שטאַרקע ווינטען. מאַגעלאַן האָט געהאַט מזל, וואָס ער איז דורכגעשוואומען דאָרטען אָהן שום פערלוסט. דיא אַנדערע ים־פאָהרער, וואָס האָבען פּרובירט דיזען וועג, זיינען ניט געוועזען אזוי גליקליך. זיי האָבען כמעט אַלע געליטען שיפבּרוך צווישען דיא שאַרפע פעלזען אין דער צייט פון שטורמס. ערשט נאָך דער ערפינדונג פון דאַמפף־שיפען האָט דיזער ים־וועג אָנגעפאַנגען צו דיענען פאַר קאָמערציעלע צוועקען. דער פערקעהר צווישען שפּאַניען און איהרע קאָלאָניעס אויף דעם פּאַסיפישען אָקעאַן איז דארום אַלץ געפיהרט געוואָרען דורך דעם איסטמוס פון פּאַנאַמאַ.

דער ערשטער פערזוך אַריינצודרינגען טיעפער אין לאַנד דורך ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ מיט דעם צוועק צו גרינדען א קאָלאָניע איז געמאַכט געוואָרען אין 1526, ווען דיא שפּאַנישע רעגיערונג האָט געשיקט אַן עקספּעדיציע אונטער דער קאָמאַנדע פון סעבאַסטיאַן קאַבאָט, וועלכער האָט פריהער אַנטהייל גענומען אין דער בעריהמטער רייזע פון זיין פאָטער ביי דיא ברעגען פון נאָרד־אַמעריקא אונטער דעם ענגלישען פלאַג. אין 1519 האָט ער פערלאָזען דעם ענגלישען קעניג און איז אַריינגעטראָטען אין דיענסט ביי דעם שפּאַנישען קעניג,

וועלכער איז צוגלייך געווען דער קייזער פון דייטשלאַנד אונטער דעם נאָמען קאַרל דער פינפטער. איינע פון דיא אויפגאבען פון זיין עקספעדיציע איז געווען צו בעשטימען דורך אַסטראָנאָמישע בעאָבאַכטונגען דיא גענויע גרענעץ־ליניע, לויט דעם אָבמאַך פון טאָרדעסילאַס, צווישען דיא פּאָסעסיעס פון שפּאַניען און פון פּאָרטוגאַל אין זיד־אַמעריקאַ. נור ווען ער איז אריינגעשוואומען אין לאַ פּלאַטאַ, האָט ער זיך דערוואוסט פון דיא אינדיאַנער אין איין אָרט, אַז אין דער נאַכבארשאַפט געפינען זיך זילבער־מינען און אַז וועיט־וויט אין מיטען לאַנד געפינט זיך אַ גרויסע און רייכע מלוכה. דאָס האָבען דיא אינדיאַנער געמיינט דיא אינקאַ־אימפּעריע אין פּערו. דיזע אינדיאַנער האָבען אויך געטראָגען זילבער־ציערונגען, וועלכע זיי האָבען געקראָגען פון דיא זילבער־מינען אין באָליוויאַ און פּערו דורך פערשיעדענע הענד. אָבוואָהל דיא אינקאַס האָבען זיך קיין מאָל ניט אַרונטערגעלאָזען פון דיא הויכע פּלאַטאָס אויף דיא אַנדעסען ביז צו דיא ערטער אין דיא טראָפּישע מזרח־געגענדען וואו עס פאַנגען אָן צו פליסען דיא טייכען, וועלכע פאַלען אריין אין אַמאַזאָן און אין לאַ פּלאַטאַ, דאָך האָט עקזיסטירט אַ געוויסער פערקעהר צווישען דיא ווילדע אינדיאַנער דאָרטען און דיא פּערואַנער. וועגען דיא עקזיסטענץ פון דער אינקאַ־אימפּעריע האָט מען געהערט אין דער אינדיאַנער וועלט אַזוי וויט צום נאָרד וויא פּאַנאַמאַ (זעה דיא געשיכטע פון צענטראַל־אַמעריקאַ) און אַזוי וויט צום זיד, וויא דיא אַטלאַנטישע ברעגען פון ארגענטינאַ.

ווען קאַבאָט און דיא אַוואַנטוריסטען, וועלכע האָבען איהם בעגלייטעט, האָבען דערהערט פון זילבער־מינען, האָבען זיי גלייך בעשלאָסען צו זוכען אַזוי לאַנג ביז זיי וועלען געפינען דאָס זילבער־לאַנד. דריי יאָהר האָבען זיי פערבראַכט אין אַזאַ זוכענעס. איין טהייל פון דיא אַוואַנטוריסטען האָט זיך אַוועקגעלאָזען אויף דעם טייך אורוגוואַי; אָבער דיא אינדיאַנער פון דעם שטאַם טשאַרואַס האָבען זיי געצוואונגען אָבצוטרעטען צוריק און אויך געטויטעט זייער קאַפּיטאַן. קאַבאָט אַליין, מיט דעם גרעסערען טהייל פון דיא אַוואַנטוריסטען, איז אריינגעשוואומען אין דעם טייך פּאַראַנאַ און האָט אין דעם אָרט, וואו עס געפינט זיך היינט דיא שטאָדט סאַנטאַ פע, געגרינדעט אַ קאָלאָניע אונטער דעם נאָמען סאַן עספּיריטו (הייליגער גייסט). נאָכהער האָט ער פּאָרטגעזעצט וויטער זיין רייזע איבער פּאַראַנאַ ביז ער איז צוריקגעקומען צום פּלאַץ אַפּיפּע, וואו שטיינער און אַ שנעלער שטראָם האָבען איהם איבערגעהאַקט דעם וועג. אויף זייערע רייזען האָבען דיא שפּאַניער צוזאַמענגעקליבען זילבער־ציערונגען, וועלכע דיא אינדיאַנער האָבען געטראָגען, און דאָס אַוועקגעשיקט נאָך שפּאַניען מיט אַ בעריכט איבער זייערע ענטדעקונגען. צוליעב דיזע שטיקלעך זילבער האָט עס דער ברייטער טייך, אין וועלכען עס פאַלען אריין דיא גרויסע טייכען פּאַראַנאַ און אורוגוואַי, געקראָגען דעם נאָמען ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ. דערפון

שטאַמט אויף דער נאָמען אַרגענטינאַ (פון דעם לאַטיינישען וואָרט אַרגענטום, וואָס בעדייטעט זילבער).

אָבער קיין זילבער־מינען האָבען דיזע אַוואַנטוריסטען ניט געפונען. דיא געגענדען פון לאַ פּלאַטאַ זיינען רייך אין פרוכטבאַרע פעלדער, אָבער ניט אין מינעראַלען. ערשט ווייטער צו מערב־זייט, וואו עס פאַנגען זיך אַן דיא אַנדעסען, געפינען זיך ערטער, וואָס זיינען רייך אין פערשיעדענע מעטאַלען. ווען קאַבאָט איז, נאָך לאַנגע אומזיסטע זוכענעסען און אויך צוזאַמענשטויסען מיט ווילדע אינדיאַנער, צונעשוואוּמען צוריק צו סאַן עספּיריטו, האָט ער אויסגעפונען, אַז דיא אינדיאַנער האָבען אַלעס צושטערט דאָרטען און אויסגעשלאַכטעט דיא עטליכע שפּאַנישע סאָלדאַטען אין דעם פאָרט. דיזער אונגליק האָט אַזוי ענט־מוטהיגט דיא אַוואַנטוריסטען, אַז זיי האָבען בעשלאָסען צו פאָהרען צוריק נאָך שפּאַניען.

אין 1530 האָט קאַבאָט זיך געווענדעט צו קאַרל דעם פינפטען מיט אַ ביטע צו געבען איהם דיא נויטיגע מיטעל פאַר אַ נייע עקספּעדיציע נאָך לאַ פּלאַטאַ. זיין פּלאַן איז געווען צו קומען אין פערבינדונגען מיט פּערו דורך דעם טייך בערמעכאָ, וועלכער איז אַ צופלוס פון פּאַראַנאַ און וועלכער פאַנגט זיך אַן אין דיא בערג לעבען באָליוויאַ. אָבער דער קעניג איז דאַן געווען פערנומען מיט דער מלחמה, וועלכע ער האָט געהאַט צו פיהרען מיט דעם פראַנצויזישען קעניג, און ער האָט איבערגעלאָזען דיא ווייטערע עקספּעדיציעס צו דיא רייכע גראַנדעס (הויכע אַריסטאָקראַטען). צוויי יאָהר שפּעטער איז דיא ערָאָבערונג פון פּערו אויסגעפיהרט געוואָרען פון אַוואַנטוריסטען, וועלכע זיינען געקומען אונטער דער קאָמאַנדע פון פראַנציסקאָ פּיזאַרא אויף שיפען פון פּאַנאַמאַ (זעה דיא געשיכטע פון פּערו).

וויא נור מען האָט געקראָגען צו וויסען אין שפּאַניען וועגען דיזע ערָאָבערונג, וועלכע האָט אויפגערודערט דיא גאַנצע אייראָפּעאי־שע וועלט אין העכסטען גראַד, כמעט אַזוי וויא קאָלאָמבוס׳עס ענטדעקונג פון אַמעריקאַ, איז קאַרל דער פינפטער בעלאַגערט געוואָרען פון אַדעליגע, וועלכע האָבען געבעטען ערלויבנים צו קעמפּפען אין דער נייער וועלט פאַר דיא שפּאַנישע הערשאַפט. איינער פון זיי, אַ גראַנדע מיט׳ן נאָמען פּעדראָ דע מענדאָזאַ, האָט געקראָגען ביים קעניג דיא פּריווילעגיע צו פערנעהמען אַ טערי־טאָריע פון 200 ליג ביי דיא ברעגען פון אַטלאַנטישען אָקעאַן צום זיד פון דיא פּאָרטוגעזישע פּאָסעסיעס אין בראַזיליען (דיא קעניגע האָבען דאַן ניט גע־זשאַלעוועט ריזיגע שטיקער לאַנד, ניט וויסענדיג וויא גרויס דיא ניי־ענטדעקטע געגענדען זיינען). אויף זיין אייגענער רעכנונג האָט ער אָרגאַניזירט אַן עקס־פּעדיציע פון 2500 מאַן. דאָס איז געווען דיא גרעסטע און רייכסטע פון דיא עקספּעדיציעס וואָס זיינען געשיקט געוואָרען נאָך דער נייער וועלט. אין יאַ־

נואר 1535 איז מענדאזא אנגעקומען אין לא פלאטא און אין אן ארט ביי דיא זידליכע ברעגען פון דיזען ברייטען טייך האט ער געגרינדעט א קאלאניע, וועלכע האט געקראגען דעם נאמען בוענאס ערעס (בעדייטעט: גוטע לופט). נאכהער האט ער נאכגעפאלגט קאבאט׳ס וועג איבער דעם טייך פאראנא און ניט וויט פון דעם צערשטערטען פארט סאן עספיריטו האט ער אויפגעבויט א פארט מיט׳ן נאמען קארפוס קריסטי.

אבער דיא אינדיאנער אין דער נאכבארשאפט פון בוענאס ערעס זיינען געוועזן פייערדיגע קריגער. זיי האבען געהאסט מיט זייער ווילדען צארן דיא ווייסע און געטהאן אלעס פון זייער זייט צו פערניכטען דיא אונגעבעטענע געסט. זיי האבען געלעבט אין קליינע גרופען אין אזא ווילדען צושטאנד, אז ווען זיי וואלטען אפילו געוועזן פריינדליך צו דיא שפאניער, וואלטען זיי אויך ניט געקענט שאפען גענוג שפייז פאר אזוי פיעל נייע מיילער. ווען דיא פראוויזיע וואס דיא שפאניער האבען מיטגעבראכט, איז אויסגעגאנגען, האבען אלע געליטען הונגער. אין פערלויף פון א יאהר זיינען פון קראנקהייטען, הונגער און צוזאמענשטויסען מיט אינדיאנער אומגעקומען פיער־פינפטעלעך פון דיא אוואנטוריסטען. דיא איבעריגע האבען זיך קוים דערשלעפט ביז צום פארט קארפוס קריסטי, וואו זיי האבען זיך בעפעסטיגט געגען דיא אטאקעס פון אינדיאנער. מענדאזא, וועלכער איז אליין אויך קראנק געווארען, האט ארויסגעשיקט פון דיזען פארט קליינע עקספעדיציעס צו דערגרייכען ביז פערו; אבער דאס איז זיי ניט געלונגען. בלויז איינע פון דיזע קליינע עקספעדיציעס אונטער דער קאמאנדע פון דאמינגאס איראלא האט עפעס אויסגעפיהרט. אין דעם ארט, וואו דער טייך פילקאמאיא פאלט אריין אין דעם טייך פאראגוואי, האבען זיי אין 1536 געלייגט דעם פונדאמענט פון א בעזעצונג, וועלכע זיי האבען א נאמען געגעבען אסונסיאן לכבוד דעם דאזיגען קאטאלישען יום טוב און וועלכע האט געהאט דעם מזל צו ווערען דיא ערשטע שטענדיגע שפאנישע קאלאניע אין מיטען לאנד פון זיד־אמעריקא. אן אנדערע פון דיזע עקספעדיציעס האט וואהרשיינליך נאך לאנגע שלעפעניסען און גרויסע מאטערניסען דערגרייכט טאקע ביז דיא בערג פון באליוויא, לויט דיא בעריכטען פון איינינגע אינדיאנער, אבער קיינער פון זיי האט ניט דערלעבט צוריקצוקומען.

פון מענדאזא׳ס גרויסער עקספעדיציע זיינען אזוי געבליבען בלויז עטליכע אוואנטוריסטען, וועלכע האבען זיך צוזאמענגעקליבען אין אסונסיאן, וואס איז געווארען די הויפט־שטאדט פון פאראגוואי, און האבען אויסגעקליבען איינשטימיג זייער פיהרער איראלא פאר דעם גענעראל־קאפיטאן אין 1538. דער שרעקליכער סוף פון מענדאזא׳ס עקספעדיציע האט אבער ניט אבגעשראקען אנדערע אוואנטוריסטען צו מאכען נייע פערזוכען צו עראבערען און קאלאניזירען דיא געגענדען, וואו עס געפינען זיך היינט דיא רעפובליקען ארגענטינא, פאראגוואי

און אורוגוואי. אין 1540 האָט קאַבעזאַ דע וואקאַ, א גראַנדע און א בעוואוס־טער קאָנקוויסטאַדאָר, געקראָגען א קעניגליכע ערלויבניס צו קאָלאָניזירען דיא געגענדען ארום לאַ פּלאַטאַ און צו זוכען א נייע עלדאָראַדאָ. ער האָט פון דאָס נייע געגרינדעט א קאָלאָניע אין דעם אָרט, וואו עס שטעהט היינט בוענאָס ערעס, דיא גרעסטע שטאָדט פון זיד־אַמעריקאַ און דער גרעסטער פּאָרט פון דער נייער וועלט נאָך ניו יאָרק.

דיזער צווייטער פערזוך איז אָבער געווען נאָך וועניגער ערפאָלגרייך פון דעם ערשטען. קאַבעזאַ דע וואקאַ האָט זיך געאיילט צו דערגרייכען אַסונסיאָן. איין טהייל פון זיינע אַוואַנטוריסטען האָט ער געשיקט אויף שיפען איבער לאַ פּלאַטאַ און פּאַראַנאַ און מיט אַן אַנדער טהייל האָט ער זיך א לאָז געטהאָן איבער דער יבשה פון דעם פּאָרט סאַנטאַ קאַטארינאַ ביי דיא ברעגען פון בראַ־זיליען נאָך אַסונסיאָן. דאָס איז איהם געלונגען, טראָץ פערשיעדענע מאַטער־ניסען אויף׳ן וועג, וואָס האָט זיך געצויגען א טויזענד מייל דורך טראָפּישע וועלדער, איבער בערג, טהאָלען און זומפּען. נור ער איז באַלד געקומען אין א צוזאַמענשטויס מיט איראַלאַ, וועלכער איז געשטיצט געווען פון אַלע קאָלאָ־ניסטען, און דער סוף איז געווען, אַז זיי האָבען איהם אַרעסטירט און אַרויסגע־זעצט אויף א שיף, וועלכע האָט איהם אַוועקגעפיהרט נאָך שפּאַניען. דיא בע־זעצונג אין בוענאָס ערעס איז אין 1543 ווידער צושטערט געוואָרען פון דיא ווילדע אינדיאַנער.

נאָך דיזען דורכפאַל זיינען פּאָריבער א יאָהר פערציג ביז עס איז געלונגען דיא שפּאַניער צו עטאַבלירען א קאָלאָניע ביי דיא ברעגען פון לאַ פּלאַטאַ. דיא גרינדער זיינען שוין אָבער ניט געווען געבאָרענע שפּאַניער, נור קרעאָלען, וועלכע זיינען געבאָרען און אויפגעוואַקסען געוואָרען אין פּאַראַגוואי און וועלכע האָבען אַלץ מעהר אָנגעפאַנגען צו פיהרען א לעבען פון יעגער אויף דיא טאַבונעס פערד און סטאַדעס בהמות, וואָס האָבען זיך פערמעהרט מיט א וואונדערבאַרער שנעל־קייט פון דיא עטליכע פּאָרען, וועלכע מענדאָזאַ האָט מיטגעבראַכט צוזאַמען מיט דיא קאָלאָניסטען. אין א קורצער צייט האָבען זיך צושפּרייט איבער דיא פּאַמפּאַסען, וויא מען רופט דיא סטעפּעס פון אַרגענטינאַ, מיליאָנען פערד, אָקסען, שעפּסען, ציעגען א. ז. וו. דיא אַרגענטינער נאַציאָן האָט זיך אָנגע־פאַנגען פון דיא קרעאָלען און מעסטיזאָס, וועלכע האָבען געקראָגען דעם נאָמען גאַוטשאָ און וועלכע האָבען דעם גרעסטען טהייל פון זייער לעבען פערבראַכט רייטענדיג אויף פערד, אַזוי וויא דיא קאָו־באָיס אין ווילדען וועסט פון יונייטעד סטייטס. אין דיא סטאַדעס ווילדע בהמות האָבען דיזע קאָזאַקען פון דיא פּאַמ־פּאַסען, דיזע אַרגענטינער קאָו־באָיס, שטענדיג געהאַט אונטער דיא הענד אַן אונערשעפּפליכען זאַפּאַס פון שפּייז.

אונטער דער פיהרונג פון אַן אַוואַנטוריסט מיט׳ן נאָמען כואַן דע גאַראַי,

וועלכער האט אנטהייל גענומען אין דער ערָאבערונג פון פערו, האבען זיך א באנדע קרעאלען א לאז געטהאן פון אסונסיאן ארונטער מיט דיא טייכען פאראגוואי און פאראנא ביז דעם ארט, וואו עס זיינען געבליבען סמנים פון דיא ערשטע בעזעצונגען סאן עספיריטו און קארפוס קריסטי און וואו זיי האבין געגרינדעט סאנטא פע, דיא ערשטע פון דיא שטעדט אויף דער טעריטאריע פון דער ארגענטינער רעפובליק. ווען דיא בעזעצונג אין סאנטא פע איז שטארקער געווארען און האט געקענט אויסהאלטען דיא אטאקעס פון דיא ארומיגע אינדיאנער, האט גאראי צוזאמענגעקליבען א נייע באנדע קרעאלען אום צו גרינדען אויך א קאלאניע ביי דיא ברעגען פון לא פלאטא. אין 1580 איז איהם טאקע געלונגען, נאך א זיעגרייכער שלאכט מיט דיא אינדיאנער, צו לייגען דעם פונדאמענט פון בוענאס ערעס. אום דיזע קאלאניע זאל קענען עקזיסטירען אהן אירגענד וועלכע הילפע פון שפאניען, האט דיזער זעהר פעהיגער און ענערגישער אנפיהרער ארויסגעשיקט פון סאנטא פע עטליכע הונדערט פאמיליעס פון דיא פריינדליכע אינדיאנער־שטאמען צוזאמען מיט א טויזענד פערד, עטליכע הונדערט קיה, שעפסען א. ז. וו. אונטער דעם שוץ פון גאוטשאס, וועלכע האבען געהאט דיא אויפגאבע צו פערטרייבען דיא ווילדע אינדיאנער אויף'ן וועג. אויף שיפען האט ער געשיקט פון סאנטא פע תבואות, געוועהר, אינסטרומענטען און אנדערע זאכען, וועלכע זיינען נויטיג געווען פאר דיא גרינדונג פון א קאלאניע אין יענע צייטען. דיא וויכטיגסטע אורזאכע, ווארום גראדע דער ארט בוענאס ערעס איז אויסגעקליבען געווארען פון מענדאזא, דע וואקא און גאראי פאר דיא ערשטע בעזעצונג ביי דיא ברעגען פון לא פלאטא, איז געווען, וואס דארט געפינט זיך א קליינער טייכעל מיט'ן נאמען ריאטשועלא, וועלכער האט געקענט דיענען אלס האפען פאר קליינע שיפלעך.

גראדע אין דעם זעלבען יאהר, ווען סאנטא פע איז געגרינדעט געווארען, זיינען שפאניער צוגעקומען פון פערו צו אן ארט, וואו עס געפינט זיך דיא ארגענטינער שטאדט קארדאבא, וועלכע זיי האבען דאן געגרינדעט. דיא שווערד־העלדען אין פערו האבען ניט געקענט בלייבען רוהיג אויף איין ארט. זיי האבען אלץ געזוכט נייע עלדאראדאס און האבען אלץ געוואלט זיך אויסצייכנען מיט נייע העלדענטהאטען. אין 1553 האבען אייניגע אוואנטוריסטען זיך ארונטערגעלאזען פון דיא אנדעסען אין פערו ביז צו דיא געגענדען פון ארגענטינע, וואו עס געפינט זיך היינט דיא שטאדט סאנטיאגא דעל עסטעווא. אין 1559 האט אן עקספעדיציע, וועלכע איז ארויס פון טשילי אונטער דער קאמאנדע פון גארסיא דע מענדאזא, דורכגעקרייצט דיא אנדעסען ביז צו דער געגענד, וועלכע בילדעט היינט דיא ארגענטינער פראווינץ וואס טראגט זיין נאמען און וואס ציהט זיך ביי דיא גרענעצען פון טשילי.

אזוי זיינען געשאפען געווארען אין דער צווייטער העלפט פון 16טען יאהר־

הונדערט עטליכע צענטראַל־פּונקטען פון שפּאַנישע הערשאַפט אין דיא זידליכע אַטלאַנטישע געגענדען פון זיד־אַמעריקאַ.

אין דעם יאָהר פון דער גרינדונג פון בוענאָס ערעס, וואו גאַראַי האָט איינגע־פיהרט אַ קאַבילדאָ אָדער שטאָדט־פערוואַלטונג נאָך דעם היימישען שפּאַנישען מוסטער, האָט שפּאַניען דערגרייכט דיא העכסטע שטופע פון איהר מאַכט, ווייל דאַן איז פּאָרטוגאַל מיט אַלע איהרע קאָלאָניעס אין אַזיען (איסט־אינדיען), אַפריקאַ און אַמעריקאַ געוואָרען אַ טהייל פון דער שפּאַנישער אימפּעריע. דער שפּאַנישער קעניג האָט אַזוי געהערשט איבער אַלע עקען וועלט. דער פּאַסיפי־שער אָקעאַן איז געווען דאַן וויא אַ שפּאַנישע אָזערע, ווייל אַלע בעקאַנטע וועגען צו איהם זיינען געווען אין שפּאַנישע הענד (ספּעציעל דער פּאַנאַמאַ־וועג און דער מאַגעלאַן־וועג). אָבער אין 1616 האָט דער האָלענדישער קאַפּיטאַן שאָוטען געפונען אַ נייעם וועג צום פּאַסיפישען אָקעאַן, נעמליך דעם וועג אַרום קעיפּ האָרן (דער ווייטעסטער זידליכער פּונקט פון דער נייער וועלט) אויף דעם גרויסען אינזעל, וואָס טראָגט דעם נאָמען טיערא דעל פועגאָ (פייערלאַנד), אָבוואָהל דאָרטען איז זעהר קאַלט. דיזען אָפענען וועג אויף ביידע אָקעאַנען, וועלכע טרעפען זיך, זאָ צו זאָגען, צוזאַמען ביי קעיפּ האָרן, האָט שוין שפּאַניען ניט געקענט קאָנטראָלירען. ער איז ניט געווען אַזוי געפעהרליך פאַר זעגעל־שיפען, וויא דער וועג וואָס מאַגעלאַן האָט ענטדעקט מיט קנאַפּע הונדערט יאָהר פריהער. האָלענדישע, ענגלישע און פראַנצויזישע שיפען האָבען שוין געקענט צוקומען צו טשילי, פּערו און בכלל צו דיא לענדער ביי דיא ברעגען פון פּאַסיפי־שען אָקעאַן און פיהרען דאָרטען אַזאַ האַנדעל, וויא דאָס איז נור מעגליך געווען אונטער דיא אומשטענדען.

דאָס איז געווען אַ קאָנטראַבאַנדע־האַנדעל. מיר ווייסען שוין פון פריהערע קאַפּיטלעך, אַז דיא שפּאַנישע רעגיערונג האָט פערבאָטען יעדען האַנדעל פון איהרע קאָלאָניעס מיט דער אויסערער וועלט. דיא שפּאַנישע קעניגע האָבען געקוקט אויף אַמעריקאַ, וויא אויף זייער פּריוואַט־אייגענטהום. זיי האָבען דאַרום געזוכט נור צו מאַכען פּראָפיטען פאַר זיך. דערביי האָבען זיי פערגעסען אָן דיא אינטערעסען ניט נור פון דיא קאָלאָניעס, זאָנדערן פון שפּאַניען גופא. דער האַנדעל מיט דיא קאָלאָניעס איז איבערגעגעבען געוואָרען צו איין פּרי־ווילעגירטער קאָמפּאַניע, צו דער קאָמפּאַניע פון קאַדיקס. נור דיא שיפען פון דיזער קאָמפּאַניע האָבען געמעגט טראַנספּאָרטירען סחורות צווישען שפּאַניען און אַמעריקאַ. דער מאַרשרוט פון דיא שיפען איז געווען פון קאַדיקס ביז דעם פּאָרט נאָמברע דע דיאָס אויף דעם איסטמוס פון פּאַנאַמאַ. פון דיזען פּאָרט פלעגט מען נאָכהער פאַנאַנדערשיקען סחורות נאָך אַלע קאָלאָניעס, אפילו אַזעלכע וואָס האָבען געהאַט פּאָרטען ביי דיא ברעגען פון אַטלאַנטישען אָקעאַן. עס פערשטעהט זיך, אַז אַלע אימפּאָרטירטע ארטיקלען זיינען געווען בראַנד־טהייער

און אז צוליעב דעם האט מען געקענט מאכען אויסגעצייכענטע געשעפטען דורך קאנטראבאנדע.

וויא רואינירענד און פשוט אונזיניג אזא האנדעלס־סיסטעם איז געווען ווארפט זיך בעזאנדערס אין דיא אויגען, ווען מען בעטראכט ארגענטינא און איבערהויפט דיא לענדער ביי דיא טייכען, וואס פאלען אריין אין לא פלאטא. אזא אטלאנטישער פארט וויא בוענאס ערעס האט גאר ניט געטארט האבען דירעקטע האנדעלס־פערבינדונגען מיט אירגענד וועלכע אנדערע פארטען, אפילו ניט מיט קאדיקס. אנשטאט צו עפענען אזא נאטירליכען האנדעלס־וועג, וויא דורך לא פלאטא און איהרע צופלוסען ביז פערו, א וועג אויף וועלכען סעבאס־טיאן קאבאט און אנדערע ערשטע רייזענדע דארטען האבען אנגעצייגט דער שפאנישער רעגיערונג, האט מען ניט נור אנגעהאלטען דעם קינסטליכען וועג פון דער קאדיקסער מאנאפאל־קאמפאניע, זאנדערן מען האט זאגאר עטאבלירט אין קארדאבא א קאסטאם־הויז (טאמאזשנע, צאלהויז), וואו מען פלעגט צווינ־גען צו צאהלען 50 פראצענט פאר יעדע זאך, וואס פלעגט געשיקט ווערען פון פערו נאך ארגענטינא אדער פערקעהרט. דיא פראטעסטען פון דיא קאלאניס־טען האבען גאנץ ווייניג געווירקט אויף דער רעגיערונג אין מאדריד. קוים מיט צרות האבען דיא איינוואהנער פון בוענאס ערעס ארויסגעקראגען אין 1618 דיא ערלויבניס אין מאדריד ארויסצושיקען איין מאל א יאהר צוויי שיפען מיט זייערע פראדוקטען. וועגען דיא קאלאניעס אין ארגענטינא, אורוגוואי און פאראגוואי האט זיך דיא שפאנישע רעגיערונג געקימערט פיעל ווייניגער וויא וועגען דיא אנדערע, ווייל זיא האט פון זיי אפילו ניט ערווארטעט צו קריעגען דיא עדעלע מעטאלען, אויף וועלכע זיא האט ספעציעל אויסגעקוקט. דיא מאָ־נאפאליסטען פון קאדיקס האבען אבער שטענדיג זיך געשראקען, אז דורך דיזע אטלאנטישע קאלאניעס וועלען ענגלישע און האלענדישע שיפען קענען פיהרען קאנטראבאנדע אויך מיט דיא פאסיפישע קאלאניעס, און זיי האבען דארום גאנץ שטארק געזארגט, אז דער וועג דורך לא פלאטא זאל צוגעשלאסען ווערען. דיא וויכטיגסטע האנדעלס־פראדוקטען פון ארגענטינא זיינען דאן געווען, וויא אויך אין שפעטערע צייטען, פעל און פערד־האאר. דיא מאדרידער רעגיערונג וואלט אייגענטליך ניט געשטערט דיזען האנדעל, וואס איז געווען פון דער גרעסטער וויכטיגקייט פאר דיא גאוטשאס און פאר דער ווייטערער ענטוויקלונג פון דיא לא פלאטא קאלאניעס, ווען זיא וואלט ניט מורא געהאט, אז מען וועט אריינשמוגלען אין דיזע ארטיקלען פעקלעך מיט גאלד און זילבער פון פערו, באליוויא און טשילי, זא דאס זיא וועט ניט נור פערלירען איהר חלק (דער קעניג פלעגט קריעגען א פינפטעל פון אלע עדעלע מעטאלען, וועלכע מען פלעגט בע־קומען פון דיא מינען אין דיא קאלאניעס), זאנדערן אז אנדערע רעגיערונגען, אפילו איהרע ביטערסטע שונאים, וועלען בעקומען דיזען רייכטהום. דיא קעניגע

און מיניסטאָרען פון שפּאַניען און פון אַלע אייראָפּעאישע לענדער האָבען אין יענע צייטען שטאַרק געגלויבט, אַז רייכטהום בעשטעהט נור אין גאָלד און אין זילבער. דיא שפּאַנישע רעגיערונג, וועלכע האָט אַלץ מורא געהאַט, טאָמער וועט אַן אונציע פון דיא עדעלע מעטאַלען אַריינפּאַלען דורך שמוגלעריי אין דיא הענד פון איהרע שונאים, האָט זיך גאָר ניט אַרומגעזעהן, וויא זיי, דיא עדעלע מעטאַלען, זיינען אַלץ מעהר אַרויסגערונען פון איהרע הענד דורך איהר משונה׳־דיגע האַנדעלס־סיסטעם און האָבען זיך צוזאַמענגעקליבען דורך פערשיעדענע האַנדעלס־וועגען אין אַנדערע אייראָפּעאישע לענדער, ספּעציעל אין האָלאַנד, ענגלאַנד און פראַנקרייך.

דיא פּאָרטוגעזער, וועלכע האָבען זיך אַלץ ווייטער צושפּרייט איבער דיא ריזיגע געגענדען, וועלכע געהערען צו בראַזיליען, האָבען געקענט פיהרען אַ געהיימען האַנדעל מיט אַרגענטינאַ פיעל לייכטער פאַר דיא ענגלענדער און האָלענדער, ווייל זיי זיינען געווען נאָהענטע שכנים. אין 1680 האָבען דיא פּאָרטוגעזער עטאַבלירט אַ האַנדעלס־פּונקט אין אַ פּאָרט, וואָס האָט געקראָגען דעם נאָמען קאָלאָניאַ און וואָס האָט זיך געפונען אויף דעם נאָרדליכען ברעג פון לאַ פּלאַטאַ פונקט געגענאיבער בוענאָס ערעס. דאָס איז היינט אַ פּאָרט פון דער רעפּובליק אורוגוואַי. פון דיזען פּאָרט פלעגט מען אַריבערשמוגלען סחורות דירעקט נאָך בוענאָס ערעס אָדער נאָך אַנדערע שפּאַנישע בעזעצונגען אין דיא לאַ פּלאַטאַ געגענדען. דיא אַריבערגעשמוגעלטע אַרטיקלען פלעגען דערגרייכען דורך געוויסע יבשה־וועגען אפילו ביז לימאַ.

אין 1715 האָט ענגלאַנד אַרויסגעקראָגען ביי שפּאַניען נאָך דעם בעריהמ־טען טראַקטאַט פון אוטרעכט אַן ערלויבניס צוצושטעלען נעגער־שקלאַווען פאַר דיא שפּאַנישע קאָלאָניעס אין דער נייער וועלט. דיזע שקלאַווען־שיפען פלעגען זיך אָבער אויך בעשעפטיגען מיט קאָנטראַבאַנדע, בעזאָנדערס אין בוענאָס ערעס. אַלע אָנשטרענגונגען פון דיא שפּאַנישע בעאַמטע צו מאַכען אַ סוף פון דיזער שמוגלעריי האָבען ניט געהאָלפען, און אין 1739 האָט צוליעב דעם זאַגאַר אויס־געבראָכען אַ קריעג צווישען שפּאַניען און ענגלאַנד. נאָך דיזען קריעג האָט ענגלאַנד פערלאָרען דיא שענדליכע פּריווילעגיע צו אימפּאָרטירען שוואַרצע שקלאַווען אין דיא שפּאַנישע קאָלאָניע.

ערשט אין 1776 איז דיזע רואינירענדע האַנדעלס־סיסטעם אין גאַנצען אָבגעשאַפט געוואָרען, און אויך בוענאָס ערעס און אַנדערע פּאָרטען איז דיא לאַ פּלאַטאַ געגענדען זיינען געעפענט געוואָרען פאַר דעם האַנדעל פון אַלע נאַציאָנען. צו דער צייט האָט דיא שפּאַנישע רעגיערונג אויך בעשלאָסען צו עטאַבלירען אַ וויצע־קעניגטהום אין בוענאָס ערעס. אין דיזען וויצע־קעניגטהום זיינען אַריינגערעכענט געוואָרען דיא טעריטאָריעס פון אַרגענטינאַ, אורוגוואַי, פּאַראַגוואַי און באָליוויאַ. דער ערשטער וויצע־קעניג פון בוענאָס ערעס, דאָן

פּעדראָ דע צעבאַלאָס, האָט מיטגעבראַכט אַ שטאַרקע מיליטערישע מחנה צו פּעריאָגען דיא פּאָרטוגעזער פון זייער קאָנטראַבאַנדע־פּאָרט קאָלאָניאַ, וואָס עס איז איהם אויך געלונגען און וואָס עס האָט ענטשיעדען דעם שיקזאַל פון אור־רוגוואַי אַלס אַ שפּאַנישע קאָלאָניע.

דיא זעלבע רעגיערונגס־סיסטעם איז איינגעפיהרט געוואָרען אין אַרגענ־טינאַ אַזוי וויא אין דיא אַנדערע שפּאַנישע קאָלאָניעס. בוענאָס ערעס האָט גראַדע געהאַט דעם מזל, דאָס נאָך דעם טויט פון איהר גרינדער גאַראַי (ער איז פּלוצלונג בעפאַלען און געטויטעט געוואָרען פון ווילדע אינדיאַנער) איז דער אָנפיהרער געוואָרען אַ יונגער און זעהר פעהיגער קרעאָל מיט'ן נאָמען הער־נאַנדאַריאַס סאַאַוועדראַ, וועלכער איז געבאָרען געוואָרען פון שפּאַנישע עלטערן אין אַסונסיאָן אין 1561. ער האָט געפיהרט אַ שווערען און ביטערען קאַמפּף מיט דיא אינדיאַנער און האָט זעהר פיעל בייגעטראָגען צו דער ענטוויקלונג פון דיא יונגע קאָלאָניעס אין דיא לאַ פּלאַטאַ געגענדען. פאַר זיינע גוטע לייס־טונגען האָט איהם דיא שפּאַנישע רעגיערונג געמאַכט זאָגאַר פאַר דעם גובער־נאַטאָר פון בוענאָס ערעס. טראָץ דעם וואָס ער האָט אַלץ געקעמפּפט מיט דיא אינדיאַנער און געזוכט זיי צו אונטערוואַרפען אונטער דער הערשאַפט פון דיא שפּאַניער, איז ער אָבער געווען זעהר שטאַרק געגען זייער פערשקלאַוואונג און בכלל געגען דיא סיסטעם פון "רעפּאַרטימיענטאָס" אָדער "ענקאָמיענדאַס" (זעה וועגען דיא דאָזיגע סיסטעם דיא געשיכטען פון מעקסיקאָ און פּערו).

אין 1610, ווען דיא שפּאַנישע רעגיערונג האָט אַרויסגעלאָזען געזעצע גע־גען דיא ווייטערע פערשקלאַוואונג פון אינדיאַנער, האָט דיזער מערקווירדיגער קרעאָל זעהר ענערגיש זיי דורכגעפיהרט. פון דער אַנדער זייט האָט ער אויך גע־זוכט צו בעשיצען דיא אינטערעסען פון דיא קרעאָלען, מעסטיזאָס און בכלל פון דיא געבאָרענע אין לאַנד געגען דיא שפּאַנישע אַריסטאָקראַטען און בעאַמטע. געוועהנליך האָבען דיא געבאָרענע שפּאַניער ניט דערלאָזען, אַז דיא קרעאָלען זאָלען פערנעהמען וויכטיגע רעגיערונגס־שטעלען, בפרט נאָך דעם אַמט פון אַ גובערנאַטאָר, נור הערנאַנדאַריאַס סאַאַוועדראַ איז אין פיעלע פּרטים געווען אַן אויסנאַהמע פון כלל. אונטער זיין פערוואַלטונג האָבען טאַקע דיא קאָלאָניעס אין לאַ פּלאַטאַ געמאַכט זעהר שנעלע פאָרטשריטע. דער פערקעהר צווישען דיזע קאָלאָניעס און דיא ווייטע אינלענדישע קאָלאָניעס, וויא קאָרדאָבאַ, טוקו־מאַן און סאַנטיאַגאָ דעל עסטעוואָ ביי דיא מזרח'דיגע זייטען פון דיא אַנדעסען, איז אויך אַלץ גרעסער געוואָרען.

ער האָט אָבער אויך, אַלס שילער פון אַ גלח'שע שול אין אַ קלויסטער פון אַסונסיאָן, געהאָלפען דיא יעזואיטען צו פערשפּרייטען זייער הערשאַפט איבער דיא אינדיאַנער אַלץ ווייטער אין דיא לאַ פּלאַטאַ געגענדען. מיט דיא אויפ־טהואונגען פון דיא יעזואיטען דאָרטען וועלען מיר זיך פערנעהמען אין שפּעטערע

קאפיטלעך, בעזאָנדערס אין דער געשיכטע פון פאראגוואי, אין וועלכער זיי האָבען געשפיעלט דיא גרעסטע ראָלע. עס איז זיכער, אז אין ערגעץ האָבען דיזע גלחים ניט דערגרייכט צו אזא פאָליטישע מאכט, וויא אין דיא געגענדען צווישען דיא טייכען אורוגוואי, פאראנא און פאראגוואי. אָבער אין 1767 האָט דיא שפאנישע רעגיערונג געפאָלגט דעם ביישפיעל פון פּאָרטוגאל, וועלכע האָט דאָן בעזאָנדערס געקעמפפט געגען דיא יעזואיטען, און אויך פון פראנקרייך און האָט בעפוילען ארויסצויאָגען דיא יעזואיטען פון איהרע פאָסעסיעס, וואו זיי האָבען ערוואָרבען אונשעצבארע רייכטהימער. איינע פון דיא טעריטאָריעס פון ארגענטינא ווערט גערופען מיסיאָנעס. דער נאָמען קומט פון דיא מיסיאָנען, וואָס דיא יעזואיטען האָבען דאָרטען עטאבלירט אום צו קאָמאנדעווען איבער דיא פערשקלאווטע אינדיאנער.

ארום דער צייט, ווען בוענאָס ערעס איז געוואָרען דיא הויפט־שטאָדט פון א וויצע־קעניגטהום, האָבען זיך דאָרטען געפונען א צוואנציג טויזענד נפשות; אָבער דיא בעפעלקערונג איז שנעל געוואקסען דורך דיא פערגרעסערונג פון האנדעל נאָך דער אָבשאפונג פון דיא בעשרענקונגען און מאָנאָפּאָלען פון דער שפאנישער רעגיערונג. דיזע שטאָדט האָט געמוזט וואקסען אלס דער בעסטער פּאָרט פאר ריזיגע פרוכטבארע געגענדען און פאר א גרויסע סיסטעם פון טייכען, וואָס דרינגען אריין זעהר וויט צום נאָרד אויף דעם קאָנטינענט פון זיד־אמעריקא.



צווייטער קאַפּיטעל.

# דער קאַמפּף געגען ענגלאַנד און דיא רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג

צוזאַמען מיט דער פערמעהרונג פון דער בעפעלקערונג און מיט דער אויפבליהונג פון האַנדעל אין דער צווייטער העלפט פון 18טען יאָהרהונדערט איז אין בוענאָס ערעס אויך געשטיגען דער גייסט פון פרייהייט און זעלבסטשטענדיגקייט. אין דיזען גרעסטען פּאָרט פון זיד־אַמעריקאַ, וואו שיפען פון אַלע לענדער פלעגען זיך אַלץ מעהר צוזאַמענטרעפען, איז דיא גייסטיגע ענטוויקלונג, נאַטירליך, אויך אָנגעגאַנגען שנעלער וויא אין דיא אַנדערע שפּאַנישע קאָלאָניעס. דאַרום האָבען עס דיא דונערען פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן געפונען אַ פיעל הילכיגערען און שטאַרקערען אָבקלאַנג אין בוענאָס ערעס וויא אין אַלע אַנדערע ערטער פון דער לאַטיינישער אַמעריקאַ. דאַרום האָט אויך דיא בעוועגונג פאַר דיא אָבשאַפונג פון דער שפּאַנישער הערשאַפט געפונען דאָרט איהר גרעסטען און שטאַרקסטען צענטער.

נור גראַדע האָט עס געטראָפען, אַז מיט אַ יאָהר פיער פאַר דער גרינדונג פון דער ערשטער רעוואָלוציאָנערער כונטאַ אין בוענאָס ערעס האָבען דיא איינוואָהנער דאָרטען אַרויסגעצייגט בעזאָנדערע טרייהייט צו זייער מוטערלאַנד. דאָס איז געווען אין 1806, ווען שפּאַניען איז אַריינגעשלעפט געוואָרען פון נאַפּאָלעאָן׳ען אין זיין קאַמפּף מיט ענגלאַנד. דורך דיא זיעגען פון ענגלאַנד אויף׳ן ים האָט אויך דער האַנדעל צווישען שפּאַניען מיט איהרע קאָלאָניעס זעהר פיעל געליטען. נאַפּאָלעאָן אַליין איז געווען הילפלאָז געגען דיא ענגלישע קריעגס־שיפען. מיט איהר איבערמאַכט אויף׳ן ים האָט זיך דיא ענגלישע רעגיערונג בענוצט צי פערכאַפּען נייע קאָלאָניעס, בעזאָנדערס אין דיא לענדער מיט אַ מעסיגען קלימאַט. אין 1805 האָט ענגלאַנד פערכאַפּט דיא האָלענדישע קאָלאָניע קאַפּשטאַדט און אַנדערע געגענדען פון זיד־אַפריקאַ, וואו זיא איז געבליבען דיא הערשערין און וואו זיא האָט מיט קנאַפּע הונדערט יאָהר שפּעטער אויך צושטערט דיא בורען־רעפּובליקען טראַנסוואַאַל און אָראַנזש.

דעם נעכסטען יאָהר האָט זיא געשיקט אַ פלאָטע מיט 1500 סאָלדאַטען צו פערנעהמען דיא לאַ פלאַטאַ געגענדען, אויף וועלכע זיא האָט שוין לאַנג געוואָרפען אַן אויג.

ווען דיא ענגלישע סאָלדאַטען האָבען געלאַנדעט אין פּאָרט פון בוענאָס ערעס, האָט דער וויצע־קעניג זיך אָבגעטראָגען אָהן שום ווידערשטאַנד. עס קען זיין, אַז דיא ענגלענדער וואָלטען טאַקע אויסגעפיהרט זייער צוועק צו בעהערשען דיזע פּראַכטפאָלע געגענדען, וואָס זיינען אַזוי גוט פאַר אויראָפּעער, אויב עס וואָלט זיך דאַן ניט געפונען אין בוענאָס ערעס אַ זעהר פעהיגער און ענערגישער פראַנצויזישער אָפיציער מיט'ן נאָמען זשאַק דע ליניע, וועלכע איז אַריינגעטראָטען אין שפּאַנישען דיענסט. ער האָט שנעל צוזאַמענגעקליבען אין מאָנטעווידעאָ (היינט דער גרעסטער פּאָרט און דיא הויפּט־שטאָדט פון אורוגוואַי בייא דיא ברעגען פון לאַ פלאַטאַ) אַרום אַ טויזענד שפּאַנישע סאָלדאַטען מיט עטליכע קאַנאָנען און האָט אויך אויפגעמונטערט דיא מיליץ פון בוענאָס ערעס צו קעמפּפען ענערגיש געגען דיא אויסלענדישע פיינד, וועלכע זיינען אויך ערקלערט געוואָרען פאַר אפיקורסים פון דיא קאַטאָלישע גלחים צוליעב זייער פּראָטעסטאַנטיזם. ווען ליניע איז צוגעקומען צו בוענאָס ערעס מיט זיין מחנה, זיינען פון אַלע זייטען צוגעשטאַנען צו איהם וואָלאָנטירען. דער קליינער ענגלישער גאַרניזאָן אין בוענאָס ערעס איז אַרומגערינגעלט געוואָרען און איז געצוואונגען געווען נאָך אַ קורצען קאַמפּף אין דיא גאַסען זיך אונטערצוגעבען. אין דעם נאַציאָנאַלען מוזעאום פון אַרגענטינאַ ציינט מען מיט שטאָלץ דיא ענגלישע פלאַגען, וועלכע דיא פּאַטריאָטישע בירגער אונטער דער קאָמאַנדע פון אַ פראַנצויז האָבען דאַן צוגענומען ביי דיא בעזיעגטע ענגלישע סאָלדאַטען.

דיזער דורכפאַל האָט אָבער אויפגערייצט דיא ענגלישע רעגיערונג צו מאַכען אַ נייע פּראָבע צו פערכאַפּען בוענאָס ערעס, וואָס עס האָט אויך געמיינט דיא לאַ פלאַטאַ געגענדען. אין 1807 האָט זיא שוין געשיקט אַן אַרמעע פון 8000 מאַן, אום איינצונעהמען בוענאָס ערעס. אָבער דיא איינוואָהנער וועלכע האָבען געקראָגען מוטה נאָך זייער זיעג איבער ענגלישע סאָלדאַטען, האָבען זיך בעוואַפענט און געמאַכט גרויסע פּאָרבערייטונגען צו בעשיצען זייער שטאָדט געגען דיא נייע ענגלישע באַטאַליאָנען. זייער פּאַטריאָטיזם האָט אויפגעפלאַמט, און זייער שטאָלץ, דאָס זיי זיינען אַליין, אָהן שום הילפע פון שפּאַניען, געווען אים שטאַנד צו פיהרען אַ שלאַכט מיט רעגעלע ענגלישע סאָלדאַטען, איז אויך אַלץ גרעסער געוואָרען. נאָך יענעם זיעג האָבען דיא בירגער פון בוענאָס ערעס צוזאַמענגערופען אַן אסיפה און אויסגעקליבען אַ קאַבילדאָ (שטאָדט־ראטה), וואָס האָט אַרונטערגעזעצט דעם וויצע־קעניג פון זיין אַמט פאַר זיין פייגע פלטה נאָך דער לאַנדונג פון דיא ענגלענדער. נאָכהער, ווען עס איז אָנגעקומען דיא אַרמעע פון 8000 ענגלישע סאָלדאַטען, האָבען דיא

בירגער זיך ווידער פערזאַמעלט און האָבען אויסגעקליבען דעם פראַנצויזישען אָפיציער ליניע פאַר דעם הויפּט־קאָמאַנדיר.

דיא בעוואַפּענטע אַרגענטינער האָבען ניט געקענט איבערהאַקען דעם וועג דער ענגלישער אַרמעע, ווען זיא האָט געלאַנדעט און זיך אַ לאָז געטהאָן צו בוענאָס ערעס, נור אין שטאָדט, אין דיא שמאָלע גאַסען, וועלכע זיינען פערבאַריקאַדירט געוואָרען, האָבען דיא ענגלענדער געקראָגען אַזאַ פייערדיגע אויפנאַהמע, אַז אַ פערטעל פון זיי זיינען געפאַלען טויט און דיא איבריגע זיינען געצוואונגען געווען צו קאַפּיטולירען. אפילו פרויען און קינדער האָבען אַנטהייל גענומען אין דיזען פּאַטריאָטישען קאַמפּף. זיי האָבען געהאָלפען דיא מענער אָנלאָדען דיא ביקסען און האָבען אויך געוואָרפען שטיינער און ציעגעל פון דיא דעכער אויף דיא ענגלישע סאָלדאַטען. צוויי טעג האָבען געדויערט דיזע שלאַכטען אין דיא גאַסען. דער ענגלישער גענעראַל האָט אויף קיין פאַל ניט געקענט איינגעהמען דיא פעסטונג, וועלכע דיא בירגער האָבען אַרומגערינגעלט מיט גראָבענס און באַריקאַדען, און ער האָט דאַרום געמוזט זיך אונטערגעבען. גענעראַל ליניע האָט ערלויבט דיא ענגלענדער אָבצופאָהרען פון בוענאָס ערעס מיט דער בעדינגונג, אַז זיי זאָלען אויך זיך צוריקציהען פון מאָנטעווידעאָ, וועלכע זיי האָבען פריהער איינגענומען מיט אַן אַרמעע פון 4000 מאַן.

נאָך דיזער צווייטער נידערלאַגע האָט שוין דיא ענגלישע רעגיערונג מעהר ניט געשיקט נייע אַרמעען נאָך לאַ פּלאַטאַ. זיא איז דאַן צו שטאַרק פערנומען געווען מיט אַנדערע מלחמות. נאַפּאָלעאָן האָט דערגרייכט אַרום דיזער צייט דיא העכסטע שטופע פון זיין גדולה. אויך גאַנץ שפּאַניען איז געלעגען אונטער זיינע פיס. ענגלאַנד האָט געמוזט מאַכען דיא גרעסטע אָנשטרענגונגען צו בעקעמפּפען נאַפּאָלעאָן׳ס אויבערמאַכט אין אייראָפּאַ. צו גלייכער צייט האָט אָבער דיא ענגלישע רעגיערונג איינגעזעהן, אַז עס איז איבערהויפּט אַ זעהר שווערע און קאָסטבאַרע אויפגאַבע צו עראָבערען דיא לאַ פּלאַטאַ געגענדען מיט זייער הויפּט־שטאָדט בוענאָס ערעס.

וויא אונבעדייטענד עס שיינט פון ערשטען בליק דער זיעג פון דיא אַרגענטינער איבער עטליכע טויזענד ענגלישע סאָלדאַטען, זיינען אָבער דיא רעזולטאַטען דערפון געווען פון זעהר גרויסער וויכטיגקייט ניט נור פאַר זיד־אַמעריקאַ, זאָנדערן אויך, מעג מען זאָגען, פאַר דיא גאַנצע וועלט. ווען עס וואָלט דאַן געלונגען דיא ענגלענדער צו פערבלייבען אין בוענאָס ערעס, וואָלט דיא פּאָליטישע קאַרטע פון זיד־אַמעריקאַ גאַנץ אַנדערש אויסגעזעהן וויא היינט. דיא לאַ פּלאַטאַ געגענדען, וועלכע זיינען אין אָנפאַנג פון 19טען יאָהרהונדערט געווען בעזעצט פון העכסטענס 200,000 קרעאָלען, שפּאַניער און אַנדערע אייראָפּעער, וואָלטען אין אַ קורצער צייט אומגעוואַנדעלט געוואָרען אין ענגלישע

קאָלאָניעס, אזוי וויא דאָס האָט פּאַסירט מיט דיא האָלענדישע פּאָסעסיעס אין זיד־אפריקאַ. דיא זיד־אַמעריקאַנישע געגענדען מיט אַ מעסיגען קלימאַט וואָלטען זיך געפונען אין ענגלישע הענד צוזאַמען מיט דעם מאַגעלאַן וואַסער־וועג און מיט דעם אינזעל פייערלאַנד, וואָס בעהערשען דעם זיד־וועסטליכען וועג צווישען דיא צוויי גרעסטע אָקעאַנען. דיא ענגלישע קולטור וואָלט פער־נומען דעם פּלאַץ פון דער שפּאַנישער ניט נור אין ארגענטינאַ און אורוגוואַי, זאָנדערן אויך אין אַ בעדייטענדען טהייל פון טשילי.

פון דער אנדער זייט האָט דער דאָזיגער זיעג פון דיא ארגענטינער אויך געפיהרט צו אַ שטאַרקער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג געגען שפּאַניען. דיא קרעאָלען האָבען זיך ארומגעזעהן אַז זיי קענען זיך אין גאַנצען בעגעהן אָהן דעם שוץ פון זייער מוטערלאַנד, וויא באַלד זיי האָבען געקענט פערהיטען זייער געבורטסלאַנד אפילו געגען אַן ענגלישע אַרמעע. דיא ארגענטינער קרעאָלען, וועלכע האָבען שטענדיג געקוקט מיט אייפערזיכטיגע און פיינדליכע אויגען אויף דיא שפּאַניער און וועלכע האָבען געוואָלט אַליין פיהרען דיא גרענדע און פערנעהמען דיא רעגיערונגס־פּלעצער, וויא דאָס איז געווען דער פאַל אין אַלע אנדערע שפּאַנישע קאָלאָניעס, האָבען דאַן אָנגעפאַנגען צו רופען דיא שפּאַנישע בעאַמטע און אַלע שפּאַניש־געבאָרענע מיט דעם פערעכטליכען נאָמען "גאָטהען" און זיך אַליין און בכלל אַלע געבאָרענע אין דיא לאַ פּלאַטאַ געגענדען האָבען זיי אָנגעפאַנגען צו רופען "ארגענטינער".

ווען עס זיינען אָנגעקומען נאַכריכטען, אַז נאַפּאָלעאָן האָט פּעריאָגט דעם קעניג פערדינאַנד דעם זיעבעטען און ארויפגעזעצט אויף'ן שפּאַנישען טראָן זיין ברודער יאָזעף, האָבען דיא איינוואָהנער פון בוענאָס ערעס זיך ענטזאַגט צו אַנערקענען דעם נייען קעניג. מיר וויסען פון פריהערע קאַפּיטלען, אַז אין אַלע שפּאַנישע קאָלאָניעס האָט מען ניט געוואָלט אַנערקענען נאַפּאָלעאָן'ס ברודער אַלס קעניג פון שפּאַניען און אַז מען האָט גלייך אָרגאַניזירט אייגענע פּראָוויזאָרישע רעגיערונגען, דיא רעוואָלוציאָנערע כונטאַס, וועלכע האָבען גע־טריעבען צו אַ קאַמפּף פאַר פּאָלשטענדיגע אונאַבהענגיגקייט. מיר וויסען אויך, אַז עס האָבען זיך גלייך אָנגעפאַנגען שטרייטען צווישען דיא יעניגע, וועלכע האָבען געוואָלט בלייבען טריי צו זייער מוטערלאַנד און האָבען געביל־דעט דיא לאָיאַליסטישע פּאַרטיי (זיא איז מייסטענס בעשטאַנען פון שפּאַנישע בעאַמטע, געבאָרענע שפּאַניער, גרויסע גוטסבעזיצער, גלחים און סתם קאָנ־סערוואַטאָרס), און דיא יעניגע, וועלכע האָבען געבילדעט דיא רעוואָלוציאָנערע אָדער פּאַטריאָטישע פּאַרטיי (זיא איז מייסטענס בעשטאַנען פון קרעאָלען און מעסטיזאָס).

דער וויצע־קעניג אין בוענאָס ערעס איז דאַן געווען דער פראַנצויזישער אָפּיציער ליניע, וועמען דיא שפּאַנישע רעגיערונג האָט אַזוי בעלוינט פאַר זיין

קאמפף געגען דיא ענגלענדער. ער האט געהאלטען מיט דיא קרעאלען, וועלכע האבען אויך געהאט צוטרויען צו איהם; אבער דיא שפאנישע כונטא, וועלכע איז ארגאניזירט געווארען אין סעווילא און וועלכע איז ארויסגעטראטען פאר דעם געזעצליכען קעניג פערדינאנד דעם זיעבעטען און האט געוואלט רעגיערען אין זיין נאמען אויך איבער דיא קאלאניעס, האט געקוקט אויף איהם מיט פערדאכט אלס א פראנצויז און האט דארום געשיקט אין 1809 אויף זיין פלאץ איינעם פון איהרע מיטגליעדער מיט'ן נאמען באלטהאזאר דע סיסנעראס. אנפאנגס האט דיזער נייער וויצע־קעניג געוואונען פאפולאריטעט אין דיא לא פלאטא געגענדען מיט זיין בעפעהל וועגען פרייען האנדעל מיט דער גאנצער וועלט; אבער נאכהער, ווען ער האט גענומען שטיצען אפען דיא לאיאליסטען און האט אויך געשיקט א טויזענד סאלדאטען צו אונטערדריקען אן אויפשטאנד פון קרעאלען אין דער שטאדט טשארקאס (יעצט געהערט זיא צו דער רעפובליק באליוויא), האט אויסגעבראכען אין בוענאס ערעס א רעוואלוציאן, וועלכע האט זיך באלד געענדיגט מיט דער עטאבלירונג פון א פראוויזארישער רעגיערונג און מיט דער ארונטערזעצונג פון דעם וויצע־קעניג.

דאס האט פאסירט דעם 25טען מאי 1810. פון דיזען טאג ווערט עס גערעכענט דער אנפאנג פון דער ארגענטינער רעפובליק. ער ווערט דארטען געפייערט אלס דער נאציאנאלער יום טוב. דאן אבער האט עס נאך אפיציעל געהייסען, אז דיא כונטא אין בוענאס ערעס רעגיערט אין נאמען פון דעם לעגיטימען (געזעצליכען) קעניג פערדינאנד דעם זיעבעטען, אבער פאקטיש איז דאס געווען אן אונאבהענגיגע רעגיערונג. דיא וויכטיגסטע פיהרער, וויא מאנועל בעלגראנא, מאריאנא מארענא, האבען פון אנפאנג אן געשטרעבט צו עטאבלירען אן אונאבהענגיגע רעפובליק. זיי האבען אויך ארגאניזירט אן ארמעע צו פערנעהמען דיא שטעדט, וואו דיא בעפעלקערונגען זיינען נאך ניט געווען אזוי ענטשיעדען געגען דיא שפאנישע הערשאפט בכלל, און צו אונטערשטיצען דיא פאטריאטען אין דיא שטעדט, וואו עס האבען אויסגעבראכען אויפשטאנדען.

א שרעקליכער בירגער־קריעג האט זיך דאן אנגעפאנגען. דיא לאיאליסטען און רעוואלוציאנערען האבען נידערגעשאסען דיא געפאנגענע מיט א ווילדער גרויזאמקייט. זייערע שלאכטען זיינען געווען שרעקליך בלוטיגע. אונטער דער קאמאנדע פון מאנועל בעלגראנא איז אן עקספעדיציע ארויסגעשיקט געווארען פון בוענאס ערעס אויפצוהייבען דיא קרעאלען פון פאראגוואי געגען שפאניען; אבער אין א שלאכט לעבען אסונסיאן זיינען דיא רעוואלוציאנערען בעזיעגט געווארען. אן אנדער עקספעדיציע איז ארויסגעשיקט געווארען פון בוענאס ערעס אין אנפאנג פון 1811 נאך אורוגוואי, ספעציעל אום ארויסצורייסען פון שפאנישע הענד דעם פארט מאנטעווידעא, וואו דער פעריאגטער וויצע־קעניג האט זיך בעפעסטיגט. דיא שפאנישע שיפען, וועלכע האבען זיך צוזאמענגע־

קליבען אין מאנטעווידעא, האבען בלאקירט דעם אריינפאהר אין ריא דע לא פלאטא. א מחנה גאוטשאס, וועלכע האבען זיך צוזאמענגעקליבען אין ענטרע ריאס (דאס איז די פרוכטבארע געגענד צווישען די טייכען פאראנא און אורוגוואי, די ארגענטינישע מעסאפאטאמיע אדער ארם נהרים), זיינען צוגעקומען צו דער געגענד ארום מאנטעווידעא און האבען בעלאגערט די פעסטונג דארטען. נור זיי האבען געמוזט אבטרעטען, ווען עס זיינען אנגעקומען נאכריכטען, אז דער וויצע־קעניג פון פערו האט צוזאמענגעקליבען א שטארקע ארמעע און האט בעזיעגט אלע רעוואלוציאנערע מחנות אין פערו, באליוויא, טשילי א. ז. וו. (זעה די געשיכטע פון פערו).

די שפאנישע אדער לאיאליסטישע פארטיי איז דארום שטארקער געווארען אין גאנץ זיד־אמעריקא. אין בוענאס ערעס גופא האבען די לאיאליסטען געמאכט א פערשווערונג אין 1812 צו פערכאפען די רעגיערונג ; נור דאס איז זיי ניט געלונגען, און 38 פון זייערע פיהרער, מייסטענס רייכע קויפלייטע, זיינען דערפאר פעראורטהיילט געווארען צום טויט און הינגעריכטעט געווארען. עס האט דאן ניט פיעל געפעהלט, אז די זיעגרייכע שפאנישע ארמעע זאל צוקומען פון פערו און באליוויא ביז צו בוענאס ערעס. אבער די רעוואלוציאנערע כונטא פון בוענאס ערעס האט ניט פערלארען דעם מוטה אפילו אין דיזע טרויעריגסטע יאהרען פאר די קעמפפער געגען די שפאנישע הערשאפט. זיא האט אויך געשיקט אן ארמעע צו העלפען די פאטריאטען אין די נארדליכע פראווינצען לעבען די גרענעצען פון באליוויא. אלס קאמאנדיר פון דיזער ארמעע איז וויעדער אויסגעוועהלט געווארען מאנועל בעלגראנא, א קרעאל פון בוענאס ערעס, וועלכער איז ערצויגען געווארען אין שפאניען און איז בעאיינפלוסט געווארען פון דער פראנצויזישער רעוואלוציאן. ער האט קיין מיליטערישע שולע ניט דורכגעמאכט און האט וואהרשיינליך גאר ניט געדענקט פון א מיליטערישער קאריערע בשעת ער האט שטודירט אין דער אלטער וועלט, נור ווען עס האט זיך אנגעפאנגען דער בעפרייאונגס־קאמפף האט ער גענומען קאמאנדעווען און האט געלערנט די קריעגס־קונסט פון דער פראקטיקע, וויא דאס האט פאסירט מיט א סך אנדערע רעוואלוציאנערע גענעראלען אין פערשיעדענע לענדער און אין פערשיעדענע צייטען.

מיט דער הילפע פון די גאוטשאס, וועלכע זיינען געבארענע קאוואלעריסטען, האט בעלגראנא געהאט דעם מזל צו בעזיעגען אן אבטהיילונג פון רעגעלמעסיגע שפאנישע סאלדאטען לעבען דער שטאדט טוקומאן און דורך דעם אבהאלטען די שפאניער פון זייער וויטערען מארש דורך באליוויא און די נארד־וועסטליכע פראווינצען פון ארגענטינע, אום צו דערגרייכען ביז בוענאס ערעס. אונטער די אומשטענדען, ווען די שפאניער צוזאמען מיט די לאיאליסטען האבען טריאומפירט אין גאנץ זיד־אמעריקא און האבען בע־

זיעגט אַלע רעוואָלוציאָנערע אַרמעען, האָט דער זיעג פון דיא אַרגענטינער פּאַטריאָטען אונטער בעלגראַנאָ'ס קאָמאַנדע געהאַט אַ זעהר גרויסע בעדייטונג. דיא רעוואָלוציאָנערע כונטאַ אין בוענאָס ערעס איז דאַן געוואָרען דער צענטער פון דעם בעפרייאונגס־קאַמפּף פאַר אַלע שפּאַניש־שפּרעכענדע קאָלאָניעס אין זיד־אַמעריקאַ. דער וויצע קעניג פון פּערו האָט שוין ניט געהאַט גענוג סאָל־דאַטען צו שיקען אַ נייע אַרמעע פון באָליוויאַ נאָך בוענאָס ערעס. דער פער־



גענעראַל כאָזע דע סאַן מארטין

לוסט פון דיא שפּאַניער אין דער שלאַכט מיט דיא אַרגענטינער לעבען טוקומאַן איז געוועזען אונטער דיא דאַמאָלסדיגע אומשטענדען אַן אונגעהייער גרויסער. דיא רעוואָלוציאָנערען אין אַרגענטינאַ, בעזאָנדערס אין בוענאָס ערעס, האָבען זיך נאָך בעלגראַנאָ'ס זיעג ניט נור אויפגעהערט צו שרעקען פאַר אַ שפּאַנישע אַטאַקע אויף דער יבשה, זאָנדערן האָבען נאָך געשיקט אַ מחנה צו בעלאַגערען מאָנטעווידעא און האָבען אויך געמאַכט פאָרבערייטונגען צו אַטאַקירען דיא שפּאַניער אין באָליוויאַ.

צו דער צייט איז שוין אַרויסגעטראָטען דער גרעסטער גענעראַל פון זיד־אַמעריקאַ, כאָזע דע סאַן מאַרטין, וועלכער איז צוריקגעקומען פון אייראָפּאַ צוזאַמען מיט אַ פּאָאַר אַנדערע קרעאָלען, וואָס האָבען אַנטהייל גענומען אַלס אָפיציערען אין שלאַכטען געגען דעם גרויסען נאַפּאָלעאָן. אין דער געשיכטע פון פּערו איז איבערגעגעבען געוואָרען אין קורצען דיא לעבענס־בעשרייבונג פון דיזען אַרגענטינער גענעראַל און וואָס ער האָט אויפגעטהאָן אין דעם קאַמפּף געגען דיא שפּאַנישע הערשאַפט אין זיד־אַמעריקאַ. זיין נאָמען איז פערבונדען מיט דיא געשיכטען פון אַלע זיד־אַמעריקאַנישע רעפּובליקען, ווייל אַ דאַנק זיין בעריהמטען מאַרש איבער דיא אַנדעסען־בערג פון אַרגענטינאַ נאָך טשילי און זיין זיעג איבער דיא שפּאַניער ביי טשאַקאַבוקאָ אין 1817, איז עס געלונגען צו מאַכען אַ סוף פון דער שפּאַנישער הערשאַפט. נור בעזאָנדערס איז ער, נאַטירליך, פערבונדען מיט דער געשיכטע פון זיין געבורטס־לאַנד.

צו ענדע פון 1813, ווען בעלגראַנאָ, וועלכער האָט אויך געקראָגען דיא קאָמאַנדע איבער דער רעוואָלוציאָנערער אַרמעע, וואָס האָט זיך אַ לאָז געטהאָן צו שטיצען דיא פּאַטריאָטען אין באָליוויאַ, האָט ערליטען צוויי ביטערע נידערלאַגען איינע נאָך דער אַנדערער אין צוזאַמענשטויסען מיט אַ שפּאַנישער אַרמעע, ווייל זיינע סאָלדאַטען, מייסטענס גאַוטשאָס, זיינען ניט געוואָהנט געוועזען צו פיהרען קריעג אויף הויכע בערגלענדער, האָט דיא כונטאַ פון בוענאָס ערעס אַנפערטרויט דיא קאָמאַנדע איבער דיא רעוואָלוציאָנערע קרעפטע צו גענעראַל סאַן מאַרטין. ער האָט זיך גלייך אַ נעהם געטהאָן מיט זיין גאַנצער ענערגיע צו שאַפען עטליכע באַטאַליאָנען, וואָס זאָלען זיין אַזוי דיסציפּלינירט און געשולט אין דער קריעגס־קונסט וויא רעגעלע אייראָפּעאישע סאָלדאַטען. סאַן מאַרטין איז געוועזען אַ מיליטעריסט, וואָס האָט זיך ניט געמישט אין פּאָליטישע אינטריגעס און פּאַרטיי־שטרייטען. דערמיט איז ער געוועזען אַ זעלטענע אויסנאַהמע צווישען אַלע קרעאָלען. זיין אויפגאַבע איז געוועזען צו ברעכען דיא שפּאַנישע מאַכט ניט נור אין זיין געבורטס־לאַנד אַרגענטינאַ, זאָנדערן אויך אין גאַנץ זיד־אַמעריקאַ. ער האָט גלייך איינגעזעהן, ווען ער האָט זיך צוריקגעקעהרט פון אייראָפּאַ נאָך בוענאָס ערעס אין 1812, אַז דער וועג צו אונאַבהענגיגקייט מוז פיהרען דורך אַ רעוואָלוציאָנערע עראָבערונג פון פּערו. בעלגראַנאָ'ס דורכפאַל אין באָליוויאַ האָט איהם געפיהרט צום שלוס, אַז מען מוז זוכען אַן אַנדער פּלאַן וויא צו אַטאַקירען דיא שפּאַניער אין דעם צענטער פון זייער מאַכט — אין פּערו. דיזער פּלאַן איז געוועזען, וויא מיר ווייסען עס שוין פון דיא געשיכטען פון פּערו, באָליוויאַ און טשילי, צו אָרגאַניזירען אַ גוט־דיסציפּלינירטע און גוט־בעוואַפּענטע אַרמעע אין דיא געבירגיגע אַרגענטינער פּראָווינצען. דיזע אַרמעע איז בעשטאַנען פון דיא באַטאַליאָנען, וועלכע ער האָט צוערשט מושטירט אין בוענאָס ערעס, פון גאַוטשאָס און פון עטליכע

באטאליאָנען נעגערס, וועלכע זיינען בעפרייט געוואָרען פון שקלאַווערייא און וועלכע דיא כונטא פון בוענאָס ערעס האָט געשיקט מיטצוהעלפען אין דעם בעפרייאונגס־קאַמפף, וויא אויך פון טשיליאַנער רעוואָלוציאָנערען אונטער דער קאָמאַנדע פון אָ'היגגינס (זעה דיא געשיכטע פון טשילי). אין פערלויף פון דריי יאָהר האָט סאַן מארטין אונערמיעדליך געאַרבייט און געקליבען קרעפטע געגען דיא שפּאַניער אין טשילי. זיין גאַנצע אַרמעע האָט, נאָך אַלע זיינע אָנ־שטרענגונגען, געצעהלט ניט מעהר פון 4000 מאַן, אָבער יעדער איינער פון זיי איז געווען ניט נור אַ מוטהיגער קעמפּפער פאַר פרייהייט, זאָנדערן אויך אַ גוטער סאָלדאַט. דיא רעזולטאַטען האָבען באַלד בעוויזען, וויא ריכטיג סאַן מארטין האָט אַלעס אויסגערעכענט און וואָס פאַר אַ גוט־דיסציפּלינירטע אַר־מעע ער האָט שליסליך געשאַפען.

אין אָנפאַנג פון 1817, ווען דיא דורכגאַנגען צווישען דיא אַנדעסען, וועלכע טהיילען אָב דיא ארגענטינער פּראָווינץ מענדאָזאַ פון דיא צענטראַלע פּראָווינ־צען פון טשילי, זיינען פריי געוואָרען פון שנעע (דאָרטען איז זומער ווען אין דיא נאָרד־לענדער איז ווינטער), האָט סאַן מארטין אָנגעפאַנגען זיין מאַרש איבער דיא הויכע בערג, אַ מאַרש וועלכער איז דורכגעפיהרט געוואָרען ערפאָלג־רייך וויא ער האָט עס אויסגערעכענט. לעבען טשאַקאַבוקאָ האָט זיך דיזע רעוואָלוציאָנערע אַרמעע צוזאַמענגעשטויסען מיט אַ שפּאַנישער אַרמעע פון 2000 מאַן און האָט געוואונען דיא שלאַכט נאָך אַ פערלוסט פון בלויז 132 טויטע און פערוואונדעטע. אויף מאָרגען נאָך דיזער שלאַכט האָט דער שפּאַ־נישער גובערנאַטאָר פון טשילי זיך אָבגעטראָגען פון דער הויפּט־שטאָדט סאַנט־יאַגאָ נאָך דעם פּאָרט וואַלפּאַראַיזאָ, און טשילי איז ערקלערט געוואָרען אַלס אַן אונאַבהענגיגע רעפּובליק.

דיא וויטערע מיליטערישע אויפטהואונגען פון גענעראַל סאַן מארטין זיינען פאָרגעקומען אין טשילי און פּערו און זיינען שוין ניט געווען דירעקט פערבונדען מיט דער געשיכטע פון ארגענטינאַ. אין דער צייט, ווען ער האָט דורכגעפיהרט זיין פּלאַן צו פערטרייבען דיא שפּאַניער אויך פון פּערו, האָבען זיך אין בוענאָס ערעס אָנגעפאַנגען אַזעלכע פּאַרטיי־רייסערייען, וועלכע האָבען געפיהרט צו אַ שרעקליכען בירגער־קריעג. דיא רעוואָלוציאָנערע פיהרער האָבען זיך ארומגעטראָגען מיט פערשיעדענע פּאָליטישע פּלענער. אייניגע האָבען געוואָלט עטאַבלירען אַ מאָנאַרכיע, אַנדערע האָבען פאָרגעשלאָגען צו אָנער־קענען אַ פּראָטעקטאָראַט פון ענגלאַנד, דריטע האָבען געפּלאַנעוועט אַריבער־צובריינגען אַ פּרינץ פון דער פּאָרטוגעזישער קעניגליכער פאַמיליע, וועלכע האָט דאַן געמוזט זיך בעזעצען אין בראַזיליען. אין 1813 האָט דיא כונטאַ פון בוענאָס ערעס געשיקט צוויי געזאַנדטע (איינער פון זיי איז געווען מאַנועל בעלגראַנאָ) נאָך שפּאַניען, אום צו קומען צו אַ פערשטענדיגונג מיט דער מאַד־

רידער רעגיערונג וועגען אַ פּלאַן, אַז אַרגענטינאַ זאָל קריגען אַטאַנאָמיע אָדער זאָל ווערען אַ מלוכה מיט אַ מיטגליעד פון דער קעניגליכער שפּאַנישער פאַמיליע אַלס קרוין־טרעגער. דיא מאַדרידער רעגיערונג האָט אָבער דערפון ניט געוואָלט הערען און האָט פערלאַנגט ניט אַנדערס, אַז דיא קאָלאָניעס זאָלען זיך אונ־טערגעבען.

נור אין 1816 זיינען זיך צוזאַמענגעקומען אין דער שטאָדט טוקומאַן פערטרעטער פון דיא מייסטע פּראָווינצען, וועלכע זיינען געווען אַריינגערעכענט אין דעם וויצע־קעניגטהום פון בוענאָס ערעס, און האָבען אָנגענומען אַן ער־קלערונג פון אונאַבהענגיגקייט און אויסגעקליבען דאָן מאַרטין פּועירעדאָן פאַר דעם הויפּט פון דער רעפּובליק. אַלס הויפּט־שטאָדט איז אַנערקענט געוואָרען בוענאָס ערעס, אָבער אַנדערע פּראָווינצען האָבען מורא געהאַט פאַר דער אוי־בערמאַכט פון דיזער שטאָדט, און דאָס האָט געפיהרט צו לאַנגע און בלוטיגע שטרייטען. נאָך דעם קאָנגרעס פון טוקומאַן איז שוין קיין רעדע ניט געווען וועגען אירגענד וועלכע אַנדערע רעגיערונגס־פאָרמע אויסער אַ רעפּובליקאַנישע אין אַלע אַרגענטינער פּראָווינצען, אָדער וויא מען האָט זיי דאַן אָפיציעל גע־רופען: "דיא פעראייניגטע פּראָווינצען פון לאַ פּלאַטאַ". אָבער דיזע פּראָווינ־צען זיינען געווען צו ווייט איינע פון די אַנדערע און זייערע איינוואָהנער זיינען געווען צו פיעל אָבגעזונדערט און האָבען געהאַט שטאַרקע סעפּאַראַטיסטישע שטרעבונגען. באָליוויא, פּאַראַגוואַי און אורוגוואַי האָבען זיך באַלד אין גאַנצען אָבגעריסען פון פערבאַנד און זיינען געוואָרען אונאַבהענגיגע רעפּובליקען, ווע־רענד דיא אַנדערע פּראָווינצען, וועלכע זיינען שליסליך פערבליבען טהיילען פון דער גרויסער אַרגענטינער רעפּובליק, האָבען געקעמפּפט צווישען זיך און אַלע צוזאַמען געגען בוענאָס ערעס.

עס איז ניט איבערטריבען צו זאָגען, אַז קיינע פון דיא רעפּובליקען, וועלכע זיינען אויפגעקומען אויף דעם פּלאַץ פון דיא שפּאַנישע קאָלאָניעס אין דער נייער וועלט אין אָנפאַנג פון 19טען יאָהרהונדערט, האָט ניט דורכגעמאַכט אין דעם ערשטען האַלבען יאָהרהונדערט פון איהר אונאַבהענגיגקייט אַזוי פיעל שלאַכטען וויא אַרגענטינאַ. ביז 1860, ווען עס איז אָנגענומען געוואָרען דיא קאָנסטיטוציאָן, וועלכע פערבלייבט עד היום אין קראַפט מיט וועניגע צוזעצונגען און ענדערונגען, און ווען בוענאָס ערעס האָט געמוזט אַנערקענט ווערען פון אַלע אַנדערע פּראָווינצען פאַר דיא הויפּט־שטאָדט, האָט דער בירגער־קריעג טאַקע ניט אויפגעהערט אין אַרגענטינאַ. דער קאַמפּף איז געפיהרט געוואָרען, וויא אין דיא מייסטע אַנדערע שפּאַניש־שפּרעכענדע רעפּובליקען, צווישען דיא צענטראַליסטען און פעדעראַליסטען, נור אַזוי וויא דיא פּראָווינצען פון דיא לאַ פּלאַטאַ געגענדען זיינען געווען בעזאָנדערס אייפערזיכטיג איינע אויף דיא אַנדערע און זיי האָבען זיך אַלע געשראָקען פאַר דיא אויבערמאַכט פון בוענאָס

ערעס, איז דאָרטען דיזער קאַמפּף געווען פיעל שטאַרקער, ביטערער און פייער־דיגער וויא אנדערסוואו.

דער איינציגער פון דיא אַרגענטינער גענעראַלען און פיהרער, וואָס האָט קיין אַנטהייל ניט גענומען אין דיזען בירגער־קריעג, איז געווען סאַן מאַרטין. ווען דיזער מערקווירדיגער מאַן האָט געענדיגט זיין אויפגאַבע צו פערטרייבען דיא שפּאַניער פון פּערו, דיא אויפגאַבע פון זיין לעבען, און האָט זיך צוריקגע־קעהרט אין זיין געבורטס־לאַנד, האָט ער בעשלאָסען צו עמיגרירען נאָך אייראָפּאַ. ער האָט געזעהן, אַז זאָ לאַנג ער וועט בלייבען אין אַרגענטינאַ, וועט מען איהם ניט צו רוהע לאָזען פון פערשיעדענע זייטען. זיינע פריינד און פיינד וועלען אַלץ זוכען איהם אַריינצושלעפּען אין זייערע שטרייטען און שלאַכטען, און דאָס האָט ער געוואָלט אויסמיידען. יעדענפאַלס, וואָס פאַר גרינדע ער האָט ניט געהאַט צו פערלאָזען זיין פאָטערלאַנד (ער האָט עס ניט אויסגעזאָגט און איז בכלל געווען אַ גרויסער שוויגער), איז עס זיכער, אַז ער האָט דערמיט זיך אויפגעאָפּפערט און געמאַכט אַ קורצען סוף פון זיין גלענצענדער קאַריערע. ער האָט געענדיגט זיינע יאָהרען אין פראַנקרייך. ער האָט געלעבט אין פּאַריז אין אַרמוטה און פערגעסענהייט. ער איז געשטיצט געוואָרען פינאַנציעל גראָדע פון אַ גרויסמוטהיגען שפּאַניער. זיינע לאַנדסלייט האָבען אָן איהם גאָר פערגעסען אין פערלויף פון דיא דרייסיג יאָהר, וועלכע ער האָט פערבראַכט אין איינזאַמקייט און נויט. זיי האָבען איהם ניט פערשטאַנען בשעת ער האָט אָרגאַניזירט דיא אַרמעען, מיט וועלכע ער האָט געבראָכען דיא שפּאַנישע הערשאַפט אין גאַנץ זיד־אַמעריקאַ, און זיי האָבען אויך ניט געקענט אָבשאַצען דיא גרויסע בעדייטונג פון זיין מיליטערישער טהעטיגקייט פאַר זייער אייגענע אונאַבהענגיגקייט. צו אַלע זיינע צרות און וועהטאָגען אין דיא עלטערע יאָהרען איז ער נאָך בלינד געוואָרען. ער איז געשטאָרבען פון האַרץ־קראַנקהייט אין 1850, ווען ער איז אַלט געווען 72 יאָהר. דיא היינטיגע דורות אין זיד־אַמעריקאַ אַנערקענען זיין גרויסקייט. פיעלע רעכענען איהם פאַר דעם גרעסטען העלד פון דעם בעפרייאונגס־קאַמפּף אין זיד־אַמעריקאַ און שטעלען איהם העכער אפילו פאַר דעם ליבעראַטאָר באָליוואַר. צו זיין אַנדענקען זיינען געשטעלט געוואָרען מאָנומענטען אין אַרגענטינאַ, טשילי און פּערו.



## דריטער קאַפּיטעל.

# שפּאַלטונגען און בירגער קריעג

אין יאַנואַר 1825, אונגעפעהר אַ מאָנאַט נאָך דער בעריהמטער שלאַכט ביי איאַקוטשאַ און פּערו, ווען דיא לעצטע שפּאַנישע כחות אין זיד־אַמעריקאַ זיינען אויסגעגאַנגען (זעה דיא געשיכטע פון פּערו), האָט זיך אין בוענאָס ערעס געעפענט אַ קאָנגרעס פון דיא פערטרעטער פון דיא אַרגענטינער פּראָווינצען, אום אויסצואַרבייטען אַ נאַציאָנאַלע קאָנסטיטוציאָן און צו עטאַבלירען אַ פעראייניגטע רעפּובליק. דאָס איז געווען אַ זעהר שווערע אויפגאַבע. מיר ווייסען שוין פון פאָריגען קאַפּיטעל, אַז דער צוזאַמענהאַנג צווישען דיזע פּראָווינצען איז געווען אַ זעהר שוואַכער, אַז זיי האָבען אַלע זיך געשראָקען פאַר דיא פּראָווינץ בוענאָס ערעס, וועלכע איז געווען רייכער און אויך שטאַרקער פאַר זיי, און אַז דער קאַמפּף צווישען דיא צענטראַליסטען און פעדעראַליסטען איז געווען אַ בעזאָנדערס ביטערער און בלוטיגער.

וועהרענד דעם קאַמפּף געגען דיא שפּאַניער זיינען דיזע פּראָווינצען געווען פּאַקטיש אונאַבהענגיגע רעפּובליקען. אין יעדערער פון זיי זיינען אויפגעקומען מיליטערישע קאָמאַנדירען, וועלכע האָבען גענומען פיהרען דיא ראָלע פון דיקטאַטאָרס. זייער אַלגעמיינער נאָמען איז געווען "קאַודילאָס". זיי האָבען מייסטענס געהאַט אונטער זייער קאָמאַנדע אַ געוויסע צאָהל גאַוטשאָס און האָבען געקעמפּפט געגען דיא רעוואָלוציאָנערע כונטאַ פון בוענאָס ערעס, וועלכע האָט געשטרעבט צו בעהערשען אַלע פּראָווינצען, וואָס זיינען געווען אַריינגערעכענט אין דעם וויצע־קעניגטהום פון בוענאָס ערעס.

דער גרעסטער און שטאַרקסטער פון דיזע קאַודילאָס איז געווען כאָזע אַרטיגאַס. ער איז געוואָרען דער דיקטאַטאָר פון געוויסע געגענדען, וועלכע זיינען שפּעטער פערטהיילט געוואָרען צווישען אורוגוואַי און אַרגענטינאַ. ער ווערט גערעכענט פאַר דעם גרינדער פון אורוגוואַי אַלס אַ בעזונדערע רעפּובליק. אַ געוויסע צייט האָט ער אויסגעהאַלטען אַלע אַטאַקעס פון דיא אַרמעען, וואָס זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרען פון בוענאָס ערעס געגען איהם. ער האָט שליסליך אויסגעפיהרט אַז דיא פּראָווינצען ענטרע ריאָס, קאָריענטעס און

סאַנטאַ פע, וויא אויך אורוגוואי, האָבען זיך אָבגעזאָגט פון אַ פערבאַנד מיט בוענאָס ערעס אין 1818. דיא שטרעבונגען צו פּאָליטישער אָבזונדערונג, צו אַטאָנאָמיע און געגען צענטראַליזאַציאָן זיינען געווען אַזוי שטאַרק, אַז אייניגע פון דיא פּראָווינצען זיינען צושפּאָלטען געוואָרען אין עטליכע קלענערע, וועלכע האָבען אויך אָנגעפאַנגען צו פיהרען אַ קאַמפּף איינע געגען די אַנדערע אונטער דער קאָמאַנדע פון זייערע קאַודילאָס. פון דער אַלטער גרויסער פּראָווינץ קויאָ, וואו סאַן מאַרטין האָט אָרגאַניזירט זיין אַרמעע געגען דיא שפּאַניער, זיינען געוואָרען דריי נייע, וועלכע פערבלייבען עד היום אונטער זייערע נעמען מענ־דאָזאַ, סאַן לואיז און סאַן כואַן. דיא טעריטאָריע פון דער אַלטער פּראָווינץ בוענאָס ערעס איז צוטהיילט געוואָרען אין פיער קלענערע, נעמליך אין סאַנטאַ פע, קאָריענטעס, ענטרע ריאָס און דיא יעצטיגע פּראָווינץ בוענאָס ערעס, אויסער דיא טעריטאָריע פון דער רעפּובליק אורוגוואי.

דיא רייסערייען און צוזאַמענשטויסען צווישען דיא קאַודילאָס, דיא שלאַכ־טען צווישען דיא אַרמעען פון בוענאָס ערעס און דיא גאַוטשאָס פון דיא אַנדערע פּראָווינצען האָבען אָבער שנעל געפיהרט צו אַזאַ אַנאַרכיע, אַז מען האָט אָנגע־פאַנגען צו פערלאַנגען אַ פערבאַנד און אַן אַלגעמיינע קאָנסטיטוציאָן. דיא בעוועגונג פאַר אַ פעדעראַציאָן פון דיא פּראָווינצען האָט עס געפיהרט צו דער צוזאַמענרופונג פון דעם קאָנגרעס אין 1825.

לאַנג און פייערדיג זיינען געווען דיא דעבאַטען אויף דיזען קאָנגרעס. אויסער דעם קאַמפּף צווישען דיא פערטרעטער פון בוענאָס ערעס, וועלכע האָבען געוואָלט האָבען דיא אויבערהאַנד, און דיא פערטרעטער פון אַלע אַנדערע פּראָווינצען, וועלכע האָבען פערלאַנגט גלייכבערעכטיגונג און אָטאָנאָמיע, האָט אויך אויסגעבראָכען אַ קאַמפּף צווישען דיא פעדעראַליסטען, וועלכע האָבען געוואָלט אָרגאַניזירען דיא אַרגענטינער רעפּובליק נאָך דעם פעדעראַטיווען מוס־טער פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען פון נאָרד־אַמעריקאַ, און דיא צענטראַ־ליסטען, וועלכע האָבען געקראָגען דעם נאָמען יוניטאַריסטען און וועלכע האָבען געוואָלט אָרגאַניזירען דיא אַרגענטינער רעפּובליק נאָך דעם צענטראַליסטישען מוסטער פון דער פראַנצויזישער רעפּובליק.

שליסליך האָבען געוואונען דיא יוניטאַריסטען, און ריוואַדאַוויאַ, זייער גרעסטער און פעהיגסטער אָנפיהרער, וועלכער איז אויך געווען איינער פון דיא ערשטע קעמפּפער געגען שפּאַניען און אַ לייטענדער מיטגליעד פון דער ערשטער רעוואָלוציאָנערער כונטאַ אין בוענאָס ערעס, איז אויסגעוועהלט געוואָרען פאַר דעם פּרעזידענט פון דיא פעראייניגטע אַרגענטינער פּראָווינצען אין 1826. דיא קאָנסטיטוציאָן איז אויך צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען אין אַ צענטראַליסטישען גייסט, וויא ווייט דאָס האָט זיך נור געלאָזען אונטער דיא דאַמאָלסדיגע בע־דינגונגען אין דיא פּראָווינצען. דיזער זעהר פעהיגער מאַן האָט דורכגעפיהרט

געזעצע, וועלכע זיינען געווען זעהר נויטיג און ניצליך פאר'ן גאנצען לאנד. ער האט אויך געגרינדעט דיא אוניווערזיטעט פון בוענאס ערעס, האספיטעלער, אנשטאלטען, שולען.

נור זיין אדמיניסטראציאן איז פון איין זייט געשטערט געווארען דורך דיא ביטערע אפאזיציאן פון דיא פעדעראליסטען, וועלכע האבען געפונען אין בוענאס ערעס גופא א זעהר פעהיגען פיהרער אין דער פערזאן פון מאנועל דארעגא, און פון דער אנדער זייט דורך א מלחמה מיט בראזיליען צוליעב אורוגוואי. צו דער צייט איז בראזיליען געווארען אן אונאבהענגיגע אימפעריע מיט דאם פעדרא, דעם קרוינפרינץ פון פארטוגאל, אלס קייזער (זעה דיא גע־שיכטע פון בראזיליען). אורוגוואי איז אריינגעפאלען אין פארטוגעזישע הענד אין 1817, ווייל איהר דיקטאטאר ארטיגאס האט געוואלט פערכאפען א געגענד, וועלכע דיא בראזיליאנער האבען געהאלטען פאר זייערע. נור אין 1825 האט אויסגעבראכען אן אויפשטאנד אין אייניגע ערטער פון אורוגוואי געגען דיא הערשאפט פון בראזיליען. דיא ארגענטינער, וועלכע האבען געקוקט אויף אור־רוגוואי וויא אויף זייערע א פראווינץ און האבען איבערהויפט ניט געוואלט צולאזען דיא פארטוגעזער, ריכטיגער געזאגט, דיא בראזיליאנער, אלס שכנים לעבען דיא ברעגען פון ריא דע לא פלאטא, האבען אויפגענומען מיט גרויס פריידע דיא נאכריכט וועגען דיזען אויפשטאנד, און גאוטשאס האבען זיך א לאז געטהאן פון אלע זייטען צו העלפען זייערע אורוגוואיער ברידער אין זייער קאמפף געגען א פרעמדע הערשאפט. דער קאנגרעס אין בוענאס ערעס האט דאן אפען ערקלערט, אז אורוגוואי האט זיך צוריק פערבונדען מיט דער ארגענ־טינער רעפובליק. אלס אנטווארט דערויף האט דאם פעדרא דער ערשטער ער־קלערט קריעג צו ארגענטינא.

דיזע מלחמה האט זיך געצויגען ארום צוויי יאהר און האט שליסליך גע־פיהרט דערצו, אז אורוגוואי זאל בלייבען אן אונאבהענגיגע שפאניש־שפרעכענדע רעפובליק. דיא ארגענטינער זיינען געווען זיעגרייך אויף דער יבשה, אבער דיא בראזיליאנער זיינען געווען שטארקער אויף'ן ים און האבען ניט נור אנגעהאלטען מאנטעווידעא און דיא אנדערע אורוגוואיער פארטען, זאנדערן האבען אויך בלאקירט דיא פארטען פון ארגענטינא. אייניגע ענגלישע און אמעריקאנישע קאפיטאנען פון פיראטען־שיפען זיינען דאן געקומען צו הילפע דיא ארגענטינער און האבען זעהר פיעל געשטערט דעם האנדעל פון בראזיליען. דער אירלענ־דישער אדמיראל וויליאם בראון, וועלכער האט זיך בעריהמט געמאכט אין דער צייט פון דעם קאמפף געגען שפאניען אלס קאמאנדיר פון דער ארגענטינער פלאטע, האט זיך אויך אויסגעצייכענט אין דיזען קאמפף געגען בראזיליען. איהם איז געלונגען צו צושטערען א גרויסען טהייל פון דער בראזיליאנער פלאטע אין א שלאכט.

צו ענדע פון 1826 האָט די אַרגענטינער רעגיערונג צוזאַמענגעקליבען אַן אַרמעע פון 8000 מאַן צו בעפּאַלען די בראַזיליאַנער פּראָווינץ ריאָ גראַנדע דאָ סול, וועלכע גרענעצט זיך מיט אורוגוואַי. אין אַן אָרט מיט׳ן נאָמען איטוזאַינגאָ איז עס אין פעברואר 1827 געקומען צו אַ שלאַכט צווישען דיזע אַרגענטינער אַרמעע אונטער דער קאָמאַנדע פון זייער בעסטען גענעראַל אַלוועאַר, וועלכער האָט געשפּיעלט אַ זעהר גרויסע ראָלע אין דעם קאַמפּף פאַר אונאַבהענגיגקייט (ער איז געווען אַ חבר פון סאַן מארטין און האָט אויך שטודירט אין שפּאַניען און גענומען אַנטהייל אין די נאַפּאָלעאָנישע מלחמות), און אַ בראַזיליאַנער אַרמעע. דיזע שלאַכט האָט זיך געענדיגט מיט אַ גרויסער נידערלאַגע פאַר די בראַזיליאַנער, וועלכע האָבען שוין נאָכדעם ניט געקענט אָנפאַנגען אַ נייע אַטאַקע אויף אורוגוואַי.

נור די אינערליכע לאַגע פון אַרגענטינאַ איז געווען אַזאַ טרויעריגע און געפעהרליכע דורך די אונאויפהערליכע צוזאַמענשטויסען צווישען די יוניטאַריסטען און פעדעראַליסטען אַז פּרעזידענט ריוואַדאַוויאַ האָט בעשלאָסען צו מאַכען אַ סוף פון דיזער מלחמה, וועלכע איז געווען זעהר קאָסטבאַר און האָט נאָך אַלע זיעגען ניט געפיהרט צו ניצליכע רעזולטאַטען פאַר די אַרגענטינער רעפּובליק. ער האָט דאַרום געהייסען זיין געזאַנדטען אונטערשרייבען אַ פריעדענס־אָבמאַך, נאָך וועלכען אורוגוואַי האָט געזאָלט בלייבען אַ טהייל פון דער בראַזיליאַנער אימפּעריע. זיינע געגנער האָבען איהם דערפאַר ערקלערט פּשוט פאַר אַ פעררעטהער. אַ שטורם מיט פּראָטעסטען האָט אויסגעבראָכען געגען דיזען אָבמאַך אין בוענאָס ערעס, און אָבוואָהל ריוואַדאַוויאַ האָט זיך אָבגעטרייסעלט פון דיזען אָבמאַך און געוואָרפען די גאַנצע שולד אויף זיין געזאַנדטען, האָט ער דאָך געמוזט רעזיגנירען און אָבטרעטען פּלאַץ צום פעדעראַליסטישען פיהרער דאָרעגאָ. אָבער די דורכפיהרונג פון דער פּראָגראַם פון די פעדעראַליסטען האָט אַזוי צושפּאַלטען די אַרגענטינער רעפּובליק, אַז דאָרעגאָ איז אייגענטליך געווען דער פּרעזידענט בלויז פון דער פּראָווינץ בוענאָס ערעס. די אַנדערע פּראָווינצען האָבען זיך געהאַט זייערע דיקטאַטאָרס, און דער בירגער־קריעג האָט זיך בעזאָנדערס צופלאַקערט.

ווען פריעדען איז געשלאָסען געוואָרען אין 1828 צווישען בראַזיליען און אַרגענטינאַ דורך די פערמיטלונג פון ענגלאַנד מיט דער בעדינגונג, אַז אורוגוואַי זאָל ווערען אַן אונאַבהענגיגע רעפּובליק, איז די יוניטאַריסטישע פּאַרטיי פערשטאַרקט געוואָרען פון די אָפיציערען פון דער אַרמעע, וועלכע האָט זיך צוריקגעקעהרט פון אורוגוואַי. דיזע אַרמעע איז בכלל געווען אונצופריעדען מיט דאָרעגאָ׳ר הערשאַפט אין בוענאָס ערעס. אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל לאַוואַלע, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכענט אין דער שלאַכט מיט די בראַזיליאַנער ביי איטוזאַינגאָ, האָבען די יוניטאַריסטען געמאַכט אַ פּראָנונסיאַ־

מענטא. דארעגא האט זיך גערעטעט דורך פליטה, אבער זיינע געגנער האבען איהם געפאנגען און דערשאסען אהן שום געריכטליכע צערעמאניעס אויף דעם בעפעהל פון גענעראל לאוואלע.

דער בירגער־קריעג איז דאן נאך שרעקליכער און בלוטיגער געווארען. געפאנגענע פלעגען נידערגעשאסען ווערען מיט א ווילדער רציחה. אלע פראווינצען זיינען פערווילדעט און פערוויסטעט געווארען דורך די שלאכטען צווישען די פעדעראליסטען און יוניטאריסטען וויא אויך צווישען די קאודילאס פון די פראווינצען. אלס הויפט־פיהרער פון די פעדעראליסטען איז דאן געווארען א זעהר מערקווירדיגער מאן מיט'ן נאמען כואן ראזאס, וועלכער האט בעוויזען דעם קונץ צו הערשען גאנצע צוואנציג יאהר אין בוענאס ערעס. ער איז אנפאנגס געווארען דער פיהרער פון די גאוטשאס אין דער פראווינץ בוענאס ערעס, וועלכע זיינען געווארען פעדעראליסטען, ווייל זיי האבען ניט געוואלט בעהערשט ווערען פון די יוניטאריסטען אין דער שטאדט בוענאס ערעס. צום קאמפף צווישען בוענאס ערעס מיט די אנדערע פראווינצען איז נאך צוגעקומען דער קאמפף אין בוענאס ערעס גופא. א געוויסע צייט האט די שטאדט בוענאס ערעס געהאט צו קעמפפען מיט גאנץ ארגענטינא.

מיט א מחנה גאוטשאס איז עס דיזען ענערגישען פעדעראליסטישען פיהרער געלונגען צו בעזיעגען אין 1829 די בעסטע באטאליאנען, וואס גענעראל לאוואלע האט געקענט צוזאמענקלייבען אין בוענאס ערעס. נאך דיזען זיעג האט ראזאס פערכאפט די רעגיערונג פון בוענאס ערעס. ביסלעכווייז האט ער אלץ ווייטער פערשפרייט זיין דיקטאטור איבער'ן לאנד. די יוניטאריסטען האט ער פערפאלגט מיט א ווילדער גרויזאמקייט. אין דער פראווינץ קויא, וואו דער פעדעראליסטישער קאודילא קוויראגא איז בעזיעגט געווארען פון גענעראל לא פאז, וועלכער איז געווארען דער יוניטאריסטישער דיקטאטאר פון דער פראווינץ קארדאבא, האט ראזאס אריינגעשיקט א שטארקע ארמעע, וועלכע האט געהאלפען די פעדעראליסטען צו פערניכטען די יוניטאריסטישע ארמעע. ארגענטינער היסטאריקער רעכענען, אז איבער צוואנציג טויזענד יוניטאריסטען זיינען געפאלען אין די שלאכטען דארטען. א גאנץ קליינע צאהל פון גענעראל לא פאז'עס יוניטאריסטישע ארמעע האט זיך גערעטעט דורך פליטה נאך באליוויא.

ראזאס האט רעגיערט מיט אן אייזערנער האנד ניט נור אין בוענאס ערעס, זאנדערן אויך אין איינינע אנדערע פראווינצען, טראץ דעם וואס ער איז ארויסגעטראטען אלס דער פיהרער פון די פעדעראליסטען. ער האט געזוכט צו עטאבלירען אין די פראווינצען אזעלכע גובערנאטארען, וואס זאלען איהם פאלגען. זיינע אנהענגער האט ער בעלוינט מיט די בעסטע שטעלען און זיינע געגנער זיינען קיין מאל ניט זיכער געווען מיט זייערע פערמעגענס (ער פלעגט אויך קאנפיסצירען די גיטער פון די יוניטאריסטען) און לעבענס. מען האט

איהם נאטירליך געהאסט, אָבער מען האָט פאַר איהם געציטערט און מען האָט אויך אַנערקענט זיינע פעהיגקייטען. אין 1835 איז ער אָפיציעל געוואָרען דער דיקטאַטאָר אונטער דעם טיטול גענעראַל־גובערנאַטאָר און האָט אַנגעהאַלטען זיין הערשאַפט ביז 1852.

אויסער שלאַכטען מיט דיא יוניטאַריסטען און מיט איינינע קאודילאָס אין דיא פּראָווינצען האָט ראָזאַס נאָך געהאַט צוזאַמענשטויסען מיט פראַנקרייך און ענגלאַנד, וועלכע האָבען פערלאַנגט שוץ און שאַדענערזאַץ פאַר זייערע בירגער (דיא אויסלענדער האָבען נאַטירליך געליטען דורך דעם בירגער־קריעג). ער האָט זיך ענערגיש ענטזאָגט נאָכצוגעבען דיא פאָדערונגען פון דיזע גרויס־מעכטע. זיי האָבען דערפאַר בלאָקירט דעם פאָרט בוענאָס ערעס אין 1838. דיא יוניטאַריסטען, וועלכע האָבען געזוכט רעטונג אויסערהאַלב אַרגענטינאַ, ספּעציעל אין אורוגוואַי, האָבען אָנגעפאַנגען אַ נייעם אויפשטאַנד אין 1839 אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל לאַוואַלע. אָבער זיי זיינען ווידער בע־זיעגט געוואָרען, און גענעראַל לאַוואַלע איז שליסליך געפאַנגען און דערשאָסען געוואָרען אין 1841. דיא פעדעראַליסטען האָבען זיך אַזוי אָבגערעכענט מיט איהם פאַר דיא ערמאָרדונג פון דאָרעגאָ מיט 13 יאָהר פריהער.

אין 1845 איז בוענאָס ערעס ווידער בלאָקירט געוואָרען פון פראַנצויזישע און ענגלישע קריעגס־שיפען. דיזעס מאָל זיינען דיזע צוויי גרויסמעכטע אַרויס־געטראָטען געגען דעם דיקטאַטאָר ראָזאַס, ווייל ער האָט ניט נור געשיקט סאָלדאַטען צו העלפען זיינע אַדיוטאַנטען אָריבע און אורקוויזאַ צו בעלאַגערען מאָנטעווידעאָ, דיא הויפּט־שטאָדט פון אורוגוואַי, זאָנדערן האָט אויך ניט גע־לאָזען אויסלענדישע שיפען אַריינקומען אין דיא טייכען אורוגוואַי און פּאַראַנאַ. זיין צוועק איז געווען אָבצושליסען אורוגוואַי און אויך דיא פּראָווינץ ענטרע ריאָס פון אַ פערקעהר מיט דער אויסערער וועלט און ספּעציעל ניט צו דערלאָזען, אַז דיא יוניטאַריסטען און אַלע זיינע געגנער, וועלכע האָבען ניט אויפגעהערט צו רעבעלירען און צו אָרגאַניזירען בעוואָפענטע מחנות, זאָלען קענען בע־קומען געוועהר פון אויסלאַנד. ענגלאַנד און פראַנקרייך האָבען אָבער געפאָר־דערט פרייען צוטריט פאַר זייערע האַנדעלס־שיפען אין דיא טייכען פון דיא לאַ פּלאַטאַ געגענדען און זיי האָבען שליסליך געצוואונגען דעם ארגענטינער דיקטאַטאָר אין 1849 נאָכצוגעבען, אַז אורוגוואַי זאָל בלייבען אַן אונאָבהענגיגע רעפּובליק און אַז דער טייך פּאַראַנאַ זאָל בלייבען אָפען פאַר דיא האַנדעלס־שיפען פון אַלע נאַציאָנען.

אַרום דיזער צייט האָבען זיך אַלץ מעהר און שטאַרקער צוזאַמענגעצויגען דיא שטורם־וואָלקענס פון דער רעבעליאָן געגען זיין דיקטאַטור. דיא צאָהל פון דיא אונצופריעדענע איז מיט יעדען יאָהר געוואַקסען אפילו אין בוענאָס ערעס גופא, ווייל ער האָט איינגעפיהרט אַ סאָלדאַטסקע הערשאַפט. אין אורוגוואַי

און אין טשילי האָבען זיך צוזאַמענגעקליבען אַ סך עמיגראַנטען וואָס האָבען נור אויסגעקוקט אויף אַ געלעגענהייט צו ברעכען דיזע דיקטאַטור, וועלכע איז געוואָרען פּשוט אונערטרעגליך. צווישען דיזע עמיגראַנטען האָבען זיך געפונען דיא בעסטע פאַרשטעהער פון דער אַרגענטינער אינטעליגענץ, וועלכע האָבען נאָכהער געשפּיעלט וויכטיגע ראָלען אין דער געשיכטע פון דער רעפּובליק.

אָבער ערשט ווען גענעראַל אורקוויזאַ, וועלכער איז געווען דיא רעכטע האַנד פון ראָזאַס און איז געוואָרען דער דיקטאַטאָר פון ענטרע ריאָס, איז אַרויסגעטראָטען געגען דעם טיראַן פון בוענאָס ערעס, האָבען דיא רעוואָלוציאָנערען געקענט רעכענען אויף אַ זיעג. דיא ערשטע אַטאַקעס פון גענעראַל אורקוויזאַ זיינען אָבער צוריקגעשטויסען געוואָרען פון דיא אַרמעען, וועלכע ראָזאַס האָט אַרויסגעשיקט פון בוענאָס ערעס. דאָס האָט איהם געצוואונגען צו שליסען אַ בונד מיט בראַזיליען און אויך מיט דער ליבעראַלער פּאַרטיי פון אורוגוואַי, וועלכע האָט סימפּאַטיזירט מיט דיא רעוואָלוציאָנערען.

אַן אַרמעע פון 24,000 מאַן איז אין 1851 צוזאַמענגעקליבען געוואָרען אין מאָנטעווידעאָ. דיא געגנער פון דעם טיראַן פון בוענאָס ערעס זיינען צוגעשטאַנען פון אַלע זייטען צו דער אַרמעע, וועלכע גענעראַל אורקוויזאַ האָט אָרגאַניזירט. אַ בראַזיליאַנער פלאָטע איז אַריינגעשוואומען אין דעם טייך אורוגוואַי צו בעשיצען דעם אַריבערפאָהר פון דיזער אַרמעע, דיא גרעסטע וואָס איז ביז יענער צייט צוזאַמענגעקליבען געוואָרען אין זיד־אַמעריקאַ, איבער דיזען טייך. ראָזאַס האָט אָרגאַניזירט אַן אַרמעע אין בוענאָס ערעס, וועלכע איז בעשטאַנען פון אַ 25,000 מאַן.ביידע אַרמעען האָבען זיך צוזאַמענגעטראָפען דעם 3טען פעברואַר 1852 אין מאָנטע קאַזעראָס, אַ מייל צעהן פון בוענאָס ערעס, און דיא שלאַכט האָט זיך שנעל געענדיגט מיט אַ נידערלאַגע פאַר דעם דיקטאַטאָר. אַ גרויסער טהייל פון זיין אַרמעע האָט איהם פערלאָזען אויף'ן שלאַכטפעלד, און פיעלע פון זיינע הויפּט־אָפיציערען האָבען איהם פערראַטהען. ער איז אַנטלאָפען און האָט זיך בעהאַלטען אין ענגלישען אַמבאַסאַד, פון וואַנען מען האָט איהם אַוועקגעפיהרט אויף אַן ענגלישער קריעגס־שיף נאָך אייראָפּאַ. אַזוי האָט זיך געענדיגט ראָזאַס'עס לאַנגע הערשאַפט.

גענעראַל אורקוויזאַ האָט דאַן פערנומען דעם פּלאַץ פון דעם פעריאָגטען דיקטאַטאָר. ער האָט אָבער געזוכט צו עטאַבלירען אַ קאָנסטיטוציאָנעלע רעפּובליק און האָט ניט געוואָלט שפּיעלען דיא ראָלע פון אַ דיקטאַטאָר. וויא נור ער איז געוואָרען דער הויפּט פון דער פּראָוויזאָרישער רעגיערונג אין בוענאָס ערעס, האָט ער צוזאַמענגערופען דיא גובערנאַטאָרס פון אַלע פּראָווינצען, אום זיך צו בעראַטהען מיט זיי און צו קומען צו אַ פערשטענדיגונג מכח דיא פּאָליטישע אָרגאַניזאַציאָן פון גאַנצען לאַנד. זיי האָבען בעשלאָסען צוזאַמענצורופען אַ קאָנגרעס, וואָס זאָל אויסאַרבייטען אַ נאַציאָנאַלע קאָנסטיטוציאָן. אום בוע־

נאָם ערעס זאָל ניט האָבען אַ צו גרויסע דעה, האָט מען אָבגעמאַכט, אַז יעדע פּראָווינץ זאָל האָבען אַ גלייכע שטימע, ניט אַכטענדיג אויף דער גרויס פון איהר טעריטאָריע און בעפעלקערונג, און אַז דיא זיצונגען פון דיזען קאָנגרעס זאָלען געהאַלטען ווערען אין דער שטאָדט סאַנטאַ פע.

אַלע פּראָווינצען האָבען געוואָלט וואָס ענגער און פעסטער זיך צוזאַמענשליסען, מיט אויסנאַהמע נור פון בוענאָס ערעס, וועלכע האָט ניט אַנדערש געוואָלט פיהרען דיא רעדעל. דורך דעם לאַנגען בירגער־קריעג און דיא שטענדיגע רייסערייען צווישען דיא יוניטאַריסטען און פעדעראַליסטען האָבען אַלע פּראָווינצען זעהר פיעל געליטען; אָבער בוענאָס ערעס איז דאָך פיעל שנעלער געוואַקסען אין בעפעלקערונג פאַר אַלע אַנדערע. מאַנכע פּראָווינצען זיינען גאָר פערוויסטעט געוואָרען. אונטער דער לאַנגער דיקטאַטור פון ראָזאַס איז דיא בעפעלקערונג פון בוענאָס ערעס דאָך פערדאָפּעלט געוואָרען. ער האָט ספּעציעל געזאָרגט פאַר זיין הויפּט־שטאָדט, דעם צענטער פון זיין מאַכט, און האָט אויפגעפּאַסט, אַז עס זאָל הערשען דאָרטען רוהע און אַז דער האַנדעלס־פערקעהר זאָל וואָס וועניגער געשטערט ווערען. אויף דעם פּלאַץ פון דיא עטליכע יוניטאַריסטישע פיהרער, וועלכע האָבען געמוזט אַנטלויפען נאָך אורוגוואַי און טשילי, זיינען אָנגעקומען טויזענדע פון דיא אינלענדישע פּראָווינצען, וויא אויך פון אויראָפּאַ. דיא פּראָווינץ בוענאָס ערעס איז אויך היינט דיא גרעסטע אין שטח (זיא פערנעהמט אַרום 118 טויזענד סקוועער מייל) און זיא צעהלט אַ פערטעל פון דער גאַנצער בעפעלקערונג פון אַרגענטינאַ. נאָך גרעסער און שטאַרקער אין פערגלייך מיט אַלע אַנדערע פּראָווינצען איז בוענאָס ערעס געוועזען אין מיטען פון לעצטען יאָהרהונדערט. וואָס אַנבעלאַנגט צו דער שטאָדט בוענאָס ערעס צעהלט זיא היינט אַ פינפטעל פון דער אַרגענטינער בעפעלקערונג, און צום סוף פון ראָזאַס'עס הערשאַפט האָט זיא געצעהלט זאָגאַר נאָהענט פון אַ דריטעל פון דער בעפעלקערונג פון גאַנץ אַרגענטינאַ.

עס איז דאַרום געוועזען נאַטירליך, אַז דיא פּראָווינצען, וועלכע האָבען געוואָלט אָנהאַלטען זייער אָטאָנאָמיע, זאָלען זיך שרעקען פאַר דיא אויבערמאַכט פון בוענאָס ערעס און אַז דיא פיהרער פון דיזער שטאָדט זאָלען שטרעבען צו אויבערהערשאַפט. דיא קאַודילאָס האָבען דאַרום געפאָדערט, אַז אַלע פּראָווינצען זאָלען האָבען אַ גלייכע שטימע אין דעם נאַציאָנאַלען קאָנגרעס, אָבער דיא פיהרער פון בוענאָס ערעס האָבען עס בשום אופן ניט געוואָלט נאָכגעבען. דיזע פיהרער האָבען אויך געפאָדערט, אַז דיא הויפּט־שטאָדט פון דער אַרגענטינער רעפּובליק זאָל זיין נור בוענאָס ערעס. זיי האָבען ניט איינגעזעהן, אַז סאַי וויא סאַי וועט דיזע שטאָדט מוזען פערנעהמען דעם ערשטען פּלאַץ אין דער רעפּובליק, וואָס פאַר אַ פעדעראַליסטישע קאָנסטיטוציאָן מען זאָל ניט פערפאַסען. זיא איז דאָך שטענדיג געוועזען דער צענטער פון האַנדעל און אויך פון

בילדונג און קולטור אין דיא לאַ פּלאַטאַ געגענדען. אין פּראָפּאָרציע צו דער אַלגעמיינער בעפעלקערונג פון לאַנד איז בוענאָס ערעס אַן אויסנאַהמע צווישען דיא הויפּט־שטעדט פון אַלע אַנדערע לענדער. ווען מען נעהמט אין אַנבע־טראַכט דיא טעריטאָריע פון אַרגענטינאַ, וועלכע איז איבער פינף מאָל גרעסער פאַר דיא דייטשע אימפּעריע און וועלכע צעהלט היינט, נאָך דעם ריזעגען עמי־גראַציאָנס־שטראָם אין דיא לעצטע פאַר צעהנדליג יאָהר, אַרום 6 מיליאָן נפשות, ווערט מען ערשטוינט, אַז דאָרטען האָט גאָר געקענט אויפקומען איין שטאָדט מיט אַ פינפטעל פון דער גאַנצער בעפעלקערונג.

נור דיא פיהרער פון בוענאָס ערעס האָבען ניט געוואָלט הערען פון קיינע קאָמפּראָמיסען, און ווען דער קאָנגרעס האָט בעשטימט, אַז סאַנטאַ פע זאָל ווער־ען דיא הויפּט־שטאָדט פון דיזע פעראייניגטע פּראָווינצען, האָבען זיי זיך ענטזאַגט דאָס צו אַנערקענען און האָבען זיך גאָר אָבגעריסען פון פערבאַנד.

אַרגענטינאַ איז דאַן צושפּאָלטען געוואָרען אין צוויי טהיילען: דיא פּראָ־ווינץ בוענאָס ערעס אונטער דער פּרעזידענטשאַפט פון דאָקטאָר אָבליגאַדאָ און אַלע אַנדערע פּראָווינצען אונטער דער פּרעזידענטשאַפט פון גענעראַל אורקוויזאַ, וועלכער איז אויסגעוועהלט געוואָרען פון קאָנגרעס לויט דיא פאָרשריפטען פון דער פעדעראַטיווער קאָנסטיטוציאָן און וועלכער האָט אויסגעקליבען פּאַראַנאַ פאַר דיא הויפּט־שטאָדט (דיזע שטאָדט פון דער פּראָווינץ ענטרע ריאָס צעהלט היינט בלויז אַרום 30,000 איינוואָהנער). ביז 1859 האָבען דיזע צוויי רע־פּובליקען געדולדעט איינע דיא אַנדערע.ביידע האָבען שנעל פּראָגרעסירט און זיינען געוואַקסען אין בעפעלקערונג. אונטער דער אַדמיניסטראַציאָן פון פּרעזידענט אורקוויזאַ האָבען דיא פּראָווינצען, ספּעציעל ענטרע ריאָס און קאָ־ריענטעס, געמאַכט וואונדערבאַרע פאָרטשריטע. דיא פרייהייט פון שיף־פער־קעהר אויף דיא טייכען פּאַראַנאַ און אורוגוואַי האָט אונגעהייער פיעל בייגע־טראָגען צו דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג פון דיא לאַ פּלאַטאַ געגענדען. עמי־גראַנטען פון אייראָפּעאישע לענדער האָבען אויך אָנגעפאַנגען צו בעזעצען זיך אין דיא פּראָווינצען ענטרע ריאָס, סאַנטאַ פע און קאָריענטעס. דיא שטאָדט ראָזאַריאָ אין דער פּראָווינץ סאַנטאַ פע ביי דיא ברעגען פון טייך פּאַראַנאַ איז שנעל געוואָרען אַ וויכטיגער פּאָרט, דער גרעסטער נאָך בוענאָס ערעס.

אָבער בוענאָס ערעס האָט זיך פון דעסטוועגען אָפיציעל ניט ערקלערט פאַר אַ גאַנץ בעזונדערע רעפּובליק און האָט אייגענטליך נור געוואַרט אויף אַ געלעגענהייט צו קריעגען דיא אויבערמאַכט אין לאַנד. וואָס מעהר דיא פּראָ־ווינצען האָבען פּראָגרעסירט, אַלץ מעהר האָבען דיא פיהרער פון בוענאָס ערעס, דיא זאָ־גענאַנטע פּאָרטעניאָס, איינגעזעהען דיא נוצען פון אַ פעראייניגונג. אין 1859 האָבען זיי בעשלאָסען צו שיקען אַן אַרמעע, אום צו פעריאָגען פון פּאַראַנאַ פּרעזידענט אורקוויזאַ מיט זיין רעגירונג. אָבער זייער אַרמעע,

וועלכע האט זיך געפונען אונטער דער קאמאנדע פון גענעראל בארטאלאמע מיטרע, איז בעזיעגט געווארען פון גענעראל אורקוויזא'ס ארמעע, און דער רע־זולטאט דערפון איז געוועזן, אז בוענאס ערעס האט געמוזט אריינטרעטען אין דעם פערבאנד און אנערקענען דיא פעדעראטיווע קאנסטיטוציאן פון 1853 און אויך אז פאראנא זאל ווערען דיא הויפט־שטאדט פון דיא פעראייניגטע פראווינצען פון ארגענטינא.



בארטאלאמע מיטרע

צו דיזער צייט האט אורקוויזא'ס קאנסטיטוציאנעלער טערמין אלס פרעזי־דענט זיך געענדיגט. אויף זיין פלאץ איז ערוועהלט געווארען דאקטאר סאנטיאגא דערקווי, וועלכער איז באלד געקומען אין א צוזאמענשטויס מיט בוענאס ערעס צוליעב דעם, וואס ער האט זיך אריינגעמישט אין דיא אינערליכע אנגעלעגענ־הייטען פון דער פראווינץ סאן כואן, וואו דער גובערנאטאר איז ערמארדעט געווארען פון זיינע געגנער. דיזער צוזאמענשטויס האט זיך שוין געענדיגט

מיט א טריאומף פאר בוענאָס ערעס. אין דער שלאַכט ביי פּאַוואָן אין סעפּ־טעמבער 1861 האָט גענעראל מיטרע, וועלכער איז געוועזן גובערנאַטאָר פון בוענאָס ערעס, בעזיעגט דיא פעדעראלע אַרמעע, און דר. דערקווי האָט געמוזט רעזיגנירען.

אָבער דיזער גענעראל איז אויך געוועזן א פעהיגער און ליבעראלער שטאַאטסמאַן. ער האָט זיך אויסגעצייכענט אין דעם קאַמפּף געגען דעם טיראַן ראָזאס און האָט זיך שפּעטער אויך ערוואָרבען א נאָמען מיט זיינע זעהר וויכ־טיגע און גרינדליכע ווערק איבער דער געשיכטע פון ארגענטינע. ווען ער איז געוואָרען דער פּרעזידענט פון אלע פּראָווינצען און האָט עטאַבלירט דיא אלגע־מיינע רעגיערונג אין בוענאָס ערעס, האָט ער ניט נור געזוכט צו פערבלייבען אין דיא גרענעצען פון דער פעדעראַטיווער קאָנסטיטוציאָן פון 1853, וועלכע ער האָט ניט געענדערט, זאָנדערן צו לעבען בשלום מיט דיא קאַודילאָס און בכלל וואָס װעניגער זיך צו מישען אין דיא אינערליכע פּראָווינציעלע אנגעלע־גענהייטען.

בעזאָנדערס האָט ער געזוכט ניט איינצורייסען זיך מיט גענעראל אורקווי־זא, וועלכער איז געבליבען דער דיקטאַטאָרישער גובערנאַטאָר פון זיין פּראָווינץ ענטרע ריאָס, ווען ער האָט אויפגעהערט צו זיין פּרעזידענט פון דיא פעראייניג־טע פּראָווינצען. פון זיין זייט האָט אורקוויזא געדולדעט דיא אויבערמאַכט פון בוענאָס ערעס, זאָ לאַנג מען האָט איהם געלאָזען קאָמאַנדעווען אין זיין פּראָווינץ. דיא אַנדערע קאַודילאָס האָבען געפאָלגט זיין ביישפּיעל, און דאָס לאַנד האָט ענדליך דערלעבט א צייט אָהן בירגער־קריעג, א צייט פון רוהע.



פיערטער קאפיטעל.

# דיא בערוהיגונג און אויפבליהונג פון לאַנד

אונטער דער אַדמיניסטראַציאָן פון באַרטאָלאָמע מיטרע האָבען אַלע טהיילען פון אַרגענטינע געמאַכט אונגעהייער גרויסע פאָרטשריטע. עס האָט זיך אָנגעהויבען דאָרטען, מעג מען זאָגען, אַ נייעס לעבען. דיא פּראָווינצען זיינען וואונדערבאַר שנעל געוואַקסען אין בעפעלקערונג און אין רייכטהום. אָבער אין 1865 איז אַרגענטינע ניט ווילענדיג אַריינגעשלעפּט געוואָרען אין אַ מלחמה, וועלכע האָט איהר זעהר טהייער געקאָסט. דאָס איז געווען דיא מלחמה, וועלכע פראַנציסקאָ לאָפּעז, דער זאָנדערבאַרער דיקטאַטאָר פון פּאַראַגוואַי, האָט אָנגעפאַנגען גלייכצייטיג מיט בראַזיליען און מיט אַרגענטינע און וועלכע האָט זיך געענדיגט מיט זיין טויט און מיט אַ שרעקליכער רואינע פאַר פּאַראַגוואַי, וויא מיר וועלען עס זעהן, ווען מיר וועלען קומען צו דער געשיכטע פון דיזער רעפּובליק.

אין דער צייט ווען מיטרע האָט געפיהרט אין פערבינדונג מיט בראַזיליען דיא לאַנגע און שווערע מלחמה מיט דעם פּאַראַגוואַיער דיקטאַטאָר, האָבען אויסגעבראָכען אונרוהען אין איניגע אַרגענטינער פּראָווינצען, וועלכע האָבען זיך געוואָלט בענוצען מיט דיזער געלעגענהייט צו ברעכען דיא אויבערמאַכט פון בוענאָס ערעס. דאָס האָט געצוואונגען פּרעזידענט מיטרע צוריקצוקעהרען זיך, אום צו אונטערדריקען דעם אויפשטאַנד. אַזוי וויא גענעראַל אורקוויזאַ האָט זיך ענטזאַגט אַרויסצוטרעטען געגען פּרעזידענט מיטרע, איז דיזער אויפשטאַנד געווען אַ זעהר שוואַכער.

פּרעזידענט מיטרע האָט פריעדליך און גוזעצליך אָבגעטראָטען זיין פּלאַץ צו דר. סאַרמיענטאָ, ווען זיין טערמין האָט זיך געענדיגט אין 1868. דיא וואהל פון דר. סאַרמיענטאָ, וועלכער איז בעקאַנט אין דער געשיכטע פון אַרגענטינע אונטער דעם נאָמען "שולמייסטער פּרעזידענט", ווייל ער האָט זעהר פיעל געזאָרגט פאַר פאָלקס־בילדונג, איז געווען אַ בעזאָנדערס פרייע, פריעדליכע און עהרליכע. ער האָט אויך פערדיענט דעם צוטרויען פון פאָלק צו איהם. אונטער זיין ליבעראַלער אַדמיניסטראַציאָן האָט דאָס לאַנד ווייטער פּראָגרעסירט מיט

אַ וואונדערבאַרער שנעלקייט. מען האָט אויסגערעכענט, אַז קיין לאַנד אין דער וועלט, אפילו ניט דיא פעראייניגטע שטאַאטען פון נאָרד־אַמעריקאַ, איז אַזוי שנעל געוואַקסען אין בעפעלקערונג, אין רייכטהום און אין האַנדעל, וויא אַרגענטינע אין דער צווייטער העלפּט פון 19טען יאָהרהונדערט. אין דיא ערשטע 45 יאָהר נאָך דער רעוואָלוציאָן געגען שפּאַניען איז דיא בעפעלקערונג פון דיא אַרגענטינער פּראָווינצען בלויז פערדאָפּעלט געוואָרען, ווערענד אין דיא נעכסטע 45 יאָהר איז זיא געשטיגען אויף 450 פּראָצענט. אין 1869 האָט דיא שטאָדט בוענאָס ערעס געהאַט 180,000 איינוואָהנער און מיט דרייסיג יאָהר שפּעטער 850,000. דיזער אויסעראָרדענטליכער וואוקס איז געקומען ספּעציעל דורך דעם אַלץ שטייגענדען שטראָם פון איינוואַנדערער.

אָבער עס זיינען אַלץ געבליבען נאָכוועהעניסען פון דעם בירגער־קריעג. אין 1870 האָט אויסגעבראָכען אַן אויפשטאַנד אין דער פּראָווינץ ענטרע ריאָס אונטער דער פיהרונג פון דעם קאַודילאָ לאָפּעץ כאָרדאַן, וועלכער האָט געוואָלט פערנעהמען דעם פּלאַץ פון דעם גובערנאַטאָר אורקוויזאַ. דיא רעבעלען האָבען געפאַנגען דיזען אַלטען קאַודילאָ און עקס־פּרעזידענט און האָבען איהם ערמאָרדעט. דיא לעגיסלאַטור פון דער פּראָווינץ האָט דאַן אויס שרעק פאַר דיא רעבעלען ערוועהלט דעם קאַודילאָ לאָפּעץ כאָרדאַן פאַר דעם גובערנאַטאָר. אָבער פּרעזידענט סאַרמיענטאָ האָט ניט נור זיך ענטזאַגט צו אַנערקענען אַזאַ אויסוואַהל, זאָנדערן האָט אויך געשיקט אַן אַרמעע צו אונטערדריקען דיא רעבעליאָן. דיזער פּראָווינציעלער בירגער־קריעג האָט געדויערט אַרום אַ יאָהר און איז געווען אַ זעהר קאָסטבאַרער און בלוטיגער. ענדליך זיינען דיא רעבעלען פעריאָגט און פערניכטעט געוואָרען, און לאָפּעץ כאָרדאַן האָט זיך גערעטעט דורך פּליטה נאָך אויסלאַנד. צום אַנדענקען פון גענעראַל אורקוויזאַ האָט מען אין 1901 געשטעלט אַ מאָנומענט אין זיין אַלטער הויפּט־שטאָדט פּאַראַנאַ.

אין 1874, ווען סאַרמיענטאָ׳ס טערמין האָט זיך געענדיגט, האָט זיך צופלאַקערט דער אַלטער קאַמפּף צווישען דיא פיהרער פון דיא פּראָווינצען און דיא פּאָרטעניאָס פון בוענאָס ערעס. ווען דר. ניקאָלאַס אַוועלאַנעדאַ, דער קאַנדידאַט פון דיא פּראָווינצען, איז אויסגעוועהלט געוואָרען פאַר פּרעזידענט, האָבען דיא פיהרער פון בוענאָס ערעס, וועלכע האָבען אַרויסגעשטעלט דעם עקס־פּרעזידענט מיטרע אַלס זייער קאַנדידאַט, פּראָטעסטירט, אַז דיא וואַהלען זיינען ניט אָנגעגאַנגען עהרליך, און האָבען איהם געוואָלט אַרונטערזעצען מיט געוואַלט. דאָס האָט געפיהרט צו אַ נייעם בירגער־קריעג, וועלכער האָט זיך אָבער גליקליכערווייזע געענדיגט שנעל. אין דיא צוויי שלאַכטען, וועלכע זיינען געפאָכטען געוואָרען צווישען דיא אַנהענגער פון פּרעזידענט אַוועלאַנעדאַ און פון עקס־פּרעזידענט מיטרע, זיינען דיא לעצטע בעזיעגט געוואָרען און האָבען זיך אונטערגעגעבען.

אין דיזע שלאַכטען האָט זיך בעזאָנדערס אויסגעצייכענט גענעראַל ראָקאַ, דער קאָמאַנדיר פון דער פעדעראַלער אַרמעע, וועלכער איז געוואָרען צוערשט קריעגס־מיניסטער אין אַוועלאַנעדאַ'ס קאַבינעט און נאָכהער פּרעזידענט און דיקטאַטאָר. דיזער גענעראַל האָט זיך אויך אויסגעצייכענט אין דער עראָבערונג פון דיא ריעזיגע געגענדען, וועלכע האָבען געטראָגען דעם אַלגעמיינעם נאָמען פּאַטאַגאָניע און וועלכע זיינען געווען בעזעצט פון זעהר שטאַרקע, הויכע און קריעגערישע אינדיאַנער. דיא גרענעצען פון ארגענטינע זיינען דורך זיינע זיעגען איבער דיא אינדיאַנער פערשפּרייטעט געוואָרען ביז צו דיא ברעגען פון דעם מאַגעלאַן וואַסער־וועג. נייע געגענדען, וואָס פערנעהמען עטליכע הונ־דערט טויזענד סקוועער מייל, זיינען געעפענט געוואָרען פאַר דיא גאוטשאָס און אייראָפּעער אין 1878. דיא פיהרער פון בוענאָס ערעס האָבען פערלאַנגט גאַנץ פּאַטאַגאָניע אַלס אַ טהייל פון זייער פּראָווינץ, אָבער דיא פיהרער פון דיא אַנדערע פּראָווינצען און אויך פּרעזידענט אַוועלאַנעדאַ האָבען עס ניט געוואָלט דערלאָזען, ווייל דאַן וואָלט דיא פּראָווינץ בוענאָס ערעס געווען אַזוי גרויס, וויא אַלע אַנדערע 13 פּראָווינצען צוזאַמען. מען איז שליסליך געקומען צו אַ קאָמפּראָמיס, אַז דיא פּראָווינץ בוענאָס ערעס זאָל בעקומען 63,000 סקוועער מייל פון דיא געגענדען, וועלכע מען האָט צוגענומען ביי דיא אינדיאַנער, און אַז פּאַטאַגאָניע זאָל צוטהיילט ווערען אין טעריטאָריעס אונטער דער פערוואַל־טונג פון דער פעדעראַלער רעגיערונג.

אין 1880, ווען עס איז געקומען דיא צייט פון וואַהלען פאַר אַ פּרעזידענט, האָט זיך ווידער פערשאַרפט דער אַלטער שטרייט צווישען דיא פּראָווינצען און בוענאָס ערעס. פּרעזידענט אַוועלאַנעדאַ און זיין פּאַרטיי האָבען בעשטימט, אַז גענעראַל ראָקאַ זאָל ווערען דער הויפּט פון דער פעדעראַלער רעגיערונג. זיי האָבען אָנגעווענדעט דיא גאַנצע רעגיערונגס־מאַשין דורך דיא גובערנאַ־טאָרס, אַרמעע און פּאָליציי אויסצופיהרען זייער בעשלוס. דיא פּאַרטיי פון בוענאָס ערעס, דיא פּאָרטעניאָס, דיא אַנהענגער פון עקס־פּרעזידענט מיטרע, האָבען ארויסגעשטעלט דר. טעבעדאָר אַלס זייער קאַנדידאַט. דיזע פּאַרטיי האָט בעשלאָסען צו קעמפּפען מיט געוועהר אין דיא הענד געגען דיא וואַהל פון גענעראַל ראָקאַ. דיא בעפעלקערונג פון דער שטאָדט בוענאָס ערעס, וועלכע האָט שוין דאַן דערגרייכט ביז 700,000 נפשות, איז געווען געגען דיא פעדע־ראַלע רעגיערונג און האָט מיט ענטהוזיאַזם געשטיצט דיא פאָדערונגען פון מיט־רע'ס פּאַרטיי. זיי האָבען געוואָלט, אַז זייער שטאָדט זאָל פיהרען דיא גאַנצע רעפּובליק. גרויסע פּראָטעסט־מיטינגען געגען פּרעזידענט אַוועלאַנעדאַ און זיין רעגיערונג זיינען אָבגעהאַלטען געוואָרען אין שטאָדט, און דיא מיליץ צו־זאַמען מיט דער פּאָליציי האָבען פּאַראַדירט איבער דיא גאַסען און געדראָהט צו פעריאָגען דיא רעגיערונג, וועלכע האָט פון איהר זייט אויסגעשטעלט אַרטי־

לעריע אין איינינע פּונקטען און האָט צוזאַמענגעקליבען סאָלדאַטען פון דיא פּראָווינצען.

פוןביידע זייטען האָט מען אָבער געוואָלט אויסמיידען בלוט־פערגיסונגען און קומען צו אַן אויסגלייך. פּרעזידענט אַוועלאַנעדאַ האָט געהייסען זיינע סאָלדאַטען אַרויסמאַרשירען פון שטאָדט, האָפענדיג דערמיט איינצושטילען דיא רעבעלירענדע איינוואָהנער. דיא אונטערהאַנדלונגען צווישען דיא אָנפיהרער פון ביידע פּאַרטייען און אַרמעען האָבען אָבער ניט געפיהרט צו אַ פריעדליכען אָבמאַך. אין יוני 1880 האָט פּרעזידענט אַוועלאַנעדאַ געפונען פאַר נויטיג צו פערלאָזען בוענאָס ערעס צוזאַמען מיט אַלע זיינע מיניסטאָרען. דיא פּאַרטעניאַס האָבען עס אָנגענומען פאַר אַ קריעגס־ערקלערונג און האָבען גלייך בעשלאָסען צו אָרגאַניזירען אַן אַרמעע פון 25,000 מאַן. אַרגענטינע איז דאַן צוטהיילט געווען אין צוויי פּאַרטייען: פון איין זייט דער פערבאַנד פון צוועלף פּראָווינצען, דיא זאָ־גענאַנטע "קאָרדאָבאַ ליגע", און פון דער אַנדער זייט דער פערבאַנד פון דער שטאָדט און פּראָווינץ בוענאָס ערעס מיט דער פּראָווינץ קאָריענטעס. דיא אַרמעע פון דיא צוועלף פּראָווינצען, דיא פעדעראַלע אַרמעע אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל ראָקאַ, איז געווען בעסער בעוואַפענט און דיסציפּלינירט פאַר דער אַרמעע פון בוענאָס ערעס. זיא איז אויך געווען געשטיצט פון דיא קריעגס־שיפען, וועלכע האָבען בלאָקירט דעם פּאָרט פון בוענאָס ערעס און ניט דערלאָזען אַריינפיהרען פון אויסלאַנד געוועהר, אין וועלכע דיא פּאַרטעניאַס האָבען זיך בעזאָנדערס גענויטיגט.

נאָך עטליכע צוזאַמענשטויסען און נאָך אַ שלאַכט לעבען בוענאָס ערעס, וועלכע האָט זיך געצויגען צוויי טעג, האָט דיא פעדעראַלע אַרמעע געזיעגט. גענעראַל ראָקאַ איז אַריין אין בוענאָס ערעס אַלס טריאומפאַטאָר און איז נאָכהער ערוועהלט געוואָרען אַלס פּרעזידענט. דיא בעזיעגטע פּאַרטיי האָט זיך געפיהלט צו שוואַך אַרויסצושטעלען איהר קאַנדידאַט געגען דיזען ענערגישען און פעהיגען גענעראַל, וועלכער האָט באַלד בעוויזען, אַז ער איז אויך אַ גוטער אַדמיניסטראַטאָר. דער וויכטיגסטער רעזולטאַט פון דעם זיעג פון דיא פּראָווינצען איז געווען, וואָס דיא שטאָדט בוענאָס ערעס איז אָבגעטהיילט געוואָרען פון דער פּראָווינץ בוענאָס ערעס און איז ערקלערט געוואָרען פאַר דיא פעדעראַלע הויפּט־שטאָדט. דיזע ענדערונג האָט געפיהרט ניט נור צו אַ שנעלען סוף פון דיא לאַנגע בלוטיגע שטרייטען צווישען דיא פּראָווינציאַלען און דיא פּאַרטעניאַס, זאָנדערן אויך צו אַן ענגערער פערבינדונג פון אַלע פּראָווינצען און צו אַ פערשטאַרקונג פון דער גאַנצער רעפּובליק.

אָהן איהר הויפּט־שטאָדט האָט דיא פּראָווינץ בוענאָס ערעס אויפגעהערט צו שרעקען דיא אַנדערע פּראָווינצען מיט איהר אויבערמאַכט. אין דער שטאָדט בוענאָס ערעס, אַלס דער צענטער פון דער אַלגעמיינער רעגיערונג, האָבען זיך

דיא פערטרעטער פון דיא פּראָווינצען אָנגעהויבען צו פיהלען וויא ביי זיך אין דער היים. דיא פּראָווינצען האָבען אָנגעהאַלטען זייער אַלטע אָטאָנאָמיע, אָבער זיי האָבען שוין געקוקט אויף בוענאָס ערעס מיט שטאָלץ וויא אויף זייער אַלגעמיינע הויפּט־שטאָדט, דעם צענטער פון האַנדעל, אינדוסטריע און קולטור פון דער אַרגענטינער נאַציאָן. זיי האָבען זיך אַזוי אַלץ ענגער און פריינדליכער פערבונדען אין איין פעדעראַציאָן. אין 1884 איז דיא רעגיערונג פון דער פּראָווינץ בוענאָס ערעס אַריבערגעפיהרט געוואָרען אין דער שטאָדט לאַ פּלאַטאַ, ניט ווייט צום זיד פון דער שטאָדט בוענאָס ערעס. דאָס איז אויסגעפיהרט געוואָרען אָהן שום שטערונגען, און דיא פעדעראַטיווע אָרגאַניזאַציאָן פון דער אַרגענטינער רעפּובליק איז דורך דעם נאָך מעהר בעפעסטיגט געוואָרען.

אונטער דער אַדמיניסטראַציאָן פון פּרעזידענט ראָקאַ האָט דיא רעפּובליק געמאַכט ווייטערע פאָרטשריטע אויף אַלע וועגען. דיא געשעפטען האָבען אויפגעבליהט, דער אויסלענדישער האַנדעל איז געשטיגען פון 1875 ביז 1885 אויף 75 פּראָצענט. אין דערזעלבער צייט זיינען דריי מאָל אַזוי פיעל אייזענבאַהנען אויפגעבויט געוואָרען וויא אין דיא פריהערע יאָהרען. דיא איינקינפטע פון דער רעגיערונג האָבען זיך אויך פערגרעסערט אויף 60 פּראָצענט; אָבער נאָך העכער האָבען זיך געהויבען דיא אויסגאַבען, און דאָס האָט געפיהרט צו אַ פינאַנציעלען קריזיס. דיא פינאַנסען פון אַרגענטינע זיינען דיא גאַנצע צייט געוועזען אין אַ שלעכטען צושטאַנד, טראָץ דיא אונגעהייערע ענטוויקלונג פון האַנדעל. דער לאַנגער בירגער־קריעג האָט נאַטירליך געפאָדערט ריזיגע אויסגאַבען אויף געוועהר. מען האָט געזוכט צו דעקען דיא שטייגענדע אויסגאַבען דורך אויסלענדישע הלואות און דורך דרוקען מאַסען אַסיגנאַציעס, וועלכע זיינען נאַטירליך אַלץ מעהר געפאַלען אין פּרייז.

ווען ראָזאַס איז געוואָרען דיקטאַטאָר, איז דער פּאַפּיערענער דאָלאַר ווערטה געוועזען בלויז 15 סענט אין גאָלד. אין 1846 איז מען געוועזען צופריעדען צו קריעגען 4 סענט פאַר אַ פּאַפּירענעם דאָלאַר. אונטער מיטרע׳ס אַדמיניסטראַציאָן אין 1866 האָט מען געצוואונגען צו רעכענען אַ פּאַפּירענעם דאָלאַר פאַר 25 סענט אין גאָלד. אָבער אונטער סאַרמיענטאָ׳ס אַדמיניסטראַציאָן, ווען עס זיינען געמאַכט געוואָרען זעהר גרויסע אויסגאַבען, איז דער קורס פון פּאַפּיער־געלד נאָך ניעדריגער געפאַלען. פּרעזידענט ראָקאַ האָט אויך געוואָלט רעפאָרמירען דיא פינאַנסען און פעסטשטעלען דעם קורס פון פּאַפּיער־געלד; אָבער דאָס איז איהם ניט געלונגען. דער רעזולטאַט איז גאָר געוועזען, אַז דער פינאַנציעלער קריזיס איז גרעסער געוואָרען און אַז דער עולם איז געוואָרען אַלץ מעהר אונצופריעדען מיט זיין רעגיערונג, וועלכע איז פאַקטיש געוועזען אַ דיקטאַטור, אָבוואָהל ער האָט געזוכט זיך צו האַלטען אין דיא גרענעצען פון דער

קאָנסטיטוציאָן און צו לעבען בשלום מיט דיא גובערנאַטאָרען און פיהרער אין דיא פּראָווינצען.

אין 1886, ווען זיין טערמין האָט זיך געענדיגט, האָט גענעראַל ראָקאַ אויסגעפיהרט, אַז זיין שוואָגער, דר. מיגועל כוארעץ סעלמאַן, זאָל ווערען פּרעזידענט. באַלד האָבען זיך אָבער אָנגעהויבען פּאָליטישע אונרוהען. סעלמאַן איז געווען אַ שוואכער מאַן, אַ ווערקצייג אין דיא הענד פון דער הערשענדער פּאַרטיי. ער האָט געמאַכט הלואות און אויסגאַבען כמעט גאָר אָהן אַ רעכנונג. מען האָט צופיעל ספּעקולירט און מען האָט אויך געשווינדעלט אויף וואָס דיא וועלט שטעהט. אַלע וואַרנונגען וועגען דיא ביטערע רעזולטאַטען פון אַזעלכע פינאַנציעלע פיהרונגען האָבען וועניג געווירקט אויף דעם פּרעזידענט מיט דער באַנדע ספּעקולאַנטען און שווינדלער, וועלכע האָבען איהם אַרומגערינגעלט און געזוכט צו מאַכען וואָס שנעלער מיליאָנען אויף דער רעכנונג פון פאָלק. סעלמאַן האָט אפילו ניט געפאָלגט דעם ראטה פון גענעראַל ראָקאַ אויפצוהערען דיא צו גרויסע אויסגאַבען אויף אייזענבאַהנען און פערשיעדענע קהל'שע אונטערנעה־מונגען. פון 1885 ביז 1891 זיינען דיא אויסלענדישע חובות כמעט פערדריי־פאַכט געוואָרען דורך הלואות, פאַר וועלכע מען האָט געמוזט צאָהלען אַלץ העכערע פּראָצענטען.

אין 1889 איז ענדליך געקומען דער קריזיס, וועלכער האָט געפיהרט פשוט צו באַנקראָט. דיא רעגיערונג האָט ניט געהאַט מיט וואָס צו צאָהלען איהרע דרינגענדסטע אויסגאַבען, און פיעלע באַנקען זיינען צוגעשלאָסען געוואָרען. דאַן האָט זיך געגרינדעט דיא זאָ־גענאַנטע "יוניאָן סיוויקאַ", אַ פעראיין פון פיהרער אין בוענאָס ערעס, וועלכע האָבען אָנגעפאַנגען צו זאַמלען קרעפטע פאַר אַן אויפשטאַנד. גרויסע פּראָטעסט־מיטינגען געגען דיא פעדעראַלע רעגיערונג זיינען אָבגעהאַלטען געוואָרען אין בוענאָס ערעס און אויך אין אַנדערע שטעדט, וואו רעוואָלוציאָנערע קלובען זיינען געשאַפען געוואָרען. מיליאָנען פלוגבלע־טער און פּראָקלאַמאַציעס זיינען פערשפּרייט געוואָרען איבער'ן גאַנצען לאַנד צו ערקלערען דיא אורזאַכען פון דעם שרעקליכען פינאַנציעלען קריזיס און צו שילדערען דיא שווינדעל און גנבות פון פּרעזידענט סעלמאַן'ס רעגיערונג.

אין יולי 1890 האָט זיך אָנגעפאַנגען אַן אויפשטאַנד אין בוענאָס ערעס אונטער דער ליטונג פון דיא מיטגליעדער פון דער "יוניאָן סיוויקאַ". באַרי־קאַדען זיינען שנעל אויפגעבויט געוואָרען אין דיא וויכטיגסטע גאַסען און פּלע־צער. צו דיא רעוואָלוציאָנערען זיינען אויך צוגעשטאַנען אייניגע באַטאַליאָנען פון דער רעגיערונגס־אַרמעע, אויף וועלכער פּרעזידענט סעלמאַן האָט געלייגט זיינע גרעסטע האָפנונגען. דיא קאָמאַנדירען פון דיא קריעגס־שיפען זיינען אויך אַרויסגעטראָטען געגען דיא רעגיערונג און האָבען זאָגאַר אָנגעפאַנגען צו באָמבאַרדירען דיא רעגיערונגס־געביידעס. אָבער דיא קאַפּיטאַנען פון אויס־

לענדישע שיפען, וועלכע האָבען זיך געפונען אין פּאָרט, האָבען זיך ארייננעמישט און האָבען געפאָרדערט, אז דיזע באָמבארדירונג זאָל אויפהערען אויף דעם גרונד, דאָס אויך אויסלענדער און בכלל זייטיגע מענשען ליידען דערפון. ווען פּרעזידענט סעלמאַן האָט זיך ארומגעזעהן, אז ער קען זיך ניט פערלאָזען אויף דער פעדעראַלער ארמעע און אז דיא עפענטליכע מיינונג איז זעהר שטארק געגען איהם אליין און געגען זיינע מיניסטאָרען, האָט ער געפאָלגט דעם ראטה פון גענעראַל ראָקאָ צו רעזיגנירען. זיין פּלאַץ איז דאַן פערנומען געוואָרען פון דעם וויצע-פּרעזידענט, דר. קארלאָס פּעליגריני, וועלכער איז געוועזן קריעגס-מיניסטער אין דיא קאַבינעטען פון דיא פּרעזידענטען אַוועלאַנעדאַ און ראָקאָ. און דיא איינוואָהנער פון בוענאָס ערעס האָבען אויפגענומען דיזע ענדערונג מיט גרויס פריידע און געפייערט זייער זיעג גאַנצע דריי טעג.

דיא פינאַנציעלע שוויריגקייטען זיינען אָבער געוועזן אַזעלכע גרויסע, אז טראָץ אַלע זיינע גוטע אַבזיכטען און אָנשטרענגונגען, האָט פּרעזידענט פּעליגריני ניט געקענט פיעל אויפטהאָן. דער קורס פון דער אונגעהייערער מאַסע אַסיגנאַציעס איז אַלץ ניעדריגער געפאַלען. דורך דעם האָט שליסליך אויך באַנקראָטירט דיא בעריהמטע לאָנדאָנער פינאַנץ-פירמע בארינג בראָטהערס, וועלכע זיינען געוועזן פינאַנציעלע אַגענטען פון דער ארגענטינער רעגיערונג. דיזער באַנקראָט האָט געפיהרט צו קראַכען אין דער גאַנצער האַנדעלס-וועלט. דיא גרעסטע באַנקען אין בוענאָס ערעס, אפילו דיא נאַציאָנאַל-באַנק, האָבען געמוזט צושליסען זייערע טהירען אין פריהלינג פון 1891. פּאָליטיש האָט זיך דיא פיעל-געפּרופטע רעפּובליק גראַדע אָנגעהויבען צו בערוהיגען, ווייל דיא פיהרער פון דיא קעמפּפענדע פּארטייען, אפילו דיא גענעראַלען ראָקאָ און מיט-רע, האָבען זיך פעראייניגט צו שטיצען פּעליגריני'ס רעגיערונג און איינצושטי-לען דיא פּראָווינצען. אום צו פערשטארקען דיזע רעגיערונג האָט גענעראַל ראָקאָ זאָגאַר איינגעוויליגט צו פערנעהמען דעם פּאָסט פון מיניסטער פון אינ-לענדישע אַנגעלעגענהייטען.

ווען עס איז געקומען אין 1892 צו וועהלען אַ נייעם פּרעזידענט, האָט גענעראַל ראָקאָ ארויסגעוויזען זאָגאַר אַזוי פיעל גרויסמוטה און פּאַטריאָטיזם צו שטיצען דיא קאַנדידאַטור פון זיין אַלטען געגנער און פיהרער פון דיא פּאַרטעניאָס, דעם אונז שוין בעקאַנטען גענעראַל מיטרע. אָבער דיא פּראָ-ווינציאַלען זיינען ענטשיעדען ארויסגעטראָטען געגען גענעראַל מיטרע און האָ-בען פערלאַנגט ניט אַנדערש, אז זייער פיהרער, גענעראַל ראָקאָ, זאָל ווידער ווערען פּרעזידענט. עס וואָלט ווידער געקומען צו אַ בירגער-קריעג — אין דער פּראָווינץ קאָרדאָבאַ האָט זיך שוין אָנגעפאַנגען אַן אויפשטאַנד און אין בוענאָס ערעס האָט מען געמאַכט אַן אַטענטאַט אויף גענעראַל ראָקאָ'ס לעבען — ווען ביידע פיהרער וואָלטען ניט אָבגעמאַכט צווישען זיך אין דיא אינטערע-

סען פון פריעדען און פון דער גאַנצער רעפּובליק צוריקצוציהען זיך פון פּאָלי־טישען שלאַכטפעלד און העלפען אויסקלייבען פאַר פּרעזידענט דר. סאַענץ פּע־ניא, וועלכער האָט געוואונען א גרויסען שם אלס א מיטגליעד פון העכסטען געריכט און וועלכער האָט זיך פריהער כמעט גאָר ניט געמישט אין דיא פּאַרטיי־שטרייטען.

ווען דיזער קאָמפּראָמיס־קאַנדידאַט איז ערוועהלט געוואָרען, האָבען דיא ראַדיקאַלען, וועלכע זיינען דערמיט גאָר ניט צופריעדען געוועזען, ניט נור גע־זוכט צו שטערען דיא רעגיערונג אין קאָנגרעס, זאָנדערן האָבען זאָגאָר אָנגע־פאַנגען צו מאַכען פּאַרבערייטונגען צו אַן אויפשטאַנד. אונרוהען זיינען פאָר־געקומען אין אייניגע פּראָווינצען, בעזאָנדערס אין דער פּראָווינץ סאַנטאַ פּע, וואו דר. אַלעם, דער פיהרער פון דער ראַדיקאַלער פּאַרטיי, האָט אָרגאַניזירט אַן אַרמעע און האָט פערכאַפּט דיא שטאָדט ראָזאַריאָ. דיזע רעבעליאָן איז אפילו שנעל אונטערדריקט געוואָרען; אָבער אזוי וויא דער קאָנגרעס האָט דאָך ניט געהאַט גענוג צוטרויען צו דער רעגיערונג, איז פּרעזידענט פּעניאַ שליסליך געצוואונגען געווען צו רעזיגנירען אין יאַנואַר 1895. זיין טערמין איז געענ־דיגט געוואָרען פון דעם וויצע־פּרעזידענט דר. כאָזע אוריבורו, וועלכער איז געווען א גענייטער דיפּלאָמאַט און האָט זיך אויסגעצייכענט אין אויסלענדישע אַנגעלעגענהייטען, ספּעציעל אין דיא גרענעץ־שטרייטען, וועלכע האָבען זיך דאַן געצויגען מיט בראַזיליען און טשילי.

אין 1898, ווען עס איז געקומען דער טערמין פאַר א נייעם פּרעזידענט, האָט מען פון אַלע זייטען פערלאַנגט, אַז גענעראַל ראָקאַ זאָל ערוועהלט ווערען. דאָס איז געשעהען אָהן אָפּאָזיציאָן, ווייל מען האָט דאַן מורא געהאַט פאַר א מלחמה מיט טשילי און מען האָט גערעכענט, אַז ער איז דער פּאַסענדער פיה־רער און פעהיגסטער גענעראַל. דאָס פאָלק האָט זיך טאַקע ניט גענאַרט אין איהם. ער האָט אָנגעשטרענגט אַלע זיינע כחות אויסצומיידען א מלחמה. איי־נער פון זיינע ערשטע אַקטען אַלס פּרעזידענט איז געווען צוזאַמענצוטרעפען זיך מיט'ן פּרעזידענט פון טשילי און צו קומען צו א פריעדליכען אויסגלייך וועגען זייערע גרענעצען. מיר ווייסען שוין פון דער געשיכטע פון טשילי, אַז ביידע רעפּובליקען, וועלכע האָבען יאָהרען לאַנג געמאַכט גרויסע פּאַרבעריי־טונגען צו א מלחמה, האָבען זיך צולעצט פערלאָזען אויף שיעדס־געריכטען און לעבען זייט דאַן בשלום.

פּרעזידענט ראָקאַ האָט אויך דורכגעפיהרט רעפאָרמען אין דער אַדמיניס־טראַציאָן, אין דער וואַהל־סיסטעם, אין דיא געריכטען און אין פינאַנצען. וויא א גענייטער קאַפּיטאַן האָט ער דורכגעפיהרט אונבעשעדיגט דיא שיף פון דער רעפּובליק לעבען שטיינערדיגע ברעגען אין דער צייט פון שטורמווינדען און האָט איהר געאַנקערט אין א זיכערען האַפען. ער האָט ניט נור געענדיגט אין

1904 דעם געזעצליכען טערמין רוהיג און פריעדליך, זאַנדערן האַט אויך אָהן שטערונגען איבערגעגעבען זיין אַמט צו דר. מאַנועל קווינטאַנאַ, וועלכער איז געזעצליך אויסגעוועהלט געוואָרען פאַר פּרעזידענט מיט זיין צושטימונג.

די ארגענטינער רעפּובליק מאַכט אַלץ ווייטערע און גרעסערע פאָרטשריטע. זי שטייגט אין בעפעלקערונג, רייכטהום, האַנדעל, אינדוסטרי און אויך אין פּאָליטישער ענטוויקלונג. דיא צייטען פון בירגער־קריעג זיינען שוין פאָריבער. פּאָליטישע שטרייטען ווערען שוין ניט געפיהרט מיט געוועהר אין דיא הענד, נור אין קאָנגרעס, אין דער פּרעסע און אויף פערזאַמלונגען, וויא אין אַלטע קאָנסטיטוציאָנעלע לענדער.

דעם 25טען מאַי 1910 איז מיט גרויסע פּאַראַדען און מיט פּאַטריאָטישע בעגייסטערונג געפייערט געוואָרען אין גאַנצען לאַנד דער הונדערט־יעהריגער יובילעאום פון דער רעפּובליק. דיא 14 פּראָווינצען און דיא 10 טעריטאָריעס, פון וועלכע עס בעשטעהט יעצט דיא ארגענטינער רעפּובליק, זיינען שוין פעסט פערבונדען און בילדען איין נאַציאָן, דיא זעהר ענערגישע און פאָרטשריטליכע ארגענטינער נאַציאָן, וועלכע וואַקסט זעהר שנעל דורך מאַסען עמיגראַנטען פון אַלע אייראָפּעאישע לענדער, ספּעציעל פון איטאַליען און שפּאַניען. דיא איינ־דיאַנער און מעסטיזאַס זיינען שוין פון לאַנג אַ מינאָריטעט אין ארגענטינע. דיא גרויסע מאַיאָריטעט פון דער בעפעלקערונג איז אַ ווייסע, וואָס שטאַמט מייסטענס פון דיא ראָמאַנישע אָדער לאַטיינישע לענדער אין אייראָפּאַ. דיא הערשענדע שפּראַך בלייבט אַ שפּאַנישע, טראָץ דעם וואָס דיא מייסטע איינ־וואַנדערער זיינען דיא לעצטע צייטען איטאַליענער, נור דיא קולטור דאָרטען איז יעדענפאַלס אַ לאַטיינישע. דיא צענטערס פון בילדונג און קולטור זיינען בוענאָס ערעס און קאָרדאָבאַ, וואו עס געפינען זיך אוניווערזיטעטען, און אויך סאַנטאַ פע, לאַ פּלאַטאַ, פּאַראַנאַ, ראָזאַריאַ, וואו עס געפינען זיך פּאַקולטעטען פון יוריספּרודענץ און מעדיצין און אויך הויכע טעכנישע, קאָמערציעלע און קונסט־שולען. דיא פאָלקס־בילדונג ווערט אַלץ ווייטער פערשפּרייט איבער'ן לאַנד. דיא צאָהל פון אַנאַלפאַבעטען (וואָס קענען ניט שרייבען און לעזען) ווערט אַלץ קלענער. אין 1910 האָבען זיך געפונען 1,200,212 שילער אין דיא 5321 פאָלקס־שולען.



# אידישע איינוואַנדערער און קאָלאָניעס

זייט 1891 ציהט זיך אויך אַ אידישער עמיגראַציאָנס־שטראָם נאָך אַרגענ־טינע. בוענאָס ערעס איז שנעל געוואָרען דער גרעסטער אידישער צענטער אין זיד־אַמעריקאַ. מיט יעדען יאָהר וואַקסט דאָרט דיא אידישע בעפעלקערונג. מען דאַרף ניט זיין אַ נביא פּאָרויסצוזאָגען, אַז מיט דער צייט וועט דיא הויפּט־שטאָדט פון אַרגענטינע ווערען דיא נעכסטע גרעסטע אידישע שטאָדט נאָך ניו יאָרק. דיא אידען האָבען דיא בעסטע אויסזיכטען צו פערשפּרייטען זיך אין גאַנץ אַרגענטינע.

דערוויילע איז אַרגענטינע דיא איינציגע שפּאַניש־שפּרעכענדע מדינה מיט אַ בעדייטענדער אידישער בעפעלקערונג. אין אַלע אַנדערע זיד־אַמעריקאַנישע רעפּובליקען, בראַזיליען אריינגערעכענט, געפינען זיך נור אין דיא גרעסערע שטעדט איינצעלנע אידען. אַרגענטינע איז אַן אויסנאַהמע פון כלל אויך דער־מיט, וואָס אַ גרויסער טהייל, אונגעפעהר אַ דריטעל פון איהר אידישער בע־פעלקערונג, בעשטעהט פון קאָלאָניסטען, טאַקע אמת'ע קאָלאָניסטען, וועלכע פערנעהמען זיך מיט אַקערבוי און פיהצוכט. לויט דיא פאָלקס־צעהלונג פון 1910 האָבען זיך אין דיא 9 אידישע קאָלאָניעס דאָרטען געפונען 3777 פאַמי־ליען, וועלכע האָבען געצעהלט 21,115 נפשות. אַזוי וויא דיזע קאָלאָניעס מאַ־כען דיא לעצטע יאָהרען מערקווירדיג גרויסע פאָרטשריטע, וואַקסט דאָרטען דיא בעפעלקערונג אַלץ שנעלער. עס קען שווין היינט קיין צווייפעל ניט זיין, אַז דיזע קאָלאָניעס וועלען פערבלייבען צענטערס פון אידישער קאָלאָניזאַציאָן.

וויא בעוואוסט, זיינען דיזע קאָלאָניעס געגרינדעט געוואָרען פון באַראָן דע הירש, וועלכער האָט אויך געשאַפען דיא דזשואיש קאָלאָניזיישאָן אַסאָסיאיי־שאָן, דיא בעריהמטע יק"א, מיט אַ קאַפּיטאַל פון 9 מיליאָן פונט סטערלינג אין 1892. נאָך דעם טויט פון דיזען גרויסען פילאַנטראָפּ אין 1896 איז דיזעס קאַפּיטאַל פאַר אידישע קאָלאָניזאַציאָן און בכלל פאַר שטיצען פערפאָלגטע אי־דען פערגרעסערט געוואָרען ביז עלף מיליאָן פונט סטערלינג (אונגעפעהר 55 מיליאָן דאָלאַר). דיא וויכטיגסטע רעזולטאַטען פון דיזער קאָלאָניזאַציאָנס־אַרבייט צייגען זיך דערוויילע אַרויס אין אַרגענטינע. דיא אידישע קאָלאָניעס געפינען זיך אין דיא פּראָווינצען בוענאָס ערעס, ענטרע ריאָס און סאַנטאַ פע.

זייערע נעמען זיינען: מאָאיזוויל, קלאַרא, סאַן אַנטאָניאָ, סאַנטא איזאַבעל, לוסיענוויל, מאָוריציאָ, באַראָן דע הירש, נאַרסיס לעווען (נאָך דעם נאָמען פון דעם אַלטען פּרעזידענט און איינעם פון דיא ערשטע גרינדער פון דער אַליאַנס איזראַעליט אוניווערסעל אָדער חברה כל ישראל חברים) און דאָראַ.

דיא רייכסטע פון דיזע קאָלאָניעס איז מאָוריציאָ אין דער פּראָווינץ בוענאָס ערעס. אין 1910 האָבען דאָרטען זיך געפונען 613 פאַמיליען מיט 3097 נפשות. דיא קאָלאָניסטען האָבען דאַן געהאַט פערזעעט דאָרטען 24,518 העקטאר (אין ארגענטיניען איז איינגעפיהרט געוואָרען דיא מעטרישע מאָס וויא אין אַלע אַנדערע לאַטייניש לענדער; א העקטאר איז אונגעפעהר 2 און א האַלב ענגלישע אַקער), מייסטענס מיט ווייץ, האָבער און לוצערן אָדער אַלפאַלפאַ. זיי האָבען דאַן פערמאָגט צוזאַמען 15,668 קיה און אָקסען און איבער 7000 פערד, עזלען און מויל־עזלען. אין אַלע 9 קאָלאָניעס זיינען אין 1910 קולטיווירט געוואָרען 205,097 העקטאַר, כמעט א העלפט פון דעם לאַנד וואָס דיא יק״א האָט געהאַט איינגעקויפט אין אַרגענטינע, און דיא צאָהל פון בהמות האָט דערגרייכט ביז 60,000 (דארונטער 23,300 קיה) און פון פערד און מויל־עזלען ביז 61,000.

דיא קאָלאָניסטען קויפען אַלץ מעהר אויס זייערע חלקים לאַנד ביי דער יק״א, ווייל זייער עקאָנאָמישע לאַגע פערבעסערט זיך שנעל. דיא פּרייזען פון לאַנד ווערען אַלץ העכער, ווייל דיא בעפעלקערונג פערמעהרט זיך זעהר שנעל אַרום און אַרום, בעזאָנדערס טאָקע אין דיא ערטער, וואו דיא מייסטע אידישע בעזעצונגען געפינען זיך, און אויך ווייל עס ווערען דאָרטען געבויט אַלץ מעהר אייזענבאַהנען. דיא אידישע קאָלאָניעס פּראָגרעסירען אין אַלגעמיינען צוזאַמען מיט גאַנץ אַרגענטינאַ, וועלכע איז שוין געוואָרען אַזאַ מקום מנוחה פאַר אידישע איינוואַנדערער אין זיד־אַמעריקאַ, וויא יונייטעד סטייטס אין נאָרד־אַמעריקאַ.



# דיא געשיכטע פון אורוגוואי

צו דער צייט ווען דיא שפאניער האָבען ענטדעקט ריאָ דע לאַ פלאטא, וויא דאָס איז בעשריעבען אין דער געשיכטע פון ארגענטינע, זיינען דיא נאָרדליכע ברעגען פון דיזען טייך, וועלכע געהערען צו דער רעפובליק אורוגוואי, געווען בעזעצט פון בעזאָנדערס קריעגערישע שטאַמען מיט דעם אַלגעמיינען נאָמען טשארוא. אין קיין אַנדער טהייל פון דער נייער וועלט, אַראוקאניא אין טשילי און פאטאַגאָניא אין אַרגענטינע אריינגערעכענט, האָבען דיא שפאניער ניט געהאט צו פיהרען אַזא לאַנגען קאַמפף מיט דיא איינגעבאָרענע, וויא גראדע אויף דיא סטעפעס פון אורוגוואי. עס האָט גענומען גאַנצע צוויי יאָהרהונדערטע ביז דיא שפאניער האָבען געקענט אָנהאַלטען א קאָלאָניע דאָרטען. עס זיינען פאָריבער הונדערט און פופציג יאָהר נאָך דער גרינדונג פון בוענאָס ערעס, און דיא שפאניער צוזאַמען מיט דיא אַרגענטינער גאוטשאָס האָבען אַלץ ניט געקענט פעריאָגען דיא מוטהיגע אינדיאַנער, וועלכע האָבען זיך צושפרייט אויף דער אורוגוואיער זייט פון ריאָ דע לאַ פלאטא.

דיא פאמפאסען (סטעפעס) פון אורוגוואי זיינען אַלץ געבליבען אָבגעשניטען פאַר אויראָפּער, וועלכע האָבען זיך אהין געריסען פון צוויי זייטען, פון בראַזיליען אין נאָרד און פון אַרגענטינע אין זיד, ביז עס איז געגרינדעט געוואָרען אין 1726 מאָנטעווידעאָ, וועלכע איז געוואָרען דיא הויפט־שטאָדט און דער הויפט־פאָרט פון אורוגוואי. דיא טשארואס האָבען אויף קיין פאַל ניט געוואָלט לאָזען דיא ווייסע זיך בעזעצען אויף זייער לאַנד. זיי האָבען ערמאָרדעט דעם ענטדעקער פון ריאָ דע לאַ פלאטא, כואן דע סאָליס, ווען ער האָט געלאַנדעט מיט עטליכע בעגלייטער אין אַן אָרט לעבען דעם אורוגוואיער פאָרט קאָלאָניא, וואָס געפינט זיך אַנטקעגען בוענאָס ערעס (וועגען דיא רייזען און עראָבערונגען פון דיא שפאניער אין דיא לאַ פלאטא געגענדען זעה דעם ערשטען קאפיטעל פון דער געשיכטע פון אַרגענטינע). אין זייערע צוזאַמענשטויסען מיט דיא שפאניער, וועלכע האָבען אַלץ געזוכט צו בעפעסטיגען זיך ערגעץ־וואו אויף דעם נאָרדליכען ברעג פון לאַ פלאטא, האָבען דיזע אינדיאַנער שטאַמען געלערנט דיא אויראָפּעאישע קריעגס־קונסט. מיט דיא פערד און אָקסען, וועלכע האָבען זיך מיט א וואונדערליכער שנעלקייט פערמעהרט אויף דיא פאמפאסען פון דיא

עטליכע פּאָר, וואָס דיא ערשטע שפּאַניער קאָלאָניסטען אין אַרגענטינע האָבען מיטגעבראַכט און איבערגעלאָזען זיך פּיטערן אָהן שום אויפּפּאַסונג, האָבען זיך דיא טשאַרואַס בענוצט פּונקט וויא דיא אַרגענטינער קרעאָלען און גאַוטשאָס. זיי זיינען געוואָרען אויסגעצייכענטע רייטער און יעגער.

אין 1573 האָבען דיא שפּאַניער אָרגאַניזירט אין בוענאָס ערעס אַן עקספּעדיציע פון 350 גוט־בעוואַפּענטע וואָלאַנטוריסטען מיט דעם צוועק צו עטאַבלירען אַ קאָלאָניע אויף דער אורוגוואַיער זייט פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ. פּיזאַראָ האָט איינגענומען דיא ריזיגע פּערואַנער אימפּעריע מיט אַ קלענערע צאָהל שווערד־העלדען; אָבער דיא טשאַרואַס האָבען ניט נור אויסגעהאַלטען דיא שפּאַנישע אַטאַקע, זאָנדערן האָבען אויך אויסגעשלאַכטעט אַ דריטעל פון דיא אָנגרייפער. דיא איבריגע האָבען זיך קוים גערעטעט אויף אַן אינזעל. דרייסיג יאָהר שפּעטער האָבען דיא קרעאָלען פון בוענאָס ערעס און פון פּאַראַגוואַי געמאַכט אַ נייע פּראָבע צו בעזעצען זיך אין דיא געגענדען, וואָס האָבען צוערשט געקראָגען דעם נאָמען באַנדאַ אָריענטאַלע (דאָס לאַנד צו מזרח זייט פון דעם טייך אורוגוואַי) און נאָכהער אורוגוואַי. ארום 500 מאַן פון דיא אַרגענטינער געגענדען האָבען זיך אַריינגעריסען אַהין אונטער דער קאָמאַנדע פון הערנאַנדאַריאָס סאַאַוועדראַ, דעם גובערנאַטאָר פון בוענאָס ערעס, אָבער זעהר וועניג פון זיי האָבען זיך צוריקגעקעהרט. דיא טשאַרואַס האָבען פּשוט פערניכטעט דיא אָנגרייפער אין אַ שלאַכט. אין דיא נעכסטע פופציג יאָהר האָבען דיא שפּאַניער דריי מאָל פּרובירט איינצונעהמען דיא אינדיאַנער שטאַמען אין אורוגוואַי, אָבער דאָס איז זיי ניט געלונגען.

דיא טשאַרואַס האָבען זיך אייגענטליך קיין מאָל ניט אונטערגעגעבען צו דיא שפּאַניער. ווען זיי זיינען אין אָנפאַנג פון 18טען יאָהרהונדערט שליסליך בעזיעגט און צוריקגעשטויסען געוואָרען פון דיא ברעגען פון לאַ פּלאַטאַ, האָבען זיי זיך צושפּרייט אין מיטען לאַנד ביז צו דיא גרענעצען פון בראַזיליען, וואו זיי האָבען נאָך אַ לענגערע צייט אָנגעהאַלטען זייער אונאַבהענגיגקייט. דיא נידערלאַגען, וועלכע דיא שפּאַניער האָבען געהאַט אין אורוגוואַי, האָבען אויך געפיהרט דערצו, אַז דיא האַנדעלס־שיפען פון אַלע אייראָפּעאישע לענדער האָבען גאָר מורא געהאַט צוצוקומען צו דיא נאָרדליכע ברעגען פון לאַ פּלאַטאַ. דיא איינציגע ווייסע, וואָס האָבען געוואַגט אין 17טען יאָהרהונדערט אַריינצודרינגען אין דיא אינערליכע געגענדען פון אורוגוואַי זיינען געוועזען דיא יעזואיטען, וועלכע האָבען צוערשט געגרינדעט דיא מיסיאָן מיט'ן נאָמען סאָריאָנאָ אין 1650 אויף אַן אינזעל אין דעם טייך אורוגוואַי. דיא קריעגערישע טשאַרואַס האָבען פון זיך געיאָגט אויך דיא יעזואיטישע מיסיאָנערען, אָבער אַנדערע אינדיאַנער שטאַמען האָבען זיך געלאָזט אַליץ מעהר טויפען, און דורך דעם זיינען נאָכהער געעפענט געוואָרען וועגען פאַר פּאָרטוגעזישע און שפּאַנישע קאָלאָניס־

טען. איינינע פון דיא וועניגער קריעגערישע שטאַמען האָבען זיך אויף אָנגע־פאַנגען צו מישען מיט דיא קרעאָלען, זאָ דאָס עס איז ענטשטאַנען אַ קלאַס מעסטיזאָס אויך אין אורוגוואי. אַנדערע אינדיאַנער שטאַמען האָבען אָנגעהויבען צו פיהרען האַנדעל מיט דיא ווייסע, וועלכע האָבען דאַרום אויך געקענט זיך עטאַבלירען דאָרטען אין געוויסע פּונקטען.

צו ענדע פון 17טען יאָהרהונדערט האָט זיך אויך אָנגעפאַנגען אַ קאַמפּף צווישען דיא שפּאַניער און פּאָרטוגעזער צוליעב דיא פּאָסעסיע פון אורוגוואי. דיא פּאָרטוגעזער זיינען אַהין צוגעקומען פון זייערע בעזיצונגען אין בראַזיליען. אין 1680 האָט דער גובערנאַטאָר פון ריאָ דע זשאַנעירא אַרויסגעשיקט עטליכע שיפען מיט סאָלדאַטען צו פערנעהמען אַ פּונקט ביי דיא נאָרדליכע ברעגען פון לאַ פּלאַטאַ אין נאָמען פון דעם קעניג פון פּאָרטוגאַל. זיי האָבען געלאַנדעט אין אַ האַפען גראַדע געגענאיבער בוענאָס ערעס און האָבען דאָרטען געגרינדעט דיא שטאָדט, וועלכע טראָגט עד היום דעם נאָמען קאָלאָניא. פּאָרטוגאַל האָט פערלאַנגט אויף דעם גרונד פון דעם אָבמאַך פון טאָרדעסילאַס דיא געגענדען צום זיד־וועסט ביז צו דער מינדונג פון אורוגוואי, וועהרענד שפּאַניען האָט פערלאַנגט אויף דעם גרונד פון דעם זעלבען אָבמאַך דיא געגענדען צום נאָרד־אָסט ביז צו דער בראַזיליאַנער פּראָווינץ סאַאון פּאַאולאָ. אָבער אַזוי וויא דיא טשאַרואַס האָבען דאָרטען קיינע אויראָפּעער ניט צוגעלאָזען, איז דער דאָזיגער גרענעץ־שטרייט געבליבען אַ פּאַפּיערענער ביז דיא פּאָרטוגעזער האָבען אויס־געפיהרט דעם פּלאַן צו בעפעסטיגען זיך אין קאָלאָניא.

דיא איינוואָהנער פון בוענאָס ערעס האָבען גלייך בעשלאָסען, גאָר ניט וואַרטענדיג אויף בעפעהלען פון מאַדריד, צו פערטרייבען דיא פּאָרטוגעזער פון אַזאַ נאָהענטער נאַכבאַרשאַפט. אַ מחנה פון 250 קרעאָלען און 3000 פריינד־ליכע אינדיאַנער זיינען פּלוצלונג בעפאַלען דיא פּאָרטוגעזער, וועלכע זיינען גע־ווען פערנומען מיט בעפעסטיגען זייער פּלאַץ געגען דיא ערוואַרטעטע אַטאַקעס פון דיא טשאַרואַס. דער קאָמאַנדיר פון דיא פּאָרטוגעזער האָט אָנפאַנגס צו־ריקגעשטויסען דיא אַטאַקע פון דיא שפּאַניער, אָבער ער האָט שליסליך געמוזט זיך אונטערגעבען. דיא שפּאַניער האָבען גלייך צושטערט אַלעס וואָס דיא פּאָרטוגעזער האָבען געהאַט צייט אויפצובויען אין קאָלאָניא. דיא פּאָרטוגעזי־שע רעגיערונג האָט פּראָטעסטירט געגען אַזאַ האַנדלונג אין אַ צייט פון פריעדען און האָט ערקלערט, אַז זיא האָט אַ רעכט געהאַט צו גרינדען אַ קאָלאָניע דאָר־טען, ווייל דיא געגענדען ביי דיא נאָרדליכע ברעגען פון לאַ פּלאַטאַ זיינען גאָר ניט פערנומען געוואָרען פון דיא שפּאַניער און זיינען דאַרום געבליבען אַ פרייע טעריטאָריע. דיא שפּאַנישע רעגיערונג, וועלכע האָט דאַן ניט געוואָלט איינ־רייסען מיט פּאָרטוגאַל און האָט זיך אויך ווענינ געקימערט וועגען סטעפּעס און פּלאַכע געגענדען, וואו מען האָט גאָר ניט געקענט ערוואָרטען צו געפינען דיא

ערעלע מעטאלען, האָט צוגעגעבען, אז דער גובערנאטאָר פון בוענאָס ערעס האָט ניט ריכטיג געהאנדעלט, אָבער זיא האָט דערביי ערקלערט, אז דיא נאָרדליכע ברעגען פון לאַ פּלאטאַ געהערען דאָך צו איהר.

דיא פּאָרטוגעזישע רעגיערונג האָט נאָכדעם וויעדער געשיקט שיפען מיט סאָלדאטען צו פערנעהמען קאָלאָניאַ. אין 1683 האָבען דיא פּאָרטוגעזער ארומ־גערינגעלט דיזען פּאָרט מיט אַ גראָבען און מיט װענט געגען דיא אטאקעס פון דיא טשארואַס. דיזער פּאָרט איז גלייך געוואָרען אַ צענטער פאר קאָנטראבאנ־דיסטען. פון דאָרטען איז עס לייכט געװען אריינצושמוגלען סחורות אין בוע־נאָס ערעס, פון וואנען מען פלעגט זיי שוין טראנספּאָרטירען נאָך דיא אנדערע שפּאנישע קאָלאָניעס, אפילו אזוי וויים וויא פּערו און לימאַ גופא. דיזער פּאָרטוגעזער פּאָרט איז געוואקסען שנעל נור אַ דאנק דעם קאָנטראבאנדע־האנ־דעל מיט דיא שפּאנישע קאָלאָניעס.

אין 1705, אין דער צייט פון אַ מלחמה צווישען שפּאניען און פּאָרטוגאל, האָט דער גובערנאטאָר פון בוענאָס ערעס געשיקט אַן עקספּעדיציע, וועלכע האָט איינגענומען קאָלאָניאַ. דיא שפּאניער האָבען אָבער וויעדער געמוזט צו־ריק אָבטרעטען דיזען פּאָרט צו דיא פּאָרטוגעזער אַ יאָהר דריי נאָך דעם בע־ריהמטען פריעדענס־אָבמאַך פון אוטרעכט אין 1713. אין דיזער צייט אָבער האָבען דיא שפּאניער זיך ארומגעזעהן, אז זיי קענען שוין גרינדען אַן אייגענע קאָלאָניע ביי דיא נאָרדליכע ברעגען פון לאַ פּלאטאַ, ניט אכטענדיג אויף דיא טשארואַס און אנדערע װילדע אינדיאנער. דורך דעם האנדעל מיט פעל און פערדישע האָאָר פון איין זייט און דורך דיא מיסיאָנערסקע טהעטיגקייט פון דיא יעזואיטען פון דער אנדער זייט זיינען אפילו דיא טשארואַס מילדער גע־וואָרען. דארום האָבען דיא שפּאניער בעשלאָסען צו פּראָבירען בעזעצען זיך אין אַן אנדער פּאָרט פון אורוגוואי. זיי האָבען אויסגעקליבען איינעם פון דיא בעסטע פּאָרטען דאָרטען, געמליך מאָנטעווידעאָ. אין 1723, ווען מען האָט זיך דערוואוסט אין בוענאָס ערעס, אז פּאָרטוגעזער האָבען געלאנדעט אין דיזען פּאָרט, אום צו גרינדען אַ נייע קאָלאָניע, האָט דער גובערנאטאָר געשיקט אַ מחנה צו פעריאָגען זיי, וואָס עס איז איהם געלונגען אויסצופיהרען אויף זיין אייגענער פעראנטוואָרטליכקייט. נאכהער האָט דיזער גובערנאטאָר אריבערגע־שיקט אהין עטליכע פאמיליען פון בוענאָס ערעס, און אזוי איז ערשט מיט 214 יאָהר נאָך דער ענטדעקונג פון ריאָ דע לאַ פּלאטאַ געגרינדעט געוואָרען אַ שפּאַ־נישע קאָלאָניע ביי דיא נאָרדליכע ברעגען פון דיזען טייך.

דיא גרינדונג פון מאָנטעווידעאָ, אַ 100 מייל צו מזרח זייט פון דעם פּאָרט קאָלאָניאַ, איז געווען דער אָנפאנג פון דער שפּאנישער הערשאפט אין אורוגוואי. אַ יאָהר פיער שפּעטער איז אויך געגרינדעט געוואָרען פון דיא שפּאניער דער צווייטער וויכטיגסטער פּאָרט פון אורוגוואי מיט׳ן נאָמען מאלדאָנאדאָ. אין

דערזעלבער צייט האָבען דיא קרעאָלען פון דער ארגענטינער פּראָווינץ סאנטא פע זיך אריינגעריסען אין דיא געגענדען צום מזרח פון טייך פּאראנא נאָך א זיעג איבער דיא טשארואַס דאָרטען און האָבען אלץ ווייטער זיך צושפּרייט איבער ענטרע ריאָס און באנדא אָריענטאלע.

א קורצע צייט נאָכדעם וויא דיא שפּאניער האָבען זיך בעזעצט און בע־פעסטיגט אין מאָנטעווידעאָ, האָבען דיא פּאָרטוגעזער געשיקט אן עקספּעדיציע צו פעריאָגען זיי פון דאָרטען. אָבער דאָס איז דיא פּאָרטוגעזער ניט געלונגען און זיי האָבען דאן זיך אוועקגעלאָזען אויף זייערע שיפען ווייטער צו מזרח און צפון ביי דיא ברעגען פון אורוגוואי, אום צו לאַנדען ערגעץ אין אן אנדער גוטען האפען. דיזע ברעגען זיינען זעהר אָרים אין גוטע און זיכערע האפענס. אפילו מאָנטעווידעאָ איז ניט גענוג טיעף פאר גרויסע דאמפף־שיפען. א זיכערען הא־פען האָבען דיא פּאָרטוגעזער ערשט געפונען אזוי ווייט צום נאָרד ביי דיא ברעגען פון אטלאַנטישען אָקעאן, וויא ריאָ גראנדע דאָ סול, וואו זיי האָבען אין 1735 אויפגעבויט א פעסטונג און געגרינדעט א שטאָדט. דיזע געגענד איז געוואָרען דער זידליכער גרענעץ פון בראזיליען.

אזוי איז עס נור דער פּאָרט קאָלאָניא געבליבען אין דער ערשטער העלפט פון 18טען יאָהרהונדערט דיא איינציגע פּאָרטוגעזישע פּאָסעסיע אין אורוגוואי. דיא שפּאנישע רעגיערונג האָט אָבער געזוכט א וועג וויא אזוי אויך פּטור צו ווערען פון דיא פּאָרטוגעזער אין קאָלאָניא, וואָס איז געווען וויא א דאָרן אין די אויגען פון די איינוואָהנער פון בוענאָס ערעס. אין 1750 האָט שפּאניען אָנגע־נומען א פּאָרשלאָג אויסצובייטען דיזען פּאָרט אויף א גאנצע געגענד אין מיטען לאַנד ביי דיא ברעגען פון טייך אורוגוואי, דיא געגענד, וואו דיא יעזואיטען הא־בען קאָמאנדעוועט איבער בעקעהרטע אינדיאנער שטאַמען און וואָס האָט גע־טראָגען דעם נאָמען "זיעבען מיסיאָנען". דיא פּאָרטוגעזער, וועלכע האָבען דאן געיאָגט דיא יעזואיטען, און בעזאָנדערס דיא קאָלאָניסטען פון דער בראזיליאנער פּראָווינץ סאאון פּאאולאָ, וועלכע האָבען געמאכט א תל פון אלע יעזואיטישע מיסיאָנען אויף זייער וועג, וויא מיר וועלען עס זעהן אין דער געשיכטע פון בראזיליען, האָבען זיך א לאָז געטהאָן אין דיזער טעריטאָריע, וואו זיי האָבען צושטערט דיא יעזואיטישע מיסיאָנען און אינדיא־נער דערפער. דיא יעזואיטען האָבען דאן געמאכט אזעלכע גוואלדען געגען דיא פערפאָלגונגען פון דיא פּאָרטוגעזער אין דיא "זיעבען מיסיאָנען", אז דיא שפּא־נישע רעגיערונג האָט געמוזט נאָכגעבען דיא פּאָרדערונג וועגען אָבשאפען דעם דאָזיגען אָבמאך מיט פּאָרטוגאל.

קאָלאָניא איז אזוי ווייטער פערבליבען אין פּאָרטוגעזישע הענד. נור אין 1762, ווען שפּאניען און פּאָרטוגאל האָבען ווידער געפיהרט א מלחמה, האָט דער גובערנאטאָר פון בוענאָס ערעס געשטורמט דיזען פּאָרט מיט א מחנה פון

קנאַפּע 4000 מאַן און האָט געצוואונגען דיא פּאָרטוגעזער זיך אונטערצוגעבען נאָך אַ ביטערען קאַמפּף. נור דעם נעכסטען יאָהר האָט דיא שפּאַנישע רעגיערונג נאָך אַמאָל צוריקגעגעבען קאָלאָניאַ צו פּאָרטוגאַל. אָבער אין 1777, ווען דיא לאַ פּלאַטאַ געגענדען זיינען געוואָרען אַ וויצע־קעניגטהום מיט בוענאָס ערעס אַלס דיא הויפּט־שטאָדט, האָט דער וויצע־קעניג פּעדראָ דע צעבאַלאָס מיטגעפיהרט אַ גרויסע פלאָטע מיט אַ גרויסער אַרמעע, אום אין גאַנצען צו פּעריאָגען דיא פּאָרטוגעזער פון אורוגוואַי. דאָס איז איהם געלונגען. דיא פּאָרטוגעזער האָבען ניט געהאַט גענוג קרעפטע זיך צו וועהרען געגען דיא שטאַרקע שפּאַנישע אַרמעע, וועלכע האָט צוערשט איינגענומען קאָלאָניאַ און נאַכהער זיך אַ לאָז געטהאָן זיי צו פּעריאָגען אויך פון דער בראַזיליאַנער פּראָווינץ ריאָ גראַנדע דאָ סול.

נור אויף דעם בעפעהל פון דער מאַדרידער רעגיערונג האָט דער וויצע־קעניג געמוזט אויפהערען זיין מאַרש געגען דיא פּאָרטוגעזער אין בראַזיליען, און נאָך אַן אָבמאַך צווישעןביידע מלוכות, דער אָבמאַך פון אילדעפּאָנסאָ, איז עס געבליבען, אַז יעדע פון זיי זאָל אָנהאַלטען דיא טעריטאָריעס, וועלכע זיינען פּערנומען געוועזען צו דער צייט פון זייערע בירגער. קאָלאָניאַ איז אַזוי געוואָרען אַ שפּאַנישע פּאָסעסיע כמעט נאָך אַ גאַנצען יאָהרהונדערט פון פּאָרטוגיזישער הערשאַפט דאָרטען. כמעט דיא גאַנצע טעריטאָריע פון דער היינטיגער אורוגוואַי איז דאַן איבערגעגאַנגען צו שפּאַניען, און דיא געגענד פון ריאָ גראַנדע דאָ סול איז פערבליבען אין פּאָרטוגעזישע הענד.

אין דיא נעכסטע פופציג יאָהר נאָך דעם אָבמאַך פון אילדעפּאָנסאָ איז אורוגוואַי איינענטליך געווען אַ טהייל פון אַרגענטינע. מאָנטעווידעאָ איז געוואָרען דיא שטאַרקסטע שפּאַנישע פעסטונג ביי דיא ברעגען פון אַטלאַנטישען אָקעאַן. דאָרטען האָט זיך געפונען אַ בעזונדערער מיליטערישער גובערנאַטאָר. דיא שפּאַנישע רעגיערונג האָט אַלץ מעהר בעפעסטיגט דיזען פּאָרט, אום צו קאָנטראָלירען דעם אַריינפאָהר אין לאַ פּלאַטאַ. דאָס איז געוואָרען דער צענטער פון דיא שפּאַניער און פון לאָיאַליסטען אין דער צייט פון דער רעוואָלוציאָן. אויסער דיא אָפיציערען פון דעם גאַרניזאָן אין דער פעסטונג און דיא בעאַמטע פון דער פּראָווינץ אורוגוואַי האָבען זיך אין מאָנטעווידעאָ געפונען אַ סך אַריסטאָקראַטישע פאַמיליען אויך פון בוענאָס ערעס. ווייטער אין לאַנד, אויף דיא פּאַמפּאַסען, האָבען זיך אַלץ צושפּרייט דיא גאַוטשאָס פון ענטרע ריאָס און פון אַנדערע אַרגענטינער פּראָווינצען.

אורוגוואַי איז דיא קלענסטע פון אַלע זיד־אַמעריקאַנישע רעפּובליקען אין שטח (איהר טעריטאָריע איז פון דעסטוועגען איבער צוויי מאָל גרעסער פאַר דיא טעריטאָריע אין פּאָרטוגאַל), אָבער דערפאַר דיא געדיכטעסטע אין בעפעלקערונג, ווייל איהרע פרוכטבאַרע פעלדער און זעהר געזונדער קלימאַט ציהען

צו אַ סך איינוואַנדערער טראָץ אַלע אונרוהען און רעוואָלוציאָנען, וועלכע האָבען נאָך דאָרטען אַלץ ניט אויפגעהערט אין גאַנצען. דיא בעפעלקערונג פון מאָנטעווידעאָ האָט זיך בעזאָנדערס שנעל פערמעהרט. דיא מייסטע פון דיא אויסלענדער אין אורוגוואַי זיינען איטאַליענער, וועלכע וואַנדערען אין אַלץ גרעסערע צאָהלען אין אַלע לאַ פּלאַטאַ געגענדען. נאַכהער פאָלגען דיא שפּאַניער, ענגלענדער, פראַנצויזען און דייטשען. אין דיא נאָרדליכע טהיילען פון אורוגוואַי, לעבען דיא גרענעצען פון ריאָ גראַנדע דאָ סול, געפינען זיך אויך אַ סך בראַזיליאַנער. אין אַלגעמיינען זיינען דיא אורוגוואַיער עהנליך צו דיא אַרגענטינער, נור זיי זיינען אַביסעל מעהר געמישט מיט דיא אינדיאַנער שטאַמען.

אין 1806, ווען אַן ענגלישע אַרמעע האָט געפאַנגען בוענאָס ערעס (זעה דיא געשיכטע פון אַרגענטינע), זיינען פיעלע שפּאַנישע אָפיציערען און בעאַמטע אַנטלאָפען נאָך מאָנטעווידעאָ, פון וואַנען עס זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרען רעגעלע שפּאַנישע סאָלדאַטען און וואָלאָנטירען צו העלפען דיא קרעאָלען און גאַוטשאָס פון בוענאָס ערעס צו פעריאָגען דיא פרעמדע. דעם נעכסטען יאָהר האָט דיא ענגלישע רעגיערונג, וועלכע האָט געוואָלט פערכאַפּען דיזע פרוכטבאַרע געגענדען פון זיד־אַמעריקאַ מיט אַ מעסיגען קלימאַט אַזוי וויא זיא האָט עס אויסגעפיהרט אין זיד־אַפריקאַ, וואו זיא האָט צוערשט איינגענומען קאַפּשטאַט (קעיפּ אָוו גוד האָופּ אויף ענגליש), געשיקט אַ שטאַרקע עקספּעדיציע צו פערנעהמען מאָנטעווידעאָ גופא. דאָס איז געלונגען דיא ענגלענדער נאָך אַ באָמבאַרדירונג אין פערלויף פון אַכט טעג און נאָכדעם וויא דיא שפּאַניער האָבען פערלאָרען אַ העלפט פון דעם גאַרניזאָן.

אָבער ניט לאַנג זיינען דיא ענגלענדער פערבליבען אין מאָנטעווידעאָ. זיי האָבען געמוזט אָבטרעטען נאָכדעם וויא זייער צווייטער פערזוך איינצונעהמען בוענאָס ערעס איז דורכגעפאַלען, וויא דאָס איז בעשריעבען אויבען אין דער געשיכטע פון אַרגענטינע. אַלע געגענדען אַרום ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ זיינען אַזוי געבליבען אין שפּאַנישע הענד אַ דאַנק דעם מוטהיגען ווידערשטאַנד פון דיא אַרגענטינער קרעאָלען געגען דיא פּאָרטוגעזער און ענגלענדער. מאָנטעווידעאָ האָט גראַדע אויפגעלעבט אַלס אַ האַנדעלס־פּאָרט אין דער קורצער צייט, ווען דיא ענגלענדער האָבען דאָרטען געהערשט און איינגעפיהרט פריי־האַנדעל.

* * *

אָבער דיא טעג פון דער שפּאַנישער הערשאַפט זיינען שוין דאַן געווען געצעהלטע אין אורוגוואַי אַזוי וויא אין אַרגענטינע און אין אַלע אַנדערע שפּאַנישע קאָלאָניעס. ווען עס איז בעקאַנט געוואָרען אין מאָנטעווידעאָ, אַז נאַפּאָלעאָן האָט אַרויפגעזעצט אויף'ן שפּאַנישען טהראָן זיין ברודער יאָזעף באָנאַפּאַרטע און אַז אין סעווילאַ איז געגרינדעט געוואָרען אַ כונטאַ אָדער פּראָוויזאָרישע רעגיערונג פון שפּאַנישע פּאַטריאָטען, האָט דער גובערנאַטאָר עליאָ גלייך

געשוואָרען טרייהייט צו דיזער כונטא. אונטער דעם איינפלוס פון דיזען גו־בערנאטאָר זיינען דיא איינוואָהנער פון מאָנטעווידעאָ געבליבען געטריי צו זייער מוטערלאַנד אפילו נאָך דעם וויא בוענאָס ערעס האָט פעריאָגט דעם וויצע־קעניג און אָנגעפאנגען אַ קאמפף פאר אונאבהענגיגקייט. ער האָט ניט נור שנעל אונטערדריקט אין מאָנטעווידעאָ אַ קליינעם אויפשטאנד פון דיא קרעאָלען, וועלכע האָבען סימפּאטיזירט מיט זייערע ברידער אין בוענאָס ערעס, זאָנדערן ער האָט ערקלערט קריעג צו דיא רעוואָלוציאָנערען אין ארגענטינע און האָט גענומען ארעסטירען רעכטס און לינקס דיא אורוגוואיער, וועלכע ער האָט פער־דעכטיגט אין אונטרייהייט צו דער שפאנישער קרוין.

דיא רעוואָלוציאָנערען פון מאָנטעווידעאָ האָבען זיך געראַטעט דורך פליטה אין בוענאָס ערעס, וואו זיי זיינען צוגעשטאנען צו דער ארמעע, וועלכע דיא רעוואָלוציאָנערע כונטא האָט ארויסגעשיקט אין 1811 אונטער דער קאָמאנדע פון גענעראַל בעלגראנאָ צו פעריאָגען דעם גובערנאטאָר עליאָ מיט זיינע סאָל־דאטען. צווישען דיזע אנטלאָפענע האָט זיך אויך געפונען כאָזע ארטיגאס, וועלכער ווערט גערעכענט פאר דעם גרינדער פון דער אורוגוואיער רעפובליק. ער איז געבאָרען געוואָרען אין מאָנטעווידעאָ, נור האָט פון קינדווייז אָן געפיהרט אַ לעבען פון אַ גאוטשאָ און איז נאכהער געוואָרען דער אָנפיהרער פון דיא גאוטשאָס אין דער פּראָווינץ באנדא אָריענטאַלע.

נאָך אַ זיעגרייכער שלאַכט מיט דיא שפאניער אין אַ פּלאַץ מיט'ן נאָמען לאָס פּיעדראַס, אין וועלכער ארטיגאַס האָט זיך בעזאָנדערס אויסגעצייכענט, איז דיא רעוואָלוציאָנערע ארמעע צוגעקומען צו מאָנטעווידעאָ. נור דיא פעס־טונג דאָרטען האָבען זיי ניט געקענט איינגעהמען, און דיא בעלאַגערונג, וועלכע זיי האָבען אָנגעפאנגען, האָבען זיי געמוזט אויפגעבען, ווייל פון איין זייט האָבען דאָן דיא שפאניער געוואונען אַ וויכטיגע שלאַכט אין באָליוויא און האָבען זיך געקליבען צו מארשירען פון דאָרטען נאָך בוענאָס ערעס (זעה דיא געשיכטע פון פּערו און באָליוויא) און פון דער אַנדער זייט איז אַ פּאָרטוגעזישע ארמעע ארויסגעשיקט געוואָרען פון בראַזיליען צו פערנעהמען מאָנטעווידעאָ און גאַנץ אורוגוואַי. דיא כונטא פון בוענאָס ערעס האָט זיך גענויטיגט אין אַלע איהרע קרעפטע צו בעשיצען זיך אַליין און האָט דארום צוריקגערופען איהרע סאָלדאטען פון אורוגוואַי.

אָבער אין 1812, ווען דיא ענגלישע רעגיערונג האָט געצוואונגען דעם קע־ניג פון פּאָרטוגאַל צוריקצוציהען זיינע סאָלדאטען פון אורוגוואַי, האָט דיא רע־וואָלוציאָנערע רעגיערונג פון בוענאָס ערעס ווידער געשיקט אַן ארמעע צו פאנגען מאָנטעווידעאָ. נור עס האָבען זיך באַלד אָנגעפאנגען אַזעלכע רייסע־רייען צווישען דיא פיהרער, אַז ארטיגאַס האָט זיך אין גאַנצען צוריקגעצויגען אין 1814 און האָט איבערגעלאָזען דיא ארגענטינער אונטער דער קאָמאנדע פון

זייער געניטען גענעראל אַלוועאר איינצונעהמען מאָנטעווידעאָ, וואָס עס איז אויך געשעהען דעם זעלבען יאָהר.

דיא אינערליכע רייסערייען זיינען ארויסגערופען געוואָרען דורך דעם, וואָס בוענאָס ערעס האָט געוואָלט בעהערשען אַלע אַנדערע פּראָווינצען, דארונטער אויך דיא באַנדאַ אָריענטאַלע. ארטיגאַס איז געוואָרען דער וויכטיגסטער קעמפּפער געגען דיא צענטראַליסטען פון בוענאָס ערעס. דער ביטערער קאַמפּף צווישען דיא פעדעראַליסטען און צענטראַליסטען, וועלכער האָט געפיהרט צו אַ לאַנגען בירגער־קריעג אין אַרגענטינע, וויא מיר ווייסען עס פון דיא פריהערע קאַפּיטלעך, האָט זיך אויך צופלאַקערט אין אורוגוואי. גענעראַל ארטיגאַס האָט צוזאַמענגעקליבען זיינע גאַוטשאָס און איז געוואָרען דער דיקטאַטאָר ניט נור פון דער באַנדאַ אָריענטאַלע, זאָנדערן אויך פון אַ גרויסען טהייל פון דער אַרגענטינער מעסאָפּאָטאַמיע (אַזוי רופט מען דיא געגענד צווישען דיא טייכען אורוגוואי און פּאַראַנאַ, ספּעציעל דיא פּראָווינצען ענטרע ריאָס און קאָריענטעס). ער איז געווען דער שטאַרקסטער און גרעסטער פון דיא "קאַודילאָס", וויא מען האָט גערופען דיא גובערנאַטאָרס פון דיא פּראָווינצען, וועלכע האָבען געוואָלט אָנהאַלטען זייער אָטאָנאָמיע און זיין גלייכע יחסנים מיט בוענאָס ערעס. ווען דיא פיהרער פון דער כונטאַ פון בוענאָס ערעס האָבען ארויסגעשיקט אַן אַרמעע געגען איהם, האָט ער צוזאַמענגעקליבען אַ מחנה גאַוטשאָס און האָט איהר צוריקגעשטויסען. דיא פעדעראַליסטען זיינען דורך דעם געוואָרען שטאַרקער און האָבען געצוואונגען דיא כונטאַ פון בוענאָס ערעס צוריקצוציהען איהרע סאָלדאַטען פון מאָנטעווידעאָ.

אָבער אין 1815, ווען גענעראַל ארטיגאַס האָט געפיהרט דיא גרענדע אין אורוגוואי און אויך אין ענטרע ריאָס, איז ער געקומען אין אַ צוזאַמענשטויס מיט בראַזיליען. ער איז נעמליך בעפאַלען דיא טעריטאָריע פון דיא "זיעבען מיסיאָנען", וועלכע דיא פּאָרטוגעזער האָבען מיט אַ יאָהר פערצעהן פריהער פערנומען, און דערפאַר האָט דער קעניג פון פּאָרטוגאַל געשיקט אַ שטאַרקע אַרמעע, וועלכע האָט ניט נור בעזיעגט דיא גאַוטשאָס וואָס ארטיגאַס און אַנדערע קאַודילאָס האָבען צוזאַמענגעקליבען, זאָנדערן האָט אויך איינגענומען מאָנטעווידעאָ אין 1817. גאַנץ אורוגוואי איז אַזוי אריינגעפאַלען אין דיא הענד פון דיא פּאָרטוגעזער. ארטיגאַס און אַנדערע פיהרער פון דיא גאַוטשאָס, וועלכע האָבען געקעמפּפט עטליכע יאָהר געגען דיא פּאָרטוגעזער, האָבען געמוזט אַלץ ווייטער צוריקציהען זיך פון אורוגוואי. אין 1821, נאָכדעם וויא ארטיגאַס איז אוועק מיט עטליכע פון זיינע טרייעסטע אנהענגער נאָך פּאַראַגוואי, וואו ער איז געשטאָרבען אין אַלטער פון 86 יאָהר, האָט אַ קאָנגרעס אין מאָנטעווידעאָ ערקלערט, אַז אורוגוואי איז אַ טהייל פון בראַזיליען.

נור דיא הערשאַפט פון פּאָרטוגאַל האָט דאָרטען ניט לאַנג אָנגעהאַלטען.

צו דיזער צייט האָט זיך בראַזיליען אָבגעריסען פון פּאָרטוגאַל, וויא מיר וועלען עס שפּעטער זעהן. דיא שפּאַנישע קרעאָלען האבען נור געוואַרט אויף א גע־לעגענהייט אָנצופאַנגען אַן אויפשטאַנד געגען דיא פרעמדע הערשער. דיזע גע־לעגענהייט האָבען זיי געקראָגען אין 1825, ווען דיא ארגענטינער רעגיערונג, וועלכע האָט געקוקט מיט אייפערזיכטיגע און פיינדליכע אויגען אויף דיא פּאָר־טוגעזער און בראַזיליאַנער אין אורוגוואַי און האָט געוואָלט בעהערשען דיא געגענ־דען בייביידע ברעגען פון לאַ פלאַטאַ, האָט אָפען ערקלערט, אַז אורוגוואַי גע־הערט צו איהר. דיזע ערקלערונג האָט געפיהרט צו אַ מלחמה צווישען אַרגענ־טינע און בראַזיליען, וועלכע האָט זיך געענדיגט (זעה דיא געשיכטע פון אַר־גענטינע) מיט דער גרינדונג פון אַן אונאַבהענגיגער רעפּובליק אין אורוגוואַי אין 1830.

גענעראַל ריווערא, איינער פון גענעראַל אַרטיגאַס'עס לייטענאַנטען, וועלכער האָט זיך בעזאָנדערס אויסגעצייכענט אין דעם קאַמפף געגען דיא בראַזיליאַנער, איז געוואָרען דער ערשטער פּרעזידענט פון אורוגוואַי. זיינע געגנער האָבען איהם אָבער ניט געלאָזען רוהיג זיצען אויף'ן פּרעזידענטען־שטול. אין 1832 האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ בירגער־קריעג נאָך דעם אַרגענטינישען מוסטער. דיא געשיכטע פון דער קליינער רעפּובליק איז דאַן צוזאַמענגעפלאָכטען געוואָרען מיט דער געשיכטע פון איהר גרויסער שכנה, וועלכע האָט איהר געזוכט איינ־צושלינגען. ראָזאַס, דער בעריהמטער דיקטאַטאָר פון בוענאָס ערעס, האָט אויך געפיהרט דיא רעדעל אין אורוגוואַי דורך איהר צווייטען פּרעזידענט, גענעראַל אָריבע, וועלכער האָט סימפּאַטיזירט מיט דיא פעדעראַליסטען, ווייל זיין געגנער גענעראַל ריווערא האָט זיך געשטיצט אויף דיא יוניטאַריסטען.

דאַן זיינען עס אויפגעקומען דיא זאָ־גענאַנטע "בלאַנקאָס" און "קאָלאָ־ראַדאָס" אין אורוגוואַי. דאָס זיינען נעמען פון פּאַרטייען, וועלכע זוכען צו פער־כאַפּען דאָרטען דיא רעגיערונג אין זייערע הענד. אין זייערע פּרינציפּען און פּראָגראַמען אונטערשיידען זיי זיך זעהר ווייניג. אָנפאַנגס האָבען דיא בלאַנ־קאָס געבילדעט דיא קאָנסערוואַטיווע פּאַרטיי און דיא קאָלאָראַדאָס — דיא ליבעראַלע פּאַרטיי; אָבער שפּעטער איז געוואָרען אַ צומישעניש אין זייערע פּראָגראַמען. דיא פיהרער האָבען צוליעב זייערע פּערזענליכע אַמביציעס ניט זעלטען געביטען זייערע פּאָליטישע פאַרבען. צו דער צייט, ווען ראָזאַס האָט געהערשט אין בוענאָס ערעס, האָבען דיא בלאַנקאָס געהערשט אין מאָנטעווידעאָ. ווען ראָזאַס האָט שליסליך געמוזט זיך אָבטראָגען נאָך אייראָפּאַ (זעה דיא גע־שיכטע פון אַרגענטינע), האָבען דיא קאָלאָראַדאָס פערכאַפּט דיא רעגיערונג פון אורוגוואַי אין זייערע הענד.

אין דעם קאַמפף פון דיא קאָלאָראַדאָס געגען דיא בלאַנקאָס און געגען

דעם ארגענטינער טיראן ראָזאס האָט אויך אַנטהייל גענומען דער וועלט־בע־ריהמטער גאריבאלדי. דער צוקינפטיגער בעפרייער פון איטאליען איז געוואָרען א וויכטיגער פיהרער פון דיא קאָלאָראדאָס אין 1835.

גענעראל אָריבע, דער פיהרער פון דיא בלאנקאָס, וועלכער האָט געוואָלט, אז אורוגוואי זאל ווערען א פּראָווינץ פון דער ארגענטינער רעפּובליק, איז אין 1851 פעריאָגט געוואָרען, און גענעראל ווענאנסיאָ פלאָרעס, איינער פון דיא פעהיגסטע פיהרער פון דיא קאָלאָראדאָס, איז געוואָרען דער דיקטאטאָר.

דיא בלאנקאָס האָבען אָבער קאָנספּירירט און געמאכט א פּראָנונסיאמענ־טאָ, וואָס עס האָט געפיהרט צו א נייען בירגער־קריעג. דאָ האָבען דיא בלאנ־קאָס פערכאפּט דיא רעגיערונג און דאָרט — דיא קאָלאָראדאָס. אין 1868 איז גענעראל פלאָרעס, וועלכער איז דאן ווידער געווען דיקטאטאָר, ערמאָרדעט געוואָרען אין מאָנטעווידעאָ, וואָס עס האָט געפיהרט צו בעזאָנדערס בלוטיגע שלאכטען צווישעןביידע פּארטייען.

ערשט אין 1875, ווען גענעראל לאטאָרע, א פיהרער פון דיא קאָלאָראדאָס, איז געוואָרען דיקטאטאָר, האָט זיך דאָס לאנד אָנגעפאנגען אביסעל צו בערו־היגען. ער האָט געזוכט איינצופיהרען עקאָנאָמיעס אין דער רעגיערונג און האָט ענערגיש אויסגעראָטעט דיא באנדיטען און דיא מערדער, וועלכע האָבען זיך פערמעהרט אין דער צייט פון דעם כמעט אונאויפהערליכען בירגער־קריעג. מיט אן אייזערנער האנד האָט ער אויך אונטערדריקט דיא קאָנספּיראציעס און אויפשטאנדען פון דיא בלאנקאָס, אָבער דאָס האָט איהם אזוי דערעסען, אז אין 1880 האָט ער רעזיגנירט און פערלאָזען דאָס לאנד.

זייט דאן האָבען זיך דאָרטען אומגעביטען א דוצענד פּרעזידענטען און דיק־טאטאָרס און עס זיינען פּאָרגעקומען נאָך מעהר אויפשטאנדען, פּראָנונסיאמענ־טאָס און רעוואָלוציאָנען. מען מעג זאָגען, אז עס איז דאָרטען נאָך ניט פּאָריבער א יאָהר אָהן פּאָליטישע שטורמען. דער וויכטיגסטער פון דיא אורוגוואיער פּרעזידענטען אין דיא לעצטע דרייסיג יאָהר איז געווען כואן קועסטאַס. ער האָט פערנומען אלס פּאָרזיצענדער פון סענאט, לויט דיא פּאָרשריפטען פון דער קאָנסטיטוציאָן, דעם פּלאַץ פון פּרעזידענט באָרדאַ, א קאָלאָראדאָ, וועלכער איז ערמאָרדעט געוואָרען אין 1897, ווען ער איז ארוים פון דער קאטהעדראל קירכע אין מאָנטעווידעאָ נאָך א גאָטעסדיענסט. אָנפאנגס האָט קועסטאַס, וועלכער האָט אויך געהערט צו דער קאָלאָראדאָ פּארטיי, געזוכט צו קומען צו א פריעדלי־כען אויסגלייך מיט דיא בלאנקאָס און האָט ערקלערט אן אלגעמיינע אמניסטיע. ער האָט אויך רעפאָרמירט דיא וואהל־סיסטעם, אום דיא מאסען פון פאָלק זאָלען קענען נעהמען מעהר אנטהייל. ווען ער האָט געזעהען, אז ניט נור דיא פיהרער פון דיא בלאנקאָס, זאָנדערן אויך פון זיין פּארטיי טרעטען ארוים געגען זיינע

רעפאָרמען און סטראשען מיט א רעוואָלוציאָן, האָט ער דעם נעכסטען יאָהר אויפגעלעזט דעם קאָנגרעס און זיך ערקלערט פאר א דיקטאטאָר. ער האָט עס אָבער געטהאָן, אום איינצופיהרען מעהר אָרדנונג אין לאנד און אויך צו רעאָר־גאניזירען די פינאנצען, אז מען זאָל קענען צאָהלען די אויסלענדישע חובות.

אין 1899, ווען עס איז געקומען דער געזעצליכער טערמין פאר די וואהלען פון א נייעם פרעזידענט, האָט ער ערקלערט, אז ער וועט אויפפאסען, דאָס די וואהלען זאָלען זיין פרייע, און אז ער וועט ניט שטערען די בלאנקאָס. ער האָט געהאלטען וואָרט און איז דאָך ערוועהלט געוואָרען, אָבוואָהל די בלאנקאָס האָבען געוואונען א סך נייע פּלעצער אין קאָנגרעס.

אונטער דער אדמיניסטראציאָן פון פרעזידענט קועסטאס האָט די קליינע רעפּובליק געמאכט גרויסע פאָרטשריטע אין האנדעל. די בעפעלקערונג איז שנעל געוואקסען, בעזאָנדערס דורך אייראָפּעאישע איינוואנדערונג. די פרוכט־בארע פעלדער און דער פיינער קלימאט (אויף דעם ערד־קוגעל געפינען זיך ווייניג געגענדען מיט אזא געזונדען קלימאט וויא אורוגוואי) האָבען צוגעצויגען איינ־וואנדערער ניט נור פון אייראָפּא, מייסטענס פון איטאליען און שפאניען, זאָנ־דערן אויך פון ארגענטינע און בראזיליען. טראָץ די שטענדיגע אונרוהען און רעוואָלוציאָנען איז אורוגוואי דאָך אלץ מעהר בעזעצט געוואָרען. דאָס ערקלערט זיך דערמיט, וואָס אין דיזע רעוואָלוציאָנען האָבען זיך די קאָלאָניסטען און אפילו די גאוטשאָס ניט בעטהייליגט. די שטרייטען און שלאכטען צווישען די בלאנקאָס און קאָלאָראדאָס זיינען געפיהרט געוואָרען צווישען די קרעאָלען, וועלכע האָבען געזוכט צו פערכאפּען די רעגיערונגס־פּלעצער און האָבען זיך איבערהויפּט אָבגעגעבען מיט פּאָליטיק.

אזוי איז עס אויך מעהר אָדער ווייניגער געוועזען אין ארגענטינע און אין אנדערע שפאניש־שפּרעכענדע רעפּובליקען. זאָנסט וואָלטען זיי פשוט אונטער־געגאנגען און פערוויסטעט געוואָרען. ניט זעלטען זיינען די פּראָנונסיאמענטאָס און זאָ־גענאנטע רעוואָלוציאָנען געוועזען בלוטלאָזע. ביסלעכווייז האָבען זיך בע־רוהיגט אויך די קרעאָלען וועלכע האָבען ניט געקענט דולדען זייערע פּאָליטישע געגנער ביים רעגיערונגס־רודער און ניט געקענט אָן ניט געוואָלט זיך פיהרען קאָנ־סטיטוציאָנעל. אפילו די בלאנקאָס און קאָלאָראדאָס געברויכען שוין אלץ מעהר אין זייערע שטרייטען די פעדערען אנשטאָדט שווערדען. זייער פּאַרטיי־קאמפף פיהרען זיי אלץ מעהר מיט שריפט און וואָרט.

ווען קועסטאס האָט געענדיגט זיין טערמין אין 1903 און סעניאָר באַזע באטל איז אויסגעוועהלט געוואָרען פאר פרעזידענט, האָבען די בלאנקאָס זיך ווידער גענומען צו געוועהר, און עס האָט זיך אָנגעפאנגען א נייער בירגער־קריעג; אָבער דאָס האָט ניט לאנג געדויערט. ביי די נעכסטע וואהלען האָט

זיך ווידער אָנגעפאנגען א רעוואָלוציאָן, אָבער ווידער האָט זיא זיך שנעל געענדיגט. דיזע רעוואָלוציאָנען האָבען שוין גאנץ ווייניג געשטערט דעם האַנ־דעל, וועלכער וואַקסט אַלץ שנעלער. מאָנטעווידעאָ איז געוואָרען א זעהר גרוי־סער האַנדעלס־צענטער און קאָנקורירט אַלץ מעהר מיט בוענאָס ערעס.

דיזע קליינע רעפּובליק, וועלכע איז געבליבען אונאַבהענגיג, ווייל איהרע צוויי שטארקע שכנות, בראַזיליען און ארגענטינע, האָבען געשטערט איינע דיא אנדערע איהר איינצושלינגען, האָט א זעהר גרויסע צוקונפט צוליעב איהר פרוכט־באַרען באָדען און פּראַכטפאָלען קלימאַט.



ערשטער קאפיטעל.

# דיא אינדיאַנער און דיא יעזואיטישע רעפּובליק

אונטער דעם נאָמען פּאראַגוואַי זיינען אָנפאַנגס אריינגערעכענט געוואָרען טהיילען פון בראַזיליען, אורוגוואַי און ארגענטינע. היינט, נאָך דיא אָבמאַכען מיט בראַזיליען, ארגענטינע און באָליוויא וועגען איהרע גרענעצען, ליעגט דיא טעריטאָריע פון דיזער רעפּובליק מעהרסטענטהיילס צווישען דיא טייכען פּאַראַנא און פּאראַגוואַי. דאָס איז אַן אינלענדישע רעפּובליק, אַזוי וויא באָליוויא, אָבער זיא האָט קיין מאָל גאָר ניט געהאַט אַ פּאָרט ביים ים. איהר וואסער־וועג צום ים איז נור דורך דעם טייך פּאַראַנא, וואָס ענדיגט זיך דורך ארגענטינישע טעריטאָריע אין לאַ פּלאַטאַ. זיא האָט אָבער היינט אַ פרייען האנדעלס־וועג דורך דיזען גרויסען און ברייטען טייך, אין וועלכען עס קענען אריינקומען ים־שיפען גאַנץ ווייט ארויף צום נאָרד, לויט אָבמאַכען מיט ארגענטינע און בראַזי־ליען, גאַראַנטירט פון ענגלאַנד און פראַנקרייך אין נאָמען פון אַלע האנדעלס־נאַציאָנען.

דיזע רעפּובליק אונטערשיידעט זיך פון אַלע אַנדערע אין זיד־אַמעריקא בע־זאָנדערס דערמיט, וואָס כמעט איהר גאַנצע בעפעלקערונג בעשטעהט עד היום פון אינדיאַנער, וועלכע האַלטען אַן זייער שפּראַך און זייערע מנהגים אַזוי וויא פאַר דיא שפּאַנישע עראָבערונג. דיא אייראָפּעאישע ציוויליזאַציאָן האָט נאָך גאַנץ ווייניג אריינגעדרונגען ביז יעצט אין דיזע פערוואָרפענע ווינקעלעך פון זיד־אַמע־ריקא. דיא אינדיאַנער, וועלכע געהערען צו דיא זעהר פריעדליכע שטאַמען מיט דעם אַלגעמיינעם נאָמען גואַראַני און וועלכע זיינען געווען פערשפּרייטעט אין אייניגע טהיילען פון בראַזיליען, פערשטעהען געוועהנליך גאָר ניט שפּאַניש. דיא שפּראַך פון דיא גואַראַנים ווערט אויך געברויכט אין פיעלע ערטער אַרום פּאַ־ראַגוואַי.

דאָס איז בעזאָנדערס אויפפאַלענד, ווען מען נעהמט אין בעטראַכט, אַז אַסונסיאָן, דיא הויפּט־שטאָדט פון דיזער רעפּובליק, איז געווען דיא ערשע שפּאַ־נישע קאָלאָניע אין דיא לאַ פּלאַטאַ געגענדען. אום ניט צו ווידערהאָלען זיך, וועלען מיר אָנווייזען דעם לעזער אויף דעם ערשטען קאַפּיטעל פון דער גע־

שיכטע פון ארגענטינע, וואו עס איז געשילדערט, וויא אזוי דיא ענטדעקונג פון ריא דע לא פלאטא מיט איהרע גרעסטע צופלוסען איז געמאכט געוואָרען און וויא אזוי עס האָט פאסירט, אז אסונסיאָן, ווייט ארויף ביי דיא ברעגען פון טייך פאַראגוואי איז געגרינדעט געוואָרען פון שפאַנישע אוואנטוריסטען אין 1536, לאנג פריהער פאר בוענאָס ערעס. דאָרטען, אין דער פרוכטבארער און פראכטפאָלער געגענד ארום אסונסיאָן און איבערהויפט צווישען פאראגוואי און פאראנא האָבען דיא אויסגעמאַטערטע שפאַנישע וואנדערער, דיא אונגעפעהר 600 לעבעדיגגעבליבענע מיטגליעדער פון מענדאָזא'ס גרויסע עקספעדיציע נאָך ארגענטינע, געפונען אזעלכע אינדיאַנער, וועלכע האָבען זיך כמעט גאָר ניט געוועהרט געגען דיא ווייסע הערשער. דיא גואראנים זיינען ווארהשיינליך געוועזן דיא פריעדליכסטע און געדולדיגסטע פון אלע רויט־הויטיגע שטאַמען. זיי האָבען געבויט הייזער, בעארבייטעט פעלדער און געטהאָן אלעס, וואָס דיא שפאניער האָבען זיי געהייסען. זיי זיינען געוועזן פונקט פערקעהרט, וויא דיא טשארואַס אין אורוגוואי און אין ארגענטינע, וואָס האָבען ניט אויפגעהערט צו קעמפפען מיט א ווילדען מוטה געגען אלע ווייסע, וויא דאָס איז איבערגעגעבען אין דער געשיכטע פון אורוגוואי.

נור אזוי וויא צווישען דיזע אוואנטוריסטען און קאָלאָניסטען האָבען זיך כמעט גאָר קיין ווייסע פרויען ניט געפונען, האָבען זיי זיך גענומען אינדיאַנער פרויען. דיא צאָהל פון קרעאָלען איז אזוי פון אָנפאנג אָן געווען א גאנץ קליינע. דיא מעסטיזאָס אָבער האָבען זיך געהאלטען פאר יחסנים און זאָגאר פאר אמת'ע ווייסע. זיי האָבען שטאָלצירט מיט זייער אָבשטאַמונג פון דיא שפאנישע קאַוואליערען און האָבען קאָמאנדעוועט איבער דיא געדולדיגע אינדיאַנער. אזוי וויא זעהר ווייניג איינוואנדערער פון אייראָפא פלעגען אהין קומען — אויך היינט עמיגרירט מען זעהר ווייניג נאָך פאראגוואי — פליסט גאנץ ווייניג שפאַנישע בלוט אין דיא אָדערען פון דיא פאראגוואיער. דיא שפאניער, קרעאָלען און מעסטיזאָס האָבען זיך אלץ מעהר צוזאמענגעמישט מיט דיא גואראנים און אויך גענומען געברויכען דיא שפראך פון דיזע אינדיאַנער.

אסונסיאָן איז געוואָרען א צענטער פאר שפאניער צו פערשפרייטען זייער הערשאפט איבער דיא לא פלאטא געגענדען. א יאָהר פערציג נאָך דער גרינדונג פון דיזער שטאָדט האָבען דיא שפאניער און קרעאָלען שוין געקענט גרינדען דיא קאָלאָניע סאנטא פע ביי דיא אונטערשטע ברעגען פון פאראנא און בוענאָס ערעס ביי דיא ברעגען פון לא פלאטא (זעה דיא געשיכטע פון ארגענטינע). אין דיזער צייט איז פאראגוואי אויך געוואָרען א צענטער פון יעזואיטען. דיא שטילע און געהאָרכזאמע גואראנים האָבען זיך אויך געוואָלט שנעל בעקעהרען צום קריסטענטהום. דיא יעזואיטען זיינען אָנפאנגס (דיזער בעריהמטער קאַטאָלישער אָרדען איז געגרינדעט געוואָרען פון דעם שפאניער לאָיאָלא אין 1534

צו בעקעמפפען דיא לוטעראנער און בכלל דיא פראָטעסטאנטען) געווען דורכ־געדרונגען מיט א פאנאטישען גלויבען און בעזועלט מיט א הייסען בעגעהר צו בעקעהרען ווילדע פעלקער צום קריסטענטהום. אין פאראגוואי האָבען זיי געפונ־נען דעם בעסטען און זיכערסטען באָדען פאַר זייער מיסיאָנערסקע טהעטיגקייט. אין בראזיליען, וואו זיי האָבען געגרינדעט זייערע מיסיאָנען אזוי פריה וויא 1550, האָבען זיי געהאַט אויסצוהאַלטען דיא אַטאַקעס פון דיא פּאָרטוגעזער קאָלאָניסטען אין סאַאון פּאולאָ, די "פּאוליסטאס" ווי מען רופט זיי אין קורצען, אָבער אין דיא געגענדען פון פאראגוואי האָבען זיי ניט נור קיינע שטערונגען ניט געהאַט, זאָנדערן האָבען אויך געקענט איינפיהרען זאָגאר זייערע א רעפּובליק.

דיא ביטערע פיינדשאַפט פון דיא פּאָרטוגעזער אין בראזיליען צו דיא יע־זואיטען האָט זיך אָנגעפאנגען דורך דעם, וואָס דיא יעזואיטען האָבען געוואָלט זיך אָננעהמען פאַר דיא אינדיאַנער און ניט דערלאָזען זיי צו פערשקלאַווען; אָבער אויסגעלאָזען האָט עס זיך, אַז דיא יעזואיטישע מיסיאָנערען האָבען אַליין אומגעוואַנדעלט זייערע בעקעהרטע אינדיאַנער אין בלינדע שקלאַווען. אין 1586 האָבען זיי געגרינדעט א שולע אין אַסונסיאָן, פון וואַנען זיי האָבען אָנגעפאנגען צו וואַנדערען איבער'ן לאַנד, אום צו פערשפרייטען קריסטענטהום צווישען דיא אינדיאַנער. זיי האָבען אויסגעלערנט דיא גואַראַני שפּראַך און האָבען געזוכט צו געווינען דיא אינדיאַנער ניט נור מיט זיסע רייד, זאָנדערן אויך מיט פּרע־זענטען. זיי האָבען פון אָנפאַנג אָן געזוכט צו ווערען דיא איינציגע לעהרער און וועגפיהרער פון דיא געהאָרכזאַמע גואַראַני־שטאַמען, און דאָס איז זיי אזוי געלונגען, אַז דיא אינדיאַנער האָבען זיך א ריהר ניט געטהאָן אָהן זייער ער־לויבניס.

וואָס מעהר דיא יעזואיטען האָבען אריינגענומען אין זייערע הענד דיא אינדיאַנער, וועלכע זיי האָבען געזוכט צו האַלטען אין דערפּער אונטער זייער השגחה, אַלץ שטאַרקער איז אויך געוואַקסען דיא אונצופריעדענהייט פון דיא קרעאָלען און פון שפּאַנישע קאָלאָניסטען, וועלכע זיינען דורך דעם געשטערט געווען אין זייערע שטרעבונגען און פּלענער צו האַלטען דיא איינגעבאָרענע אין שקלאַווערייִ. וויא ווייט דיא קאָלאָניסטען האָבען עס נור געקענט, האָבען זיי דאָרום געיאָגט אַלץ ווייטער דיא יעזואיטישע מיסיאָנערען. נור צו דער צייט האָט זיך אויך פּאָרטוגאַל געפונען אונטער דער הערשאַפט פון דיא שפּאַנישע קעניגע, וועלכע האָבען געשטיצט דעם גאַנצען יעזואיטישען אָרדען. אין 1608, ווען דיא פיהרער פון דיזען אָרדען האָבען פערקלאָגט פאַר דעם קעניג פיליפּ דעם דריטען דיא קאָלאָניסטען און אויך דיא בעאַמטע אין דיא געגענדען צווישען דיא טייכען פאַראַגוואַי און פּאַראַנאַ, אַז מען שטערט זיי אין זייער מיסיאָנערס־קער אַרבייט, האָט ער זיי געגעבען א ספּעציעלע ערלויבניס צו גרינדען דאָרטען מיסיאָנען. זיי זיינען דאָן פערקראָכען אין אַזעלכע ווילדערניסען און פערוואָר־

פענע ווינקעלעך, אַז עס איז פּשוט אַ וואונדער, וויא אַזוי זיי האָבען אַהין געפונען אַ וועג. דער גרעסטער טהייל פון דיזע ערטער געהערט יעצט צו בראַזיליען, נור אין דיא 60 יאָהר (פון 1580 ביז 1640), וואָס דיא קרוין פון פּאָרטוגאַל איז איבערגעגאַנגען צו דיא שפּאַנישע קעניגע, האָט מען זיך וועניג געקימערט וועגען דיא גרענעצען פון פּאָרטוגעזישע קאָלאָניעס אין בראַזיליען און פון דיא שפּאַנישע קאָלאָניעס אין דיא לאַ פּלאַטאַ געגענדען. דיא יעזואיטען האָבען אַלץ ווייטער געגרינדעט מיסיאָנען און אַלץ מעהר אַריינגענומען אין זייערע הענד דיא אינדיאַנער. בעזאָנדערס האָבען זיי איינגעפיהרט זייער ממשלה אין דער געגענד, וועלכע האָט געטראָגען דעם נאָמען גואַיראַ צוליעב דעם גרויסען וואַסער־פאַל מיט דיזען נאָמען אויף דעם טייך פּאַראַנאַ. דאָס איז אַ געגענד, צו וועלכער עס איז אויך היינט זעהר שווער צוצוקומען, בעזאָנדערס פון בראַזיליען. אַ טהייל פון דיזער פּערוואָרפענער געגענד האָט געקראָגען דעם נאָמען "זיעבען מיסיאָנען" און אַן אָנדענקען אָן דעם איז היינט דיא אַרגענטינישע טעריטאָריע, וואָס ווערט גערופען "מיסיאָנעס" און וואָס שניידט זיך אַריין וויא אַ פינגער צווישען בראַזיליען און פּאַראַגוואַי.

אָט אין דער געגענד פון גואַיראַ האָבען דיא יעזואיטען גערעכענט, אַז זיי וועלען זיין געזיכערט געגען דיא אַטאַקעס פון דיא קאָלאָניסטען, ספּעציעל דיא פּאַוליסטאַס, און וועלען קענען איינפיהרען זייער אייגענע אָרדנונג. דיא יעזואיטישע מיסיאָנערען האָט עס גענומען אַרום פינף מאָנאַט צו דערגרייכען אַהין פון אַסונסיאָן. דאָך האָבען זיי דאָרטען אין אַ קורצער צייט, אונגעפעהר אין 10 יאָהר, צוזאַמענגעבראַכט אין זייערע מיסיאָנען, ריכטיגער גערעדט דערפער, אַרום פערציג טויזענד אינדיאַנער, וועלכע זיי האָבען בעהערשט און געטריעבען צו דער אַרבייט אויף דיא פעלדער. זיי האָבען געוואָלט גרינדען דאָרטען אַ טהעאָקראַטישען שטאַאט און האָבען יעדענפאַלס איינגעפיהרט אַ מין קאָמוניזם, וועלכער איז בעשטאַנען אין דעם, וואָס דיא אינדיאַנער האָבען געאַרבייט בשותפות און געקראָגען דיא לעבענסמיטעל פון קהל'שע מאַגאַזינען נאָך דיא פּאָרשריפטען פון זייערע "געטליכע פּאָטערס". דיזע אינדיאַנער האָבען זיך געלאָזט פיהרען פון דיא יעזואיטען וויא קינדער, מען מעג זאָגאַר זאָגען, וויא אַ סטאַדע שעפּסען. יעדער שריט זייערער איז געווען שטרענג רעגולירט פון זייערע יעזואיטישע וועגווייזער און אויפפּאַסער, וועלכע האָבען זיך אַריינגעמישט אפילו אין זייערע אינטימסטע פאַמיליען־אַנגעלעגענהייטען. קיינער האָט ניט געטאָרט הייראַטהען אָהן דער גוטהייסונג פון דיא דאָזיגע "געטליכע פּאָטערס".

אין פערלויף פון אַ יאָהר צוואַנציג האָבען דיא יעזואיטען אַריינגעצויגען אַלץ מעהר אינדיאַנער אין זייערע בעריהמטע מיסיאָנען, וועלכע זיי האָבען געגרינדעט אַלץ ווייטער צו מזרח און צו דרום פון גואַיראַ. זיי האָבען אַזוי אַלץ ענגער געמאַכט דעם פּלאַץ אפילו פאַר דיא קרעאָלען אַרום אַסונסיאָן. נור אין

1629 האָבען זיך אָנגעפאנגען דיא ביטערע אטאקעס פון דיא פּאָרטוגעזער, וועלכע זיינען ענדליך אויך אהין צוגעקומען פון זייערע ערשטע קאָלאָניעס אין דער גרויסער און וויכטיגער פּראָווינץ סאַאון פּאַולאָ. דיזע קאָלאָניסטען, דיא ענערגישע פּאַוליסטאַס, האָבען געהאַסט דיא יעזואיטען צוליעב עקאָנאָמישע און אויך פּאָליטישע מאָטיווען. ערשטענס האָבען זיי, וויא אויך דיא שפּאַנישע קאָלאָניסטען און קרעאָלען אין פּאַראַגוואַי און בכלל אין דיא געגענדען פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ, געליטען דורך דעם, וואָס דיא יעזואיטען האָבען אַלץ צוזאַמענגעבראַכט דיא אינדיאַנער אין זייערע מיסיאָנען, וועלכע זיינען פּאַקטיש געווען שקלאַווען־קאָלאָניעס אום רייכער צו מאַכען דעם בעריהמטען אָרדען, און צווייטענס האָבען זיי, אַלס פּאָרטוגעזער, ניט געוואָלט לאָזען דיא שפּאַניער זיך ווייטער פערשפּרייטען דאָרטען. דיא יעזואיטען, וועלכע האָבען קאָמאַנדעוועט איבער דיא אינדיאַנער און פערנומען אַלץ גרעסערע געגענדען מיט זייערע מיסיאָנען אין דיא אינטערעסען פון זייער אָרדען, זיינען ניט דוקא אַלע געווען שפּאַניער. צווישען זיי האָבען זיך געפונען אויך פּאָרטוגעזער, האָלענדער, פראַנצויזען א. ז. וו. אָבער פאַר דיא פּאַוליסטאַס איז עס געווען געוואַג, אַז דיזע מיסיאָנערען האָבען זיך געפונען אונטער דעם ספּעציעלען שוץ פון דיא שפּאַנישע קעניגע און אַז זיי פלעגען אַלץ קומען פון אַסונסיאָן און בכלל פון דיא שפּאַנישע קאָלאָניעס אין דיא לאַ פּלאַטאַ געגענדען, אום זיי דערפאַר ביטער צו האַסען און צו פערפאָלגען.

דאַרום האָבען דיא פּאַוליסטאַס פּשוט צושטערט און פערברענט דיא יעזואיטישע מיסיאָנען, ווען נור זיי פלעגען אהין צוקומען. ווען זיי פלעגען פערברענען דיא קירכען און דיא הייזער אין אַ מיסיאָן, פלעגען זיי מיטשלעפּען דיא אינדיאַנער אַלס שקלאַווען. אין אַ צייט פון דריי יאָהר האָבען דיא פּאַוליסטאַס חרוב געמאַכט אַלע מיסיאָנען אין גואירא. דיא אינדיאַנער וואָס האָבען פּרובירט זיך װעהרען, זיינען אויסגעשלאַכטעט געוואָרען. דיא וואָס האָבען זיך ניט געקענט רעטען צוזאַמען מיט דיא יעזואיטען אויף שיפלעך, זיינען געוואָרען שקלאַווען פון דיא פּאָרטוגעזער קאָלאָניסטען. דיא גאַנצע גואיראַ געגענד איז פון דאַמאָלס אָן געוואָרען אַ טהייל פון בראַזיליען.

ווען דיא יעזואיטען האָבען זיך געווענדעט נאָך הילפע צום גובערנאַטאָר פון פּאַראַגוואַי אין אַסונסיאָן, האָט ער זיי ענטזאַגט. דיא שפּאַנישע קאָלאָניסטען האָבען אויך פיינט געהאַט דיא יעזואיטישע מיסיאָנערען און זיינען אין האַרצען געווען צופריעדען, וואָס דיא פּאַוליסטאַס מאַכען אַזאַ קורצען סוף פון דיזע מיסיאָנערען. ווען זיי וואָלטען געווען צאָהלרייכער אין פּאַראַגוואַי, וואָלטען זיי אַליין נאָכגעפאָלגט דעם גרויזאַמען ביישפּיעל פון דיא פּאַוליסטאַס. דער גובערנאַטאָר אין אַסונסיאָן האָט געהאַלטען מיט דיא וועלטליכע שפּאַניער און קרעאָלען דאָרטען. צו דער צייט זיינען דיא געגענדען ביי דיא טייכען פּאַראַגוואַי און פּאַראַנאַ געווען צוגערעכענט צום וויצע־קעניגטהום פון פּערו. דאָס איז געווען

אזוי ווייט פון דעם צענטער פון דער שפּאַנישער הערשאַפט אין לימאַ, אז דיזע געגענדען און איבערהויפּט אַלע קאָלאָניעס צו מזרח־זייט פון דיא אַנדעסען־בערג האָבען זיך געקענט ערלויבען אַ סך פרייהייטען און האַנדלען אפילו דיי־רעקט געגען דיא בעפעהלען פון דער מאַדרידער רעגיערונג.

נאָך דער צערשטערונג פון זייערע מיסיאָנען אין גואירא האָבען דיא יע־זואיטען צוזאַמענגעקליבען אזוי פיעל אינדיאַנער, וויא פיעל זיי האָבען נור גע־קענט, און האָבען זיך אַריבערגעפּעקעלט אין דיא זיד־אָסטליכע געגענדען, ספּע־ציעל אין דער טעריטאָריע צווישען דיא טייכען פּאַראַנאַ און אורוגוואַי, דיא שוין אויבען־דערמאָנטע טעריטאָריע פון "זיעבען מיסיאָנען". דאָרטען האָבען זיי קאָנצענטרירט זייערע קרעפטע. אום ניט צו זיין אזוי הילפלאָז געגען דיא אַטאַקעס פון דיא פּאַוליסטאַס, וועלכע האָבען געסטראַשעט אַריינצורייסען זיך אויך אין פּאַראַגוואַי און דיא לאַ פּלאַטאַ געגענדען, וועלכע האָבען פון אָנפאַנג אָן געהערט צו שפּאַניען, האָבען דיא יעזואיטען בעוואָפענט זייערע אינדיאַנער און זיי אויסמושטירט נאָך דער אייראָפּעאישער קריעגס־קונסט. אונטער דער קאָמאַנדע פון דיא יעזואיטען זיינען דיא אינדיאַנער געוואָרען אויסגעצייכענטע סאָלדאַטען. דיא מיסיאָנען האָבען דאַרום געקענט אויסהאַלטען דיא אַטאַקעס פון דיא פּאָרטוגעזער, וויא אויך פון דיא שפּאַנישע קרעאָלען, און זיך פער־שפּרייטען און ענטוויקלען אַלץ מעהר.

דער מעכטיגער אָרדען פון דיא יעזואיטען האָט אויסגעפיהרט, אַז דער גו־בערנאַטאָר פון פּאַראַגוואַי, וועלכער האָט זיך ענטזאַגט צו בעשיצען דיא מיסיאָ־נען אין גואירא געגען דיא פּאַוליסטאַס, זאָל אַרונטערגעזעצט ווערען פון קעניג. דיזער אָרדען האָט געהאַט זיינע פריינד און פערטרעטער אין אַלע קעניגליכע הויפען. ער האָט אויך געהאַט אַ גרויסען איינפלוס אויף דיא רעגיערונגען אין אַלע קאַטוילישע לענדער. אָבער דער נייער גובערנאַטאָר האָט דאָך אונטער־שטיצט דיא קרעאָלען אין אַסונסיאָן געגען דיא יעזואיטען, וועלכע האָבען גע־וואָלט פּאָליטיש בעהערשען גאַנץ פּאַראַגוואַי. ער האָט אַרויסגעלאָזען אַ בע־פעהל, אַז דיא מיסיאָנען דאָרטען זאָלען זיין אונטער דער פּאָליטישער אויפזיכט פון דער רעגיערונג, אָבער דיא יעזואיטען האָבען איהם ניט געפאָלגט און אויך אויסגעפיהרט דורך זייערע פערטרעטער אין קעניגליכען הויף פון מאַדריד, אַז דער גובערנאַטאָר זאָל צוריקגערופען זיין בעפעהל.

טראָץ דעם ווידערשטאַנד פון דיא קרעאָלען, פון דיא לאָקאַלע בעאַמטע, פון דיא גובערנאַטאָרען און אויך פון אַנדערע גלחים, ספּעציעל פון דיא פראַנ־ציסקאַנער, וועלכע האָבען בעגלייטעט פראַנציסקאָ פּיזאַראָ און אַלע שפּאַנישע עראָבערער, זיינען געוועזען די ערשטע צו פערשפּרייטען קריסטענטהום צווישען אינ־דיאַנער און זיינען דאַרום געוועזען זעהר אייפערזיכטיג אויף דיא מערקווירדיג שנעלע און גרויסע ערפאָלגען פון זייערע נייע קאָנקורענטען — האָבען דיא יע־

זואיטען זיך אזוי איינגעוואָרצעלט און בעפעסטיגט, אַז זיי זיינען פאַקטיש געווען אונאַבהענגיג אין זייער טעריטאָריע. ווען זייער ביטערער געגנער, דער פראַנציסקאַנער גלח קאַרדענאַס, וועלכער איז געוואָרען ביסקופּ פון פּאַראַגוואַי און וועלכער האָט געהאַט אַ גרויסען איינפלוס אויף דיא קרעאָלען (ער איז אַליין אויך געווען אַ קרעאָל), האָט זיי אַרויסגעיאָגט פון זייערע קירכען און שולען אין אַסונסיאָן און אַרויסגעלאָזען אַ בעפעהל, אַז זיי זאָלען פערלאָזען פּאַראַגוואַי, האָבען זיי אַפּעלירט צום וויצע־קעניג אין לימאַ, וועלכער איז געווען אויף זייער זייט און האָבען אויך מיט זייערע אינדיאַנער סאָלדאַטען פערטריבען דיא מחנה קרעאָלען וואָס דיזער ביסקופּ האָט אַרויסגעשיקט אין 1649 צו אַטאַקירען זייערע מיסיאָנען.

אין דיא נעכסטע הונדערט און צוואַנציג יאָהר זיינען דיא יעזואיטען געווען פאַקטיש דיא אונבעשרענקטע הערשער איבער אַ צוויי הונדערט טויזענד אינדיאַנער אין אַ גרויסער טעריטאָריע. דאָס איז געווען זייער מלוכה, וואָס איז געוואָרען בעריהמט אונטער דעם נאָמען "דיא יעזואיטישע רעפּובליק אין פּאַראַגוואַי". ביז 1728 האָט עס אָפיציעל געהייסען, אַז דיא יעזואיטישע מיסיאָנען געפינען זיך אונטער דער אויפזיכט פון דעם גובערנאַטאָר אין אַסונסיאָן, אָבער פאַקטיש זיינען זיי געווען רעגיערט פון דעם עלטסטען פון דעם אָרדען. דיא קרעאָלען פון פּאַראַגוואַי זיינען אַלץ שוואַכער און אויך פוילער געוואָרען אין דיזען לאַנד, וואו מען דאַרף זעהר ווייניג אַרבייטען צו ערנעהרען זיך; זיי האָבען זיך אויך אַלץ מעהר צומישט מיט דיא אינדיאַנער, זאָ דאָס דיא יעזואיטען האָבען געקענט פערשפּרייטען זייער ממשלה אַלץ ווייטער און שטאַרקער.

אין 1728 איז דיא דאָזיגע יעזואיטישע רעפּובליק אָפיציעל געוואָרען פערבונדען מיט דער פערוואַלטונג פון בוענאָס ערעס. דאָס איז געווען זעהר בעקוועם און ניצליך פאַר דיא מיסיאָנען. זייערע געשעפטליכע פערבינדונגען מיט דער אויסערער וועלט זיינען סיי וויא סיי געווען דורך דיא טייכען פּאַראַנאַ און אורוגוואַי אַרונטער ביז דיא לאַ פּלאַטאַ פּאָרטען, בעזאָנדערס נאַטירליך בוענאָס ערעס. דיא קרעאָלען אין בוענאָס ערעס האָבען געהאַט אַנדערע און וויכטיגערע עסקים, וויא צו פערנעהמען זיך מיט דיא יעזואיטען און נאָכקוקען, וואָס עס טהוט זיך אין דיא ווייטע מיסיאָנען. דיא טעריטאָריע פון דער יעזואיטישער רעפּובליק האָט זיך געפונען צו ווייט פון בוענאָס ערעס און פון דיא אַנדערע שטעדט אין דיא אַרגענטינער פּראָווינצען. דיא גובערנאַטאָרען פון בוענאָס ערעס האָבען דאַרום זיך גאָר ניט געמישט אין דיא אינערליכע אַנגעלעגענהייטען פון דיא מיסיאָנען, וואו דיא אינדיאַנער פלעגען שקלאַווען אין גאָט'ס נאָמען פאַר דיא "הייליגע פאָטערס", וועלכע האָבען געלעבט בוכשטעבליך וויא טערקישע סולטאַנען. יעדע מינוט פון דעם אינדיאַנער'ס לעבען האָט געהערט צו דיא יעזואיטען. ער האָט געמוזט אויפשטעהן, עסען, געהן צו דער אַרבייט, שלאָפען

א. ז. וו. אין בעשטימטע שטונדען לויט דיא פארשריפטען פון זיינע "געטליכע לעהרער", וועלכע פלעגען צונעהמען אלע פראדוקטען פון זיין ארבייט און איהם נור געבען אזוי פיעל, אז ער זאל קענען דערהאלטען דיא נשמה אין גוף. דער זא־גענאנטער קאמוניזם פון דער יעזואיטישער רעפובליק איז נור איינגעפיהרט געווארען צו שאפען וואס מעהר רייכטהום פאר דיא גלחים און זייער ארדען. דיא בעקעהרטע אינדיאנער האבען בלינד געפאלגט און זיינען געווארען צוגעבונ־דען צו זייערע לעהרער, וועלכע האבען זיי בעשיצט געגען דיא ווילדע שטאמען און דיא קרעאלען. זיי זיינען געווען צופריעדען, וואס זיי זיינען שטענדיג גע־זיכערט געווען מיט שפייז און וואהנונג.

אבער אין דער צווייטער העלפט פון 18טען יאהרהונדערט איז געקומען א סוף צו דיעזער מערקווירדיגער רעפובליק און בכלל צו דער גוואלדיגער מאכט פון דעם יעזואיטישען ארדען אין דער וועלט. ביטערע צייטען האבען זיך אנגע־פאנגען פאר דיא מיטגליעדער פון דיזער מעכטיגער ארגאניזאציאן, וועלכע האט צו זיך קיין גלייכען ניט געהאט אין דער וועלט און וועט אויך קיין מאל ניט האבען. פון אלע זייטען האט מען זיי אנגעפאנגען צו פערפאלגען און צו יאגען. דיא ערשטע שטארקע אטאקעס אויף זיי האבען זיך גראדע אנגעפאנגען אין דיא לענדער, וואו זיי האבען בעזאנדערס געהערשט, אין שפאניען און אין פארטוגאל, און דיזע אטאקעס זיינען ארויסגערופען געווארען אין 1753 צוליעב דיא טערי־טאריע פון דער יעזואיטישער רעפובליק, דיא זא־גענאנטע "זיעבען מיסיאנען". ווען שפאניען און פארטוגאל האבען אין 1750 בעשלאסען אויסצוטוישען דיא "זיעבען מיסיאנען" אויף דעם פארט קאלאניא (זעה דיא געשיכטע פון אור־רוגוואי), האבען דיא יעזואיטען ניט נור פראטעסטירט געגען דעם, זאנדערן הא־בען אויך געהייסען דיא אינדיאנער, וועלכע זיי האבען אויסגעמושטירט פאר סאלדאטען, צו וועהרען זיך מיט געוועהר אין דיא הענד געגען דיא ארמעע, וואס דיא פארטוגעזער האבען ארויסגעשיקט פון בראזיליען צו פערנעהמען דיא "זיע־בען מיסיאנען". דער בעריהמטער הויפט־מיניסטער פון פארטוגאל, מארקיז פאמבאל, וועלכער האט געהאסט זיינע לעהרער (ער איז געווען א שילער פון א יעזואיטישער שולע) און האט אלץ געזוכט צו ברעכען זייער געפעהרליכע מאכט, האט זיך בענוצט מיט דיזער געלעגענהייט, אום זיך אבצורעכענען מיט זיי. צוערשט האט ער געהייסען, אז מען זאל קאנפיסקירען זייערע סחורות, און נאכ־הער, ווען דער קעניג איז פערוואונדעט געווארען (אין דיזען אטענטאט זיינען דיא יעזואיטען פערמישט געווען), האט ער אין 1759 ארויסגעלאזען דעם בע־ריהמטען בעפעהל, אז מען זאל ארויסיאגען אלע יעזואיטען פון פארטוגאל און פון אלע איהרע קאלאניעס.

דיזער בעפעהל איז שנעל און ענערגיש אויסגעפיהרט געווארען. פראנקרייך האט געפאלגט דיזען ביישפיעל אין 1764 און שפאניען אין 1767. דער בעפעהל

פון שפאנישען קעניג צו פעריאָגען דיא יעזואיטען פון אלע שפאנישע קאָלאָניעס איז געווען א טויטקלאפּ פאר דיא יעזואיטישע רעפּובליק אין פאראגוואי. דיא אינדיאנער, וועלכע זיינען געווען גוט בעוואפענט און דיסציפּלינירט, וואָלטען געוויס געקעמפפט מיט לייב און לעבען פאר זייערע לעהרער און "ברויטגעבער", אָבער דיא יעזואיטען האָבען מורא געהאט פאר דיא רעזולטאטען פון אזא אויפ־שטאנד פאר זייער אָרדען אין דער גאנצער וועלט. דער האס געגען זיי איז איבעראל געווען אזוי גרויס און ביטער, אז מען וואָלט זיך מיט זיי בלוטיג אָבגע־רעכענט פאר אן אויפשטאנד פון זייערע בלינדע אינסטרומענטען, דיא פער־שקלאוּוטע און פערבלענדעטע אינדיאנער.

דיא יעזואיטען האָבען דארום אָבגעטראָטען זייערע פּלעצער צו גלחים פון אנדערע אָרדענס און צו שפּאנישע בעאמטע אויך אין דיא "זיעבען מיסיאָנען". דיא 250 טויזענד אינדיאנער, וואָס האָבען זיך דאָן דאָרטען געפונען, זיינען אָבער ניט לאנג פערבליבען אין דיזער געגענד. זיי האָבען ניט געקענט פער־טראָגען דיא אונטערדריקונגען און גרויזאמקייטען פון דיא שפאנישע בעאמטע און זיינען זיך אין פערצווייפלונג צולאָפען אין דיא ארומיגע געגענדען.



צווייטער קאַפּיטעל.

# דיא אויסערגעוועהנליכע דיקטאַטורען

נאָך דער צערשטערונג פון דער יעזואיטישער רעפּובליק, וועלכע פערנעהמט א בעזונדערען פּלאַץ אין דער געשיכטע ניט נור פון זיד־אַמעריקא, זאָנדערן אויך פון דער גאַנצער וועלט — אַזאַ מין געזעלשאַפּטליכע אָרגאַניזאַציאָן האָט געוויס אין ערגעץ ניט עקזיסטירט און ניט געקענט עקזיסטירען אויסערהאַלב פּאַראַגוואַי מיט איהרע געהאָרכזאַמע גואַראַני שטאַמען — זיינען קיינע בעמערקענסווערטהע ענדערונגען ניט פּאָרגעקומען אין דיזע פערוואָרפענע ערטער ביז עס האָט זיך אָנגעפאַנגען דיא רעוואָלוציאָן געגען שפּאַניען. דיא קרעאָלען פון אַסונסיאָן זיינען ניט געשטאַנען פיעל העכער פאַר דיא אינדיאַנער און האָבען ניט געקעמפּפט געגען דיא שפּאַנישע הערשאַפט. ווען דיא קליינע רעוואָלוציאָנערע אַרמעע, וועלכע איז אַרויסגעשיקט געוואָרען אין 1810 פון בוענאָס ערעס אונטער דער קאָמאַנדע פון מאַנועל בעלגראַנאָ צו פערנעהמען דיא פּראָווינצען ענטרע ריאָס און קאָריענטעס און אויך צו אַטאַקירען דעם גובערנאַטאָר פון פּאַראַגוואַי, איז צוגעקומען אין אָנפאַנג פון 1811 צו דער אומגעגענד פון אַסונסיאָן, זיינען מחנות פּאַראַגוואַיער אַרויס צו פעריאָגען דיא רעוואָלוציאָנערען. דאָס איז זיי געלונגען. דיא פּאַראַגוואַיער האָבען אין זייער אונוויסענהייט און אָבגעזונדערטקייט פון דער אויסערער וועלט איבערהויפּט געהאַסט דיא ענערגישע קרעאָלען און גאַוטשאָס פון אַרגענטינע. דאַרום איז אַ פרייוויליגער פערבאַנד פון פּאַראַגוואַי מיט בוענאָס ערעס געוועזען פּשוט אונמעגליך. מיט געוואַלט אָבער האָבען דיא אַרגענטינער דאַן ניט געקענט איינגעהמען פּאַראַגוואַי, זאָ דאָס דיזער פערוואָרפענער ווינקעל אין מיטען פון זיד־אַמעריקא איז שליסליך געבליבען אַ בעזונדערע רעפּובליק.

דיא עקספּעדיציע פון דיא אַרגענטינער רעוואָלוציאָנערען נאָך פּאַראַגוואַי האָט אָבער דאָך אויפגערודערט דיא שלעפּעריגע קרעאָלען פון אַסונסיאָן. דיא פרייהייטס־קעמפּפער פון בוענאָס ערעס, וועלכע דיא פּאַראַגוואַיער האָבען געפאַנגען נאָך זייער זיעג איבער בעלגראַנאָ׳ס קליינע אַרמעע, האָבען געווירקט אויף דיא מוחות פון דיא יונגע און אינטעליגענטערע קרעאָלען פון אַסונסיאָן.

אונטער זייער איינפלוס האט זיך אויך אין פאראגוואי אנגעפאנגען א בעווע־גונג פאר זעלבסט־פערוואלטונג און זאגאר אונאבהענגיגקייט. די פאראג־וואיער קרעאלען האבען זיך דאן אויך ארומגעזעהן, אז זיי קענען זיך בעגעהן אהן די גובערנאטארען און אנדערע בעאמטע, וועלכע די קעניגליכע רעגיע־רונג פון מאדריד פלעגט זיי צושיקען דירעקט פון שפאניען. אזוי וויא שפאניען איז דאן געבליבען וויא א שיף אהן א רודער צוליעב דעם, וואס נאפאלעאן האט געמאכט זיין ברודער יאזעף פאר דעם קעניג אין מאדריד, איז עס אויך לייכט געווען ארונטערצוזעצען דעם פאראגוואיער גובערנאטאר און בילדען א פראווי־זארישע רעגיערונג אין אסונסיאן.

דיזע פאליטישע איבערקעהרענים האט דארטען פאסירט אין צוויי מאנאט ארום נאך דעם וויא בעלגראנא מיט זיינע ארגענטינער סאלדאטען זיינען גע־פאנגען געווארען. א טראפען בלוט איז דערביי ניט פערגאסען געווארען. דער גובערנאטאר האט זיך צוריקגעצויגען אהן שום ווידערשטאנד, און דער הויפט־פיהרער פון דער מיליץ, א געבארענער פאראגוואיער מיט'ן נאמען יעגראס, איז געווארען דער פרעזידענט פון דער כונטא אדער פראוויזארישער רעגיערונג. אבער עס האט זיך באלד ארויסגעוויזען, אז דער אמת'ער פיהרער פון דער נייער רעגיערונג איז דער סעקרעטער פון דער כונטא, דר. פראנסיא, אן אדוואקאט, וועלכער האט זיך ערווארבען א גרויסען נאמען אלס געלעהרטער, פעהיגער און עהרליכער מאן. אלע האבען געהאט גרויס רעספעקט פאר איהם, און די אינ־דיאנער האבען איהם געליעבט דערפאר, וואס ער האט שטענדיג פערטהיידיגט זייערע אינטערעסען אין די געריכטען. ער האט שנעל ארייגענומען די גאנצע מאכט אין זיינע הענד און אין 1814 האט ער אויסגעפיהרט, אז מען זאל איהם אויסקלייבען פאר פרעזידענט אויף דריי יאהר. ווען דיזער טערמין האט זיך געענדיגט, האט ער זיך ערקלערט פאר דיקטאטאר אהן שום טערמין.

דיזער מערקווירדיגסטער פון אלע דיקטאטארס אין אלע שפאניש־שפרע־כענדע רעפובליקען, א זעלטענע פיגור אויך אין דער וועלט־געשיכטע, איז גע־בליבען דער אונבעשרענקטער הערשער פון פאראגוואי ביז זיין טויט אין 1840, ווען ער איז אלט געווען 83 יאהר. עס איז שווער צו געפינען אין דער וועלט־געשיכטע נאך אזא פאל, וויא איין מענש האט אהן שום בעשרענקונגען רע־גיערט איבער א פאלק א פערטעל יאהרהונדערט כסדר און איז געבליבען ניט נור געאכטעט און געליעבט פון די מאסען, זאנדערן איינפאך פערגעטערט פון זיי. אזא פאל איז טאקע נור מעגליך געווען אין א לאנד וויא פאראגוואי, וואו די בעפעלקערונג איז אין פערלויף פון קנאפע 300 יאהר אויסגעמושטירט גע־ווארען בלינד צו פאלגען די בעפעהלען פון די קרעאלען און יעזואיטען. טהייל־ווייז האט טאקע דר. פראנסיא, וועלכער האט שטודירט אין א סעמינאריע פון קארדאווא אין ארגענטינע און איז דארטען נאכהער געווען א קורצע צייט פרא־

פעסאָר, נאָכגעפאָלגט דעם ביישפּיעל פון דיא יעזואיטישע מיסיאָנערען. אזוי



דר. כאזע ראדריגעץ גאספּאר פּראנסיא

וויא צוויי־דריטעל פון דעם לאַנד האָט געהערט צו דער רעגיערונג, האָט ער

דארטען געלאזט דיא אינדיאנער ארבייטען אויף דיא פעלדער און פיטערען בהמות נאך דער זא־גענאנטער קאמוניסטישער סיסטעם פון דיא יעזואיטען אין דיא "זיעבען מיסיאנען".

אין דערזעלבער צייט אבער האט דר. פראנסיא ניט נור געהאסט דיא יע־זואיטען, זאנדערן אויך אלע גלחים און דיא גאנצע קריסטליכע רעליגיאן. מען רעכענט, אז ער האט געשטאמט פון פראנצויזען, נור דאס איז זיכער, אז ער איז געווען דורכגעדרונגען מיט דיא פרינציפען פון דער גרויסער פראנצויזישער רעוואלוציאן. זיין גאנצען לעבען האט ער ניט אויפגעהערט צו שטודירען, בעזאנדערס דיא ווערק פון דיא פראנצויזישע פילאזאפען און שריפטשטעלער, וויא מאנטעסקיו, וואלטער, רוסא, דידערא, קאנדארסע א. ז. וו. ער האט אב־געשאפט דיא אינקוויזיציאן, פערשלאסען דיא סעמינאריע פון דיא גלחים, פער־באטען צו צאהלען מעשר צו דיא גלחים און האט בכלל ערנידריגט און פער־פאלגט דיא גייסטליכע. ער איז געווען א פריידענקער.

זיין דיקטאטור האט ער אנגעהאלטען מיט דער הילפע פון דיא אינדיאנער, וועלכע ער האט געוואלט פיהרען אין זיינע דרכים. דיא קליינע צאהל קרעאלען און שפאניער, וועלכע זיינען נאטירליך געווען אונצופריעדען מיט זיין אונ־ענדליכער דיקטאטור, האט ער פערפאלגט ביטער און גרויזאם, טאקע וויא א בלוטיגער טיראן. אום צו האלטען מעהר און שטארקער אין צוים דיא גאנצע בעפעלקערונג, האט ער געזוכט אבצושניידען וואס מעהר דעם פערקעהר מיט דער אויסערער וועלט. אויסלענדער האבען ניט געטארט אריינקומען אין פאראגוואי אהן א ספעציעלער ערלויבניס, און ווען ער פלעגט זיי אריינלאזען, פלעגט ער זיי שוין ניט וועלען ארויסלאזען. ניט ער האט געשיקט, ניט ער האט אויפ־גענומען געזאנדטע און קאנסולען. אויסלענדישע שיפען האבען ניט געטארט זיך בעווייזען אויף דעם פאראגוואי טייך. ער האט בעשטימט נור איין פארט ביי דיא ברעגען פון פאראנא פאר אויסלענדישע שיפען. דער גאנצער האנ־דעל מיט אויסלאנד איז געפיהרט געווארען דורך זיינע אגענטען. זיין צוועק איז דערביי אויך געווען צו ענטוויקלען דיא היימישע אינדוסטריען און צו בליי־בען וואס מעהר אונאבהענגיג עקאנאמיש פון זיינע מעכטיגע שכנות, בראזי־ליען און ארגענטינע.

אין זיין פריוואט לעבען האט ער זיך געפיהרט וויא א פילאזאף. זיינע בעסטע פריינד זיינען געווען זיינע ביכער. ער איז געבליבען אן אלטער בחור און האט קיינע קינדער ניט איבערגעלאזען. וואס עלטער ער איז געווארען, אלץ זאנדערבארער, גרויזאמער און טיראנישער איז ער געווארען. מען רעכענט, אז ער איז צולעצט איינפאך משוגע געווארען. ער האט יעדענפאלס געהאנדעלט, וויא איינער וואס ליידעט פון דער מאניא פון פערפאלגונג. אויס פורכט פאר ערמארדונג פלעגט ער אפט בייטען זיינע וואהנונגען. קיינער האט ניט גע־

וואוסט אין וועלכען צימער ער האָט זיך געלייגט שלאָפען. אין דיא מאָמענטען, ווען עס פלעגט אויף איהם אָנפאַלען אַ מרא שחורה, איז ער געווען שרעקליך בלוט־דורשטיג. ער פלעגט דאַן הייסען הינריכטען געפאַנגענע און פערדעכ־טיגטע גאָר אָהן שום דין ומשפט. דיא קרעאָלען, בעזאָנדערס דיא רייכערע, האָבען געציטערט צו בעגעגנען איהם. זיי זיינען געווען אין שטענדיגע לעבענס־געפאַהר. מען האָט געציטערט פאַר זיין שאָטען. אין דער צייט ווען ער איז געווען דיקטאַטאָר, האָט מען גוהאַט מורא צו דערמאָנען זיין נאָמען און מען האָט איהם גערופען ״על סופרעמאָ״ (דער העכסטער), און נאָך זיין טויט האָט מען איהם גערופען ״על דעפונטאָ״ (דער פערשטאָרבענער). ווען ער איז גע־שטאָרבען, האָבען זיך אין דיא תפיסות געפונען איבער 700 קרעאָלען, וועלכע זיינען אויף זיין בעפעהל אַרעסטירט געוואָרען צוליעב פּאָליטישע אורזאַכען.

זאָ לאַנג דיזער אויסעראָרדענטליכער מאַן האָט געלעבט, האָט גאָר ניט געקענט זיין דיא רעדע פון אַן אויפשטאַנד אין פּאַראַגוואַי. עקאָנאָמיש האָט דאָס לאַנד נאַטירליך געמאַכט פּאָרטשריטע אונטער זיין שטרענגער השגחה. וועהרענד אין אַרגענטינע, אורוגוואַי און אין אַלע שפּאַניש־שפּרעכענדע רעפּוב־ליקען זיינען דיא ערשטע עטליכע צעהנדליג יאָהר נאָך דער אָבשאַפונג פון דער שפּאַנישער הערשאַפט פּאָרגעקומען אויפשטאַנדען, פּראָנונסיאַמענטאָס און שלאַכטען, וויא מיר ווייסען עס פון פריהערע קאַפּיטלעך, האָט אין פּאַראַגוואַי געהערשט פּאָלשטענדיגע פּאָליטישע רוהע אונטער דר. פראַנסיאַ׳ס 25־יעהריגע דיקטאַטור. דיא בעפעלקערונג האָט זיך זעהר שנעל פערמעהרט אין דיזער פריעדליכער צייט.

ווען דר. פראַנסיאַ איז געשטאָרבען נאָך אַ קורצער קראַנקהייט, האָט זיין סעקרעטער דאָס געוואָלט האַלטען אין סעקרעט און דערווייל פערכאַפּען דיא רעגיערונג אין זיינע הענד. ער האָט אַרויסגעלאָזען בעפעהלען אין דעם נאָמען פון דעם טויטען דיקטאַטאָר. נור דיא אָפיציערען האָבען זיך ענטזאַגט איהם צו פאָלגען, וויא נור מען האָט זיך דערוואוסט, אַז דער ״על סופרעמאָ״ איז געוואָרען ״על דעפונטאָ״. דער אָרימער סעקרעטער איז איינגעשפּאַרט געוואָ־רען אין אַ געפענגניס, וואו ער האָט זיך אויפגעהאַנגען, אום אויסצומיידען אַן עפענטליכע הינריכטונג. אין פערלויף פון עטליכע מאָנאַטען האָט געהערשט אַנאַרכיע. דיא אָפיציערען האָבען זיך אַמוזירט מיט אַרויפזעצען און אַרונטער־זעצען אַזעלכע, וואָס האָבען געהאַט דיא אַמביציע צו ווערען דיקטאַטאָרס.

ענדליך איז געבליבען, אַז מען זאָל צוזאַמענרופען אַ קאָנגרעס, וואָס זאָל אויסקלייבען אַ פּרעזידענט. דיא קרעאָלען האָבען נאַטירליך געפיהרט דיא רעדעל אויף דיזען קאָנגרעס. אום זיך צו פערהיטען אין דער צוקונפט געגען אַ דיקטאַטאָר, איז ביי זיי געבליבען אויסצוקלייבען צוויי רעגיערער אויף אַ קורצען טערמין מיט דעם טיטול קאָנסול. איינער פון דיזע קאָנסולען איז געווען

קאַרלאָס אַנטאָניאָ לאָפּעז, אַן אַדוואָקאַט, וועלכער האָט געפיהרט דעם לעבען פון אַ גאַוטשאָ אויף זיינע גיטער, אום אויסצומיידען דיא אויפמערקזאַמקייט פון דר. פראַנסיאַ. ער איז געוועזן דער פעהיגסטער און געבילדעטסטער פיהרער אין דעם קאָנגרעס און ער האָט שנעל פערכאַפּט דעם רעגיערונגס־רודער אין זיינע הענד. אין 1844 האָט ער דורכגעמאַכט דיא צערעמאָניע פון צוזאַמענרופען אַ קאָנגרעס, אום אויסצוקלייבען נייע קאָנסולען. אָבער ער האָט אויפגעפּאַסט, אַז דיא מיטגליעדער זאָלען נור זיין אַזעלכע, וועלכע ער האָט געוואָלט האָבען, און אַז זיי זאָלען איהם ערוועהלען פאַר פּרעזידענט. דאָס האָבען זיי טאַקע געטהאָן און דערצו נאָך אויף אַ טערמין פון צעהן יאָהר, וואָס עס האָט פּאַקטיש געמיינט אַ דיקטאַטור אויף זיין גאַנצען לעבען, וויא עס האָט זיך טאַקע אויסגעלאָזען. ער האָט געהערשט ביז זיין טויט אין 1862 אַזוי אונבעשרענקט וויא דר. פראַנסיאַ, נור ער איז ניט געוועזן אַזוי משוגע און טיראַניש.

פון איין זייט האָט ער געזוכט צו ענטוויקלען דיא היימישע אינדוסטריען און פון דער אַנדער זייט אויך עפענען דיא טהירען פאַר אויסלענדער. ער האָט ערלויבט אויסלענדישע שיפען צו שווימען איבער דעם פּאַראַגוואַי טייך אַזוי וויט אַרויף צום נאָרד וויא אַסונסיאָן, וועלכע ער האָט געוואָלט מאַכען פאַר דעם איינציגען פּאָרט אין לאַנד. נור אין דיזער צייט איז ער געקומען אין אַ קאָנפליקט מיט דר. ראָזאַס, דעם דיקטאַטאָר פון אַרגענטינע, וועלכער האָט געהאַט דיא אַמביציע צו בעהערשען אַלע לאַ פּלאַטאַ געגענדען (זעה דיא געשיכטע פון אַרגענטינע) און האָט פערבאָטען אַריינצולאָזען אין פּאַראַנאַ טייך אירגענד וועלכע שיפען אויסער אַרגענטינישע. אַזוי וויא פּאַראַגוואַי האָט ניט קיין אַנדער וואַסער־וועג צום ים, ווי נור דורך דעם דאָזיגען טייך, האָט לאָפּעז ניט נור געשטיצט ראָזאַס'עס געגנער אין קאָריענטעס, ענטרע ריאָס און אורוגוואַי, זאָנדערן האָט אויך ערקלערט קריעג אין 1849 געגען בוענאָס ערעס. נור דיא פּאַראַגוואַיער אַרמעע, וועלכע איז אַרויסגעשיקט געוואָרען אונטער דער קאָמאַנדע פון דעם דיקטאַטאָר'ס עלטעסטען זוהן פראַנציסקאָ, וועלכער איז דאַן אַלט געוועזן אַ יאָהר אַכצעהן, האָט ניט געהאַט צו פיהרען שלאַכטען, ווייל עס איז באַלד געקומען אַ סוף צו ראָזאַס'עס דיקטאַטור אין בוענאָס ערעס גופא. לויט אַן אָבמאַך צווישען אַרגענטינע און בראַזיליען איז פּאַראַנאַ געעפענט געוואָרען פאַר דיא שיפען פון אַלע נאַציאָנען. לאָפּעז אָבער האָט ניט געוואָלט לאָזען פרעמדע שיפען איבער דעם פּאַראַגוואַי טייך ווייטער צום נאָרד וויא אַסונסיאָן. אַזוי וויא דער אויבערשטער טהייל פון דיזען טייך פליסט דורך בראַזיליאַנער לאַנד, האָט דיא רעגיערונג פון בראַזיליען אָנפאַנגס פּראָטעסטירט געגען דעם און נאַכהער געשיקט אַ פלאָטע צו צווינגען דעם דיקטאַטאָר נאָכצוגעבען.

דאָס האָט געטריבען דיזען דיקטאַטאָר און זיינע דריי זיהן, וועלכע ער האָט געמאַכט פאַר דיא הויפּט־קאָמאַנדירען פון זיינע אַרמעען און שיפען, צו

פערגרעסערען אַלץ מעהר און שנעלער זיין מיליטערישע מאַכט. זיין עלטערער זוהן פראַנציסקאָ, וועלכער האָט אַ יאָהר אנדערטהאַלבען ארומגערייזט איבער אייראָפּאַ אַלס אַמבאַסאַדאָר פון פּאַראַגוואַי, האָט אָנגעפאַנגען צו טרוימען וועגען עראָבערונגען און וועגען גרינדען אַן אימפּעריע אין זיד־אַמעריקאַ. ער און זיינע ברידער און שוועסטער האָבען זיך געפיהרט אַזוי וויא פּרינצען און פּרינצעסינען. זיי האָבען געלעבט אין גרעסטען לוקסוס און האָבען זיך אַלע אויסגעצייכענט מיט אויסגעלאַסענהייט און גרויזאַמקייט.



פראַנציסקאָ לאָפּעץ

ווען זייער פאָטער איז געשטאָרבען אין 1862, האָט פראַנציסקאָ געצייגט אַ טעסטאַמענט, אין וועלכען ער איז ערקלערט געוואָרען פאַר דעם וויצע־פּרעזידענט. אַזוי וויא ער האָט געזוכט צו לעבען גוט מיט דיא אָפיציערען און סאָלדאַטען, האָט ער אָהן שום שטערונגען פערכאַפּט דיא רעגיערונג אין זיינע הענד. נאָכהער האָט ער אויך דורכגעמאַכט דיא צערעמאָניע פון צוזאַמענרופען אַ קאָנגרעס אין אַסונסיאָן, אום אויסצוקלייבען אַ נייעם פּרעזידענט. דיזע צע־

רעמאָניע האָט זיך געענדיגט דערמיט, וואָס ער איז ערקלערט געוואָרען פרע־זידענט אויף זיין גאַנצען לעבען אַזוי וויא דר. פראנסיא און זיין פאָטער.

נור זיין דיקטאַטור האָט זיך געענדיגט מיט אַזאַ שרעקליכער טראַגעדיע, וואָס האָט צו זיך קיין גלייכען ניט אין דער געשיכטע פון דער נייער צייט. וויעדער בלייבט צו זאָגען, אַז זאַ עטוואָס האָט נור געקענט פּאַסירען אין פּאַ־ראגוואי, וואו דאָס פאָלק איז פון דור דורות צוגעוועהנט געוואָרען צו בלינדער געהאָרכזאַמקייט. אָהן דער יעזואיטישער רעפּובליק וואָלטען ניט מעגליך געווען אַזעלכע אונערהערטע דיקטאַטורען אפילו אין זיד־אַמעריקא. זיין הערשאַפט האָט פראַנציסקאָ לאָפּעץ אָנגעפאַנגען וויא אַן אַזיאַטישער טיראַן. ניט נור האָט ער פעריאָגט, איינגעשפּאַרט און אויך היגגעריכטעט דיא ראַטהגעבער פון זיין פאָטער און פראָמינענטע בירגער, זאָנדערן אויך זיינע ברידער און אפילו שוועסטער. קיין מאָל האָט ער ניט געצייגט אירגענד וועלכען מיטלייד צו דיא אָרימע אינדיאַנער, וועלכע זיינען געקראָכען אין פייער אויף זיין בעפעהל. זיין אַמביציע צו ווערען אַ מין נאַפּאָלעאָן האָט איהם ניט געלאָזט רוהען. זיין גאַנצע ענערגיע האָט ער אָנגעווענדעט צו פערגרעסערען און צו פערשטאַר־קען זיין אַרמעע, אום צו פערכאַפּען טעריטאָריע אפילו ביי בראַזיליען און אַר־גענטינע.

אין בוענאָס ערעס און ריאָ דע דזשאַנעירא האָט מען זיך אויסגעלאַכט פון זיינע פּרעטענזיעס צו שפּיעלען דיא ראָלע פון אַ נאַפּאָלעאָן אין זיד־אַמעריקא. מען האָט אויף איהם געקוקט וויא אויף אַ משוגענעם נאַר. צו יענער צייט האָבען זיך אין גאַנץ פּאַראַגוואַי געפונען אַרום אַ מיליאָן און אַ פערטעל נפשות. אָהן פּאָרטען, אָהן אינדוסטריען, אָהן אייגענע מיטעל צו שאַפען געוועהר, וואָס פאַר אַ ווערדע האָט אַזאַ לאַנד געקענט האָבען געגען אַזעלכע ריזיגע רעפּובליקען וויא בראַזיליען און אַרגענטינע? אָבער דיא ווירקליכקייט האָט איבערטראָ־פען אַלע רעכנונגען און ערוואַרטונגען. קיינער האָט זיך ניט פאָרגעשטעלט און גאָר ניט געקענט פאָרשטעלען, וויא גרויס עס איז געווען דיא מאַכט פון פראַנ־ציסקאָ לאָפּעץ דורך דעם, וואָס דיא אינדיאַנער האָבען בלינד אויסגעפיהרט זיין מינדעסטען בעפעהל. ער האָט אָבער געוואוסט, אַז ער קען צוזאַמענטריי־בען אַן אַרמעע, וועלכע זאָל ענטהאַלטען כמעט אַלע זכרים און אפילו אויך פרויען. ער האָט זיך דאַרום ניט געקימערט וועגען סאָלדאַטען, נור וועגען גע־וועהר, וועלכע עס איז איהם ניט לייכט געווען צו קריעגען אפילו פאַר הויכע פרייזען, ווייל דיא וועגען צו זיין לאַנד זיינען געווען און ווערען קאָנטראָלירט פון אַרגענטינע און בראַזיליען. ביסלעכווייז אָבער און שטילערהייט האָבען זיין פאָטער און נאָכהער ער צוזאַמענגעקליבען ניט נור אַ סך ביקסען, זאָנדערן אויך עטליכע הונדערט קאַנאָנען מיט אַלע נויטיגע אַמוניציאָן. אין געוויסע סטראַטעגישע פונקטען האָבען זיי אויך געלאָזט אויפבויען שטאַרקע פעסטונגען.

אויסער דעם האָט פראַנציסקאָ לאָפּעץ זעהר פיעל גערעכענט דאַרויף, וואָס עס איז זעהר שווער צוצוקומען צו פּאַראַגוואַי דורך יבשה־וועגען און וואָס דיא גאַנ־צע בעפעלקערונג האָט געקענט אויסקומען אָהן שום האַנדעל און פערקעהר מיט דער אויסערער וועלט. פון זיין הויפּט־שטאָדט איז איהם פיעל לייכטער געווען צו בעפאַלען דיא אַרומיגע וועניג־בעזעצטע פּראָווינצען פון בראַזיליען און אַר־גענטינע, וויא פּאַר דיא אַרמעען פון דיזע רעפּובליקען אַריינצורייסען זיך אין פּאַראַגוואַי.

זיין ערשטער אַרויסטריט אין דער ראָלע פון אַ נאַפּאָלעאָן איז געווען אין 1863, ווען ער האָט געוואָלט זיך אַריינמישען אין דיא אינערליכע אַנגעלעגענ־הייטען פון אורוגוואַי און האָט פערלאַנגט, אַז בראַזיליען און אַרגענטינע זאָלען ניט האַנדלען דאָרטען אייגענהענטיג. אורוגוואַי האָט דאַן דורכגעמאַכט איינע פון איהרע צאָהלרייכע רעוואָלוציאָנען. דיא רעגיערונגען פון אַרגענטינע און בראַזיליען האָבען געשטיצט דיא רעוואָלוציאָן פון גענעראַל פלאָרעס, דעם פיה־רער פון דיא קאָלאָראַדאָס (זעה דיא געשיכטע פון אורוגוואַי), און לאָפּעץ האָט געלאָזט וויסען, אַז ער איז דערמיט ניט צופריעדען און אַז פּאַראַגוואַי האָט אויך עפּעס אַ דעה אין אַזעלכע זאַכען. זיינע פּרעטענזיעס האָבען אַרויסגערופען אַ געלעכטער אין דער וועלט; אָבער ער האָט באַלד צוזאַמענגעקליבען אַ מחנה פון 64 טויזענד מאַן. אַזאַ גרויסע אַרמעע האָט דאַן קיין אַנדערע רעפּובליק אין זיד־אַמעריקאַ ניט געהאַט. אמת, זיא איז געווען בעוואַפּענט מיט אַלטע ביקסען און איז בעשטאַנען כמעט אויסשליסליך פון אינפאַנטעריע, אָבער מען האָט פון דעסטוועגען אויך געמוזט אַרויסשטעלען געגען איהר גרויסע אַרמעען.

אין 1864, ווען בראַזיליען האָט געשיקט אַן אַרמעע צו העלפען גענעראַל פלאָרעס אין אורוגוואַי, האָט לאָפּעץ געענטפערט דאַרויף דערמיט, וואָס ער האָט פערכאַפּט אַ בראַזיליאַנער שיף, וועלכע איז פאַרביי־געשוואומען אַסונסיאָן אויף איהר וועג איבער דעם פּאַראַגוואַי טייך נאָך דיא בראַזיליאַנער פּראָווינץ מאַטאָ גראָסאָ, און נאָכהער האָט ער זיך אַריינגעריסען מיט אַ טהייל פון זיין אַרמעע אין דיזער פּראָווינץ. דאָס איז געווען דער אָנפאַנג פון דער מלחמה, וועלכע לאָפּעץ האָט געפיהרט אין פערלויף פון 5 יאָהר ניט נור מיט בראַזיליען, זאָנדערן אויך מיט אַרגענטינע און אורוגוואַי. אַזוי וויא אין מאַטאָ גראָסאָ, וואו עס האָבען זיך געפונען זעהר וועניג בראַזיליאַנער סאָלדאַטען, האָט ער גע־האַט אַ לייכטען זיעג, האָט ער אויך געוואָלט זיך אַריינרייסען אין אורוגוואַי און אין ריאָ גראַנדע דאָ סול, וועלכע איז איינע פון דיא וויכטיגסטע בראַזיליאַ־נער פּראָווינצען, איידער דיא בראַזיליאַנער רעגיערונג וועט צייט האָבען צו שיקען אַהין פערשטערקונגען. אום אָבער צו דערגרייכען אַהין, האָט ער געהאַט צו מאַרשירען דורך דיא אַרגענטינער פּראָווינץ קאָריענטעס. ער האָט זיך דאַרום געווענדעט צו דער רעגיערונג אין בוענאָס ערעס נאָך ערלויבניס אַריבער־

צוקרייצען דיזע פראווינץ, אבער זיא האט עס ענטזאגט, און דאן האט ער איהר ערקלערט קריעג און האט אריינגעשיקט א מחנה פון 25 טויזענד מאן צו פער־כאפען קאריענטעס.

אזוי איז עס ארגענטינע אריינגעשלעפט געווארען אין דיזער מלחמה, וואס א ווילדער דיקטאטאר האט פערפיהרט צוליעב א משוגענע אמביציע און וואס האט אלע צדדים געקאסט שרעקליך טהייער. דיא האפנונגען פון דיזען דיקטא־טאר צו דערגרייכען ביז צו אורוגוואי און פון דארטען צום ים זיינען אבער צוקלאפט געווארען נאך דעם ערשטען צוזאמענשטויס מיט א בראזיליאנער פלא־טע אויף דעם טייך פאראנא אין 1865. ער איז דאן געבליבען אהן שיפען און האט זיך געמוזט פערלאזען נור אויף זיין ארמעע אין זיין קאמפף געגען דיא צוויי גרעסטע און שטארקסטע רעפובליקען פון זיד־אמעריקא מיט אמאל, צו וועלכע עס איז נאך צוגעשטאנען אורוגוואי אונטער דער דיקטאטור פון גע־נעראל פלארעס.

ערשט אין 1866 האבען דיא דריי פערבונדענע רעפובליקען געקענט צו־זאמענקלייבען אן ארמעע פון פערציג טויזענד מאן, אום צו אטאקירען דעם פא־ראגוואיער דיקטאטאר אויף זיין אייגענעם גרונד. אונטער דעם שוץ פון א גרויסער בראזיליאנער פלאטע מיט 125 קאנאנען האט דיזע ארמעע געקענט אריבערפאהרען דעם טייך פאראנא און פערנעהמען געוויסע סטראטעגישע פונק־טען אין פאראגוואי. לאפעז האט געשיקט א טהייל פון זיינע סאלדאטען אי־בערצוהאקען זיינע שונאים דעם וועג, אבער דאס איז איהם ניט געלונגען. ער האט געקראגען איין נידערלאגע נאך דער אנדערער. נאך יעדער שלאכט זיינען טויזענדע פון זיינע אינדיאנער סאלדאטען געבליבען ליעגען טויט, אבער ער האט זיך אלץ ניט אונטערגעגעבען און האט אלץ ווייטער געטריעבען דיא אונ־גליקליכע אין קריעג. דיא בראזיליאנער און ארגענטינער האבען אויך געהאט זעהר שווערע פערלוסטען. דיא שלאכטען זיינען געווען שרעקליך בלוטיגע, ווייל דיא אינדיאנער האבען געקעמפפט מיט א ווילדער פערצווייפלונג ביז דעם לעצטען אטהעם. אבער דיא פערבונדענע דריי רעפובליקען האבען געקענט קריעגען ניט נור גענוג געוועהר, זאנדערן אויך פערשטערקונגען, וועהרענד דיא קרעפטע פון דעם פאראגוואיער דיקטאטאר זיינען אלץ שנעלער אויסגעגאנגען נאך יעדען ווייטערען צוזאמענשטויס. ער האט געמוזט אלץ מעהר יאגען אין קריעג יונגע אינדיאנער, אפילו אינגלעך פון 14 און 12 יאהר. פרויען האבען געמוזט מיטהעלפען דורך שלעפען זאכען אנשטאט בהמות. ווען זיי פלעגען פאלען אויסגעמאטערטע און אויסגעהונגערטע, פלעגט מען זיי לאזען ליעגען ביז זיי פלעגען אויסגעהען. צו אלע צרות האט נאך דארטען אויסגעבראכען כאלערא, וועלכע האט אויך אנגעמאכט א חורבן אין דיא בראזיליאנער און אר־גענטינער ארמעען.

דיא שוואַכע און קראַנקע פלעגט דער אונמענשליכער דיקטאַטאָר הייסען אויסשלאַכטען, אום צו קענען שנעלער מאַרשירען. ווען ער פלעגט מוזען אָב־טרעטען פון אַן אָרט נאָך אַ נידערלאַגע, פלעגט ער הייסען פערברענען אין דער אומגעגענד אַלע דערפער, אַלע וואָהנונגען און אויסשלאַכטען אַלע בהמות, וועלכע מען האָט ניט געקענט מיטנעהמען. ער האָט אַזוי אַלץ מעהר חרוב געמאַכט דיא בעסטע געגענדען פון פאַראַגוואַי. וויא גרויס עס איז געוועזען דער פערלוסט פון פאַראַגוואַי אין בעפעלקערונג צייגען פאָלגענדע ציפער: פון דעם מיליאָן מיט אַ פיערטעל נפשות פאַר דיזען קריעג זיינען געבליבען בלויז 28,746 מענער, 106,254 פרויען און 86,079 קינדער. דאָס איז געוועזען פשוט אַ פערטיליגונג פון אַ פאָלק. עס גלויבט זיך ניט, אַז איין מענש זאָל קענען אומברייינגען אין פערלויף פון פינף יאָהר אַ גאַנצען מיליאָן אַנדערע (ניט רעכנענדיג דיא אונ־געהייערע פערלוסטען פון דיא בראַזיליאַנער און אַרגענטינער, פערלוסטען אין צעהנדליגע טויזענדע סאָלדאַטען); אָבער דאָס זיינען אונבעשטרייטבאַרע פאַקטען.

דיא קרעאָלען, וועלכע דער בלוטיגער טיראַן האָט ניט געקענט אַריינטריי־בען אין זיינע מחנות, האָט ער געזוכט אויסצוראָטען מיט אַלע מיטעל. ער האָט געהייסען אַרעסטירען און פייניגען יעדען ווייסען. אפילו זיין מוטער האָט ער געהייסען פייניגען! זיינע ברידער און שוועסטער מיט זייערע מענער זיינען ערמאָרדעט געוואָרען אויף זיין בעפעהל. וואָס גרעסער עס זיינען געוועזען זיינע פערלוסטען אויף דיא שלאַכטפעלדער, אַלץ ווילדער און בלוטיגער איז ער גע־וואָרען.

ענדליך איז ער אין יאָהר 1870 אַליין אַריינגעפאַלען אין דיא הענד פון דיא בראַזיליאַנער, וועלכע האָבען זיך נאָך איהם נאָכגעיאָגט מאָנאַטען לאַנג אין דיא וועלדער און אויף בערג אין דיא ווילדעסטע ערטער פון פאַראַגוואַי, וואו ער האָט נאָך אַלץ געהאַט אַרום זיך עטליכע הונדערט אינדיאַנער סאָלדאַ־טען. ער וואָלט וואַהרשיינליך ניט טרוקען אָבגעשניטען פון דיא זיעגער, נור ער האָט זיי פערשפּאָרט צו משפּט'ן איהם, ווייל ער איז דערשאָסען געוואָרען פון אַן איינפאַכען סאָלדאַט, ווען ער האָט פּראָבירט זיך דורכרייסען און אַנט־לויפען.

אָט אַזוי האָט זיך געענדיגט דיא דריטע דיקטאַטור אין דיזער אינדיאַנער רעפּובליק אין פערלויף פון דיא 60 יאָהר פון איהר אונאַבהענגיגקייט. אָבער זייט 1870 האָט זיא גליקליכערווייזע וועניגער פאַר דיא אַנדערע לאַטיינישע רעפּובליקען געליטען פון דיקטאַטאָרס און בירגער־קריעג. דיא ערשטע 6 יאָהר נאָך דעם טויט פון דעם טייוועלשען טיראַן לאָפּעץ האָט זיך פאַראַגוואַי געפונען פאַקטיש אונטער דעם פּראָטעקטאָראַט פון בראַזיליען. וועלכע האָט געהאַלטען

איהרע סאָלדאַטען אין אַסונסיאָן און האָט זיך געקליבען איינצושליסען איהר אַלס פּראָווינץ. נור אַרגענטינע האָט עס ניט דערלאָזען, אום בראַזיליען זאָל ניט ווערען צו שטאַרק. דאַרום איז פּאַראַגוואַי געבליבען אַן אונאַבהענגיגע רעפּובליק אַזוי וויא אורוגוואַי. דאָס לאַנד קומט בּיסלעכווייז צו זיך און לעבט אויף. דיא גואַראַנים פערנעהמען זיך אַזוי וויא פריהער מיט אַקערבוי און פיה־פּיטערונג און פערמעהרען זיך; אָבער דיא גאַנצע רעפּובליק צעהלט אונ־געפעהר אַ העלפט פון דער בעפעלקערונג, וועלכע זיא האָט געהאַט פאַר דער פערוויסטענדער מלחמה מיט אַ האַלבען יאָהרהונדערט צוריק.



## ערשטער קאפיטעל.

# דיא ענטדעקונג און דיא ערשטע פּאָרטוגעזישע קאָלאָניעס

דעם 3טען מאי 1500 זיינען עטליכע שיפען צוגעקומען צו אונבעקאנטע ברעגען. דיא שיפען זיינען געוועזן פּאָרטוגעזישע אונטער דער קאָמאנדע פון פּעדראָ אַלוואַרעץ קאַבראַל, און דיא ברעגען זיינען א טהייל פון בראַזיליען. דאָס האָט פּאַסירט צופעליג. דיזע שיפען זיינען ארויסגעשיקט געוואָרען פון ליסבאָן מיט א וואָכען זעקס פריהער נאָך אינדיען אויף דעם וועג ארום אפריקא, אויף וועלכען וואַסקאָ דאַ גאַמאַ האָט געררייזט מיט צוויי יאָהר פריהער, אום צו פערנעהמען דאָרטען פּאָרטען. נור דורך שטורמווינדען זיינען זיי אראָב פון זייער וועג ביי דיא וועסטליכע ברעגען פון אפריקא און זיינען גאָר פער־שלעפּט געוואָרען צו דיא אָסטליכע ברעגען פון זיד־אַמעריקא. דיזער צופאַל, וועלכער האָט געפיהרט צו דער עטאַבלירונג פון פּאָרטוגעזישע קאָלאָניעס אין דער נייער וועלט און צו דער גרינדונג פון בראַזיליען, צייגט, אז אמעריקא וואָלט סיי וויא סיי ענטדעקט געוואָרען אין אכט יאָהר ארום נאָך קאָלומבוס׳עס ערשטע רייזע.

עס איז דאַן פּשוט געקומען דיא צייט צו מאַכען אַלץ ווייטערע רייזען איבער׳ן ים און צו ענטדעקען נייע לענדער. דער מערקווירדיגער צופאַל מיט קאַבראַל׳ס שיפען איז אייגענטליך געווען דער רעזולטאַט פון א לאַנגער רייהע פון רייזען פון פּאָרטוגעזער איבער דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן זייט דעם אָנפאַנג פון 15טען יאָהרהונדערט. איין ערפאָלגרייכע רייזע האָט געפיהרט צו אַן אַנדערער. דיא פּאָרטוגעזער זיינען געווען דיא פּיאָנערען אין דיזע געוואגטע ים־רייזען. זיי האָבען אויך אויסגעבעסערט דיא אינסטרומענטען, אָהן וועלכע עס וואָלט גאָר ניט מעגליך געווען צו מאַכען אזעלכע ווייטע רייזען. נאָך זיי האָבען שוין געפאָלגט דיא שפּאַניער, דיא ענגלענדער, דיא פראַנצויזען און דיא האָלענדער.

א בליק אויף א גלאָבוס צייגט, אז דיא ברעגען פון דער אַלטער וועלט זיינען אם נעהענטסטען צו דיא ברעגען פון דער נייער וועלט צווישען סענעגאַל אין וועסט־אפריקא און בראַזיליען אין זיד־אַמעריקא. ווען דיזע ברעגען וואָלטען

געווען בעפעלקערט מיט ציוויליזירטע פעלקער, וואלט דער ים צווישען זיי שוין לאנג אריבערגעקרייצט געווארען פון שיפען. דאס וואס עס האט פאסירט מיט פארטוגעזישע שיפען, וואלט אויך געקענט טרעפען מיט אנדערע שיפען אין דער צייט פון געוויסע שטורם־ווינטען. יעדענפאלס האט קאבראל, וועלכער האט געמיינט, אז ער האט ענטדעקט אן אינזעל, ערקלערט דיא אונבעקאנטע געגענד פאר א טהייל פון דער פארטוגעזישער מלוכה. ער האט דארטען פערבראכט צעהן טעג, אום אויסצוגעפינען ביי דיאווילדע אינדיאנער, אויב זיי ווייסען וואו עס געפינט זיך גאלד און זילבער (דיא פארטוגעזער האבען צוערשט געפרעגט דיא אינדיאנער וועגען עדעלע מעטאלען אזוי וויא דיא שפאניער). נאכהער האט ער געשיקט איינע פון זיינע שיפען נאך ליסבאן צו ברענגען דיא פרעהליכע בשורה וועגען דיא נייע ענטדעקונג, און אליין איז ער אוועק נאך אינדיען לויט דיא אינסטרוקציאנען, וואס ער האט געקראגען פון וואסקא דא גאמא גופא פאר זיין אבררייזע פון דער פארטוגעזישער הויפט־שטאדט.

דער טאג פון קאבראל'ס לאנדונג ווערט געפייערט אין בראזיליען אלס א נאציאנאלער יום טוב. אבער דיא קאלאניזירונג דארטען האט זיך אנגעפאנגען א יאהר דרייסיג שפעטער. וויא נור עס איז אנגעקומען דיא נאכריכט וועגען דיזע ענטדעקונג, האט דיא פארטוגעזישע רעגיערונג גלייך ארויסגעשיקט דריי שיפען אונטער דער קאמאנדע פון דעם בעריהמטען פלארענטינער ים־פאהרער אמעריגא וועספוטשי, אום אויסצופארשען דיא נייע לענדער. בראזיליען איז אייגענטליך ענטדעקט געווארען פון שפאניער מיט א יאהר פריהער פאר קאבראל'ן. דאס איז געשעהן אין 1499, ווען ווינסענט פינזאן, קאלומבוס'עס אן אדיוטאנט, איז פארבייגעשוואומען דיא ברעגען פון זיד־אמעריקא ביז דער מינדונג פון דעם אמאזאן טייך. נאר אזוי וויא דיא שפאניער האבען דארטען קיין קאלאניע ניט געגרינדעט און מען האט אויך ניט געוואוסט גענוי דיא ערטער, וועלכע זיי האבען בעשריבען, האט דער קעניג פון פארטוגאל פערלאנגט דיזע ערטער אין נאמען פון קאבראל'ס ענטדעקונג, וועלכע איז יעדענפאלס פריהער פאר דיא שפאנישע בעקאנט געמאכט געווארען אין אייראפא.

אין פערלויף פון א האלב יאהר איז אמעריגא וועספוטשי פארבייגעשוואומען ארום 2000 מייל ביי די אטלאנטישע ברעגען פון זיד־אמעריקא אלץ ווייטער צום זיד, ביז ער איז צוגעקומען צום טייך לא פלאטא. ער האט פערצייכענט און געגעבען נעמען דיא טייכען און האפענס, וואו ער האט זיך אבגעשטעלט, אום אויסצוגעפינען עפעס ביי דיא אינדיאנער וועגען גאלד און זילבער און אויך וועגען מלוכות. אייניגע פון דיזע נעמען זיינען פערבליבען ביז'ן היינטיגען טאג, דארונטער אויך דער נאמען פון דער בראזיליאנער הויפט־שטאדט. זיא ווערט גערופען ריא דע זשאנעריא, ווייל גראדע דעם ערשטען יאנואר 1501 איז ער אריינגעקומען אין איהר פראכטפאלען האפען.

אָבער אַזוי וויא ער האָט נור געטראָפֿען ווילדע אינדיאַנער שטאַמען, האָט ער זיך צוריקגעקעהרט. דיא איינציגע ווערטהפֿאָלע זאַך וואָס ער האָט דאָרטען געפֿונען, איז אַ רויטע פֿארב האָלץ, וואָס האָט געטראָגען אין מיטעלאַלטער דעם נאָמען בראַזיל־האָלץ און וואָס מען האָט דאַן אַלץ מעהר געפֿאָדערט צו פֿאַר־בען שטאָפֿען. צוליעב דיזע האָלץ האָט עס דיא געגענד, וואו מען האָט אַזעלכע ביימער געפֿונען, געקראָגען דעם נאָמען בראַזיליען. דיא פֿאָרטוגעזישע רעגיע־רונג, וועלכע האָט דאַן אָנגעפֿאַנגען אַריינצוקריעגען דיא ערדעלע מעטאַלען פֿון איהרע מינען אין אַפֿריקאַ און דורך דעם האַנדעל מיט אָסט־אינדיען, האָט זיך גאַנץ ווייניג געקימערט וועגען אַ לאַנד, וואָס איז בעזעצט בלויז פֿון ווילדע. זיא האָט אָנפֿאַנגס אַליין גאָר ניט געטהאָן צו גרינדען דאָרטען קאָלאָניעס, אָבער זיא האָט דאָך געשטערט אַנדערע זיך צו בעזעצען אין אירגענד וועלכען אָרט ביי דיא ברעגען.

דיא בעריכטען וועגען גאַנצע וועלדער מיט בראַזיל־ביימער האָבען אָבער גלייך צוגעצויגען קאַפּיטאַנען פֿון קליינע האַנדעלס־שיפֿען און אַוואַנטוריסטען צו פֿאָהרען אַהין האַקען דיזע טהייערע ביימער. דיא פֿאָרטוגעזישע רעגיערונג האָט ערקלערט אַז דער האַנדעל מיט דיזע האָלץ איז איהר מאָנאָפּאָל, אָבער דיא פּיראַטען און אַוואַנטוריסטען פֿון אַנדערע לענדער, בעזאָנדערס פֿון פֿראַנק־רייך, האָבען ניט געקוקט דערויף און פֿלעגען מאַכען זעהר גוטע געשעפֿטען דערמיט. דיא פֿראַנצויזען האָבען אויך געזוכט צו עטאַבלירען זיך אין געוויסע האַפֿענס, וואו זיי פֿלעגען קומען אין געוויסע צייטען פֿון יאָהר האַקען דיא בראַזיל־ביימער און וואו זיי האָבען געזוכט צוצוציהען אויף זייער זייט דיא אינ־דיאַנער. דאָס האָט אונטערגעיאָגט דיא פֿאָרטוגעזישע רעגיערונג צו גרינדען קאָלאָניעס און צו בויען קליינע פֿעסטונגען אין געוויסע פּונקטען.

עס זיינען אַזוי אַוועק אַ יאָהר דרייסיג ביז פֿאָרטוגעזער האָבען זיך טאַקע אַ נעהם געטהאָן צו עטאַבלירען קאָלאָניעס אין בראַזיליען. נאָך אַ לענגערע צייט האָט עס גענומען ביז מען האָט אויסגעפֿונען, אַז דאָס איז איינע פֿון דיא פֿרוכטבאַרסטע און רייכסטע לענדער אין דער וועלט. אַמעריגאָ וועספּוטשי האָט שוין איבערגעגעבען, אַז דיא געגענדען דאָרטען האָבען אויך אַ זעהר אַנגע־נעהמען קלימאַט טראָץ דעם וואָס זיי זיינען טראָפּישע. ער האָט זיך אויסגע־דריקט, אַז אויב דער גן עדן געפֿינט זיך ערגעץ אויף דער ערד, איז עס גיכער ביי דיא ברעגען פֿון בראַזיליען, וויא אין אירגענד וועלכען אַנדערען אָרט. אָבע־ מען האָט דאַן געזוכט און הויך געשעצט נור אַזעלכע ערטער, וואָס האָבען גלייך געקענט צושטעלען גאָלד און זילבער, און אַזאַ אָרט איז בראַזיליען ניט געווען, אָבוואָהל זיא איז אויך זעהר רייך אין גאָלד, זילבער און דיאַמאַנטען. מען האָט אָבער ענטדעקט דאָרטען דיא ערדעלע מעטאַלען אַ צייט נאָך דיא גרינדונגען פֿון דיא קאָלאָניעס, וועלכע זיינען טאַקע בעשטאַנען צוערשט פֿון אַקערבויער.

דער הויפּט־רייכטהום פון בראַזיליען איז בעשטאַנען און בעשטעהט אויך היינט אין איהרע וועלדער און בכלל אין פלאַנצען.

דיא ערשטע אויראָפּעער, וועלכע האָבען אָנגעפאַנגען צו בעזעצען זיך אין בראַזיליען, זיינען געווען דעזערטירען, אַנטלאָפענע פערברעכער און זוכער פון בראַזיל־בוימער. זיי האָבען זיך צומישט מיט דיא אינדיאַנער, איבער וועלכע זיי האָבען נאַטירליך קאָמאַנדעוועט. פּאָרטוגעזישע שיפען, וועלכע פלעגען פאָהרען נאָך אָסט־אינדיען, האָבען ניט איין מאָל זיך אָבגעשטעלט אין דיא פּראַכטפאָלע האַפענס פון בראַזיליען, און אייניגע פון דיא מאַטראָסען האָבען זיך בענוצט מיט דער געלעגענהייט צו פערבלייבען דאָרטען און זוכען עלדאָראַדאָס. וועגען דיזע דעזערטירען און אַוואַנטוריסטען ווערען דערצעהלט ראָמאַנטישע געשיכטען. אַ פּאָאָר פון זיי האָבען געוואַנדערט צוזאַמען מיט אינדיאַנער זעהר ווייט אין לאַנד מיט דער האָפנונג צו ענטדעקען גאָלד־מינען. איינער פון זיי מיט'ן נאָמען אַלעקאָ גאַרסיאַ, וועלכער האָט געלאַנדעט מיט נאָך דריי פּאָרטוגעזער אין 1526 אין אַ האַפען פון דעם יעצטיגען בראַזיליאַנער שטאַאט סאַנטאַ קאַטאַרינאַ, האָט צוזאַמענגעקליבען אַ מחנה אינדיאַנער, מיט וועלכע ער האָט מאַרשירט אַלץ ווייטער צו מערב ביז ער איז צוגעקומען צו דיא געגענדען, וועלכע האָבען זיך געפונען אונטער דער אויבערהערשאַפט פון דיא אינקאַס. צוריק איז ער אָבער ניט געקומען פון דאָרטען. עס איז יעדענפאַלס זיכער, אַז ווען דיא שפּאַניער האָבען דערגרייכט דורך לאַ פּלאַטאַ און פּאַראַנאַ ביז פּאַראַגוואַי אונטער דער קאָמאַנדע פון סעבאַסטיאַן קאַבאָט (זעה דעם ערשטען קאַפּיטעל פון דער געשיכטע פון אַרגענטינע), האָבען שוין דיא אינדיאַנער דאָרטען געהערט פון ווייסע מענשען און פון פייערשיסענדע געוועהר. דאָס האָט נור געקענט פּאַסירען דורך זייער צוזאַמענטרעף מיט דיא אַוואַנטוריסטען, וועלכע זיינען פערקראָכען אַהין פון דיא בראַזיליאַנער האַפענס.

ווען דיא פּאָרטוגעזישע רעגיערונג האָט דערהערט פון דער שפּאַנישער עקספּעדיציע אין לאַ פּלאַטאַ, האָט זיא בעשלאָסען ניט נור צו קאָלאָניזירען דיא שוין־ענטדעקטע געגענדען אין בראַזיליען, זאָנדערן אויך צו פערנעהמען געגענדען ווייטער צום זיד און צו גרינדען אַ קאָלאָניע ביי דיא ברעגען פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ, אום דערמיט צו פערשטאַרקען איהרע פּרעטענזיעס דאָרטען אויף דעם גרונד פון דעם טאָרדעסילאַס אָבמאַך (זעה דיא געשיכטע פון אַרגענטינע). זיא האָט אָנגענומען דעם פּלאַן, וואָס איז שוין פריהער אויספּרובירט געוואָרען מיט ערפאָלג אויף דיא אינזלען מאַדעיראַ און אַזאָרעס, נעמליך צו שענקען גרויסע שטיקער לאַנד צו אַדעליגע מיט דער בעדינגונג, אַז זיי זאָלען דאָרטען עטאַבלירען קאָלאָניעס אויף זייער אייגענער רעכנונג. דאָס איז געווען אַ מין פעאָדאַלע סיסטעם.

דיא רעגיערונג האָט דערביי גאָר ניט ריזיקירט צו פערלירען. זיא האָט

זיך אויך ניט געמישט אין דיא אינערליכע אנגעלעגענהייטען פון דיא קאלאניעס וואס האבען זיך געפונען אונטער דער אונבעגרענצטער מאכט פון זייערע אדעליגע אייגענטהימער, וועלכע האבען געטראגען דעם נאמען גענעראל־קאפיטאנען. יעדערער פון זיי האט געקראגען א טראקט לאנד פופציג ליג (דאס איז אן אלטע אויראפעאישע מאס, אונגעפעהר 3 ענגלישע מייל לאנג) ביי דיא ברעגען פון ים. וועגען דעם הינטערלאנד האט מען זיך גאר ניט געקימערט. מען האט אפילו ניט געוואוסט וויא ווייט דיא געגענדען ציהען זיך פון דיא אטלאנטישע ברעגען צו מערב. דאס איז געווען נאך פאר דיא ענטדעקונג פון פערו. עס איז אין יענע צייטען בכלל ניט געווען זעהר וויכטיג, וויא פיעל לאנד איינער האט פערצייכענט אויף'ן פאפיער אין דער נייער וועלט. דאס וויכטיגסטע איז געווען צו נעהמען פאסעסיע פון א געוויסער געגענד, וואס עס האט נאטירליך נור געקענט אויסגעפיהרט ווערען דורך דיא עטאבלירונג פון קאלאניעס.

דער ערשטער פון אזעלכע גענעראל־קאפיטאנען איז געווען א רייכער אדעלמאן און בעוואוסטער ים־פאהרער, דאן מארטים אפאנזא דע סוזא, וועלכער איז אבגעפאהרען אין 1531 מיט א 400 מאן אויף 5 שיפען צו עטאבלירען א קאלאניע אין א פאסענדען ארט. ער האט אויך געקראגען א בעפעהל פון קעניג צו פעריאגען דיא פראנצויזען און אלע פרעמדע, וועלכע ער וועט נור געפינען ביי דיא בראזיליאנער ברעגען. ווען ער איז צוגעקומען צו א האפען ניט ווייט פון דער היינטיגער שטאדט פערנאמבוקא, האט ער געפאנגען דריי פראנצויזישע שיפען, וועלכע זיינען געווען אנגעלאדען מיט בראזיל־האלץ. צוויי פון זיינע שיפען האט ער געשיקט אויסצופארשען דיא ברעגען צום נארד פון קאפ סענט ראק (דאס איז דער ווייטעסטער פונקט פון זיד־אמעריקא אין מזרח־זייט), און אליין איז ער אבגעפאהרען מיט דיא איבריגע שיפען ארונטער צום זיד מיט דער אבזיכט צו גרינדען א קאלאניע ערגעץ ביי דיא ברעגען פון ריא דע לא פלאטא. נור ווען ער איז צוגעשוואומען אזוי ווייט צום זיד וויא דיא היינטיגע בראזיליאנער פראווינץ ריא גראנדע דא סול און זיין גרעסטע שיף מיט דיא מייסטע פראוויזיאן איז דארטען אונטערגעגאנגען, האט ער בעשלאסען צו פערקירעווען צוריק צום נארד. לעבען אן אינזעל, וואס ער האט א נאמען געגעבען סאאון ווינסענט לכבוד א קאטוילישען הייליגען, האט ער זיך שליסליך אבגעשטעלט. דארטען איז עס אין יאנואר 1532 געגרינדעט געווארען דיא ערשטע פארטוגעזישע קאלאניע אין בראזיליען. דיזער אינזעל ליעגט ניט ווייט פון סאנטאס, דעם גרויסען קאפע פארט פון דעם שטאאט סאאון פאולא, וואס איז געווארען דער פונדאמענט פון דער הערשאפט פון פארטוגאל איבער כמעט א העלפט פון זיד־אמעריקא.

דער שנעלער ערפאלג פון דיזער קאלאניע האט אויפגעמונטערט אנדערע אדעליגע צו פאלגען דעם ביישפיעל פון דע סוזא. דיא רעגיערונג האט דאן

בעשלאָסען צו צוטהיילען דיא ברעגען פון בראַזיליען אין חלקים צו 50 ליג צווישען אזעלכע אדליגע, וועלכע האָבען זיך פערפליכטעט צו קאָלאָניזירען זייער לאַנד אויף זייער אייגענער רעכנונג. אין 1534 איז אזוי בראַזיליען צו־טהיילט געוואָרען צווישען אַ דוצענד גענעראַל־קאַפּיטאַנען פון דיא ברעגען ביי דער מינדונג פון אמאזאָן טייך ביז צום אינזעל סאנטא קאטארינא, וואו דיא טאָרדעסילאַס ליניע האָט זיך געזאָלט ענדיגען נאָך דיא דאַמאָלסדיגע געאָגראַ־פישע קענטניסע. איינער פון דיזע גענעראַל־קאַפּיטאַנען איז געווען דע סוזא'ס אַ ברודער, וועלכער האָט אויסגעקליבען צוויי בעזונדערע ערטער, וואו ער האָט געגרינדעט צוויי קאָלאָניעס, איינע ניט ווייט פון סאַאון ווינסענט און דיא אנדערע ניט ווייט פון פערנאמבוקאָ, וואָס איז געגרינדעט געוואָרען אין 1535 פון אַ גענעראַל־קאַפּיטאַן מיט'ן נאָמען פערעירא דוארטע קאָעלהאָ.

בלויז פיער פון דיא קאָלאָניעס, וועלכע דיא גענעראַל־קאַפּיטאַנען האָבען עטאַבלירט נאָך פיעל מאטערניסען און אָפּפער, וויא אויך נאָך בלוטיגע צו־זאמענשטויסען מיט אינדיאַנער, ביי דיא ברעגען פון בראַזיליען, האָבען זיך גלייך פעסט איינגעוואָרצעלט און שנעל אַרויסגעלאָזען פון זיך אַ סך צווייגען, דאָס זיינען געווען סאַאון ווינסענט (היינט אַ קליינע שטאָדט פון דער גרויסער פּראָווינץ סאַאון פּאַולאָ), פערנאַמבוקאָ, באהיאַ און ריאָ דע זשאַנעירא. דיא פּאָרטוגעזישע בעזעצונגען האָבען זיך אָנגעפאַנגען צו פערשפּרייטען וויא נור מען האָט אויסגעפונען, אַז בראַזיליען איז אויסגעצייכענט פאַר צוקער־פּלאַנטאַ־ציעס. ספּעציעל זיינען געוואַקסען דיא קאָלאָניעס אין פערנאַמבוקאָ דורך דיא קולטיווירונג פון דיא צוקער־רעהרען, וועלכע איינינע פּאָרטוגעזער האָבען אימ־פּאָרטירט אַהין פון מאַדעירא און קאַפּ ווערדע אינזלען (ליעגען לעבען וועסט אַפריקא) אין 1525. אין 16טען יאָהרהונדערט איז בראַזיליען געוואָרען דאָס צוקער־לאַנד פאַר אייראָפּאַ.

אָבער אין דיא ערטער אַרום פערנאַמבוקאָ האָבען דיא פּאָרטוגעזער אויך געהאַט מעהר שטערונגען און שוויריגקייטען. דיא אינדיאַנער־שטאַמען זיינען דאָרטען געווען אַזוי קריעגעריש וויא ווילד. זיי האָבען מוטהיג געקעמפּפט פאַר זייער ווילדע פרייהייט. דערצו נאָך זיינען זיי אונטערגעהעצט געוואָרען פון פראַנצויזישע אַוואַנטוריסטען און הענדלער, וועלכע האָבען געוואָלט עטאַב־לירען דאָרטען זייערע צוקער־פּלאַנטאַציעס. פערנאַמבוקאָ איז געלעגען אויף דעם וועג פון דיא שיפען פון אַלע אייראָפּעאישע האַנדעלס־נאַציאָנען נאָך זיד־אַמעריקאַ. דער געוועהנליכער וועג פאַר דיא זעגעל־שיפען פון אייראָפּאַ נאָך זיד־אַמעריקאַ איז געווען צוערשט אַרונטער צום זיד ביז דיא אינזלען מאַדעיראַ, אַזאָרעס און קאַפּ ווערדע און פון דאָרטען איבער דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן ביז צו דיא נעהענטסטע ברעגען פון בראַזיליען, נעמליך: פערנאַמבוקאָ. פראַנצוי־זישע קאַפּיטאַנען, הענדלער און בכלל פּיראַטען האָבען געוואָלט צושטערען דיא

פּאָרטוגעזישע בעזעצונגען דאָרטען מיט דער הילפע פון אייניגע אינדיאַנער־שטאַמען, אָבער שליסליך האָבען זיי גאָר ניט געוואונען דורך דעם, ווייל זיי זיינען ניט געשטיצט געווען פון זייער רעגיערונג, ווערענד דיא פּאָרטוגעזישע גענעראַל־קאַפּיטאַנען האָבען ניט נור געהאַט מעהר מיטעל און קרעפטע, זאָנ־דערן זיינען אויך געשטיצט געווען פון זייער קעניג.

דיא צוקער־פּלאַנטאַציעס אין פּערנאַמבוקאָ און אין באַהיאַ זיינען זעהר שנעל פערמעהרט געוואָרען, ווען מען האָט אָנגעפאַנגען צו ברענגען שקלאַווען פון אפריקאַ. דער פּראַכטפאָלער פּאָרט פון באַהיאַ איז געוואָרען דער גרעסטער צענטער פאַר דעם שקלאַווען־האַנדעל אין דער נייער וועלט. דאָס איז געווען דער נעהענטסטער און זיכערסטער פּאָרט פאַר דיא שקלאַווען־שיפען, וועלכע פלעגען ברענגען דיא אונגליקליכע נעגער פון סענעגאַל, גווינעאַ און בכלל וועסט־אפריקאַ. פון דאָרטען פלעגט מען דיא שקלאַווען פונאַנדערשיקען אין אַנדערע קאָלאָניעס.

דיא בראַזיליאַנער אינדיאַנער האָבען ניט געטויגט צו שווערע און בע־זאָנדערס צו שטענדיגע ארבייט אויף די פּלאַנטאַציעס, אַזוי וויא עס האָבען ניט געטויגט דיא אינדיאַנער פון דיא אַנדערע טהיילען פון דער נייער וועלט, מיט אויסנאַהמע נור פון דיא האַלב־ציוויליזירטע שטאַמען אין פּערו און אין מעק־סיקאָ. וויא פיעל אינדיאַנער עס האָבען זיך געפונען אין דיא געגענדען, וועלכע געהערען היינט צו דער בראַזיליאַנער רעפּובליק, דאָס קען מען ניט וויסען בע־שטימט. מייסטענס האָבען זיי זיך ארומגעשלעפּט אין ערטער ניט ווייט פון דיא ברעגען פון ים. זיי האָבען זיך אַלע געפונען אויף אַ זעהר נידריגער קולטור־שטופע. אייניגע פון דיזע שטאַמען, וויא דיא באָטאַקודאָס, האָבען געהערט צו די ווילדעסטע מענשען אויף דער ערד. זיי שלעפען זיך נאָך עד היום ארום מוטער־נאַקעטע אין דיא סילוואַסען (דיא וועלדער־געגענדען) פון אַמאַזאָן אַזוי וויא ווילדע חיות. מאַנכע שטאַמען זיינען געווען מענשען־פרעסענדע. אין דיא פערוואָרפענסטע ווינקעלעך פון בראַזיליען, וואָס זיינען נאָך ניט בעטראָטען געוואָרען פון ווייסע, געפינען זיך אויך היינט קאַניבאַלען.

דיא פּאָרטגעשריטענסטע אינדיאַנער אין בראַזיליען זיינען געווען דיא אַראַוואַקס, טופּיס און גואַראַניס. זיי האָבען שוין געלעבט אין ארומגעצאַמטע פלעצער, וויא אויף דער ביילעגענדער צייכנונג, און האָבען קולטיווירט פעלדער, געשפּונען בוימוואָל און געטראָגען קליידער (ריכטיגער גערעדט, ניט ארומגע־גאַנגען מוטער־נאַקעט וויא פיעלע אַנדערע שטאַמען). דיא זידליכע טהיילען פון בראַזיליען, וויא אויך פּאַראַגוואַי, אַ טהייל פון אורוגוואַי און אַ טהייל פון באָליוויאַ זיינען געווען מייסטענס בעזעצט פון דיא טופּי־גואַראַני שטאַמען, וועלכע זיינען מייסטענס אויך געווען פריעדליכע. וויא פריעדליך און אונטער־טעניג דיא גואַראַניס זיינען געווען, ווייסען מיר שוין פון דער געשיכטע פון

פאראגוואי. דיא שפּראך פון דיא גואראנים איז אנגענומען געווען אין דיא צענטראלע טהיילען פון זיד־אמעריקא און איז נאך היינט פערשפּרייט אין פּא־ראגוואי און אין געגענדען ארום.

נור צו דער ארבייט אויף פּלאנטאציעס האבען דיא אקערבויער פון דיא טופּי און גואראני שטאמען ניט געטויגט, אבוואהל זיי האבען אויסגעזעהן זעהר געזונד און קרעפטיג. דיא פּארטוגעזער, דיא שפּאניער און אנדערע אייראָ־פּעער האבען ניט געקענט פערשטעהן, ווארום אפילו דיא קרעפטיגסטע אינדיא־נער פלעגען ניט אויסהאלטען אנשטרענגונגען ביי דער ארבייט וויא א געוועהנליכער אייראָפּעער. ווען דיא פּארטוגעזער האבען גענומען טרייבען צו דער ארבייט און צו פערשקלאווען דיא אינדיאנער, אבוואהל נאך דיא גע־



א דארף פון טופּי־אינדיאנער

שריבענע געזעצע פון פּארטוגאל איז עס פון אנפאנג אן פערבאטען געוואָרען, האבען אייניגע שטאמען זיך געוועהרט, אנדערע זיינען זיך צולאָפען אין דיא וועלדער און דריטע האבען זיך אונטערגעגעבען און געגאנגען אזוי לאנג אין יאך, וויא לאנג זייערע כחות האבען עס אויסגעהאלטען.

דיא צאהל פון אינדיאנער איז יעדענפאלס אלץ קלענער געוואָרען אין דיא ערטער לעבען דיא ברעגען פון ים. דיא פּארטוגעזער האבען דארום פון איין זייט געבראכט אלץ מעהר נעגער פון וועסט־אפריקא און פון דער אנדער זייט זיך געיאגט אלץ ווייטער און טיעפער אין דיא ווייטעסטע געגענדען פון זיד־אמעריקא נאך אינדיאנער, וועלכע זיינען פערקראָכען אלץ ווייטער אין דיא וועל־דער פון אמאזאן טהאל, וואו עס איז עד היום זיי שווער צו געפינען. נאך

דער פאָלקס־צעהלונג אין 1890 האָבען זיך אין גאַנץ בראזיליען געפונען 1,295,796 אינדיאַנער, ניט רעכענענדיג אַזעלכע, וועלכע שלעפּען זיך ארום אין די סילוואַסען מוטער־נאַקעטע און וועלכע מען האָט נאָך אַלץ קיין מעגליכ־קייט ניט צו צעהלען. היסטאָרישע פאָרשער נעהמען אָן, אַז צו דער צייט פון די ערשטע פּאָרטוגעזישע קאָלאָניעס האָבען זיך אין בראזיליען ניט געפונען מעהר אינדיאַנער וויא היינט.

צווישען די פּאָרטוגעזער, נעגער און אינדיאַנער זיינען פאָרגעקומען די גאַנצע צייט בלוט־מישונגען. ביז די לעצטע פּאָאָר צעהנדליג יאָהר פון 19טען יאָהרהונדערט זיינען די איינוואַנדערער אין בראזיליען געווען כמעט אויס־שליסליך פּאָרטוגעזער. היינט וואַנדערען אַהין מייסטענס איטאַליענער און אויך אַ סך דייטשען, ספּעציעל אין די זידליכע פּראָווינצען, וואו די קלימאַ־טישע בעדינגונגען זיינען זעהר גינסטיג פאַר אַלע אייראָפּעער. די פּאָרטוגע־זער, וויא די שפּאַניער און בכלל די לאַטייניש אָדער ראָמאַנישע פעלקער, האָבען קיין מאָל ניט געהאַט אַזאַ אַנטיפּאַטיע צו בלוט־מישונגען מיט נעגער און אינדיאַנער, בכלל מיט ניט־ווייסע מענשען, וויא די ענגלענדער און טהייל־וויז אויך די דייטשען. אין בראזיליען איז קיין מאָל ניט איינגעפיהרט געוואָרען אַזאַ אָבשיידונג פון שווארצע און ווייסע, אַזאַ "קאָלאָר לאַין (פארב־ליניע)", וויא אין יונייטעד סטייטס און איבערהויפּט אין ענגליש־שפּרעכענדע לענדער. די בעפעלקערונג פון בראזיליען איז אַ בעזאָנדערס געמישטע. מען קען ניט זאָגען, אַז ווייסע, עכטע ווייסע, האַלטען זיך גאָר ניט פאַר יחסנים אויך דאָרטען. מעסטיזאָס רעכענען זיך איבערהויפּט אריין צווישען ווייסע. אָבער אין פּאָליטישען לעבען און אפילו אין פאַמיליען־אַנגעלעגענהייטען שפּיעלען די הויט־פאַרבען אַן אונבעדייטענדע ראָלע אין דער בראזיליאַנער רעפּובליק.

די שווארצע און בכלל די פאַרביגע בילדען עד היום די מעהרהייט אין די נאָרדליכע שטאַאַטען פון בראזיליען. וואָס נעהענטער צום אַמאַזאָן טייך, וואָס פאַלט אריין אין אַטלאַנטישען אָקעאַן ניט ווייט פון עקוואַטאָר, אַלץ מעהר אינדיאַנער און נעגער און בכלל פאַרביגע געפינען זיך דאָרטען. וואָס ווייטער צום זיד פון עקוואַטאָר און נעהענטער צו די לאַ פּלאַטאַ געגענדען, אַלץ גרעסער ווערען די צאָהלען פון די ווייסע דורך איינוואַנדערונג פון אייראָפּאַ. אין דער אַלטער פּראָווינץ סאַאָן פּאַולאָ, וואו דער ערשטער גענע־ראַל־קאַפּיטאַן דע סוזאַ האָט געגרינדעט די ערשטע גרויסע קאָלאָניע סאַאָן ווינסענט, איז די צאָהל פון פּאָרטוגעזישע קאָלאָניסטען בעזאָנדערס שנעל גע־וואַקסען. דיזע ערטער זיינען געווען און בלייבען די בעסטע פאַר אייראָפּעער טראָץ דעם וואָס זיי ליעגען אין די טראָפּיקס. אויף די בערג, וועלכע הייבען זיך אָן דאָרטען נאָהענט ביי די ברעגען פון ים און ציהען זיך ווייט אין מערב ביז פּאַראַגוואַי, איז עס אפילו אין די זומער־מאָנאַטען ניט זעהר הייס. אַזאַ

ריעזיגע טעריטאָריע, וויא דיא בראַזיליאַנער רעפּובליק פערנעהמט (זיא איז דאָך גרעסער אין שטח פאַר יונייטעד סטייטס אָהן אַלאַסקאַ), מוז האָבען פערשיעדענע קלימאַטען, אָבוואָהל זיא ליעגט כמעט אין גאַנצען צווישען דיא טראָפּיקס. דער אונטערשיעד אין קלימאַט קומט פון דער הויכקייט פון דיא געגענדען. אויף העכערע פּלאַטאָס איז עס קאַלט אפילו אונטער דעם סאַמע עקוואַטאָר. אין דעם ריזיגען טהאָל פון אַמאַזאָן מיט זיינע הונדערטע צופלוסען קענען טאַקע ווייסע ניט עקזיסטירען. אין דעם שטאַאט אַמאַזאָנאַס, וואָס פערנעהמט אונגעפעהר אַ פערטעל פון גאַנץ בראַזיליען, געפינען זיך היינט אַרום אַ פערטעל מיליאָן נפשות (און דאָס כמעט אויסשליסליך אינדיאַנער). וועהרענד למשל, אין דעם שטאַאט סעאַראַ, וואָס ליעגט ניט ווייטער צום זיד פון עקוואַטאָר לעבען שטאַאט אַמאַזאָנאַס און וואָס פערנעהמט אַרום 40 טויזענד סקווער מייל (דאָס איז אונגעפעהר 19 מאָל וועניגער פאַר אַמאַזאָנאַס), איז דיא בעפעלקערונג נאָהענט פון 900 טויזענד נור דעריבער, ווייל עס ציהען זיך דאָרטען צימליך הויכע בערג־געגענדען.

פון דיא פּלאַטאָס אָדער האָכלענדער פון סאַאון פּאַולאָ האָבען זיך דיא פּאָרטוגעזער אַלץ ווייטער גערוקט אין מיטען לאַנד און האָבען דערגרייכט ביז צו דיא אַנדעסען־בערג אין מערב־זייט אין זייערע עקספּעדיציעס צו פאַנגען אינדיאַנער־שקלאַווען. זיי האָבען אַזוי פערשפּרייט דיא הערשאַפט פון פּאָרטוגאַל אַלץ ווייטער אין זיד־אַמעריקאַ. אויף זייערע האָכלענדער האָבען דיזע קאָלאָניסטען זיך געפיהרט אַזוי וויא זיי האָבען עס אַליין געוואָלט. זייער פערקעהר מיט זייער מוטערלאַנד איז געווען אַ זעהר קליינער פון אָנפאַנג אָן. ביסלעכווייז איז דאָרטען אויפגעקומען אַ גאַנץ אַנדער טיפּ פון אַ פּאָרטוגעזער וויא אין פּאָרטוגאַל גופא. זיי האָבען געקראָגען דעם נאָמען פּאַוליסטאַס און זיי האָבען געשפּיעלט און, מען מעג זאָגען, זיי שפּיעלען אויך היינט דיא גרעסטע ראָלע אין בראַזיליען.

אין אַלגעמיינען האָבען זיך דיא פּאָרטוגעזישע קאָלאָניעס אין דער נייער וועלט אונטערשיידעט פון דיא שפּאַנישע דערמיט, וואָס זיי זיינען געווען פון אָנפאַנג אָן אַגריקולטורעלע און קאָמערציעלע. אפילו דיא אַדעליגע שווערדהעלדען, וועלכע זיינען אַריבערגעקומען אין בראַזיליען אַלס בעגלייטער פון דיא גענעראַל־קאַפּיטאַנען, האָבען זיך אַ נעהם געטהאָן צו צוקער־פּלאַנטאַציעס און בכלל צום האַנדעל מיט דיא פּראָדוקטען פון דיא טראָפּישע געגענדען. דאָס האָט זיי פערשאַפט אין אַ קורצער צייט מעהר רייכטהום, וויא דיא גאָלד און זילבער מינען, וועלכע דיא שפּאַניער האָבען געפונען אין דער אינקאַ־אימפּעריע. דאָס האָט אויך געפיהרט צו אַ פערמעהרונג פון אמת'ע קאָלאָניסטען, פּשוט'ע אַקערבויער, וועלכע האָבען אַלץ מעהר אויסגעוואַנדערט פון פּאָרטוגאַל.

אין דערזעלבער צייט, ווען דיא פּאָרטוגעזישע רעגיערונג האָט געשיקט

קאָלאָניסטען, וויא אויך פרויען, מייסטענס יתומות, נאָך בראזיליען, זיינען אָנ־געקומען יעזואיטען צו פערשפרייטען דיא קריסטליכע רעליגיאָן צווישען דיא איינגעבאָרענע. דער קעניג יאָהאַן דער דריטער האָט זעהר שטארק געשטיצט דעם יעזואיטישען אָרדען, וועלכער האָט דאַן געהאט דיא בעסטע, דיא פעהיג־סטע און אויך, מעג מען זאָגען, דיא אָפּפער־וויליגסטע מיסיאָנערען. אין 1549, ווען דיא פּאָרטוגעזישע רעגיערונג האָט אויסגעפונען, אַז דיא סיסטעם פון גע־נעראַל־קאפּיטאנסטוועס טויג שוין ווייטער ניט, און האָט געשיקט איינעם פון דער גרויסער אדעליגער פאמיליע סוזא אַלס גענעראַל־גובערנאטאָר מיט 6 שיפען, אויף וועלכע עס האָבען זיך געפונען ארום א טויזענד פערזאָנען, זיינען אויך אָנגעקומען עטליכע יעזואיטען אונטער דער קאָמאַנדע פון זייער עלטסטען מיט'ן נאָמען נאָברעגאַ, וועלכער האָט געגרינדעט דיא ערשטע מיסיאָן אין בראַ־זיליען. שנעל האָבען זיך אויך צושפּרייט דיא יעזואיטישע מיסיאָנערען איבער דיא אינלענדישע געגענדען דאָרטען. זיי האָבען געארבייט אונערמידליך צו בעקעהרען דיא אינדיאַנער צום קריסטענטהום און צו גרינדען ניט נור קירכען און שולען אויך פאַר דיא ווייסע קאָלאָניסטען און מעסטיזאָס, זאָנדערן צוזאַ־מענצוקלייבען וואָס מעהר אינדיאַנער אקערבויער אין דיא דערפער, גענאַנט מיסיאָנען, אונטער זייער השגחה.

דורך דעם זיינען דיא יעזואיטען אין א גאַנץ קורצער צייט געקומען אין קאָנפליקט מיט דיא פּאָרטוגעזישע קאָלאָניסטען, ספּעציעל מיט דיא ענערגישע פּאַוליסטאַס, וועלכע האָבען זיך געגוויטיגט אין אינדיאַנער שקלאַווען, וויא דאָס איז שוין געשילדערט אין דער בעשרייבונג פון דער בעריהמטער יעזואיטישער רעפּובליק אין פּאַראַגוואַי (זעה דיא געשיכטע פון דיזער רעפּובליק) און וויא דאָס וועט אויך איבערגעגעבען ווערען אין א ווייטערען קאַפּיטעל.



## צווייטער קאַפּיטעל.

# דער קאַמפּף מיט פראַנצויזען און האָלענדער

אונגעפעהר הונדערט יאָהר, פון דער צווייטער העלפט פון 16טען ביז צו ענדע פון דער ערשטער העלפט פון 17טען יאָהרהונדערט, האָבען דיא פּאָרטוגעזער געהאַט צו פיהרען אין בראַזיליען אַ קאַמפּף ניט נור מיט אינדיאַנער, זאָנדערן אויך מיט פראַנצויזען און האָלענדער. מיר ווייסען שוין פון פאָריגען קאַפּיטעל, אַז פראַנצויזישע שיפּס־קאַפּיטאַנען און הענדלער האָבען אָנגעפאַנגען צו פיהרען אַ האַנדעל מיט בראַזיל־האָלץ, וויא נור עס איז בעקאַנט געוואָרען, אַז מען קען דאָס לייכט בעקומען אין בראַזיליען. זיי איז אָבער אָלץ ניט געלונגען צו עטאַבלירען דאָרטען אַ פעסטע און שטענדיגע קאָלאָניע, ווייל זיי זיינען גאָר ניט געשטיצט געוועזען פון זייער רעגיערונג אָדער אפילו פון אַ גרויסער פראַנצויזישער האַנדעלס־קאָמפּאַניע.

נור אַרום דעם מיטען פון 16טען יאָהרהונדערט, ווען דער רעליגיעזער קאַמפּף צווישען דיא קאַטאָליקען און פּראָטעסטאַנטען, דיא בעריהמטע הוגענאָטען, אין פראַנקרייך איז אַלץ ביטערער און ווילדער געוואָרען, האָט אַדמיראַל קאָליני, איינער פון דיא גרעסטע פיהרער פון דיא הוגענאָטען, אָנגענומען דעם פּלאַן פון אַ פראַנצויזישען קאַפּיטאַן און אַוואַנטוריסט מיט'ן נאָמען ניקאָלאַס דע ווילגאַניאָן, וועלכער האָט אין זיינע רייזען אויך בעזוכט בראַזיליען, צו גרינדען אַ קאָלאָניע פון הוגענאָטען אין זיד־אַמעריקאַ. דיא פערפאָלגטע הוגענאָטען האָבען איבערהויפּט געזוכט אַ מקום מנוחה אין דער נייער וועלט, און זייער פיהרער, בעזאָנדערס אַדמיראַל קאָליני, האָבען געמאַכט עטליכע פּראָבעס צו גרינדען קאָלאָניעס פאַר זייערע גלויבענס־גענאָסען. נאָך דער שרעקליכער נאַכט פון הייליגען באַרטהאָלאָמעע (דעם 23טען אויגוסט 1572), ווען טויזענדע הוגענאָטען זיינען אויסגעשלאַכטעט געוואָרען פון קאַטאָליקען, צווישען דיזע אָפּפער פון רעליגיעזען פאַנאַטיזם אויך אַדמיראַל קאָליני, האָבען דיא לעבעדיגגעבליבענע געגומעזי אויסוואַנדערען נאָך פערשיעדענע לענדער.

אין 1558 איז ווילגאַניאָן אַריינגעשוואומען אין דעם פראַכטפאָלען פּאָרט פון ריאָ דע זשאַנעיראָ, וואו ער האָט בעשלאָסען צו לאַנדען דיא פּראָטעסטאַנ־

טישע קאָלאָניסטען, וועלכע ער האָט מיטגעבראַכט. אַזוי וויא ער אַליין איז ניט געווען אַ הוגענאָט און ער האָט אויך אָנגעפאַנגען צו פיהרען זיך טיראַניש, האָט עס אין אַ קורצער צייט געפיהרט דערצו, אַז איינינע פון דיא קאָלאָניסטען האָבען זיך צוריקגעקעהרט נאָך פראַנקרייך און אַז ער אַליין האָט זיך אויך גע־מוזט צוריקקעהרען. דיא פראַנצויזישע קאָלאָניע אין ריאָ דע זשאַנעירא איז אַזוי גלייך פון אָנפאַנג אָבגעשוואַכט געוואָרען. ווען קאַפּיטאַן ווילגאַניאָן וואָלט זיך בעסער פערטראָגען מיט דיא הוגענאָטען, קען זיין, אַז ריאָ דע זשאַנעיראָ וואָלט געוואָרען דער צענטער פון דיא פראַנצויזישע און אויך פון אַנדערע פער־פאָלגטע פּראָטעסטאַנטען. ניט ווייניגער פון צעהן טויזענד הוגענאָטען האָבען זיך שוין געקליבען אין וועג נאָך בראַזיליען צו בעזעצען זיך לעבען דיא ערשטע קאָלאָניע אין ריאָ דע זשאַנעיראָ איידער עס זיינען אָנגעקומען בעריכטען וועגען דיא טיראַנישע האַנדלונגען פון קאַפּיטאַן ווילגאַניאָן. זיי האָבען דאַן בעשלאָ־סען צו זוכען אַנדערע ערטער. ווען אַזוי פיעל הוגענאָטען וואָלטען זיך בעזעצט אין דער געגענד פון ריאָ דע זשאַנעיראָ, וואָלט שוין וואַהרשיינליך אַ גרויסער טהייל פון זיד־אַמעריקאַ געבליבען אין פראַנצויזישע הענד. דיא געשיכטע פון בראַזיליען וואָלט יעדענפאַלס אַנדערש געשריעבען געוואָרען וויא היינט.

דיא פּאָרטוגעזישע רעגיערונג האָט גלייך בעשלאָסען צו פערטריבען דיא פראַנצויזען פון ריאָ דע זשאַנעיראָ. אַלס גובערנאַטאָר צו פערשטאַרקען דיא פּאָרטוגעזישע קאָלאָניעס און צו פיהרען אַ קאַמפּף מיט דיא פראַנצויזען איז געשיקט געוואָרען אַ הויכער אַדעלמאַן און פעהיגער קאָמאַנדיר מיט'ן נאָמען מעם דאַ סאַ. ווען ער איז אָנגעקומען מיט אַ שטאַרקער עקספּעדיציע, האָט ער באַלד אויסגעפונען, אַז דיא צאָהל פון פראַנצויזען איז געווען אַ גאַנץ קליינע, נור זיי זיינען זעהר שטאַרק געשטיצט געווען פון דיא אינדיאַנער. אין אַ בע־ריכט צום קעניגליכען הויף אין ליסבאָן האָט דיזער גובערנאַטאָר געשריעבען: "דיא פראַנצויזען בעהאַנדלען ניט דיא איינגעבאָרענע אַזוי ווי מיר טהוען עס. זיי זיינען זעהר ליבעראַל און פריינדליך צו דיא אינדיאַנער און האַנדלען גערעכט. זיי זיינען דאַרום בעליעבט פון דיא אינדיאַנער. אַזוי וויא דיא איינגעבאָרענע זיינען צאָהלרייך און זיינען אויסגעלערענט געוואָרען פון דיא פראַנצויזען צו געברויכען אייראָפּעאישע געוועהר, דאַרום קענען דיא פראַנצויזען ווערען זעהר שטאַרק און געפעהרליך פאַר אונז אין אַ קורצער צייט".

דיא פריינדשאַפט פון דיא אינדיאַנער האָט אָבער שליסליך אַזוי ווייניג געהאָלפען דיא הייפּעלעך פראַנצויזען געגען דיא פּאָרטוגעזער אין זיד־אַמעריקאַ, וויא געגען דיא ענגלענדער (אייגענטליך ניי־ענגלענדער) אין נאָרד־אַמעריקאַ. אָבער עס איז אַ מערקווירדיגער פאַקט, אַז דיא פראַנצויזען האָבען מעהר פון אַלע אַנדערע אייראָפּעער געקענט געווינען דעם צוטרויען און דיא פריינדשאַפט פון דיא אינדיאַנער. עס האָט גענומען אַ יאָהר צעהן ביז מעם דאַ סאַ האָט צור־

שטערט דיא פעסטונגען פון דיא פראַנצויזען און האָט עטאַבלירט אַ פּאָרטוגעזישע קאָלאָניע אין ריאָ דע זשאַנעיראָ. אַזוי וויא דיא פראַנצויזישע רעגיערונג האָט זיך גאָר ניט געקימערט וועגען אַ קאָלאָניע פון הוגענאָטען, האָבען דיא פּאָרטוגעזער זיך געקענט פערשפּרייטען אַלץ ווייטער אויך אין דיזען טהייל פון בראַזיליען. ריאָ דע זשאַנעיראָ איז שנעל געוואָרען דער וויכטיגסטער פּאָרט פון זידליכע בראַזיליען און נאַכהער דיא הויפּט־שטאָדט פון גאַנץ בראַזיליען.

אין 1583 האָבען דיא פּאָרטוגעזער ווידער געהאַט צו פיהרען אַ קאַמפּף מיט פראַנצויזען, וועלכע האָבען עטאַבלירט אַ האַנדעלס־פּונקט מיט אינדיאַנער אין דעם פּאָרט פּאַראַהיבאַ צום נאָרד פון פּערנאַמבוקאָ, וואו עס האָבען זיך שוין דאַן געפונען אַ 25 טויזענד איינוואָהנער אויף דיא צוקער־פּלאַנטאַציעס פון דיא פּאָרטוגעזער. פּאַראַהיבאַ איז יעצט דיא הויפּט־שטאָדט פון אַ בראַזיליאַנער שטאַאַט מיט דיזען נאָמען, וואו עס לעבען אַ האַלב מיליאָן נפשות, מייסטענס שוואַרצע. אין דיזען אָרט האָבען דיא פראַנצויזישע הענדלער אויך געוואונען אויף זייער זייט דיא אינדיאַנער, זאָ דאָס זיי האָבען געקענט זיך וועהרען אפילו געגען דעם בעריהמטען פּאָרטוגעזישען קאָמאַנדיר אַלבוקערק. נור דעם שווערסטען קאַמפּף מיט פראַנצויזישע קאָלאָניסטען האָבען דיא פּאָרטוגעזער געהאַט צו פיהרען אין דער געגענד פון יעצטיגען שטאַאַט מאַראַנהאַאָ. אין 1612 האָט אַן אַדעליגער הוגענאָט מיט׳ן נאָמען דאַניעל דע לאַ ריוואַרדיער געלאַנדעט מיט אַ גרויסער צאָהל קאָלאָניסטען און אַוואַנטוריסטען אויף דעם אינזעל מאַראַנהאַאָ, וואו זיי האָבען שנעל אויפגעבויט אַ פעסטונג. ווען דיא פּאָרטוגעזער אין פּערנאַמבוקאָ האָבען זיך דערוואוסט דערפון, האָבען זיי באַלד געשיקט אַ מחנה אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל אַלבוקערק צו פעריאָגען דיא פראַנצויזען. דאָס איז זיי געלונגען ערשט אין פיער יאָהר אַרום, ווען דיא פראַנצויזען, וועלכע האָבען שטאַרק געליטען פון דעם צו הייסען קלימאַט (מאַראַנהאַאָ ליעגט גאַנץ נאָהענט פון עקוואַטאָר) און וועלכע זיינען אָבגעשניטען געוואָרען דורך דיא פּאָרטוגעזישע קרעאָלען פון פערבינדונגען מיט זייערע אינדיאַנער פריינד, האָבען זיך געמוזט אונטערגעבען מיט דער בעדינגונג, אַז מען זאָל זיי געבען דיא מעגליכקייט צו פאָהרען צוריק אַהיים, וואָס עס איז אויסגעפיהרט געוואָרען.

אַזוי איז פון אַלע אָנשטרענגונגען און פערזוכען פון דיא פראַנצויזען צו גרינדען קאָלאָניעס אין בראַזיליען גאָר נישט געוואָרען, און דיא פּאָרטוגעזער האָבען זיך צושפּרייט אַלץ ווייטער צום נאָרד פון פּערנאַמבוקאָ ביז צו דער מינדונג פון אַמאַזאָן טייך. נאָך זייער דורכפאַל אין מאַראַנהאַאָ האָבען דיא פראַנצויזען שוין מעהר ניט פּרובירט צו שיקען עקספּעדיציעס נאָך דיא געגענדען פון זיד־אַמעריקאַ, וועלכע דיא פּאָרטוגעזער האָבען ערקלערט פאַר זייערע אויף דעם גרונד פון קאַבראַל׳ס ענטדעקונג און פון דעם טאָרדעסילאַס אָבמאַך. דיא

פראַנצויזישע רעגיערונג האָט דאַן איבריגענס געהאַט גענוג שוועריגקייטען צו קאָלאָניזירען ריזיגע געגענדען אין נאָרד־אַמעריקאַ, וועלכע זיא האָט ערקלערט פאַר איהרע אויף דעם גרונד פון זשאַק קאַרטיע׳ס ענטדעקונג (זעה דיא געשיכטע פון קענעדע).

נור נאָך דיא פראַנצויזען זיינען געקומען דיא האָלענדער, וועלכע האָבען זיך צו ענדע פון 16טען יאָהרהונדערט אַ לאָז געטהאָן צו פערכאַפּען קאָלאָניעס און צו פאַנגען שיפען ביי דיא שפּאַניער און פּאָרטוגעזער. דער גרויסער ער־פאָלג פון דער האָלענדישער אָסט־אינדישער קאָמפּאַניע, וועלכע האָט אין פער־לויף פון עטליכע יאָהר פערכאַפּט דיא בעסטע טהיילען פון דיא פּאָרטוגעזישע פּאָסעסיעס אין זיד־אָסט פון אַזיען, האָט געטריבען צו דער גרינדונג פון אַן עהנליכער קאָמפּאַניע פאַר דעם האַנדעל מיט וועסט־אינדיען. דאָס איז געוואָרען אַ ריזיגע און מעכטיגע קאָמפּאַניע, וועלכע האָט בעזעסען איבער 800 שיפען און וועלכע איז אין שטאַנד געוועזען צו שיקען בלויז נאָך בראַזיליען איבער 70,000 סאָלדאַטען. זיא איז געווען אונטערשטיצט און בעשיצט פון דער האָלענדישער רעגיערונג, אָבער זיא איז שטענדיג געווען אַ פּריוואַט־קאָמפּאַניע וואָס אָנבע־לאַנגט האַנדעל און פּראָפיטען.

אין 1624 האָט זיא אַרויסגעשיקט אַ גרויסע פלאָטע מיט אַ סך סאָלדאַטען און געוועהר צו פערכאַפּען דעם זעהר גוטען און וויכטיגען פּאָרט באַהיאַ. דאָס איז איהר לייכט געלונגען. צו דער צייט האָט זיך ניט נור בראַזיליען, זאָנדערן אויך פּאָרטוגאַל געפונען אונטער דער הערשאַפט פון שפּאַנישע קעניגע. אין 1581 איז פיליפּ דער צווייטער, דער אונבעשרענקטער הערשער פון דער גרעס־טער אימפּעריע, אין וועלכער דיא זון איז טאַקע קיינמאָל ניט אונטערגעגאַנגען, וויא ער פלעגט זיך בעריהמען, אויך געוואָרען דער יורש פון דעם טהראָן פון פּאָרטוגאַל, ווען דער פּאָרטוגעזישער קעניג סעבאַסטיאַן איז געפאַלען טויט אין אַ שלאַכט מיט דיא מורען לעבען דיא מאַראָקאַנער שטאָדט אַל־קאַסר אַל־קעביר. דיא פּאָרטוגעזער האָבען זיך אָנפאַנגס ניט געוועהרט געגען דיא נייע קעניגע, אָבער זיי האָבען אָנגעהאַלטען אַלע זייערע נאַציאָנאַלע איינריכטונגען. דאָס איז ניט געווען אַ הערשאַפט פון דעם שפּאַנישען פאָלק איבער דעם פּאָרטוגעזישען פאָלק, נור אַ צוזאַמענפאַארונג פון צוויי מלוכות אונטער דיא זעלבע קעניגע. אין דיא אינערליכע אַנגעלעגענהייטען פון פּאָרטוגאַל און פון איהרע קאָלאָניעס איז אייגענטליך גאָר ניט געענדערט געוואָרען דורך דעם, וואָס דער שפּאַנישער קעניג איז אויך געוועזען דער קעניג פון פּאָרטוגאַל, אָבער אין דיא אויסווערטיגע אַנגעלעגענהייטען האָט דיזע דינאַסטישע ענדערונג, אָבוואָהל זיא האָט געדויערט ניט מעהר פון זעכציג יאָהר, געהאַט זעהר וויכטיגע רע־זולטאַטען, ווייל דיא פּראָטעסטאַנטישע לענדער, וועלכע האָבען דאַן געפיהרט

מלחמות מיט דיא קאַטאָלישע און ספּעציעל מיט שפּאַניען, האָבען אויך אַטאַ־קירט דיא פּאָרטוגעזישע קאָלאָניעס.

אין דיזע מלחמות, ספּעציעל אין דער צייט פון דעם דרייסיג־יעהריגען קריעג (פון 1618 ביז 1648), האָט זיך אַרויסגעוויזען דיא אינערליכע שוואַכ־קייט פון שפּאַניען. דיא ענגלענדער, האָלענדער און פראַנצויזען האָבען איהר דערלאַנגט קלעפּ פון אַלע זייטען. דיא האָלענדער האָבען בעזאָנדערס אַנגע־שטרענגט זייערע קרעפטע צו פערכאַפּען די בראַזיליאַנער געגענדען מיט די רייכע צוקער־פּלאַנטאַציעס. אַזוי וויא דער שפּאַנישער קעניג האָט דאַן געהאַט צו זאָרגען פאַר דיא בעשיצונג פון אַ סך וויכטיגערע פּאָסעסיעס זיינע, וויא בראַ־זיליען, האָבען דיא האָלענדער נור געהאַט צו קעמפּפען דאָרטען מיט דיא פּאָר־טוגעזישע קאָלאָניסטען און קרעאָלען. ווען דער גובערנאַטאָר פון באַהיאַ איז געפאַנגען געוואָרען פון דיא האָלענדער, זיינען זיך פיעלע פון דיא איינוואָהנער צולאָפען אין דיא בערג און וועלדער, וואו זיי האָבען אָנגעפאַנגען צו פיהרען אַ גערילאַ־קריעג (דאָס וואָרט "גערילאַ" איז אַ שפּאַנישעס, וואָס בעדייטעט "קליינער קריעג"). דיא האָלענדער האָבען זיך גלייך בעפעסטיגט אין באַהיאַ אַזוי, אַז זיא איז געוואָרען דיא שטאַרקסטע פעסטונג אין זיד־אַמעריקאַ.

ווען מען האָט זיך דערוואוסט אין ליסבאָן און אין מאַדריד, אַז דיא האָ־לענדער האָבען פערכאַפּט דעם פּאָרט באַהיאַ האָט מען דאָרטען בעשלאָ־סען צוזאַמענצוקלייבען אַזאַ מיליטערישע מאַכט, אַז מען זאָל זיי קענען שנעל פעריאָגען פון אַלע פּונקטען אין בראַזיליען. פון פּאָרטוגאַל איז אַרויסגעשיקט געוואָרען אַן עקספּעדיציע פון 52 שיפען מיט 12 טויזענד גערונגענע סאָל־דאַטען, וועלכע מען האָט צוזאַמענגעשלעפּט פון אַלע אייראָפּעאישע לענדער. דיא האָלענדער האָבען טאַקע קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט וויא אונטערצוגעבען זיך, ווען דיזע שפּאַניש־פּאָרטוגעזישע עקספּעדיציע האָט זיך בעוויזען אין פּאָרט פון באַהיאַ אין 1625. נור דיא האָלענדער האָבען ניט אויפגעגעבען זייער קאַמפּף געגען שפּאַניען, וועלכע האָט דאַן בעהערשט גאַנץ צענטראַל (מעקסיקאָ אַריינגערעכענט) און זיד־אַמעריקאַ. ווען זיי האָבען געמוזט אַבטרעטען פון בראַזיליען און בכלל פון דיא שפּאַנישע און פּאָרטוגעזישע קאָלאָניעס, האָבען זיי זיך אַ נעהם געטהאָן מיט מעהר ענערגיע צו אַטאַקירען שפּאַנישע שיפען און איבערהויפּט צו שטערען דעם האנדעל און פערקעהר פון שפּאַניען מיט איהרע קאָלאָניעס. פּיראַטען, וועלכע האָבען דאַן אויך געקראָגען דיא נעמען בוקאַנירען און פיליבוסטער, האָבען זיך אַזוי פערמעהרט, אַז זיי זיינען געוואָרען אַ געפאַהר פאַר דעם וועלט־האַנדעל בכלל און אַז דיא לענדער, פון וואַנען זיי זיינען מייסטענס געקומען, האָבען געמוזט אָנפאַנגען זיי צו פערפאָלגען און צו פאַנגען. פאַר שפּאַניען זיינען דיזע מוטהיגע ים־רויבער געווען אַ שרעקליכע אַנשיקעניש. דיא ענגלישע, האָלענדישע און פראַנצויזישע פּיראַטען פלעגען

מאנכעסמאָל שטיצען איינע דיא אַנדערע אין זייערע אַטאַקעס אויף שפּאַנישע שיפען און פּאָרטען, ווייל זיי האָבען אַלע גלייך געהאַסט דיא שפּאַנישע רעגיערונג.

פּיעט העין, דער בעריהמטעסטער פון דיא האָלענדישע פּיראַטען אין 17טען יאָהרהונדערט, האָט אין 1627 זיך אַריינגעריסען אין באַהיאַ, ניט אַכטענדיג אויף דיא קאַנאָנען־שיסערייי פון דער פעסטונג ביים אַריינפאָהר אין האַפען, און האָט ניט נור געפאַנגען 26 פּאָרטוגעזישע האַנדעלס־שיפען, מייסטענס געלאָדען מיט צוקער, נור אויך געזונקען איינע פון די פּאָרטוגעזישע קריעגס־שיפען. דעם נעכסטען יאָהר האָט ער ערשטווינט דיא וועלט מיט אַזאַ גבורה, וויא צו פאַנגען אַ שפּאַנישע קריעגס־פלאָטע, וועלכע האָט געפיהרט זילבער פון מעקסיקאָ פאַר דיא שפּאַנישע קרוין. זייט ים־רויבעריי עקזיסטירט אויף דער וועלט — און זיא איז אַזוי אַלט וויא דער האַנדעל אויף'ן ים — איז עס נאָך ניט געלונגען צו רויבען מיט אַמאָל אַזאַ רייכטהום, וויא דיזען פּיראַט.

אין 1630 האָט דיא האָלענדישע וועסט־אינדישע קאָמפּאַניע, וועלכע האָט געקענט צאָהלען זעהר הויכע דיווידענדען דורך פּיראַטעריי, טראָץ איהר דורכפאַל אין באַהיאַ, בעשלאָסען צו מאַכען אַ נייען פערזוך צו עטאַבלירען אַ קאָלאָניע אין בראַזיליען. דיזעס מאָל האָט זיא געשיקט אַ פלאָטע פון 50 שיפען מיט 7000 מאַן איינצונעהמען פערנאַמבוקאָ, וואָס עס איז איהר געלונגען נאָך אַ שווערען קאַמפּף מיט דיא פּאָרטוגעזישע איינוואָהנער, וועלכע האָבען זיך צוריקגעצויגען אין דער אומגעגענד, וואו זיי האָבען זיך פערבונדען מיט דיא פריינדליכע אינדיאַנער און אויך מיט דיא שוואַרצע צו פיהרען אַ גערילאַ־קריעג אין דער ערוואַרטונג אויף פערשטערקונגען פון שפּאַניען און פּאָרטוגאַל. דיא האָלענדער האָבען פערקאַפט אין פערנאַמבוקאָ צוקער און פערשיעדענע פּראָדוקטען, וואָס זיינען ווערטה געוועזען ביז צעהן מיליאָן דאָלאַר.

אַ פּאָאָר יאָהר האָט זיך געצויגען דער קאַמפּף צווישען דיא גערילאַ־באַנדעס און דיא האָלענדער, וועלכע האָבען אַלץ געקראָגען פערשטערקונגען און האָבען זיך אויך געשטיצט אויף דיא אידען, ריכטיגער דיא מאַראַנאָס (אנוסים), וואָס האָבען געבילדעט אַ בעדייטענדען טהייל פון דער בעפעלקערונג אין פערנאַמבוקאָ און אין אייניגע אַנדערע פּאָרטען פון בראַזיליען. דיא מאַראַנאָס האָבען געפונען מעהר זיכערהייט געגען דיא אינקוויזיציע אין דיא קאָלאָניעס. דיא פּאָרטוגעזישע רעגיערונג האָט אַ געוויסע צייט געשיקט יעהרליך צוויי שיפען מיט פערברעכער און אידען צו בעזעצען דיא ניי־געגרינדעטע קאָלאָניעס אין בראַזיליען. אַ סך אידען האָבען זיך יעדענפאַלס בעטהייליגט אין דעם האַנדעל מיט צוקער, וואָס איז געוועזען דאַמאָלס דער וויכטיגסטער פּראָדוקט פון פערנאַמבוקאָ און פון באַהיאַ. עס פערשטעהט זיך, אַז דיזע אידען האָבען סימפּאַטיזירט מיט דיא פּראָטעסטאַנטען און ספּעציעל מיט דיא האָלענדער, וועלכע זיי־

נען דאַן געוועזען דיא איינציגע קריסטען צו פּראַקטיצירען טאָלעראַנץ צום אי־
דישען גלויבען. דיא אידען און אפילו דיא מאַראַנאָס האָבען געפונען אַ מקום
מנוחה אין האָלאַנד. זיי האָבען נאַטירליך נאָכגעפאָלגט דעם האָלענדישען פלאַג
און אויך געשטיצט דיא האָלענדער אין אַלע זייערע קאָלאָניאַלע אונטערנעה־
מונגען און מלחמות.

אין דיא גרויסע האָלענדישע האַנדעלס־קאָמפּאַניעס, בעזאָנדערס אין דער
וועסט־אינדישער, האָבען אַנטהייל גענומען אַ סך אידישע קויפלייטע. דיא
אידישע דירעקטאָרען אין אַמסטערדאַם און ראָטערדאַם האָבען נאַטירליך גע־
האַט פערבינדונגען מיט דיא פּאָרטוגעזישע אידען און מאַראַנאָס אין בראַזי־
ליען. וויא פיעל דיא אידען האָבען נור געקענט שטיצען מיט געלד און העלפען
מיט ראַטה און טהאַט דיא האָלענדער געגען זייערע שפּאַנישע און פּאָרטוגע־
זישע פערפאָלגער און איבערהויפּט געגען דיא קאַטאָליקען מיט דיא אינקווי־
זיציאָנען, האָבען זיי עס געטהאָן. דערפאַר האָבען זיי אָבער טהייער בעצאָהלט,
ווען דיא האָלענדער האָבען נאָך אַ קאַמפּף, וואָס האָט געדויערט אַ פערטעל
יאָהרהונדערט, געמוזט פערלאָזען בראַזיליען.

אונטער דער פערוואַלטונג פון גראַף יאָהאַן מאָריץ פון נאַסאָו־זיעגען, ווע־
מען דיא דירעקטאָרען פון דער וועסט־אינדישער קאָמפּאַניע האָבען אויסגעקליבען
פאַר דעם גובערנאַטאָר, האָבען דיא האָלענדער אַלץ ווייטער פערשפּרייט זייער
הערשאַפט אין דיא געגענדען צום נאָרד און צום זיד פון פּערנאַמבוקאָ. דאָס
איז געוועזען אַ זעלטענער מענש. ער האָט געשטאַמט פון דער קעניגליכער האָ־
לענדישער פאַמיליע, נור ער האָט זיך געפיהרט וויא אַ דעמאָקראַט. ער איז
געוועזען אַ פעהיגער קריעגס־פיהרער און אויך אַ געלעהרטער מאַן, אַ ליעבהאָבער
פון קונסט און אַן אמת'ער פריי־גייסט. ער האָט קיין שום אונטערשיעד ניט
געמאַכט צווישען איד און קריסט, צווישען פּראָטעסטאַנט און קאַטאָליק. דער־
מיט האָט ער ניט נור צוגעצויגען אידען און פּראָטעסטאַנטען אין פּערנאַמבוקאָ,
זאָנדערן האָט אויך אין אַ קורצער צייט געוואונען אויף זיין זייט אַ טהייל פון
דער קאַטאָלישער בעפעלקערונג. פיעלע פון דיא פּאָרטוגעזער, וועלכע זיינען
זיך צולאָפען, ווען דיא האָלענדער האָבען איינגענומען פּערנאַמבוקאָ און דיא
אַנדערע פּאָרטען אין דיזען טהייל פון בראַזיליען, ווייל זיי האָבען מורא געהאַט,
אַז זיי וועלען פערפאָלגט ווערען פון דיא פּראָטעסטאַנטען, וויא זיי אַליין האָבען
פערפאָלגט דיא פּראָטעסטאַנטען, האָבען זיך צוריקגעקעהרט און זיך גענומען
צו זייערע פריהערע בעשעפטיגונגען, ווען זיי האָבען דערהערט און דערזעהן,
וויא דער מערקווירדיגער האָלענדישער גובערנאַטאָר האָט ארויסגעצייגט אַזאַ
רעליגיעזע טאָלעראַנץ, וועלכע איז טאַקע געוועזען אַן אויסנאַהמע אין דער קריסט־
ליכער וועלט. וואָס אַנבעלאַנגט אידען איז דער איינציגער אָרט אין דער
נייער וועלט, וואו זיי האָבען אָפען געקענט דיענען צו גאָט און אפילו בויען

א סינאַגאָגע אין דער ערשטער העלפט פון 17טען יאָהרהונדערט, געווען אין פערנאַמבוקאָ אונטער דער מערקווירדיג ליבעראַלער פערוואַלטונג פון גראַף יאָ־האַן מאָריץ.

דיא וועסט־אינדישע קאָמפּאַניע, וועלכע האָט אין אויג געהאַט צו ציהען וואָס מעהר פּראָפיטען פון איהרע קאָלאָניאַלע אונטערנעהמונגען, איז אָבער גאָר ניט צופריעדען געווען מיט דיזער פערוואַלטונג, אָבוואָהל ער האָט אַלץ בעזיעגט דיא שפּאַניש־פּאָרטוגעזישע פלאָטען און אַרמעען, וועלכע זיינען גע־שיקט געוואָרען צו פעריאָגען דיא האָלענדער, און האָט אַלץ ווייטער פערנומען פּאָרטען און געגענדען אין בראַזיליען. מיט אויסנאַהמע פון דער פעסטונג פון באַהיאַ האָבען דיא פּאָרטוגעזער און שפּאַניער געמוזט אָבטרעטען פון אַלע פּאָרטען צום נאָרד פון באַהיאַ כמעט ביז דער מינדונג פון אַמאַזאָן נאָך דיא זיעגען פון דיא האָלענדער אונטער דער קאָמאַנדע פון גראַף יאָהאַן מאָריץ, וועלכער האָט געשטרעבט בעזאָנדערס צו דער גרינדונג פון א האָלענדישער אימפעריע אין בראַזיליען.

עס קען זיין, אז דאָס וואָלט איהם געלונגען, ווען מען וואָלט איהם געלאָזען פיהרען וויא ער האָט געוואָלט. דיא דירעקטאָרען פון דער וועסט־אינדישער קאָמ־פּאַניע האָבען אָבער פריהער פון אַלץ פערלאַנגט פּראָפיטען און זיי האָבען פּראָטעסטירט, וואָס ער האָט געמאַכט גרויסע אויסגאַבען פאַר דיא קאָלאָניע גופא. זיינע פּאָליטישע פּלענער און אַמביציעס האָבען ניט געשטימט מיט דיא פינאַנציעלע פּלענער פון דיא דירעקטאָרען, וועלכע האָבען איהם אָנגעפאַנגען צו פערדעכטיגען, דאָס ער וויל אַליין ווערען א הערשער אין בראַזיליען. דיא קאָלאָניסטען און בכלל דיא פּראָטעסטאַנטען, וועלכע זיינען אייגענטליך געווען אַזוי אונטאָלעראַנט וויא דיא קאַטאָליקען, האָבען איהם ערקלערט פאַר אַן אַפּיקורוס און האָבען אַלץ פּראָטעסטירט, וואָס ער האָט ערלויבט די קאַטאָליקען צו פיהרען אפילו זייערע רעליגיעזע פּראָצעסיאָנען אין דיא גאַסען פּונקט וויא אונטער דער הערשאַפט פון שפּאַניען אָדער פּאָרטוגאַל. ער איז געווען צו ליבעראַל אפילו פאַר דיא ליבעראַלסטע לאַנדסלייט זיינע. דיא פּאָרטוגעזער און בראַזיליאַנער, וועלכע ער האָט געוואָלט וואָס מעהר צוציהען מיט זיינע ליבעראַלע רעפאָרמען, דארונטער אויך דיא איינפיהרונג פון א פּאַרלאַמענט אין דער קאָלאָניע (דאָס איז געווען דיא ערשטע פּאַרלאַמענטארישע אסיפה אין דער נייער וועלט), האָבען איהם אַזוי וועניג פערשטאַנען, וויא דיא האָלענדישע קאָלאָניסטען און הענדלער, וועלכע עס האָט פערדראָסען, וואָרום זיי קריעגען ניט מעהר פּריווילעגיעס.

אין פערלויף פון זיעבען יאָהר האָט גראַף יאָהאַן מאָריץ ענערגיש געקעמפּפט געגען אַלע זיינע שונאים אין האָלאַנד און אין בראַזיליען, נור אין 1644, ווען ער האָט פערלאַנגט מיליטערישע פערשטערקונגען און דיא קאָמפּאַניע האָט זיך ענטזאַגט צו שיקען, האָט ער רעזיגנירט. דער גובערנאַטאָר, וואָס איז געשיקט געוואָרען אויף זיין פּלאַץ, האָט ניט בעזעסען זיינע מיליטערישע און אַדמיני־סטראַטיווע פעהיגקייטען, און דיא האָלענדישע פּאָסעסיעס זיינען דורך דעם באַלד שוואַכער געוואָרען.

דערצו נאָך איז אין פּאָרטוגאַל פּאָרגעקומען אַזאַ איבערקעהרעניס, וועלכע האָט געמוזט זעהר פיעל ווירקען געגען דיא האָלענדישע קאָלאָניעס אין בראַזיליען. דאָס איז געווען דיא רעוואָלוציאָן אין 1640 געגען דיא אויבערהערשאַפט פון דיא שפּאַנישע קעניגע. אויף דעם טהראָן פון פּאָרטוגאַל זיינען דאַן אַרויף דיא פּרינצען פון דער בראַגאַנזאַ פאַמיליע, וועלכע האָבען נאַטירליך געזוכט צו געווינען צוריק גאַנץ בראַזיליען. זאָ לאַנג בראַזיליען איז גערעכענט געווען פאַר אַ טהייל פון דער שפּאַנישער קאָלאָניאַלער אימפּעריע, האָט זיא געליטען פון אַלע שפּאַנישע שונאים און האָט ניט געקענט קריעגען דיא נויטיגע מיליטערישע הילפע אפילו פון פּאָרטוגאַל. דיא שפּאַנישע רעגיערונג האָט זיך, וויא מיר ווייסען עס שוין, ניט געמישט אין דיא אינערליכע אַנגעלעגענהייטען פון דיא בראַזיליאַנער קאָלאָניעס און האָט זעהר וועניג זיך געקימערט וועגען זייער צוקונפט. אַזוי שנעל אָבער, וויא פּאָרטוגאַל איז געוואָרען אַ זעלבסטשטענדיגע מלוכה, האָט זיא גענומען זוכען מיטעל, וויא פּטור צו ווערען פון דיא האָלענדער אין דיא נאָרדליכע פּראָווינצען פון בראַזיליען. דיא פּאָרטוגעזישע קאָלאָניסטען האָבען דאַן אויפגעהויבען דעם קאָפּ און האָבען אָנגעפאַנגען אַ ביטערען קאַמפּף געגען דיא האָלענדער. זיי האָבען זיך פערבונדען געגען זייער אַלגעמיינעם אויסלענדישען שונא, און מען מעג זאָגען, אַז דאַן איז עס אויפגעקומען דיא בראַזיליאַנער נאַציאָן.

אונטער דער נאָמינעלער הערשאַפט פון דיא שפּאַנישע קעניגע האָבען דיא פּאָרטוגעזישע קאָלאָניסטען פון דיא זידליכע בראַזיליאַנער פּראָווינצען, ספּע־ציעל דיא פּאַוליסטאַס, אָנגעפאַנגען צו טראַכטען גאָר וועגען גרינדען אַן אונ־אַבהענגיגען שטאַאט. זיי זיינען געוואַקסען אין צאָהל און אין רייכטהום. זיי האָבען ניט געליטען פון פרעמדע הערשער, וויא זייערע ברידער אין דיא נאָרדליכע פּראָווינצען, און זיי האָבען פערנומען אַלץ גרעסערע געגענדען אין מיטען פון זיד־אַמעריקאַ, ווען זיי פּלעגען זיך יאָגען נאָך אינדיאַנער שקלאַווען. דערביי האָבען זיי גאָר ניט געהאַט אין זינען דיא גרענעצען פון דיא שפּאַנישע קאָ־

לאָניעס. אזוי וויא דיא שפּאַנישע רעגיערונג האָט אריינגערעכענט בראזיליען אין איהרע פּאָססעסיעס, האָט זיא זיך ניט געקימערט וועגען דעם, וואָס דיא פּאולּיסטאַס האָבען פערנומען ריזיגע טעריטאָריעס אַלץ ווייטער אין מערב ביז דיא אַנדעססען־בערג. דער רעזולטאַט דערפון איז אָבער, וואָס דיא טעריטאָ־ריע פון דער בראזיליאַנער רעפּובּליק פערנעהמט כמעט אַ העלפט פון גאַנץ זיד־אַמעריקאַ און גרענעצט זיך מיט אַלע שפּאַניש־שפּרעכענדע רעפּובליקען דאָרטען אויסער מיט טשילי.

אפילו ווען פּאָרטוגאַל האָט זיך שוין אָבגעריססען פון שפּאַניען, האָבען דיא פּאולּיסטאַס אויסגעקליבען איינעם פון זייערע פיהרער, אַ געוויססען אַמאַדאָר בוענאָ, פאַר אַ קעניג; אָבער ער האָט זיך ענטזאַגט פון דיזער עהרע און האָט זיך בעהאַלטען אין אַ קלויסטער. דאַן האָבען זיי בעשלאָססען צו בלייבען טריי צו דער בראַגאַנזאַ דינאַסטיע. דיא איינוואָהנער פון ריאָ דע זשאַנעיראָ און פון באַהיאַ האָבען געפאָלגט זייער ביישפּיעל, און דיא וויכטיגסטע טהיילען פון בראזיליען זיינען אזוי געבליבען פערבונדען מיט זייער מוטערלאַנד.

אונטער דער לייטונג פון אַ פּאָרטוגעזישען צוקער־פּלאַנטאַטאָר מיט׳ן נאָ־מען וויעיראַ האָט אין 1645, עטליכע מאָנאַט נאָך דער אָברייזע פון גראַף יאָהאַן מאָריץ, אויסגעבראָכען אַן אויפשטאַנד געגען דיא האָלענדער אין פּערנאַמבוקאָ. פּאָרטוגאַל איז דאַן געווען צו שוואַך צו פיהרען אַ קריעג מיט האָלאַנד, אָבער דער פּאָרטוגעזישער גובערנאַטאָר אין באַהיאַ האָט אין דער שטיל געשטיצט דיא רעבעלען אזוי פיעל, וויא פיעל ער האָט נור געקענט. פון באַהיאַ האָבען דיא קעמפּפער געגען האָלאַנד געקראָגען געוועהר און אויך פערשטערקונגען. דער אויפשטאַנד האָט זיך שנעל צושפּרייט איבער אַלע געגענדען, וועלכע דיא האָלענדער האָבען געהאַט פערכאַפּט. דיא אינדיאַנער האָבען געהאָלפען דיא פּאָרטוגעזער אין דיזען קאַמפּף, וועלכער איז געוואָרען אַ נאַציאָנאַלער און וועל־כער האָט זיך געענדיגט נאָך פיעל שלאַכטען און שרעקליכע אויסשלאַכטונגען אין פערלויף פון צעהן יאָהר מיט אַ נידערלאַגע פאַר דיא האָלענדער. דיא וויכ־טיגסטע שלאַכט איז פאָרגעקומען ביי דיא גואַראַראַפּעס בערג ניט ווייט פון פּער־נאַמבוקאָ אין 1648, ווען דיא האָלענדער האָבען פערלאָרען ביי זייער אַטאַקע איבער טויזענד סאָלדאַטען און האָבען געמוזט אָבטרעטען.

דער סוף פון דער האָלענדישער הערשאַפט אין דיא נאָרדליכע פּראָווינצען פון בראזיליען איז געקומען אין 1655, ווען דיא בראזיליאַנער פּאַטריאָטען האָ־בען געשטורמט דיא לעצטע האָלענדישע פעסטונג אין פּערנאַמבוקאָ און גע־צוואונגען דעם האָלענדישען גענעראַל צו קאַפּיטולירען. דאָס איז אויסגעפיהרט געוואָרען אָהן דיא דירעקטע אריינמישונג פון סאָלדאַטען פון פּאָרטוגאַל. דיא בראזיליאַנער האָבען מיט זייערע אייגענע קרעפטע געוואונען צוריק אַלעס, וואָס

דיא האָלענדער האָבען פערכאַפּט, נעמליך 4 פּראָווינצען מיט אַ דוצענד שטעדט אין 14 בעפעסטיגטע פּלעצער. אָבער נור אין 1662 האָט האָלאַנד אָפּיציעל אַנערקענט דורך אַ טראַקטאַט מיט פּאָרטוגאַל, אַז גאַנץ בראַזיליען בלייבט אַ פּאָרטוגעזישע פּאָסעסיע.

איינער פון דיא רעזולטאַטען פון דיזער גרויסער ענדערונג אין בראַזיליען איז געווען, וואָס דיא אידען האָבען אויך געמוזט פערלאָזען פּערנאַמבוקאָ און אַנדערע בראַזיליאַנער שטעדט און פּראָווינצען נאָך דעם דורכפאַל פון דיא האָ־לענדער. דיא פּאָרטוגעזער האָבען געוואָלט זיך אָברעכענען מיט דיא אידען פאַר זייער פריינדשאַפט צו דיא האָלענדער. דער אַלטער רעליגיעזער האַס איז פער־שטאַרקט געוואָרען דורך פּאָליטישע שטרייטען. מען ווייס ניט און מען קען ניט וויסען, וויא פיעל אידען עס האָבען זיך אין מיטען פון 17טען יאָהרהונדערט געפונען אין בראַזיליען אונטער דעם שוץ פון האָלאַנד, נור זייער צאָהל, ווען מען זאָל אויך צורעכענען דיא מאַראַנאָס, האָט געמוזט זיין אַ בעדייטענדע, ספּעציעל אין פּערנאַמבוקאָ, ווייל זיי האָבען געבילדעט עטליכע געמיינדען אין אַנדערע האָלענדישע קאָלאָניעס אין דער נייער וועלט, ווען זיי זיינען געצוואונ־גען געווען צו פערלאָזען בראַזיליען.

איינע פון אַזעלכע קאָלאָניעס איז געווען ניי־אַמסטערדאַם, וואָס האָט גע־קראָגען דעם נאָמען ניו יאָרק נאָכדעם ווי דיא ענגלענדער איהר האָבען פערכאַפּט, וויא מיר ווייסען עס שוין פון דער געשיכטע פון יונייטעד סטייטס. איינינגע מאַנאַטען נאָכדעם וויא דיא לעצטע האָלענדישע סאָלדאַטען האָבען קאַפּיטו־לירט אין פּערנאַמבוקאָ, זיינען אָנגעקומען אין פּאָרט פון ניו־אַמסטערדאַם עט־ליכע אידישע פאַמיליען פון בראַזיליען. דאָס זיינען געווען, וויא ווייט מען ווייס עס, דיא ערשטע אידען אין דיא טהיילען פון נאָרד־אַמעריקאַ, וועלכע גע־הערען יעצט צו יונייטעד סטייטס און קענעדע. ווען מען לעזט דיא געשיכטע פון אידען אין יונייטעד סטייטס, געפינט מען, אַז דיא ערשטע אידישע איינ־וואַנדערער זיינען געקומען ניט פון אויראָפּאַ, נור גראָדע פון בראַזיליען; אָבער ערשט ווען מען לעזט דיא געשיכטע פון בראַזיליען, זעהט מען דייטליך, וואָרום דאָס איז אַזוי געווען.

אַ טהייל פון דיא מאַראַנאָס זיינען אָבער פערבליבען אין בראַזיליען אונ־טער דער הערשאַפט פון פּאָרטוגאַל ביז דעם מיטען פון 18טען יאָהרהונדערט, ווען זיי האָבען זיך אין גאַנצען צומישט מיט דיא קאַטאָליקען. אין בראַזיליען גופא האָט אייגענטליך קיין מאָל ניט עקזיסטירט דיא אינקוויזיציאָן, נור דיא גלחים פלעגען אַוועקשיקען זייערע אָפּפער צו דער אינקוויזיציאָן אין ליסבאָן, וואו מען פלעגט זיי פּייניגען און פערברענען. דיא מאַראַנאָס פלעגט מען נאָכ־

שפּיאָנירען אויף אין דיא בראזיליאַנער שטעדט, בעזאָנדערס צו ענדע פון 17טען יאָהרהונדערט, ווען דיא פּאָרטוגעזישע רעגיערונג האָט פערשיקט א געוויסע צאָהל מאַראַנאָס פון פּאָרטוגעזישע שטעדט נאָך בראַזיליען. עס איז פעסטגע־שטעלט, אַז אין 1723 און אין 1739 זיינען אייניגע מאַראַנאָס פון ריאָ דע זשאַנעיראָ פערברענט געוואָרען אויף אוטאָ־דאַ־פעס אין ליסבאָן, וואוהין מען האָט זיי געבראַכט אויף דעם בעפעהל פון דער אינקוויזיציאָן.

יעדענפאַלס האָבען שוין דיא אידען מעהר קיין ראָלע ניט געשפּיעלט אין דער געשיכטע פון בראַזיליען נאָך דער פעריאָגונג פון דיא האָלענדער.



## דריטער קאפיטעל.

# דיא קאָלאָניעס אין 18טען יאָהרהונדערט

נאָך דיא אויבען־בעשריעבענע פּאַסירונגען, ווען דיא פּאָרטוגעזער, אייגענט־ליך קרעאָלען און מעסטיזאָס, זיינען געבליבען דיא בעלי־הבתים איבער דיא ריזיגע טראָפּישע געגענדען פון בראַזיליען, האָט זיך דיא בעפעלקערונג דאָרטען זעהר שנעל פערמעהרט. דיא פּאָרטוגעזישע רעגיערונג איז ניט געווען גענוג שטאַרק צו בעהערשען דיא קאָלאָניסטען און צו בעשרענקען זייער האַנדעל מיט דער אויסערער וועלט, וויא דיא שפּאַנישע רעגיערונג האָט עס געטהאָן אין איהרע פּאָסעסיעס. פון דער אַנדער זייט האָבען זיך דיא קאָלאָניסטען גע־פיהלט אונאַבהענגיג און פעהיג אַליין צו פערוואַלטען זייערע שטעדט נאָך זייערע זיעגען איבער דיא פראַנצויזען און האָלענדער. אין אַלע טהיילען פון בראַזיליען האָבען זיך דיא קאָלאָניעס ענטוויקעלט מערקווירדיג שנעל אַ דאַנק פון איין זייט דעם אויסוועכטיגען פריעדען און פון דער אַנדער זייט דער פער־העלטניסמעסיגער פרייהייט פון האַנדעל און דער זעלבסטפערוואַלטונג פון דיא שטעדט. צו ענדע פון 17טען יאָהרהונדערט האָבען זיך שוין געפונען אין דיא בראַזיליאַנער קאָלאָניעס און שטעדט אַרום דריי־פערטעל מיליאָן נפשות.

אין דיזער צייט האָבען זיך אויך פערשפּרייט דיא יעזואיטישע מיסיאָנען. דיא פּאַוליסטאַס האָבען אָבער אַלץ ווייטער געיאָגט דיא יעזואיטען אין מיטען לאַנד, צו דיא וועלדער אין דעם טהאַל פון אַמאַזאָן. דיא יעזואיטען זיינען אַזוי ביסלעכווייז צוגעקומען מיט זייערע מיסיאָנען, וועלכע זיינען געווען איג־דיאַנער דערפער, וויא מיר ווייסען עס שוין פון פריהערע קאַפּיטלעך, ביז צו דיא שפּאַנישע מיסיאָנען און בעזעצונגען אין פּערו, באָליוויאַ און פּאַראַגוואַי. אין אייניגע געגענדען האָבען זיך דיא יעזואיטישע מיסיאָנען אַזוי פערמעהרט, אַז דאָס האָט געפיהרט אין יאָהר 1684 צו אַן אויפשטאַנד פון דיא קאָלאָניסטען אין מאַראַנהאַאָ און פּאַראַ. דער פיהרער פון דיזען אויפשטאַנד מיט'ן נאָמען מאַנאָעל בעקמאַן איז געפאַנגען און הינגעריכטעט געוואָרען, אָבער דיא פּאָר־טוגעזישע רעגיערונג האָט דאָך נאָכדעם אויפגעהערט צו שטיצען דיא יעזואי־טען אַזוי וויא אין אָנפאַנג.

איינע פון דיא נאכוועהעניסען פון דער האלענדישער הערשאפט אין פערנאמבוקא איז געווען א קאמפף צווישען ווייסע און שווארצע. א געוויסע צאהל נעגער זיינען זיך צולאפען אין דיא וועלדער, וואו זיי האבען אויפגעבויט דערפער און זיך בעפעסטיגט. אין דער צייט, ווען דיא פארטוגעזער און האלענדער האבען געקעמפפט וועגען אויבערהערשאפט, איז דיא בעפעלקערונג שנעל געוואקסען אין דיזע דערפער. פון אלע זייטען זיינען אהין געקומען צו לויפען שווארצע שקלאווען, וועלכע האבען געזוכט פרייהייט. אין זייערע דערפער האבען זיי זיך געפיהרט וויא אין בעזונדערע רעפובליקען. זיי האבען זיך ענטזאגט צו אנערקענען דיא רעגיערונג און דיא אויבערמאכט פון דיא ווייסע. דיא עקספעדיציעס, וואס דער גובערנאטאר פון פערנאמבוקא האט ארויסגעשיקט צו צערשטערען דיזע דערפער און צו פאנגען אדער אויסשלאכטען דיא אנטלאפענע שקלאווען, האבען ווייט ניט דערגרייכט זייער ציעל. דיזע זאנדערבארע נעגערישע רעפובליקען האבען עקזיסטירט א יאהר פופציג ביז איינער פון דיא גרעסטע פיהרער פון דיא פאוליסטאס, דאמינגאס כארזשע, וועלכער האט זיך אלץ געיאגט נאך אינדיאנער און האט צושטערט פיעלע יעזואיטישע מיסיאנען, איז צוגעקומען צו דיא וועלדער און בערג, וואו דיא שווארצע מיאטעזשניקעס געגען דיא ווייסע הערשער האבען זיך אויפגעהאלטען. ער האט זיי ענדליך ארומגערינגעלט מיט זיינע באנדעס און האט זיי פשוט פערטיליגט. אין 1697 האט ער צוזאמענגעקליבען א מחנה פון 7000 בראזיליאנער געגען א צעהנדליג טויזענד שווארצע, וועלכע האבען זיך בעפעסטיגט אין אן ארט מיט'ן נאמען פאלמארעס. דאס איז געווען דער לעצטער ווידערשטאנד פון דיא שווארצע אין בראזיליען געגען דיא ווייסע. זעהר ווענינע פון דיזע רעבעלען האבען זיך געקענט רעטען דורך אנטלויפען ווייטער אין דיא וועלדער. דיא ווייסע זיעגער האבען געשאכטען דיזע אונגליקליכע אהן ערבארמען, אום ארויפצוואגען מעהר שרעק אויף דיא שקלאווען, וועלכע מען האט אלץ געבראכט צו שלעפען פון דיא פארטוגעזישע פאסעסיעס אין אפריקא. מען דארף אבער ניט שליסען דערפון, אז דיא פארטוגעזער האבען בעהאנדעלט זייערע שקלאווען אין בראזיליען ערגער און גרויזאמער, וויא דיא שפאניער, פראנצויזען און ענגלענדער אין זייערע קאלאניעס. דיא בעציהונגען פון דיא קרעאלען און מעסטיזאס אין בראזיליען צו זייערע שקלאווען זיינען גראדע געווען ווייכערע און בעסערע וויא פון דיא ענגלענדער און אמעריקאנער צו זייערע שקלאווען.

אין דערזעלבער צייט, ווען דיא פאוליסטאס האבען אלץ געזוכט צו פאנגען אינדיאנער שקלאווען אין דיא פערווארפענסטע ערטער פון בראזיליען, האבען זיי אויך געזוכט עלדאראדאס. דאס איז זיי געלונגען אין לעצטען פערטעל פון 17טען יאהרהונדערט, ווען זיי זיינען צוגעקומען צו דיא געגענדען, וועלכע בילדען היינט דעם גרויסען שטאאט מינאס זשעראעס. דארטען איז טאקע אין

1693 ענטדעקט געוואָרען אַן עלדאָראדאָ. אין אייניגע ערטער האָט זיך גאָלד, מעג מען זאָגען, פּשוט געוואַלגערט. דיא טעריטאָריע פון מינאַס זשעראַעס איז איינע פון דיא רייכסטע, אויב ניט דיא רייכסטע אין מעטאַלען. אין דיא ערשטע 50 יאָהר נאָך דער ענטדעקונג פון דיזער עלדאָראדאָ, האָט מען דאָרטען צוזאַ־מענגעקליבען זיעבען און אַ האַלב מיליאָן אונציעס גאָלד. מיט אייניגע יאָהרען שפּעטער זיינען אין דעם זעלבען שטאַאט ענטדעקט געוואָרען דיא בעריהמטע דיאַמאַנט־פעלדער לעבען אַן אָרט, וואָס האָט געקראָגען דעם נאָמען דיאַמאַנטינאַ.

דיזע ענטדעקונגען, וויא אויך פון זילבער, קופּער און פיעלע אַנדערע מע־טאַלען און פערשיעדענע עדעלשטיינער, האָבען נאַטירליך צוגצויגען גליק־זוכער און אַוואַנטוריסטען פון פערשיעדענע ערטער, ספּעציעל פון פּאָרטוגאַל. מינאַס זשעראַעס, וועלכע איז ביז 1720 געווען אַ טהייל פון דער אַלטער פּראָווינץ סאַאון פּאַולאָ, איז דאָרום געוואָרען זעהר שנעל בעפעלקערט. היינט געפינען זיך אין דיזען שטאַאט ביז פיער מיליאָן נפשות, פיעל מעהר וויא אין אירגענד וועלכען אַנדערען שטאַאט פון דער בראַזיליאַנער רעפּובליק.

אַזוי וויא ריאָ דע זשאַנעיראָ איז געווען דער בעסטער פּאָרט פאַר דיא מינען־געגענדען, וועלכע זיינען אַלץ מעהר און ווייטער ענטדעקט געוואָרען אין דיא מיטעלסטע טעריטאָריעס פון בראַזיליען צום נאָרד פון סאַאון פּאַולאָ און מינאַס זשעראַעס (דאָס זיינען היינט דיא שטאַאטען גאָיאַז און מאַטאָ גראָסאָ), איז דיא בעפעלקערונג דאָרטען אַזוי שנעל געוואַקסען, וויא דער האַנ־דעל. דיא גאָלד־זוכער פּלעגען פריהער לאַנדען אין ריאָ דע זשאַנעיראָ, און דיא ערדענע מעטאַלען און שטיינער פּלעגען אויך שליסליך געבראַכט ווערען אַהין, אום אָוועקגעשיקט צו ווערען נאָך פּאָרטוגאַל.

אין אָנפאַנג פון 18טען יאָהרהונדערט איז פּאָרטוגאַל אריינגעשלעפּט גע־וואָרען אין דער מלחמה וועגען דיא שפּאַנישע ירושה, אַ מלחמה וועלכע איז אַרויסגערופען געוואָרען פון דעם פראַנצויזישען קעניג לודוויג דעם פערצעהנטען און וועלכע האָט זיך געענדיגט אין 1713 זעהר אונגליקליך פאַר פראַנקרייך. מיט דיזער מלחמה האָבען זיך פראַנצויזישע אַוואַנטוריסטען און פּיראַטען בע־נוצט צו בעפאַלען און צו בערויבען ריאָ דע זשאַנעיראָ. דאַן איז ים־רויבעריי געווען אַ טהייל פון קריעגס־פיהרונג. עס איז געווען ערלויבט צו בעוואַפענען שיפען און זיי אַרויסשיקען צו בערויבען דיא האַנדעלס־שיפען און אויך דיא פּאָרטען פון דעם שונא. דער שנעל־שטייגענדער רייכטהום פון ריאָ דע זשאַ־נעיראָ האָט בעזאָנדערס אויפגערייצט דיא האַבזוכט פון פראַנצויזישע קאָרסערען אָדער פּיראַטען. אונטער דער פיהרונג פון אַ קאַפּיטאַן מיט'ן נאָמען דיוקלערק זיינען אַ באַנדע פון אַ טויזענד פראַנצויזישע ים־סאָלדאַטען און פּיראַטען צו־געקומען אין 1710 מיט שיפען צום האַפען פון ריאָ דע זשאַנעיראָ. ווען דיזער קאַפּיטאַן האָט אויסגעפונען, אַז זיינע שיפען זיינען ניט גענוג שטאַרק אַריינ־

צורייסען זיך דורך דעם שמאָלען אריינפאָהר אין פּאָרט, האָט ער געלאַנדעט מיט זיין באַנדע אַ מייל 40 פון דער שטאָדט און האָט זיך אַ לאָז געטהאָן אהין דורך די וועלדער. ווען זיי זיינען צוגעקומען צו ריאָ דע זשאַנעיראָ אָהן שום ווי־דערשטאַנד פון די איינוואָהנער אויף'ן וועג, האָבען זיי זיך אַ לאָז געטהאָן דורך די שמאָלע גאַסען צו פאַנגען דעם גובערנאַטאָר'ס פּאַלאַץ און צו רויבען. דאָס איז זיי געלונגען, טראָץ דעם וואָס פון אַ באַרג האָט מען אויף זיי געשאָסען פון קאַנאָנען; אָבער אין דער צייט, ווען זיי האָבען פערנומען דעם גובערנאַ־טאָר'ס פּאַלאַץ און האָבען געזוכט גאָלד און ווערטהפאָלע זאַכען אין די הייזער, האָבען זיך די איינוואָהנער צוזאַמענגעקליבען הינטער דער שטאָדט און זיינען בעפאַלען פּלוצלונג די אַנגרייפער. דער סוף איז געווען אַ זעהר טרויעריגער פאַר דיזע פּיראַטען. אפילו די פון זיי, וועלכע זיינען אַרומגערינגעלט גע־וואָרען אין פּאַלאַץ און האָבען זיך אונטערגעגעבען נאָך די מיליטערישע דינים, זיינען אויסגעשלאַכטעט געוואָרען פון די פּאָרטוגעזער מיט אַ ווילדער רציחה.

די איינוואָהנער פון ריאָ דע זשאַנעיראָ האָבען אָבער טהייער בעצאָהלט פאַר דיזע רציחה. דעם נעכסטען יאָהר איז אין דעם פראַנצויזישען פּאָרט סענט מאַלאָ אָרגאַניזירט געוואָרען אַ גרויסע עקספּעדיציע אונטער דער קאָמאַנדע פון דעם בעריהמטען אדמיראַל דיוגעי־טרועז צו נעהמען ראַכע פון די פּאָר־טוגעזער אין בראַזיליען. רייכע קויפלייטע האָבען געשטיצט פינאַנציעל דיזע עקספּעדיציע אין דער ערוואַרטונג צו קריעגען כפל כפלים דורך פּיראַטעריי. ווען דיזער פעהיגסטער אדמיראַל פון פראַנקרייך אין זיין צייט, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכענט אויך ביי אַטאַקעס אויף ענגלישע שיפען, איז צוגעקומען צום פּאָרט פון ריאָ דע זשאַנעיראָ, האָט ער געהאַט אונטער זיין קאָמאַנדע 5000 געקליבענע סאָלדאַטען אויף 17 גרויסע און קליינע שיפען, וועלכע זיינען געווען בעוואַפענט מיט אַ סך קאַנאָנען. אָבוואָהל דיזע עקספּעדיציע איז אָרגאַניזירט געוואָרען אין געהיים, דאָך האָבען די פּאָרטוגעזער זיך דערוואוסט דערפון אין צייט און האָבען בעפעסטיגט דעם אריינפאָהר אין פּאָרט און פערשטאַרקט דעם גאַרניזאָן. דאָס האָט זיי אָבער ווייניג געהאָלפען. די פראַנצויזען האָבען זיך אריינגעריסען אין פּאָרט כמעט אָהן פערלוסטען. נאָכהער האָבען זיי אויסגעשטעלט זייערע קאַנאָנען אין געוויסע סטראַטעגישע פּונקטען און געשטורמט די שטאָדט. דער גובערנאַטאָר איז אַנטלאָפען אין שרעק און נאָך איהם די אַנדערע בעאַמטע און די אָנגעזעהענסטע בירגער. אדמיראַל דיוגעי־טרועז איז אַזוי געוואָרען דער אויבערהאַר פון ריאָ דע זשאַנעיראָ, נור אַזוי וויא דער צוועק פון זיין עקספּעדיציע איז געווען ראַכע און ספּעציעל רויב, איז ער דאָרט ניט לאַנג פערבליבען. אויסער דעם וואָס די פראַנצויזישע סאָלדאַטען האָבען אייגענהענטיג גערויבט דאָרטען, איז דער גובערנאַטאָר געצוואונגען געווען צו בעצאָהלען אַ גרויסע קאָנטריבוציע מיט גאָלד און צוקער און אויסצוליפערען

אלע לעבעדיג־געבליבענע געפאנגענע פון דיוקלערק'ס באנדע. מיט טריאומף און מיט אוצרות זיינען אדמיראל דיוגעי־טרוען'ס שיפען ארויסגעפאהרען פון ריא דע זשאנעירא, אום צו אטאקירען און בערויבען אנדערע בראזיליאנער פארטען, ספעציעל באהיא. נור אזוי וויא אויף'ן וועג האט ער אין דער צייט פון א שטורם פערלארען צוויי פון זיינע בעסטע שיפען, האט ער בעשלאסען צוריקצוקעהרען זיך נאך סענט מאלא. טראץ דעם פערלוסט פון דיזע שיפען, אויף וועלכע עס האט זיך געפונען א בעדייטענדער טהייל פון דער קאנטרי־בוציע, האבען דאך דיא קויפלייטע פון סענט מאלא געקראגען פון דיזער פי־ראטעריי א פראפיט פון 92 פראצענט אויף זייער קאפיטאל.

דאס איז שוין געווען דיא לעצטע אטאקע פון ים־רויבער און אוואנטוריס־טען אויף דיא בראזיליאנער פארטען, וועלכע זיינען אלץ גרעסער און רייכער געווארען דורך א פערמעהרונג פון דער בעפעלקערונג און א פערגרעסערונג פון פראדוקציאן און האנדעל. דיא פארטוגעזישע קאלאניעס זיינען ניט נור שטארק געווארען צו בעשיצען זיך געגען אויסלענדישע אטאקעס, זאנדערן זיינען אליין אין שטאנד געווען צו אטאקירען שפאנישע פאסעסיעס. דיא פאוליסטאס האבען זיך דערביי ווידער אויסגעצייכענט. זייערע באנדעס זיינען דאס אלץ נעהענטער צוגעקומען צו פאראגוואי, אורוגוואי און איבערהויפט צו דיא לא פלאטא געגענדען, וועלכע האבען געהערט צו שפאניען אויף דעם גרונד פון ענטדעקונג (זעה דעם אנפאנג פון דער געשיכטע פון ארגענטינע) און פון דעם טארדעסילאס אבמאך. נור דורך זייערע פערכאפונגען זיינען עם די טעריטאריעס פון סאנטא קאטארינא און ריא גראנדע דא סול געבליבען טהיילען פון בראזי־ליען; זאנסט וואלטען דיזע פראכטפאלע און רייכע געגענדען מיט א מעסיג־ווארימען קלימאט געבליבען טהיילען פון ארגענטינע און פאראגוואי און איבער־הויפט שפאניש־שפרעכענדע.

אבער וואס מעהר גאלד און דיאמאנטען מען האט געפונען אין מינאס זשעראעס, אלץ ווענינער איינוואהנער זיינען פערבליבען אין סאאון פאולא און אלץ מעהר האבען געליטען דיא צוקער־פלאנטאציעס און בכלל דיא אקערבוי־קאלאניעס, ווייל פון אלע זייטען און בעזאנדערס פון סאאון פאולא האט מען זיך א לאז געטהאן זוכען גליק אין דער גרויסער עלדאראדא. דיא מינען־אינ־דוסטריע האט מיט אמאל פערנומען דעם ערשטען פלאץ, און דיא אגריקולטור, וועלכע איז געווען דער פונדאמענט פון דיא ערשטע בראזיליאנער קאלאניעס און איז בכלל דער פונדאמענט פון בראזיליען, איז דאן אזוי פערנאכלעסיגט געווארען, אז וועסט־אינדיען האט פערנומען דעם ערשטען פלאץ אויף דעם צוקער־מארקעט. אין 17טען יאהרהונדערט פלעגט מען אין אייראפא בעקומען צוקער מייסטענס פון פערנאמבוקא און אנדערע בראזיליאנער פראווינצען. אין

18טען יאָהרהונדערט, נאָך דיא ענטדעקונגען פון גאָלד און דיאַמאַנטען אין מינאַס זשעראַעס, גאָיאַז און מאַטאָ גראָסאָ, האָט מען אָנגעהויבען אַלץ מעהר צו אימפּאָרטירען צוקער פון די וועסט־אינדישע אינזלען. אויך טאַבאַק־פּלאַנטאַציעס און פיה־פיטערונג האָבען געליטען דורך דיא ווילדע יאָגענעס נאָך גאָלד און דיאַמאַנטען־מינען.

אין פּאָרטוגאַל האָט דער גאָלד־שטראָם פון דיא נייע־ענטדעקטע עלדאָראַ־דאָס אין בראַזיליען געפיהרט צו ווילדע ספּעקולאַציעס, גרויסע פערדאָרבענהייט און אויסצעהרענדען לוקסוס. דיא פּאָרטוגעזישע רעגיערונג האָט ערקלערט דיא דיאַמאַנטען־געגענדען פאַר איהר אייגענטהום און האָט געפאָדערט צוויי־פינפ־טעל פון דעם גאָלד, וואָס מען האָט דאָרט געפונען. זי האָט בכלל שטרענג אויפגע־פּאַסט, אַז דיא עדעלע מעטאַלען און שטיינער זאָלען אריינקומען אין איהר קאַסע און יעדענפאַלס אין איהר הויפּט־שטאָדט. נור דיזע לייכט און שנעל־ערוואָרבענע רייכטהימער זיינען איהר געווען אַזוי וועניג מזל'דיג, וויא דיא גאָלד און זילבער פון פּערו און מעקסיקאָ דער שפּאַנישער רעגיערונג. וואָס מעהר גאָלד דער קעניג האָט אריינגעקראָגען פון בראַזיליען און בכלל פון דיא קאָלאָניעס, אַלץ גרעסער זיינען געוואָרען דיא אויסגאַבען און פערשווענדונגען, וואָס עס האָט געפיהרט צו אַלץ נייע שטייער און מאָנאָפּאָלען, פון וועלכע דיא מאַסען האָבען נאַטירליך אַלץ מעהר געליטען.

אין מיטען פון 18טען יאָהרהונדערט, נאָך דעם טויט פון קעניג יאָהאַן דעם פינפטען, האָט זיך פּאָרטוגאַל געפונען אין אַ זעהר טרויעריגער לאַגע דורך דיא שלעכטע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פיהרונגען פון דער רעגיערונג, טראָץ דיא אונגעהייערע איינקינפטע פון דיא קאָלאָניעס. צום גליק פון דער פּאָרטו־געזישער נאַציאָן, איז אָבער דאַן אַלס הויפּט־מיניסטער געוואָרען אַ מאַן, וואָס פערנעהמט אַ גרויסען פּלאַץ אין דער וועלט־געשיכטע דורך זיין מוטהיגען קאַמפּף געגען דיא יעזואיטען און פאַר ליבעראַלע רעפאָרמען. דאָס איז דער בעריהמטער מאַרקיז דע פּאָמבאַל, געגאַנט דער גרויסער מאַרקיז, אַ פרייער דענקער און פעהיגער שטאַאַטסמאַן. אין דיא 27 יאָהר, וואָס דער קעניג יאָזעף דער ערשטער איז געווען דער קרוין־טרעגער, איז אָבער דער אמת'ער רעגיערער געווען דיזער גרויסער און ענערגישער מאַן, וואָס ווערט גערעכענט פאַר איינעם פון דיא גרעסטע און וויכטיגסטע פערשפּרייטער פון דיא אידעען, וועלכע האָ־בען צו ענדע פון 18טען יאָהרהונדערט טריאומפירט דורך דיא גרויסע פראַנצוי־זישע רעוואָלוציאָן. ער האָט דורכגעפיהרט אַ סך וויכטיגע רעפאָרמען אין פּאָר־טוגאַל גופא, אין בראַזיליען און אין דיא אַנדערע קאָלאָניעס. ער האָט רעאָרגאַ־ניזירט דיא פינאַנצען און געזוכט צו ענטוויקלען דיא אינדוסטריען און דעם

האנדעל. אויך האָט ער געזוכט צו פערשפּרייטען מעהר בילדונג, וואס עס האָט נאָך מעהר פערשארפט דעם קאמפּף, דורך וועלכען ער האָט זיך אונשטערבליך געמאכט, נעמליך דעם קאמפּף מיט דיא יעזואיטען, וועלכע זיינען געווען זעהר מעכטיג אין פּאָרטוגאל און בעזאָנדערס אין בראזיליען דורך זייערע בעריהמטע אינדיאַנער מיסיאָנען און וועלכע זיינען געווען דיא ביטערסטע געגנער פון זיינע רעפאָרמען און בכלל פון ליבעראלע אידעען. ער האָט ניט נור מוטהיג און ענערגיש בעקעמפפט דיא יעזואיטען, זאָנדערן ער האָט זיי אויך ארויסגע־יאָגט פון לאנד און קאָנפיסצירט זייערע גיטער. דערמיט האָט ער געצייגט א וועג אנדערע רעגיערונגען, וועלכע האָבען אויך אָנגעפאנגען צו אונטערדריקען דיזען געפעהרליכען אָרדען. מיר ווייסען שוין פון פריהערע קאפּיטלען (זעה דיא געשיכטע פון פּאראגוואי), אז דיא שפּאנישע רעגיערונג האָט פעריאָגט דיא יעזואיטען אפילו פון זייערע בעריהמטע מיסיאָנען, וואו זיי האָבען קאָמאנדע־ווט איבער צעהנדליגע טויזענדע אינדיאַנער (דיא זאָ־גענאנטע יעזואיטישע רעפּובליק).

מארקיז דע פּאָמבאל האָט ניט נור בעפוילען ארויסצויאָגען דיא יעזואיטען פון זייערע מיסיאָנען און אפילו שולען, זאָנדערן ער האָט אויך אָנגענומען מיטעל געגען דיא פערשקלאַוואונג פון אינדיאַנער. זיין אטאקע אויף דיא יעזואיטען אין בראזיליען האָט זיך צוערשט אָנגעפאנגען אין דיא פּראָווינצען מאראַנהאָאָ און פּארא, וואוהין זיי זיינען פעריאָגט געוואָרען פון זייערע אלטע שונאים, דיא פּאוליסטאַס, וויא מיר ווייסען עס שוין. נאכהער האָט ער גענומען זיי יאָגען פון אנדערע בראזיליאנער פּראָווינצען און אויך פון פּאָרטוגאל. אין דיא זידליכע געגענדען פון בראזיליען, ספּעציעל אין סאַאון פּאולאָ, זיינען שוין דאן געווען זעהר ווייניג יעזואיטען. דיא פּאוליסטאַס האָבען זיך אָבער בענוצט מיט פּאָמבאל׳ס בעפעהלען, אום צו צושטערען דיא יעזואיטישע מיסיאָנען אפילו אין דיא שפּאנישע געגענדען, בעזאָנדערס אין אורוגוואי.

אין 1777, ווען קעניג יאָזעף איז געשטאָרבען, איז באלד געקומען א סוף צו דער רעגיערונג פון דיזען גרויסען שטאאטסמאן. עס פערשטעהט זיך, אז אזא רעגיערער האָט געהאט א סך ביטערע שונאים. אונטער דער לייטונג פון דיא יעזואיטען, וועלכע האָבען איהם געהאסט וויא דעם טויט, האָבען זיך פער־אייניגט געגען איהם אלע רעאקציאָנערען. זיי האָבען נור געווארט אויף א געלעגענהייט צו ברעכען זיין מאכט, און דיזע געלעגענהייט איז געקומען נאָך דעם טויט פון דעם קעניג, וועלכער האָט זיך געפונען פּאָלשטענדיג אונטער זיין איינפלוס. דיא רעאקציאָנערען האָבען שוין אָבער ניט געקענט אָבשאפען דיא

רעפארמען, וועלכע ער האט איינגעפיהרט, און טרייבען צוריק צו דער אלטער ארדנונג. דאס איז דאך שוין געווען נאך דער ערקלערונג פון דער אונאבהענגיג־קייט פון דיא פעראייניגטע שטאאטען פון נארד־אמעריקא און מיט א יאהר צוועלף פאר דער צערשטערונג פון דער באסטיליע. עס האבען זיך דאן גע־לאזט הערען אויך אין פארטוגאל דיא דונערען פאר דער גרויסער פראנצויזישער רעוואלוציאן.

אונטער פאמבאל׳ס רעגיערונג איז דיא בעפעלקערונג פון בראזיליען גע־שטיגען ביז צוויי מיליאן און אלע פראווינצען האבען אויפגעלעבט. ריא דע זשאנעירא האט געצעהלט 50 טויזענד און באהיא 40 טויזענד נפשות. אין דער פראווינץ מינאס זשעראעס האבען זיך געפונען ארום 500 טויזענד איינ־וואהנער, מייסטענס אין דיא ערטער, וואו מען האט געפונען גאלד און דיא־מאנטען. אאורא פרעטא, דיא הויפט־שטאדט פון דיזע אונגעהייער רייכע מי־נעראל־געגענדען, איז געווארען א צענטער ניט נור פון אינדוסטריע און האנדעל, זאנדערן אויך פון בילדונג און אויפקלערונג. דיא גרעסטע פאעטען און שריפט־שטעלער פון בראזיליען זיינען גראדע אויפגעקומען אין דיזען נייען צענטער. דארטען האבען זיך אויך בעוויזען דיא ערשטע פרייהייטס־קעמפפער, דיא ער־שטע און בעסטע שילער פון דיא פראנצויזישע פילאזאפען און פריידענקער. אין 1785 האבען אייניגע יונגע בראזיליאנער, וועלכע האבען שטודירט אין אוניווערזיטעט פון קאימברא אין פארטוגאל און האבען דארטען געלעזען דיא ווערק פון וואלטער און פון אנדערע פראנצויזישע פריידענקער, געמאכט א פער־שווערונג אין אאורא פרעטא, אום איינצופיהרען א רעפובליק אין בראזיליען. זיי האבען געטרוימט נאכצופאלגען דעם ביישפיעל פון דיא אמעריקאנער קא־לאניסטען, און איינער פון זיי האט געשריעבען צו טהאמאס דזשעפערסאן, וועל־כער איז דאן געווען דער געזאנדטער פון יונייטעד סטייטס אין פאריז, און ביי איהם געבעטען הילפע. דער גרויסער פערפאסער פון דער ערקלערונג פון אונ־אבהענגיגקייט האט זיי געענטפערט, אז זיי קענען נור ערווארטען הילפע פון פרעמדע, ווען זיי אליין וועלען אנפאנגען א רעוואלוציאן.

דיזע פערשווערונג איז אבער באלד ענטדעקט געווארען, און דער הויפט־פיהרער, אן אפיציער, וואס האט געקראגען דיא צונעמענעס טיראדענטעס (מיינט: צייהן־ציהער), איז געהאנגען געווארען און דיא אנדערע זיינען פער־שיקט געווארען נאך אפריקא.

דאס איז געווען דער איינציגער פערזוך אין בראזיליען צו ענדע פון 18טען יאהרהונדערט אבצושאפען דיא הערשאפט פון פארטוגאל. דיא קאלאניעס האבען גראדע געמאכט גרויסע עקאנאמישע פארטשריטע, אבער אין בילדונג זיינען זיי געווען זעהר הינטערשטעליג. א גאנץ קליינע צאהל האבען געקענט

לעזען און שרייבען. דיא בראזיליאנער האָבען פערקעהרט כמעט אויסשליסליך מיט זייער מוטערלאנד. זיי זיינען דאן געוועז כמעט אָבגעשלאָסען פון דער זייטיגער וועלט, זאָ דאָס אפילו דער וועלט־איבערקעהרענדער שטורם פון דער גרויסער פראנצויזישער רעוואָלוציאָן האָט זיי גאנץ וועניג אָנגעריהרט ביז צו דער צייט פון דיא נאפּאָלעאָנישע מלחמות, וועלכע האָבען געמאכט אן איבער־קעהרענעס אין פּאָרטוגאל גופא אזוי וויא אין שפּאניען. דיזע איבערקעהרענעס האָט געפיהרט צו דער עטאבלירונג פון אן אימפּעריע אין בראזיליען, דיא איינ־ציגע אין דער נייער וועלט, וויא מיר וועלען עס זעהען אין נעכסטען קאפּיטעל.



## פיערטער קאפיטעל.

# דיא מאָנאַרכיע און דאָם פעדראָ דער ערשטער

צו ענדע פון 18טען יאָהרהונדערט, ווען אַלע קעניגע פון אייראָפּא האָבען זיך פערבונדען צו דערשטיקען אין בלוט דיא פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן, איז אויך יאָהאַן (פּאָרטוגעזיש אויסגעשפּראָכען: זשאָאַון), דער רעגענט פון פּאָרטוגאַל, צוגעטראָטען צו דיזען "היילינען בונד". ער האָט זיך דערשראָקען פאר דיא ליבעראַלע פּארטיי, וועלכע איז אָנגעשטעקט געוואָרען מיט דיא רעוואָלוציאָנערע אידעען פון פראַנקרייך, און אין 1793 האָט ער געשלאָסען אַ בונד מיט דעם שפּאַנישען קעניג געגען דיא פראַנצויזישע רעפּובליק און אויך געשיקט 5000 סאָלדאַטען צו שטיצען דיא שפּאַנישע אַרמעע און קריעגס-שיפען צו העלפען דיא ענגלישע פלאָטע געגען פראַנקרייך אין מיטעללענדישען מעער.

אַזוי איז עס פּאָרטוגאַל אריינגעשלעפּט געוואָרען אין אַ מלחמה מיט פראַנקרייך, וועלכע האָט געפיהרט צו זעהר טרויעריגע רעזולטאַטען פאר דיא פּאָרטוגעזישע נאַציאָן און בעזאָנדערס פאר דיא קעניגליכע פאַמיליע. עס האָט ניט פיעל געפעהלט, אַז פּאָרטוגאַל זאָל גאָר אויפהערען צו זיין אַן אונאבהענגיגע מדינה. אין 1797 האָט דיא שפּאַנישע רעגיערונג, וועלכע האָט געשלאָסען פריעדען מיט דער פראַנצויזישער רעפּובליק און ערקלערט קריעג צו ענגלאַנד, אָבגעמאַכט אין געהיים מיט דעם פראַנצויזישען געזאַנדטען אין מאַדריד, אַז פּאָרטוגאַל זאָל צוטהיילט ווערען. דער רעגענט פון פּאָרטוגאַל האָט דאַן אַפּעלירט צו ענגלאַנד נאָך הילפע, און דיא ענגלישע רעגיערונג האָט איהם געשיקט אַן אַרמעע פון 6000 מאַן און אויך אַ געוויסע סומע געלד. אָבער נאַפּאָלעאָן האָט זיך מיט איהם אָבגערעכענט אין 1801, ווען אַ פראַנצויזישע אַרמעע האָט זיך אַריינגעריסען אין פּאָרטוגאַל דורך שפּאַניען. דאָס יאָהאַן האָט געמוזט אונטערשרייבען נאַפּאָלעאָן'ס פאָרדערונג צו פערשליסען אַלע פּאָרטוגעזישע פּאָרטען פאר ענגלישע שיפען און דערצו נאָך זיך פערפליכטען צו צאָהלען אַ קאָנטריבוציע פון 20 מיליאָן פראַנק.

דיא פּאָרטוגעזישע רעגיערונג האָט זיך דאַן געפונען צווישען צוויי פייערען: דיא ענגלישע פלאָטען און דיא פראַנצויזישע אַרמעען. דיא עקאָנאָמישע און

פּאָליטישע אינטערעסען פון פּאָרטוגאַל האָבען איהר געטריבען צו אַ פערבאַנד מיט ענגלאַנד; אָבער זיא האָט געציטערט פאַר נאַפּאָלעאָן׳ס אַרמעען. אין 1806, ווען נאַפּאָלעאָן האָט אַרויסגעלאָזען זיין בעריהמטען בעפעהל צו אַלע רע־גיערונגען אין אייראָפּאַ, אַז זיי זאָלען ניט אַריינלאָזען אין זייערע פּאָרטען ענג־לישע שיפען, און דיא פּאָרטוגעזישע רעגיערונג האָט זיך ענטזאָגט צו פאָלגען, האָט ער געשלאָסען אַ געהיימען אָבמאַך מיט שפּאַניען וועגען דיא צוטהיילונג פון פּאָרטוגאַל און האָט געשיקט אין 1807 אַן אַרמעע פון 30,000 פראַנצויזישע סאָלדאַטען מיט אַ טהייל פון דער שפּאַנישער אַרמעע אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל זשונאָ צו פערנעהמען ליסבאָן. אָבער בשעת נאַפּאָלעאָן׳ס גענעראַל איז אַריין מיט זיין אַרמעע אין דער פּאָרטוגעזישער הויפּט־שטאָדט, האָבען זיך שוין דער רעגענט מיט דער משוגע׳נער קעניגין, מיט דער גאַנצער קעניגליכער פאַמיליע, מיט דעם קעניגליכען הויף, מיט דיא העכסטע אַריסטאָקראַטישע פאַ־מיליעס, מיט דיא הויכע בעאַמטע, מיט גענעראַלען, אַדמיראַלען, אָפיציערען, צוזאַמען אַרום פופצעהן טויזענד פּערזאָן, וויא אויך מיט דיא גאָלד, זילבער, ציערונג און פערשיעדענע טהייערע זאַכען, וואָס מען האָט געקענט צוזאַמענ־שלעפּען אין איילענעס, געפּונען אויף פּאָרטוגעזישע און ענגלישע שיפען, וועל־כען האָבען פערלאָזען דעם פּאָרט, אום צו מאַכען אַ רייזע נאָך בראַזיליען.

דיזע אַנטלאָפענע רעגיערונג מיט דיא קרוין־טרעגער און מיט דער קרוין, וועלכע מען האָט נאַטירליך ניט פערפעהלט מיטצונעהמען, איז צוערשט אָנגעקו־מען אין באַהיאַ, וואו דיא בעפעלקערונג האָט אויפגענומען דעם רעגענט מיט גרויס שמחה. דיא איינוואָהנער האָבען גערעכענט, אַז ער וועט אויסקלייבען באַהיאַ פאַר זיין הויפּט־שטאָדט. זיי האָבען איהם זעהר פיעל געבעטען דאָס צו טהאָן, אָבער זיינע ראַטהגעבער האָבען בעשלאָסען אויסצופיהרען ביז׳ן סוף דעם פּלאַן פון דיזער אויסוואַנדערונג און מאַכען ריאָ דע זשאַנעיראָ פאַר דיא קעניגליכע הויפּט־שטאָדט. דיא איינוואָהנער פון ריאָ דע זשאַנעיראָ האָבען אויך אויפגענומען דיא קעניגליכע פאַמיליע מיט שמחה און האָבען זיך געריסען צו צייגען זייער טרייהייט צום רעגענט.

אזוי איז געווען דער אָנפאַנג פון דער מאָנאַרכיע אין בראַזיליען. דער ערשטער און דער וויכטיגסטער אַקט פון דעם רעגענט איז געווען צו עפענען דיא בראַזיליאַנער פּאָרטען פאַר דעם האַנדעל מיט אַלע נאַציאָנען. דאָס האָט באַלד געפיהרט צו אַ גרויסער עקאָנאָמישער אויפלעבונג פון אַלע פּראָווינצען, וועלכע זיינען שוין דאַמאָלס געווען אַכצעהן אין צאָהל, כמעט אזוי וויא היינט (דיא בראַזיליאַנער רעפּובליק בעשטעהט פון צוואַנציג סטייטס און פון דעם פעדעראַל דיסטריקט מיט דער הויפּט־שטאָדט ריאָ דע זשאַנעיראָ). דער רע־גענט, וועלכער איז אָפיציעל געוואָרען קעניג אונטער דעם נאָמען יאָהאַן דער זעקסטער נאָך דעם טויט פון דער משוגע׳נער קעניגין מאַריאַ דיא ערשטע, האָט

אויך געלאָזט אויסלענדער, ספעציעל ענגלענדער, צו עטאבלירען פאבריקען און עפענען געשעפטען אין לאנד. ער האָט בכלל געהאנדעלט אין ריאָ דע זשאנעיראָ אזוי וויא ער וואָלט זיך געפונען אין ליסבאָן.

דאָס איז געוועזען גאנץ נאטירליך. אזוי וויא פּאָרטוגאל האָט זיך געפונען אונטער דער קאָמאנדע פון פראנצויזען, איז דיא בראזיליאנער הויפּט־שטאָדט געוואָרען דער צענטער פון דער פּאָרטוגעזישער מלוכה. עס וואָלט דאָך געווען פּשוט א משוגעת ניט אריינצולאָזען אויסלענדישע שיפען אין בראזיליאנער פּאָר־טען און אָנצוהאלטען דאָרטען דיא אלטע מאָנאָפּאָלען און איינפיהרונגען צו גונסטען פון פּאָרטוגעזישע פּאָרטען, וואו פרעמדע האָבען געהערשט.

בראזיליען האָט שוין צו יענער צייט געהאַט איבערגעיאָגט פּאָרטוגאל אויך אין בעפעלקערונג. ניט רעכענענדיג דיא ווילדע אינדיאנער, האָבען זיך דאָרטען געפונען ארום דריי מיליאָן נפשות, פון וועלכע א דריטעל זיינען געווען שווארצע שקלאַווען און א דריטעל בעפרייטע נעגער און מולאטאָס. דיא צאָהל פון דיא ווייסע (מעסטיזאָס אריינגערעכענט) אין אלע פּראָווינצען איז געווען ארום א האלבען מיליאָן. אין פערלויף פון 19טען יאָהרהונדערט איז דיא פּראָ־פּאָרציע פון ווייסע געשטיגען ספּעציעל דורך איינוואנדערונג פון אייראָפּאָ. דיזע איינוואנדערונג האָט זיך אָנגעפאנגען מיט דעם אריבערקומען פון דער קע־ניגליכער פאמיליע נאָך ריאָ דע זשאנעיראָ.

דיא אייראָפּעאישע לענדער האָבען ניט פּרובירט אריינצומישען זיך אין דער רעגיערונג פון בראזיליען. זיי זיינען פערנומען געווען מיט זייערע אייגענע מלחמות. נאפּאָלעאָן האָט זיך גאָר ניט געקימערט וועגען דעם פּאָרטוגעזישען קעניג אין בראזיליען. ער וואָלט ניט געקענט צוקומען אהין, ווען ער וואָלט עס פּרובירט, ווייל דיא זיעגרייכע ענגלישע פלאָטע וואָלט איבערגעהאַקט דעם וועג זיינע שיפען. דיא בראזיליאנער האָבען זיך גאָר בענוצט מיט דער גע־לעגענהייט צו פערכאַפּען דיא פראנצויזישע קאָלאָניע אין גוויאנא. אן עקספּע־דיציע, וואָס איז ארויסגעשיקט געוואָרען פון פּארא אין 1808, האָט פערנומען קאיען, דיא הויפּט־שטאָדט פון דער פראנצויזישער גוויאנא; אָבער נאָך דעם וויענער קאָנגרעס אין 1814 איז דיזע קאָלאָניע צוריקגעקעהרט געוואָרען צו פראנקרייך.

דיא קעניגליכע רעגיערונג פון בראזיליען האָט זיך אויך געוואָלט בענוצען מיט דיא רעוואָלוציאָנען, וועלכע האָבען אויסגעבראָכען אין אלע שפּאנישע קאָ־לאָניעס אין 1810, וויא מיר וועלען עס שוין פון פריהער, אום צו פערכאַפּען נעגענדען אין אורוגוואי און ארגענטינע; אָבער דאָס האָט נור געפיהרט צו אומזיסטע בלוט־פערגיסונגען און אויסגאַבען. דיא ארגענטינער צוזאַמען מיט א טהייל פון דיא אורוגוואיער אונטער דער פיהרונג פון גענעראל ארטיגאס (זעה דיא געשיכטע פון אורוגוואי) האָבען שליסליך צושטערט דיא אמביציעזע

פלענער פון דאָם יאָהאַן צו פערשפּרייטען דיא טעריטאָריע פון בראַזיליען ביז דיא ברעגען פון ריא דע לא פּלאַטא.

דיא אויסגאַבען פון דער קעניגליכער רעגיערונג זיינען אַלץ געוואַקסען אין בראַזיליען אַזוי שנעל וויא אין פּאָרטוגאַל. דיא בראַזיליאַנער האָבען אַלץ מעהר אָנגעהויבען צו פיהלען דיא לאַסט פון דער אויפהאַלטונג פון אַ קעניגליכער פאַמיליע מיט אַ קלאַס פון אַריסטאָקראַטען און מיט אַ מאַסע בעאַמטע. דיא שטייער זיינען שנעל געשטיגען, אָבער דיא קעניגליכע קאַסע איז דאָך געבליבען פּוסט. דאָס האָט אַרויסגערופען אַלץ מעהר אונצופריעדענהייט און האָט פערשטאַרקט דיא בעוועגונג פאַר אַן אונאַבהענגיגע רעפּובליק. אין 1817 האָט אויסגעבראָכען אין פּערנאַמבוקאָ אַן אויפשטאַנד געגען דיא קעניגליכע רעגיערונג. ווען דער גובערנאַטאָר האָט געוואָלט אַרעסטירען דיא פיהרער פון דיא מאַסאָנישע לאָזשען און בכלל דיא יעניגע, וועלכע מען האָט פערדעכטיגט אין אַ רעוואָלוציאָנערע פערשוועהרונג. דיא סאָלדאַטען, מייסטענס בראַזיליאַנער, וועלכע מען האָט געשיקט צו אונטערדריקען דעם אויפשטאַנד, זיינען צוגעשטאַנען צו דיא רעבעלען. דער גובערנאַטאָר איז דאַן אַנטלאָפען, און דיא רעוואָלוציאָנערען האָבען אַרונטערגעריסען דעם פּאָרטוגעזישען פלאַג, פּראָקלאַמירט אַ קאָנסטיטוציאָן און ערוועהלט אַ פּראָוויזאָרישע רעגיערונג, וועלכע האָט אַרויסגעשיקט שלוחים אין דיא אַנדערע פּראָווינצען אָנצוקינדיגען וועגען דיא ערפאָלגרייכע רעוואָלוציאָן און אויפצומונטערען דעם עולם צו אַ קאַמפּף פאַר אַ רעפּובליק.

נור דיזע רעוואָלוציאָן איז שנעל אונטערדריקט געוואָרען. פון איין זייט האָבען זיך דיא שקלאַווען־האַלטער, רייכע פּלאַנטאַטאָרם און קויפלייטע, דערשראָקען פאַר דיא ראַדיקאַלען, וועלכע האָבען זיך געשטיטצט אויף דעם וועג פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן; פון דער אַנדער זייט האָט אַ קעניגליכע פלאָטע, וואָס איז אַרויסגעשיקט געוואָרען פון באַהיא, בלאָקירט דעם פּאָרט פון פּערנאַמבוקאָ. דיא רעוואָלוציאָנערען האָבען נאָך דערצו קיין צייט געהאַט צו בעקומען געוועהר, זאָ דאָס זיי האָבען זיך געמוזט אונטערגעבען, ווען דיא שטאָדט איז אַרומגערינגעלט געוואָרען פון דיא באַטאַליאָנען, וועלכע זיינען געבליבען טריי צום קעניג. דיא געפאַנגענע הויפּט־פיהרער האָט מען הינגעריכטעט נאָך טויט־אורטהיילען פון אַ פעלד־געריכט, און אַ פּאָאַר הונדערט רעפּובליקאָנער זיינען אָוועקגעפיהרט געוואָרען אויף שיפען נאָך באַהיא, וואו זיי זיינען געבליבען אין געפאַנגענשאַפט ביז 1820, ווען עס זיינען פאָרגעקומען פּאָליטישע איבערקעהרעניסען צוערשט אין פּאָרטוגאַל און נאָכהער אין בראַזיליען.

דיא זריעה פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן, וועלכע איז איינגעפלאַנצט געוואָרען אויף דעם פּירענעאישען האַלב־אינזעל, איז אַלץ געוואַקסען ביז פער־

דינאנד, דער בורבאָנישער קעניג פון שפּאַניען, איז געצוואונגען געווען צו אָנער־קענען אַ ליבעראַלע קאָנסטיטוציאָן אין 1820. דאָס האָט ווידער אויפגעמונטערט די פּאָרטוגעזישע פרייהייטס־קעמפּפער צו אַן אויפשטאַנד, וועלכער האָט זיך אָנגעפאַנגען צוערשט אין דער שטאָדט פּאָרטאָ, דעם צענטער פון ליבעראַליזם אין פּאָרטוגאַל, און וועלכער האָט שנעל זיך פערשפּרייט אין ליסבאָן, וואו עס איז עטאַבלירט געוואָרען אַ רעוואָלוציאָנערע כונטא, וועלכע האָט אַדאָפּטירט דיא שפּאַנישע קאָנסטיטוציאָן און צוזאַמענגערופען דיא קאָרטעסען (פּאַרלאַמענט).

ווען עס זיינען אָנגעקומען אין בראַזיליען נאַכריכטען וועגען דיזע איבערקעהרענעס אין פּאָרטוגאַל, איז דער עולם געשפּרונגען פון שמחה. פון אַלע זייטען האָט מען גענומען פאָדערען אַ קאָנסטיטוציאָן. אין פּאַראַ, פּערנאַמבוקאָ און ריאָ גראַנדע דאָ סול האָבען דיא סאָלדאַטען געמאַכט יד אחת מיט'ן פאָלק, דיא קעניגליכע גובערנאַטאָרען זיינען אַרונטערגעזעצט געוואָרען און דיא שפּאַנישע קאָנסטיטוציאָן איז אָנגענומען געוואָרען אַזוי וויא אין פּאָרטוגאַל. דאָס זעלבע האָט פּאַסירט אין באַהיא מיט אַ פּאָאָר מאָנאַט שפּעטער.

ווען דער קעניג האָט זיך אַרומגעזעהן, אַז זיין טהראָן שאָקעלט זיך אויך אפילו אין זיין בראַזיליאַנער הויפּט־שטאָדט, האָט ער אָנגעקינדיגט דורך אַ פּראָקלאַמאַציאָן, אַז ער וועט שיקען זיין עלטסטען זוהן דאָם פּעדראָ צו פערהאַנדלען מיט דיא קאָרטעסען און אַז ער וועט דערווייל אָננעהמען אייניגע פּונקטען פון דער קאָנסטיטוציאָן. נור דאָס פאָלק איז דערמיט ניט געווען צופריעדען און האָט פערלאַנגט ניט אַנדערס, אַז דער קעניג זאָל גלייך צוזאָגען, דאָס ער וועט אָנערקענען דיא קאָנסטיטוציאָן, וויא דיא פאָלקס־פערטרעטער אין דיא קאָרטעסען וועלען איהר פערפאַסען און אָננעהמען. דעם 26טען פעברואַר 1821 האָבען זיך גרויסע מאַסען צוזאַמענגעקליבען אין דיא גאַסען פון ריאָ דע זשאַנעיראָ צו צווינגען דעם קעניג נאָכצוגעבען זייער פערלאַנג וועגען אַ קאָנסטיטוציאָן. ער האָט זיך בעהאַלטען אין איינעם פון זיינע פּאַלאַצען, ציטערענדיג צו פערלירען ניט נור זיין קרוין, זאָנדערן אויך זיין קאָפּ; נור זיין עלטסטער זוהן פּעדראָ, וועלכער האָט געהאַט מעהר שכל און מוטה פאַר איהם, האָט געשוואָרען אין נאָמען פון דער גאַנצער קעניגליכער פאַמיליע, אַז דיא ערוואַרטעטע ליבעראַלע קאָנסטיטוציאָן וועט אָנגענומען ווערען, און אַ מענגע האָט זיך דאַן אַ לאָז געטהאָן מיט פריידע־געשרייען צום קעניג'ס פּאַלאַץ אויסצודריקען איהם דאַנקבאַרקייט פון פאָלק. מען האָט דעם קעניג אַרויסגעשלעפּט, אַריינגעזעצט אין אַ קאַרעטע און אַרומגעשלעפּט אין טריאומף איבער דיא גאַסען. ער האָט אָבער געמיינט, אַז מען וויל איהם מאַכען מיט אַ קאָפּ קירצער, וויא דעם פראַנצויזישען קעניג לודוויג דעם זעכצעהנטען, און איז פון שרעק געפאַלען פשוט אין אונמאַכט.

דער פאַקטישער רעגיערער פון בראַזיליען איז דאַן געוואָרען דער קרוינ־
פרינץ דאָם פעדראָ, וועלכער האָט אַליץ געזוכט צו צייגען, אַז ער איז א ליבעראַל.



דאָם פעדראָ דער ערשטער

ער איז געוועזן שעהן, עלעגאַנט, מוטהיג, אַמביציעז, אָבער אויך געוויסענלאָז,
דעמאַגאָגיש און אונוויסענד (ער האָט אפילו זיין מוטערשפּראַך ניט געקענט שרייי־

בען גראַמאַטיקאַליש). מיט זיינע אויסערליכע מעלות האָט ער שנעל צוגעצויגען צו זיך אַלע קלאַסען פון פאָלק. ער האָט אינטריגירט געגען זיין פאָטער, וועמען ער האָט פיינט געהאַט. אום צו ווערען אויך אָפיציעל דער אויבערהאַר פון בראַזיליען, האָט ער צוגערעדט זיין פאָטער אַוועקצופאָהרען נאָך ליסבאָן און עפענען דאָרטען דיא קאָרטעסען אַלס קאָנסטיטוציאָנעלער מאָנאַרך. פאַר זיין אָברייזע האָט דאָם יאָהאַן געזאָגט צו זיין קרוינפּרינץ, וועמען ער האָט געלאָזען אַלס רעגענט פון בראַזיליען: "איך האָב מורא אַז בראַזיליען וועט זיך אין אַ קורצער צייט אַרום אָבטהיילען פון פאָרטוגאַל; אין אַזאַ פאַל זעץ אַרויף דיא קרוין אויף דיין קאָפּ, אַנשטאָט צו לאָזען איהר פאַר אַ פרעמדען".

דאָס האָט פּאַסירט פיעל שנעלער, ווי ער האָט גערעכענט. צווישען דיא דעפּוטאַטען פון פאָרטוגאַל און פון בראַזיליען האָבען זיך גלייך אָנגעפאַנגען רייסעדייען. ווען דיא בראַזיליאַנער דעפּוטאַטען זיינען אָנגעקומען אין ליסבאָן, האָבען זיי געפונען, אַז דיא קאָרטעסען זיינען ערעפענט געוואָרען און אַז דיא פאָרטוגעזישע דעפּוטאַטען האָבען געהאַנדעלט עפּעס אַזוי וויא בראַזיליען וואָלט געווען אַ קליינע און שוואַכע קאָלאָניע. דאָס האָט זיי נאַטירליך שטאַרק פערדראָסען און דאָס איז געווען דער אָנפאַנג פון דער שפּאַלטונג, וועלכע האָט שנעל געפיהרט צו דער גרינדונג פון דער בראַזיליאַנער אימפּעריע אונטער דאָם פעדראָ. דיא פאָרטוגעזישע מיטגליעדער פון דיא קאָרטעסען האָבען געקוקט פון אויבען אַראָב אויף דיא בראַזיליאַנער. זיי האָבען געהאַלטען, אַז זיי האָבען אַ רעכט צו בעשטימען, וויא אַזוי דיא קאָלאָניעס דאַרפען פערוואַלטעט ווערען. זיי זיינען בכלל געווען צענטראַליסטען.

אין דעצעמבער 1821, ווען מען האָט געקראָגען אין בראַזיליען נאַכריכטען וועגען אַזעלכע צענטראַליסטישע בעשטימונגען פון דיא קאָרטעסען אין ליסבאָן, וויא דיא אָבשאַפונג פון דיא פראָווינציעלע כונטאַס און פון דעם אַפּעלאַציאָנסגעריכט אין ריאָ דע זשאַנעיראָ, וויא דער בעפעהל, אַז דאָם פעדראָ זאָל גלייך קומען נאָך פאָרטוגאַל, האָט אויסגעבראָכען אַ שטורם מיט פּראָטעסטען אין גאַנצען לאַנד. פון אַלע זייטען האָט מען אָנגעפאַנגען צו פאָדערען אונאַבהענגיגקייט. דעפּוטאַציאָנען זיינען געשיקט געוואָרען צו דאָם פעדראָ, אַז ער זאָל ניט פאָלגען דיא קאָרטעסען און זאָל בלייבען צוזאַמען מיט דעם בראַזיליאַנער פאָלק. דיא אַלטע פּראָווינץ סאַאון פּאַולאָ איז אַרויסגעטראָטען פאָרויס אין דיזער בעוועגונג פאַר אונאַבהענגיגקייט. אונטער דער לייטונג פון דיא צוויי ברידער אַנדראַדאַ איז דאָרטען געגרינדעט געוואָרען אַ רעוואָלוציאָנערע כונטאַ מיט דעם צוועק אויפצומונטערען און צו שטיצען דאָם פעדראָ אין אַן אָפענעם קאַמפּף געגען דיא קאָרטעסען און איבערהויפּט געגען פאָרטוגאַל. איינער פון דיא אַנדראַדאַס, זשאָזע באָניפאַציאָ, אַ זעהר געבילדעטער און פעהיגער מאַן, האָט אַפּעלירט צום בראַזיליאַנער פאָלק אין אַ פייערדיגען אויפרוף געגען דיא

דיקטאַטאָרישע האנדלונגען פון דיא פּאָרטוגעזישע דעפּוטאַטען, און דאָס האָט אונטערגעיאָגט דיא בראַזיליאַנער פּאַטריאָטען אין ריאָ דע זשאַנעיראָ און אין אַנדערע גרעסערע שטעדט צו קעמפּפען פאַר אונאַבהענגיגקייט.

ווען דאָם פּעדראָ האָט געזעהן, אַז ער קען זיך פערלאָזען אויף דער שטיצע פון בראַזיליאַנער פאָלק, האָט ער אין יאַנואַר 1822 עפענטליך ערקלערט, אַז ער וועט בלייבען אין בראַזיליען. אַ נייע רעגיערונג איז דאַן אויפגעקומען אין



זשאָזע באָניפאַציאָ דע אַנדראַדאַ

ריאָ דע זשאַנעירא, און זשאָזע באָניפאַציאָ דע אַנדראַדאַ איז געוואָרען דער הויפּט־מיניסטער. נור דיא פּאָרטוגעזישע גאַרניזאָנען אין אייניגע פּאָרטען, ספּעציעל אין באַהיאַ און אין פּערנאַמבוקאָ, האָבען זיך ענטזאָגט צו אַנערקענען דיזע רעגיערונג, אָבער דיא איינוואָהנער האָבען געצוואונגען דיזע סאָלדאַטען זיך אונטערצוגעבען. דאָם פּעדראָ און זיינע ראַטהגעבער האָבען געוואַרט מיט דער אָפענער ערקלערונג פון אונאַבהענגיגקייט ביז דיא בראַזיליאַנער מיטגליע־דער פון דיא קאָרטעסען וועלען זיך צוריקציהען. מען האָט נאָך אַלץ געהאָפט

אויף אן אויסגלייך, טאָמער וועלען דיא פּאָרטוגעזישע דעפּוטאַטען קליגער ווערען און נאָכגעבען דיא פאָרדערונגען פון דיא בראזיליאַנער וועגען זעלבסט-פערוואַל־טונג. אָבער אַזוי וויא פון ליסבאָן האָט מען ארויסגעשיקט סאָלדאטען צו פערשטארקען דעם פּאָרטוגעזישען גארניזאָן אין באהיא און קריעגס-שיפען נאָך ריאָ דע זשאַנעירא, אום צו ברענגען מיט געוואַלט דעם קרוינפּרינץ דאָם פּעדראָ, האָט ער אָנגענומען דעם טיטול "אייביגער פערטהיידיגער און בעשיצער פון פּאָרטוגאַל", וואָס עס האָט פאַקטיש געמיינט קעניג, און איז אַוועק אין דער פּראָווינץ סאַאון פּאַולאָ, אום צו זיין זיכער געגען דיא פּאָרטוגעזישע שיפען און צו אָרגאַניזירען דאָרטען אַן אַרמעע. אין סאַאון פּאַולאָ איז דעם 7טען סעפּטעמבער 1822 פאָרמעל ערקלערט געוואָרען דיא אונאַבהענגיגקייט פון בראַ־זיליען, און דעם נעכסטען מאָנאַט, ווען דאָם פּעדראָ איז צוריקגעקומען אין ריאָ דע זשאַנעירא, איז ער שוין פּראָקלאַמירט געוואָרען מיט גרויס ענטהוזיאַזם אַלס דער "קאָנסטיטוציאָנעלער קייזער פון בראַזיליען".

דיא נייע קייזערליכע רעגיערונג אונטער דער לייטונג פון אנדראַדאַ האָט גלייך אָנגענומען ענערגישע מיטעל צו פעריאָגען דיא פּאָרטוגעזישע גארניזאָנען פון באַהיאַ, מאַראַנהאַאָ, פּאַראַ און מאָנטעווידעאָ (אורוגוואַי), וואָס עס איז געלונגען אויסצופיהרען דעם נעכסטען יאָהר. אונטער דער קאָמאַנדע פון דעם בעריהמטען ענגלישען אדמיראַל לאָרד קאָטשרעין האָט אַ בראַזיליאַנער פלאָטע אַטאַקירט דיא פּאָרטוגעזישע קריעגס-שיפען און געהאָלפען דיא פּאַטריאָטישע בראַזיליאַנער אַרמעע צו צווינגען דעם לעצטען פּאָרטוגעזישען גארניזאָן אין באַהיאַ זיך אונטערצוגעבען. צו ענדע פון 1823 איז שוין קיין איינציגער פּאָר־טוגעזישער סאָלדאַט ניט פערבליבען אויף דעם באָדען פון בראַזיליען, וועלכע איז געוואָרען אַ בעזונדערע מלוכה.

אָבער באַלד האָט זיך אָנגעהויבען אַ רעפּובליקאַנישע בעוועגונג. דאָם פּעדראָ האָט קיין מאָל ניט געמיינט צו זיין אַ קאָנסטיטוציאָנעלער מאָנאַרך. דיא קאָנסטיטוציאָן, וועלכע איז פערפאַסט געוואָרען פון אנדראַדאַ, איז געווען זעהר אַ ליבעראַלע, אָבער זיא איז געבליבען אַ פּאַפּיערענע. דאָם פּעדראָ האָט זיך געפיהרט וויא אַן אַבסאָלוטער קעניג און זיך געשטיצט מייסטענס אויף דער אַרמעע. ער האָט פעריאָגט דיא אַנדראַדאַס און אַנדערע ליבעראַלען און האָט אויסגעקליבען מיניסטאָרען עפּעס אַזוי וויא עס וואָלט גאָר ניט עקזיס־טירט אַ קאָנסטיטוציאָן מיט אַ קאָנגרעס. פון אַ פעראַנטוואָרטליכען מיניסטע־ריום לויט דיא פּאָרשריפטען פון דער קאָנסטיטוציאָן האָט ער גאָר ניט געוואָלט וויסען.

דארום האָט שוין אין יולי 1824 אויסגעבראָכען אַן אויפשטאַנד אין פּער־נאַמבוקאָ, וואו דער גייסט פון דער רעוואָלוציאָן פון 1817 איז נאָך ניט אָב־געשטאָרבען. דיא רעוואָלוציאָנערען דאָרטען האָבען געוואָלט גרינדען אַ פּע־

דעראַטיווע רעפּובליק פון דיא עקוואַטאָריעלע פּראָווינצען אונטער דעם נאָמען "קאָנפעדעראַציאָן פון עקוואַטאָר". אַלס מוסטער האָבען זיי אויסגעקליבען דיא קאָנפעדעראַציאָן פון קאָלאָמביא, ווענעצועלא און עקוואַדאָר, וואָס דער ליבעראַטאָר באָליוויאר האָט געשאַפען (זעה דיא געשיכטע פון דיזע רעפּוב־ליקען). דיזע רעוואָלוציאָן איז אָבער שנעל אונטערדריקט געוואָרען, און דאָס פּעדראָ האָט בעוויזען, אז ער קען אויך זיין אַ גרויזאַמער טיראַן. זיין מאַכט איז נאָכדעם גרעסער געוואָרען. אין 1825 האָט ער אויך אויסגעפיהרט, אז פּאָרטוגאַל זאָל אַנערקענען דיא אונאַבהענגיגקייט פון בראַזיליען. מען האָט דערביי דורכגעמאַכט אַזאַ צערעמאָניע: דאָס יאָהאַן, וועלכער האָט געקעניגט אין פּאָרטוגאַל, האָט זיך אויך ערקלערט פאַר דעם קייזער פון בראַזיליען, נור גלייך נאָכדעם האָט ער זיך אָבגעזאָגט צו גונסטען פון זיין זוהן דאָם פּעדראָ, וועלכער איז שוין פאַקטיש געווען דער קייזער פון בראַזיליען.

נור אַזוי וויא דאָם פּעדראָ האָט זיך שטאַרק גענויטיגט אין געלד צו דעקען דיא אַלטע חובות, וועלכע זיינען פערגרעסערט געוואָרען דורך דעם רעפּובליקאַ־נישען אויפשטאַנד אין פערנאַמבוקאָ, און צו פיהרען דיא מלחמה מיט אַרגענ־טינע צוליעב אורוגוואַי, האָט ער אין 1826 צוזאַמענגערופען אַ קאָנגרעס. ער האָט געמיינט צו געווינען דערמיט צוריק זיין פּאָפּולאַריטעט, אָבער ווען דיא דעפּוטאַטען זיינען זיך צוזאַמענגעקומען האָט זיך באַלד ארויסגעצייגט, אז זיי פיהלען זיך שטאַרקער פאַר דיא קייזערליכע רעגיערונג דורך דיא שטיצע פון פאָלק. זיי האָבען פערלאַנגט אַ פעראַנטוואָרטליכעס מיניסטעריום און האָבען עס אויך טהיילווייז אויסגעפיהרט. מען מעג זאָגען, אז דאָס איז געווען דער ערשטער אמת'ער פּאַרלאַמענט אין בראַזיליען. דאָם פּעדראָ האָט זיך געלאָזט בויגען אין דער האָפנונג, אז דער קאָנגרעס וועט נאָכגעבען זיינע פאָרדערונגען וועגען דיא פערגרעסערונג פון שטייער און וועגען בעוויליגען דיא סומען, אין וועלכע ער האָט זיך זעהר גענויטיגט, אָבער ווען ער האָט דערזעהן, אז ער קען עס ניט אויספיהרען, האָט ער אין 1829 אויפגעלייזט דיזען קאָנגרעס. ער האָט גערעכענט, אז אַ נייער קאָנגרעס וועט זיין מעהר געהאָרכזאַם; אָבער אויסגעלאָזען האָט עס זיך, אז ניט נור האָט ער דערמיט אויפגערעגט געגען זיך אַלע קלאַסען, זאָנדערן אז ער איז געצוואונגען געווען אין צוויי יאָהר אַרום צו רעזיגינירען צו גונסטען פון זיין פינף־יעהריגען זוהן, דעם קרוינפּרינץ פּעדראָ.

דיא ליבעראַלע אָדער קאָנסטיטוציאָנאַליסטישע פּאַרטיי אונטער דער לייַ־טונג פון זעהר פעהיגע און ענערגישע פיהרער, וויא דער פּאַרלאַמענטאַריסט וואַסקאָנסעלאָס און דער פּובליציסט עוואַריסטאָ דע וועיגאַ, דער רעדאַקטאָר פון אַ מערקווירדיג איינפלוסרייכער צייטונג, איז אַלץ שטאַרקער געוואָרען. מיט אויסנאַהמע פון דיא געבאָרענע פּאָרטוגעזער, מייסטענס מיליטאַריסטען און בעאַמטע (דאָם פּעדראָ איז אַלץ געווען מעהר פּאָרטוגעזער וויא בראַזיליאַ־

נער און האט פערטהיילט דיא מייסטע רעגיערונגס־פלעצער צווישען דיא פארטוגעזער, וואס עס האט נאטירליך פערדראסען דיא בראזיליאנער), זיינען דיא איינוואהנער פון דיא מייסטע פראווינצען געווען געגען דיא קייזערליכע רעגיערונג. אין אנפאנג פון 1831, ווען דאם פעדרא האט געוואלט צייגען, אז ער איז גאר אן אבזאלוטער מאנארך און האט אויסגעקליבען מיניסטארען צווישען דיא רעאקציאנערען, האט אויסגעבראכען אן אויפשטאנד אין ריא דע זשאנעירא. דיא רעוואלוציאן, וועלכע איז פארגעקומען אין פאריז אין יולי 1830 און וועלכע האט געמאכט א סוף פון דער בורבאנען־דינאסטיע אין פראנקרייך, האט געהאט א גרויסע ווירקונג אויף דיא בראזיליאנער אין זייער קאמפף פאר א קאנסטיטוציאנעלע רעגיערונג. ווען דאם פעדרא האט דערזעהן, אז ער קען זיך ניט פערלאזען אויף דיא סאלדאטען, האט ער ארויסגעלאזען א פראקלאמאציאן, אז ער ענטזאגט זיך פון דער קרוין צו גונסטען פון זיין זוהן. גלייך נאכדעם איז ער אבגעפאהרען אויף אן ענגלישע שיף נאך אייראפא.



פינפטער קאפיטעל.

# דיא אימפעריע אונטער דאָם פעדראָ דעם צווייטען

אזוי האָט זיך געענדיגט דיא הערשאפט פון דעם ערשטען בראזיליאנער קייזער. איינע פון דיא אורזאכען, וועלכע האָבען איהם בעוואָגען צו רעזיגני־רען, איז געווען, וואָס ער האָט געוואָלט ווערען דער הערשער פון פּאָרטוגאַל, וואו ער האָט געלאָזען זיין אינגערען ברודער דאָם מיגעל אַלס רעגענט. דאָס איז איהם געלונגען אין 1834 נאָך אַ זעהר ביטערען קאמפּף צווישען דיא רעאַק־ציאָנערען, וועלכע האָבען געשטיצט דעם אבסאָלוטיסט מיגעל, און דיא ליבע־ראַלען, וועלכע האָבען געשטיצט דאָם פעדראָ'ס טאָכטער און מיגעל'ס כלה, דיא צוקינפטיגע קעניגין. אין פערגלייך מיט זיין ברודער מיגעל איז דאָם פעדראָ געווען זאָגאר אַ ראַדיקאַל. אָבער אין עטליכע מאָנאט ארום נאָך זיין זיעג, ווען ער איז געוואָרען דער רעגענט פון פּאָרטוגאַל אין נאָמען פון זיין 15־יעהריגע טאָכטער מאריא דיא צווייטע, איז ער געשטאָרבען.

אין בראזיליען איז אין דערזעלבער צייט דער קאמפּף געפיהרט געוואָרען צווישען דיא קאָנסערוואַטאָרען, וועלכע האָבען געוואָלט אָנהאַלטען דיא מאָ־נארכיע, און דיא ראַדיקאַלען, וועלכע האָבען געוואָלט איינפיהרען אַ רעפּובליק. כמעט אין אַלע פּראָווינצען האָבען זיך אָנגעפאַנגען בלוטיגע צוזאַמענשטויסען צווישען דיא אַנהענגער פון דיזע פּאַרטייען גלייך נאָך דער אַברייזע פון פעדראָ דעם ערשטען. דער גלח פעיזשאָ, איינער פון דיא אַלטע דעמאָקראַטישע פיה־רער און יוסטיץ־מיניסטער, און אַנדערע צוויי מיניסטאָרען, וועלכע זיינען גע־וואָרען רעגענטען, האָבען ניט געקענט בערוהיגען דאָס לאַנד. ציוויל־קריעג האָט אויסגעבראָכען אין פערנאַמבוקאָ, פּאַראַ א. ז. וו. אין איינינע פּראָווינצען, בעזאָנדערס אין סעאַראָ און אין מינאַס זשעראַעס, האָבען זיך געפונען אַ סך אַנהענגער פון דאָם פעדראָ, וועלכע האָבען געפאָדערט, אַז ער זאָל צוריק־קומען. ערשט נאָך זיין טויט אין 1834 האָבען זיי זיך בערוהיגט.

צו דיא שטרייטען צווישען דיא מאָנארכיסטען און רעפּובליקאַנער זיינען צוגעקומען דיא שטרייטען צווישען צענטראַליסטען און פעדעראַליסטען. יעדע בראזיליאַנער פּראָווינץ האָט געקעמפּפט פאַר איהר אָטאָנאָמיע אזוי וויא דיא

פראווינצען אין ארגענטינע און אין אנדערע שפאניש־שפרעכענדע רעפובליקען. בראזיליען איז נור געווען אן אויסנאהמע אין דער לאטיינישער אמעריקא ספע־ציעל דערמיט, וואס זיא איז גאר געווארען א מאנארכיע, אבער איהרע פראווינצען האבען געוואלט האבען אטאנאמיע אזוי וויא אונטער א רעפובליק. אום אויס־צומיידען ווייטערע שפאלטונגען, אויפשטאנדען און בלוט־פערגיסונגען אין דיא פראווינצען, האבען דיא פיהרער פון דיא פארטייען געמאכט א קאמפראמיס און בעשלאסען ווייטער אנצוהאלטען דיא מאנארכישע פארם פון דער רעגיערונג.



דאם פעדרא דער צווייטער אין 1835

צוערשט האט מען אויסגעקליבען פאר א רעגענט דיא פרינצעסין זשאנואריא, דיא עלטסטע טאכטער פון דאם פעדרא דעם ערשטען, וועלכע איז דאן אלט געווען אכצעהן יאהר; אבער א קורצע צייט נאכדעם האט מען אויסגעפונען, דאס אזוי וויא דיא אימפעריע קען זיך געפינען אונטער דער הערשאפט פון א מיידעל פון אכצעהן יאהר, וועט שוין גלייכער זיין אויסצוקלייבען פאר א קייזער דעם קרוינפרינץ, ווען ער איז אלט געווארען פופצעהן יאהר. דאס איז אויסגעפיהרט געווארען דורך א בעשלוס פון קאנגרעס אין 1840. דער 15־יעה־

ריגער קרוינפּרינץ איז געוואָרען קייזער פון בראַזיליען אונטער דעם נאָמען דאָם פּעדראָ דער צווייטער.

דיזער פּעדראָ האָט זיך בעריהמט געמאַכט אין דער גאַנצער וועלט אַלס אַ ליבעראַלער און געלערענטער מאַן. אונטער זיין הערשאַפט, וועלכע האָט געדויערט אַ האַלבען יאָהרהונדערט, האָט בראַזיליען געמאַכט גרויסע פאָרטשריטע אין אַגריקולטור, אין האַנדעל, אין בעפעלקערונג און אויך אין בילדונג. טראָץ דיא פערשיעדענע אויפשטאַנדען אין דיא פּראָווינצען און דיא מלחמות מיט אַרגענטינע, אורוגוואַי און פּאַראַגוואַי, איז דיא בעפעלקערונג געשטיגען פון פינף מיליאָן אין 1840 ביז צעהן מיליאָן אין 1870. אין 1889, ווען דאָם פּעדראָ דער צווייטער האָט אויך געמוזט פערלאָזען בראַזיליען און ווען דיא רעפּובליק איז פּראָקלאַמירט געוואָרען, איז שוין דיא בעפעלקערונג געשטיגען ביז פופצעהן מיליאָן.

דער אינגעלשער קייזער האָט גלייך אַרויסגעוויזען פעהיגקייטען צו רעגירען. ער איז גאָר ניט געווען גראָטען אין זיין פאָטער. ער איז געווען זעהר פלייסיג און פלעגט פשוט שלינגען ביכער. מען האָט איהם געגעבען אַ גוטע ערציהונג, וועלכע ער האָט אויסגעבעסערט דורך זיינע אייגענע שטודיען. ער האָט אָבער קיין געגענשטאַנד ניט געקענט גרינדליך. ער פלעגט פאָלגען אַלס שילער און פלעגט זיך אויך לאָזען פיהרען פון זיינע ראַטהגעבער און מיניסטאָרען, אָבער אַלץ ביז אַ געוויסען גרענעץ, זאָ דאָס ער איז אויך געבליבען זעלבסטשטענדיג. זיינע מאַניערען זיינען געווען דעמאָקראַטישע. ער האָט געזוכט צו געווינען פּאָפּולאַריטעט אַלס דענקענדער מאַן און קאָנסטיטוטיאָנעלער מאָנאַרך. דאַרום האָט ער עס געקענט פערבלייבען אַ האַלבען יאָהרהונדערט אויף אַ טהראָן, וואָס האָט זיך שטענדיג געשאָקעלט. ער איז אויך געווען אַ טרייער מאַן צו זיין פרוי און אַ גוטער פאָטער. זיין צייט פלעגט ער אָבגעבען צו שטאַאטסאַנגעלעגענהייטען און צו זיינע ביכער. ער פלעגט אויסמיידען צערעמאָניעס און האָט זיך ווייניג געקימערט וועגען עטיקעטע. נור צייטענווייז, ווען ער האָט עס געוואָלט אָדער געפונען פאַר נויטיג, אום צו צייגען, אַז ער איז דאָך קייזער, האָט ער געקענט האַנדלען וויא אַ דיקטאַטאָר און אַ דעספּאָט.

ער האָט זיך אויך אינטערעסירט מיט אַנדערע לענדער און האָט אַרומגערייזט איבער אייראָפּאַ און יונייטעד סטייטס. דריי מאָל האָט ער בעזוכט אייראָפּעאישע לענדער. אין זיין צייט איז ער געווען איינער פון דיא בעקאַנטעסטע און פּאָפּולערסטע מענשען אין דער וועלט.

עס האָט גענומען אַ יאָהר אַכט ביז גאַנץ בראַזיליען האָט אַנערקענט דיא נייע קייזערליכע רעגיערונג. דער שטענדיגער קאַמפּף צווישען דיא ליבעראַלע און קאָנסערוואַטיווע פּאַרטייען האָט ניט איין מאָל געפיהרט צו אויפשטאַנדען און בלוט-פערגיסונגען אין דיא פּראָווינצען. אין איניגע פּראָווינצען, ספּעציעל

אין דיא גראנדע דא סול, וועלכע גרענעצט זיך מיט ארגענטינע און אורוגוואי, האט מען געקעמפפט געגען דיא מאנארכיע און געוואלט איינפיהרען זאגאר א בעזונדערע רעפובליק. דיא סעפאראטיסטישע בעוועגונג אין דיא גראנדע דא סול איז אונטערדריקט געווארען אין 1845 פון מארשאל קאקסיאס, וועלכער האט זיך אויסגעצייכענט אלס קאמאנדיר און אויך אלס שטאאטסמאן און וועלכער האט געהאט א גרויסען איינפלוס אויף דעם יונגען קייזער. אין אנדערע פראָווינצען, ספעציעל אין מינאס זשעראעס, וועלכע איז די גאנצע צייט געווען גענייגט צו א מאנארכיע, האבען דיא ליבעראלען געמאכט אן אויפשטאנד, אום צו בעפרייען דעם קייזער פון דיא קאנסערוואטיווע מיניסטארען, וועלכע האבען געוואלט דורכפיהרען א צענטראליסטישע קאנסטיטוציאן. ביסלעכווייז האבען דיא פראווינצען געוואונען אלץ מעהר אטאנאמיע און עס איז איינגעפיהרט געווארען א פעדעראלע רעגיערונגס־סיסטעם אונטער א קייזערטהום.



דאם פעדרא דער צווייטער אין 1889

דיא וויכטיגסטע פאסירונגען אין דער צייט פון דאם פעדרא דעם צווייטען'ס לאנגע מלוכה זיינען: דיא מלחמה מיט ארגענטינע אין 1852 ספעציעל צוליעב דעם, וואס איהר דיקטאטאר ראזאס האט געוואלט בעהערשען אויך אורוגוואי און פערווערען בראזיליאנער שיפען צו שווימען איבער דיא טייכען פאראנא, פאראגוואי און אורוגוואי (זעה דיא געשיכטע פון ארגענטינע); דיא לאנגע און אויסצעהרענדע מלחמה מיט דעם ווילדען פאראגוואיער דיקטאטאר פראנציסקא לאפעז (זעה דיא געשיכטע פון פאראגוואי), און דיא אבשאפונג פון דער נעגער־שקלאווערייַ.

דורך דיזע שקלאווערייַ, וועלכע האט אנגעהאלטען אין בראזיליען לענגער וויא אין אירגענד וועלכען אנדערען לאנד פון דער נייער וועלט, איז דאם פעדרא'ס רעגיערונג געקומען אין א צוזאמענשטויס מיט ענגלאנד נאך אין דיא פערציגער יאהרען. אין 1845 האט דער ענגלישער פארלאמענט אנגענומען דעם

זא־גענאנטען אבערדין אקט, וואס האט ערלויבט ענגלישע קריעגס־שיפען צו פאנגען שקלאווען־שיפען אפילו אין פרעמדע וואסערען. דערמיט האט ענגלאנד געציעלט ספּעציעל געגען בראזיליען, וואס איז דאן געבליבען אייגענטליך דער איינציגער שקלאווען־מארקעט. בּיסלעכווייז איז דיא בעוועגונג פאר דיא אב־שאפונג פון שקלאווערייא געווארען אלץ שטארקער אין אלע בראזיליאנער פּראָ־ווינצען. דיא ליבעראלען זיינען געווארען געשווארענע געגנער פון שקלאווערייא. מען האט געוואוסט, דאס פעדרא האט אויך געוואונשען, אז שקלאווערייא זאל אבגעשאפט ווערען, אבער ער האט זיך ניט געפיהלט גענוג מוטהיג און שטארק דאס אויסצופיהרען און האט אלץ גע־ווארט אויף א גינסטיגע געלעגענהייט.


קרוינפּרינצעסין איזאבעלא, דאס פעדרא'ס טאכטער.

אין 1848 האט מען נאך אימפּאָר־טירט ארום זעכציג טויזענד נעגער־שקלאווען אין בראזיליען. אבער דיא ענגלישע קריעגס־שיפען האבען גענוי־מען אויספיהרען אלץ מעהר דעם אבער־דין אקט, און דיא בראזיליאנער זעלבסט האבען אנגעפאנגען אלץ מעהר פרייצו־לאזען זייערע שקלאווען, זא דאס זייער צאהל איז ארונטער פון 2,500,000 אין 1856 (דאס איז דאן געווען ארום 40 פּראָצענט פון דער גאנצער בעפעלקערונג) ביז 1,584,000 אין 1873 (דאס איז גע־ווען בלויז 16 פּראָצענט פון דער גאנ־צער בעפעלקערונג).

צו דער צייט, ווען אין דיא פעראייניגטע שטאאטען פון נארד־אמעריקא איז געפיהרט געווארען דער ריזיגער און שרעקליכער בירגער־קריעג, אום צו מאכען א סוף פון דער נעגער־שקלאווערייא, האט עס אויך ניט ווייט געהאלטען פון אן עהנליכען בירגער־קריעג אין בראזיליען. נור מיט דער הילפע פון קייזער האבען דיא ליבעראלען דורכגעפיהרט אין 1871, נאך א ביטערען קאמפף אין קאנגרעס, א קאמפּראמיס־געזעץ, וואס וואלט אין פערלויף פון איין דור בעפרייט אלע פערשקלאווטע. עס איז דאן בעשטימט געווארען, אז אלע ניי־געבארענע קינדער פון שקלאווען זאלען ווערען פריי, ווען זיי וועלען ווערען 21 יאהר אלט, און אז אלע שקלאווען אויף דיא גיטער פון שטאאט און פון קייזער זאלען גלייך בעפרייט ווערען. דאן איז אויך געשאפען געווארען א פאנד אויסצוקויפען יעהר־

ליך א גרויסע צאָהל שקלאווען ביי זייערע הערען. דיא בעפרייאונג פון דיא שקלאווען איז צוגעגאנגען זעהר שנעל דורך דעם געזעץ פון 1871. אין 1887 איז שוין דיא צאָהל פון שקלאווען געווען ארום דריי־פערטעל מיליאָן, א העלפט וויא אין 1873.

אָבער דיא ליבעראלען האָבען ניט געוואָלט לאנג ווארטען און האָבען אלץ העפטיגער און שטארקער פערלאנגט, אז מען זאָל מיט איין מאָל מאכען א סוף פון דער שקלאווערייט, וואָס עס איז זיי געלונגען אויסצופיהרען אין 1888, ווען דאָם פעדראָ האָט ארומגערייזט איבער אייראָפּאַ צום דריטען מאָל און ווען זיין טאָכטער איזאבעלאַ, דיא קרוינפּרינצעסין, איז געווען דיא רעגענטין. דאָס האָט שרעקליך אויפגערעגט דיא מיטגליעדער פון דער קאָנסערוואטיווער פּארטיי און איבערהויפּט דיא שקלאווען־האלטער, ווייל מען האָט זיי קיין שום בעלוינונג ניט בעוויליגט פאר זייערע שקלאווען, זאָ דאָס זיי האָבען זיך ענטזאגט צו שטי־צען דעם קייזער, ווען עס האָט דעם נעכסטען יאָהר אויסגעבראָכען דיא מיליטער־רישע רעוואָלוציאָן, וועלכע האָט זיך באלד געענדיגט מיט דער אָבשאפונג פון דער אימפּעריע און מיט דער עטאבלירונג פון א רעפּובליק.



## זעקסטער קאפּיטעל.

# דיא רעפּובליק און דיא ערשטע פּרעזידענטען

צו ענדע פון 1888, ווען דאָם פּעדראָ האָט זיך צוריקגעקעהרט פון אויראָפּאָ, איז ער אויפגענומען געוואָרען מיט התלהבות. דאָס איז נור געווען אַן אויס־דרוק פון אַכטונג און ליעבע צו איהם אַליין, אָבער ניט צו זיין רעגיערונג. דיא רעפּובליקאַנישע פּאַרטיי איז אַלץ געוואַקסען, און דיא טעג פון דער אימפּעריע זיינען שוין געווען געצעהלטע. עס קען זיין, אַז ווען ער אַליין וואָלט טאַקע דאַמאָלס רעגירט, וואָלט ער געענדיגט זיינע יאָהרען אַלס קייזער אין זיין הויפּט־שטאָדט (געשטאָרבען איז ער גראַדע אין פּאַריז אין 1891, ווען ער איז אַלט געווען 66 יאָהר); אָבער ער האָט געליטען פון אַ קראַנקהייט, וועלכע האָט אַלץ מעהר אָבגעשוואַכט זיינע גייסטיגע פעהיגקייטען, און אויף'ן טהראָן איז פּאַקטיש געזעסען דיא קרוינפּרינצעסין איזאַבעלאַ, וועלכע איז גאָר ניט געווען פּאָפּולער. זיא האָט זיך געלאָזט אַלץ מעהר בעאיינפלוסען פון דיא גלחים, זאָ דאָס ניט נור אויסגעשפּראָכענע רעפּובליקאַנער, זאָנדערן אפילו מעסיגע ליבעראַלען האָ־בען בעשלאָסען, אַז זיא זאָל שוין ניט ווערען קייזערין.

דיא מאָנאַרכיע האָט זיך אייגענטליך געהאַלטען אַזוי לאַנג, ווייל דיא מאַ־סען פון פּאָלק האָבען זיך צוגעוואָהנט צו דיזער רעגיערונגס־פאָרמע. זיא איז געדולדעט געווען פון איהרע געגנער, ווייל פון איין זייט איז דאָם פּעדראָ געווען פּאָפּולער און פון דער אַנדער זייט איז דיא צאָהל אויסגעשפּראָכענע רעפּובלי־קאַנער געווען קליין אפילו אין דיא וויכטיגסטע שטעדט און פּאַרטען. אַן אמת־טרייע מאָנאַרכיסטישע פּאַרטיי, אַזאַ לאַיאַלע וויא אין דיא אויראָפּעאישע מאָ־נאַרכיעס, האָט אייגענטליך קיין מאָל ניט עקזיסטירט אין בראַזיליען.

דערמיט ערקלערט זיך, וואָרום דיא מיליטערישע רעוואָלוציאָן, וועלכע האָט פּלוצלונג אויסגעבראָכען אין 1889 און האָט אין אַ פּאָאָר שטונדען אָב־געשאַפט דיא מאָנאַרכיע, האָט ניט אַרויסגערופען קאָנטר־רעוואָלוציאָנען אפילו אין דיא פּראָווינצען, וועלכע זיינען גאָר ניט געווען רעפּובליקאַניש. עס האָט נור געפעהלט איין שטאַרקער רעפּובליקאַנישער שטוים דירעקט געגען טהראָן אין דער הויפּט־שטאָדט, אַז דיא גאַנצע אימפּעריאַליסטישע געביידע זאָל צופאַלען

וועד־ען. דיזער שטוים איז געקומען דורך א מיליטערישע פערשווערונג אונטער דער ליטונג פון צוויי ענערגישע און פעהיגע גענעראלען, בענזשאמין קאנסטאנט און דעאדארא דא פאנסעקא. דער ערשטער איז געווען א פראפעסאר אין דער מיליטערישער אקאדעמיע פון ריא דע זשאנעירא און האט געהאט אן אויסער־ארדענטליך גרויסען איינפלוס אויף זיינע שילער. ער איז געווען א פייערדיגער רעפובליקאנער און האט געפרעדיגט דיא פרינציפען פון דער פראנצויזישער רעוואלוציאן. דיא יונגע אפיציערען האבען איהם פשוט פערגעטערט. זיין רעוואלוציאנערע פראפאגאנדע האט זעהר פיעל געווירקט אויף דיא געבילדעטע יוגענד בכלל און האט אלץ מעהר אונטערגעגראבען דעם פונדאמענט פון דער מאנאר־כיע. דיזער מערקווירדיגער מאן איז געווען, מעג מען זא־גען, דער גייסטיגער פאטער פון דער בראזיליאנער רעפוב־ליק. דער צווייטער גענעראל, דעאדארא דא פאנסעקא, האט געוואונען דעם צוטרויען פון דיא אפיצערען, ווייל ער האט געשטיצט זייערע פארדערונ־גען און איז דערפאר פערשיקט געווארען פון דער רעגיערונג אין א ווייטער פראווינץ.


גענעראל בענזשאמין קאנסטאנט

דעם 14טען נאוועמבער 1889, ווען מען האט זיך דערוואוסט, אז דיא רעגיערונג, וועלכע האט ענטדעקט דיא פערשווערונג פון דיא אפיציערען, וויל ארעסטירען דיא גענעראלען קאנ־סטאנט און פאנסעקא און אז זיא האט בעפוילען ארויסצושיקען פון דער הויפט־שטאדט דיא בריגאדע, אויף וועלכע דיא פערשווערער האבען זיך בעזאנדערס געשטיצט, האבען דיא רעוואלוציאנערע פיהרער בעשלאסען ארויסצוטרעטען מיט אלע זייערע כחות צו פעריאגען דיא קייזערליכע רעגיערונג און צו פראקלאמי־רען א רעפובליק. גענעראל קאנסטאנט האט צוזאמענגעקליבען דיא באטאליא־נען, וועלכע זיינען קאמאנדירט געווען פון זיינע טרייעסטע און בעסטע שילער, און האט זיי אויסגעשטעלט אויף דעם גרויסען פלאץ לעבען קריעגס־מיניסטע־ריום, און גענעראל דעאדארא דא פאנסעקא האט צוזאמענגעקליבען אנדערע בא־טאליאנען, וועלכע האבען יינשטיצט דיא רעפובליקאנער, און האט געשיקט איי־נעם פון זיינע אדיוטאנטען צום פרעמיער אורא פרעטא מיט א פארדערונג, אז

דיא רעגיערונג זאָל זיך גלייך אונטערגעבען. דיא מיניסטאָרען האָבען געמיינט, אז דאָס איז נור א קליינע פערשווערונג פון א טהייל פון דער ארמעע, און זיי האָבען אויפגעפאָרדערט זייער הויפט־גענעראל פלאָריאנאָ פעיקסאָטאָ צו רופען אנדערע באטאליאָנען און פעריאָגען דיא מיאטעזשניקעס. אָבער דיזער גענעראל, וועלכער איז שפעטער געוואָרען פרעזידענט פון דער רעפובליק, האָט זיך ענטזאגט צו פאָלגען, און דיא רעגיערונג האָט דאן קיין אנדער ברירה ניט געהאט וויא אָבצוטרעטען דעם פלאץ צו דיא גענעראלען קאָנסטאנט און פאָנסעקא און צו אנדערע בעוואוסטע פיהרער פון דער רעפובליקאנישער פארטיי.

קיינער האָט זיך ניט אָנגענומען פאר דיא קייזערליכע רעגיערונג, און דיזע מיליטערישע רעוואָלוציאָן איז דורכגעפיהרט געוואָרען אפילו אָהן א שאָס פולווער. דיא איינוואָהנער האָבען גאָר ניט געוואוסט פון דיזער רעוואָלוציאָן ביז דיא רעפובליקאנישע באטאליאָנען האָבען ארומגערינגעלט דעם קריעגס־מיניסטעריום. ווען דאָם פעדראָ, וועלכער האָט זיך בשעת מעשה געפונען אין א פלאץ אויף דיא בערג א מייל 25 פון ריאָ דע זשאנעירא, האָט געקראָגען דורך דעם טעלעגראף דיא נאכריכט וועגען דעם אויפשטאנד פון איינינע באטאליאָנען און איז געקומען אין איילענעס אין זיין הויפט־שטאָדט, האָט ער שוין געפונען, אז זיא ליעגט אין דיא הענד פון א נייער רעגיערונג, וועלכע איז בעשטאנען פון דיא הויפט־פיהרער פון דער רעוואָלוציאָן. זיי האָבען גלייך ארויסגעלאָזען א פראָקלאמאציאָן צום פאָלק, אז דיא אימפעריע איז אָבגעשאפט געוואָרען און אז עס איז געגרינדעט געוואָרען א רעפובליק אונטער דעם נאָמען דיא פעראייניגטע שטאאטען פון בראזיליען. אין דערזעלבער פראָקלאמאציאָן האָבען זיי פערשפראָכען צו רופען א קאָנגרעס, אום אָנצונעהמען א דעמאָקראטישע קאָנסטיטוציאָן און אויסצוקלייבען א פרעזידענט.

דאָם פעדראָ, וועלכער האָט זיך אין גאנצען פערלאָרען נאָך אזא אונערווארטעטע איבערקעהרענעס, איז ארומגערינגעלט געוואָרען צוזאמען מיט דער קרוינפרינצעסין איזאבעלא און מיט דער גאנצער קייזערליכער פאמיליע אין זיין פאלאץ און איז געצוואונגען געוואָרען אָבצופאָהרען דעם נעכסטען טאָג אויף א קריעגס־שיף נאָך ליסבאָן.

אזוי האָט זיך געענדיגט דיא הערשאפט פון דעם צווייטען דאָם פעדראָ און אזוי איז געפאלען דיא אימפעריע, וועלכע האָט אויסגעהאלטען פערשיעדענע שטורמען אין פערלויף פון 67 יאָהר. דאָס איז געווען דיא ערשטע, דיא איינציגע און אויך דיא לעצטע אימפעריע פון אייראָפּעער אין דער נייער וועלט.

דיא נייע רעפובליקאנישע רעגיערונג איז אָבער פאקטיש געווען א מיליטערישע דיקטאטור. גענעראל דעאָדאָרא דא פאָנסעקא איז ערקלערט געוואָרען פאר דעם פרעזידענט און גענעראל פלאָריאנאָ פעיקסאָטאָ פאר דעם וויצע־פרעזידענט. אין פערלויף פון פערצעהן מאָנאט האָבען זיי פעסט געהאלטען דעם

רעגיערונגס־רודער אין זייערע שטארקע מיליטערישע הענד. דיא פריהערע פראָ־
ווינצען זיינען אומגעוואַנדעלט געוואָרען אין אַטאָנאָמע עסטאַדאָס (שטאאטען)
נאָך דעם מוסטער פון דיא פעראייניגטע שטאאטען פון נאָרד־אַמעריקאַ. א
קאָנסטיטוציאָן איז אויך פערפאַסט געוואָרען נאָך דעם זעלבען מוסטער. דיא
קירכע איז אָבגעטהיילט געוואָרען פון שטאַאט, וואָס עס איז געווען אַ זעהר
ראַדיקאַלע רעפאָרמע אין אַזאַ קאַטוילישער מדינה וויא בראַזיליען, און אויך
ציוויל־הייראַטהען זיינען אַנערקענט געוואָרען.

דיא קאָנסטיטוציאָן, וואָס איז אויסגעאַרבייט געוואָרען זעהר זאָרגפעלטיג
פון דיא בעסטע יוריסטען און שטאאטס־מענער אין לאַנד, איז אין אָנפאַנג פון
1891 פאָרגעלייגט געוואָרען פאַר אַ קאָנגרעס, אין וועלכען עס זיינען געווען פער־
טרעטער פון אַלע עסטאַדאָס. דיזע קאָנסטיטוציאָן איז דאַן אָנגענומען געוואָ־
רען און בלייבט אין קראַפט ביז היינט צו טאָג. זיא אונטערשיידעט זיך פון
דער קאָנסטיטוציאָן פון יונייטעד סטייטס אין איינינע פונקטען, פון וועלכע
דיא וויכטיגסטע זיינען, אַז דיא ציוויל און קרימינאַל געזעצע ווערען דאָרט
דורכגעפיהרט אין קאָנגרעס פאַר'ן גאַנצען לאַנד. דיא בראַזיליאַנער עסטאַדאָס
האָבען דערפאַר אין איינינע זאַכען גרעסערע רעכטע פאַר דיא אַמעריקאַנער
סטייטס, ספּעציעל דאָס רעכט אַרויפצולעגען עקספּאָרט־אָבצאָהלונגען אויף פער־
שיעדענע פּראָדוקטען. דער פּרעזידענט ווערט אויסגעקליבען אויף פיער יאָהר,
אָבער ער קען ניט ערוועהלט ווערען נאָך אַמאָל גלייך וויא עס ענדיגט זיך זיין
ערשטער טערמין (דאָס איז איינגעפיהרט געוואָרען כדי אַ פּרעזידענט זאָל ניט
קענען ווערען אַ דיקטאַטאָר).

דיא גענעראַלען פאָנסעקאַ און פעיקסאָטאָ זיינען ערוועהלט געוואָרען פון
דיזען ערשטען רעפּובליקאַנישען קאָנגרעס פאַר פּרעזידענט און וויצע־פּרעזידענט
ביז דעם 15טען נאָוועמבער 1894 (דער 15טער נאָוועמבער ווערט געפייערט אַלס
דער טאָג פון דער עטאַבלירונג פון דער רעפּובליק). נור באַלד נאָכדעם האָבען
זיך אָנגעפאַנגען רייסערייען צווישען דיא רעפּובליקאַנישע פיהרער. דער פּרע־
זידענט איז ניט נור בעשולדיגט געוואָרען אין דיקטאַטאָרישע האַנדלונגען, זאָנ־
דערן אויך אין דעם, וואָס ער האָט געגעבען דיא בעסטע שטעלען און פעטסטע
קאָנצעסיעס צו זיינע פּערזענליכע פריינד און אַגענטען. אָבוואָהל אַלע טהיילען
פון לאַנד האָבען זעהר פיעל געוואונען אויף עקאָנאָמיש דורך דיא אָבשאַפונג
פון דער אימפּעריע און אָבוואָהל דער האַנדעל וויא אויך דיא אייראָפּעאישע
איינוואַנדערונג, ספּעציעל פון איטאַליען, זיינען זעהר שנעל געשטיעגען, פון
דעסטוועגען איז דיא אונצופריעדענהייט מיט דער נייער רעגיערונג אַלץ טיעפער
און שאַרפער געוואָרען. דיא אַריסטאָקראַטישע גוטס־בעזיצער, דיא רייכע פּלאַנ־
טאַטאָרס, דיא מיטגליעדער פון דער קאָנסערוואַטיווער פּאַרטיי, אַלע דיא יע־
ניגע וואָס האָבען געבענקט נאָך דער קייזערליכער רעגיערונג און וואָס

זיינען געבליבען אהן דיא ערוואַרטעטע פעטע ביסענס, דיא פינאַנסיסטען און ספעקולאַנטען וואָס האָבען ניט עקראָגען קאָנצעסיעס, וויא אויך סתם אוואַנ־טוריסטען און סעפּאַראַטיסטען, האָבען אַרויסגערופען מהומות און אויפשטאַנ־דען אין דיא פּראָווינצען געגען דיא גובערנאַטאָרען, וועלכע האָבען געשטיצט דעם פּרעזידענט.

אין דער פּראָווינץ ריאָ גראַנדע דאָ סול האָט זיך אָנגעפאַנגען אין 1891 אַ בעזאָנדערס שטאַרקע און געפעהרליכע רעבעליאָן אונטער דער פיהרונג פון אַ זעהר ענערגישען און פעהיגען גאַוטשאָ מיט'ן נאָמען גומערסינדאָ סאַראַיוואַ. ווען פּרעזידענט פאָנסעקאַ האָט אויסגעפונען, אַז ער קען זיך ניט שטיצען אויף דער מאַיאָריטעט אין קאָנגרעס אין זיין קאַמפּף געגען דיא רעבעלען אין דיא פּראָווינצען, האָט ער איהם אויפגעלייזט און זיך ערקלערט פאַר אַ דיקטאַטאָר. אָבער אַזוי וויא דיזער אַקט האָט אויך אַרויסגערופען אונצופריעדענהייט אין דער אַרמעע, וואָס אויף איהר אונטערשטיצונג האָט ער גערעכענט, האָט ער גאָר רעזיגנירט.

דער וויצע־פּרעזידענט פלאָריאַנאָ פּעיקסאָטאָ, וועלכער איז דאַן געוואָרען פּרעזידענט לויט דיא פאָרשריפטען פון דער קאָנסטיטוציאָן, האָט אָבער פאָרט־געזעצט דיא פּאָליטיק פון גענעראַל פאָנסעקאַ. ער האָט אונטערשטיצט דיא ראַדיקאַלע רעפּובליקאַנער, וואָס עס האָט אַלץ מעהר אויפגערעגט דיא קאָנסער־וואַטיווע און אויך דיא מעסיגע ליבעראַלע פּאַרטייען. דיא רעבעליאָן אין ריאָ גראַנדע דאָ סול איז דאַרום אויפגעלעבט געוואָרען. ווען פּרעזידענט פּעיקסאָטאָ האָט געמוזט אַרויסשיקען דעם גרעסטען טהייל פון דער פעדעראַלער אַרמעע צו אונטערדריקען דיזע רעבעליאָן, האָבען זיך זיינע געגנער בענוצט דערמיט צו מאַכען אַן אויפשטאַנד אין ריאָ דע זשאַנעיראָ. דער אָנפיהרער פון דיזען אויפ־שטאַנד איז געוועזען אַדמיראַל מעלאָ, וועלכער האָט זיך געשטיצט אויף דיא פלאָ־טען־אָפיציערען און האָט בלאָקירט דעם פּאָרט. דיא פלאָטען־אָפיציערען האָבען געהערט צו דיא העכסטע אַריסטאָקראַטישע פאַמיליען אין בראַזיליען און זיי האָבען שטענדיג געקוקט מיט פעראַכטונג אויף דער אַרמעע, וועלכע איז רעקרו־טירט געוואָרען פון דיא "ניעדריגע" קלאַסען. אַזוי וויא גענעראַל פּעיקסאָטאָ האָט געשטאַמט פון "פּראָסטען" פאָלק און האָט נאָך דערצו קיים געקענט לעזען, האָבען דיא פלאָטען־אָפיציערען איהם בעזאָנדערס פיינט געהאַט און האָבען אונ־טערשטיצט דיא פאָדערונג פון אַדמיראַל מעלאָ, אַז ער זאָל אויך רעזיגנירען וויא גענעראַל פאָנסעקאַ. ער האָט זיך אָבער ענטשיעדען ענטזאַגט און האָט ער־קלערט, אַז ער וועט שוין ענדיגען דעם קאָנסטיטוציאָנעלען טערמין, וואָס זיינע געגנער זאָלען ניט טהאָן.

אין סעפּטעמבער 1893 האָט זיך אָנגעפאַנגען אין ריאָ דע זשאַנעיראָ אַ קאַמפּף צווישען דיא פלאָטע אונטער דער קאָמאַנדע פון אַדמיראַל מעלאָ און דיא

אַרמעע אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל פעיקסאָטאָ. ווען דיזער אַדמיראַל האָט געסטראַשעט צו באָמבאַרדירען דיא שטאָדט, אויב פרעזידענט פעיקסאָטאָ וועט ניט רעזיגנירען, האָבען זיך דיא אויסלענדישע געזאַנדטע אַריינגעמישט דאָס ניט צו דערלאָזען. זיי איז געלונגען צו רעטען דיזע פראַכטפאָלע שטאָדט פון צושטערונג דורך אַ קאָמפראָמיס, אַז דער פרעזידענט זאָל מעהר ניט אויסשטעלען אַרטילעריע אין דער שטאָדט גופא און אַז דער אַדמיראַל זאָל נור ציעלען אין דיא פעסטונגען אַרום פאָרט. אַזוי וויא דיא מאַנשאַפט אויף דיא שיפען האָט ניט געקענט קריעגען גענוג פראָוויאַנט, איז אַדמיראַל מעלאָ געצוואונגען געוועזען אַרויסצורייסען זיך פון פאָרט. ער איז דאַן אַוועק צום זיד, וואו ער האָט גערעכענט אויף דער שטיצע פון דיא מאָנאַרכיסטען און גרויסע פלאַנטאַטאָרס. ער האָט פערנומען דעם פאָרט דעסטעראָ אין דעם שטאַאט סאַנטאַ קאַטהאַרינאַ און האָט דאָרטען עטאַבלירט זיין הויפט־קוואַרטיר און אַ פראָוויזאָרישע רעגיערונג.

שליסליך האָט געזיעגט דיא פעדעראַלע רעגיערונג, ווען פרעזידענט פעיקסאָטאָ האָט געקראָגען צו קויפען שיפען אין אויראָפאַ און אין יונייטעד סטייטס. דיזע רעבעליאָן האָט זיך געצויגען אַ האַלב יאָהר. ווען אַדמיראַל מעלאָ האָט געזעהן, אַז ער קען זיך מעהר ניט האַלטען אפילו אויף'ן ים, האָט ער זיך אַ לאָז געטהאָן מיט זיין עסקאַדרע נאָך בוענאָס ערעס, וואו ער האָט זיך אונטערגעגעבען צו דיא אַרגענטינער בעאַמטע. דיא אַרגענטינער רעגיערונג האָט גלייך אָבגעשיקט דיזע שיפען צו דער בראַזיליאַנער רעגיערונג, און דיזע גרויסע רעבעליאָן, וועלכע איז ביסלעכווייז געוואָרען אַלץ מעהר מאָנאַרכיסטיש, איז נאָכדעם פאָרטגעזעצט געוואָרען ביז דעם מיטען פון 1895 בלויז אין דער פראָווינץ ריאָ גראַנדע דאָ סול.

אום צו צייגען, אַז ער האָט ניט געקעמפפט פאַר זיינע פערזענליכע אַמביציעס און אינטערעסען, נור פאַר דעם וואָהל און בעסטען פון דער רעפובליק, פאַר אַ קאָנסטיטוציאָנעלע רעגיערונג, האָט גענעראַל פעיקסאָטאָ זיך ענטזאַגט אַרויסצושטעלען זיין קאַנדידאַטור, ווען דער געזעצליכער טערמין האָט זיך געענדיגט, און האָט מיטגעווירקט, אַז דר. פרודענטע מאָראַעס, איינער פון דיא פעהיגסטע און בעסטע רעפובליקאַנער פיהרער, זאָל ערוועהלט ווערען אַלס פרעזידענט. דערמיט האָט ער בעפעסטיגט דיא רעפובליק. בראַזיליען האָט אַזוי פון אָנפאַנג אָן אויסגעמידען דעם טרויעריגען שיקזאַל פון אַלע אַנדערע לאַטיינישע רעפובליקען מיט זייערע רעוואָלוציאָנען, קאָנטער־רעוואָלוציאָנען, פראָנונציאַמענטאָס און דיקטאַטורען. מען קען ניט זאָגען, אַז נאָך דעם דורכפאַל פון דער פלאָטען־רעבעליאָן אונטער דער פיהרונג פון אַדמיראַל מעלאָ זיינען שוין גאָר קיינע אַנדערע רעבעליאָנען און אויפשטאַנדען ניט פאָרגעקומען אין פערשיעדענע בראַזיליאַנער פראָווינצען און אויך אין ריאָ דע זשאַנעיראָ, אָבער אַלע

פּרעזידענטען זיינען קאָנסטיטוציאָנעל ערוועהלט געוואָרען און האָבען אויך קאָנ־סטיטוציאָנעל געענדיגט זייערע טערמינען. וואָס ווייטער געהט עס צו, נאַטיר־ליך, אַלץ רוהיגער און רעגעלמעסיגער, און דיזע ריזיגע און וואונדערבאַר־רייכע רעפּובליק ענטוויקעלט זיך און וואקסט אַלץ בעסער און שנעלער.

איינע פון דיא ערשטע און וויכטיגסטע אויפגאַבען פון פּרעזידענט מאָראַעס איז געווען צו געווינען אויך דיא קאָנסערוואַטיווע פיהרער און אַריסטאָקראַטישע גוטס־בעזיצער אויף דער זייט פון דער רעפּובליק. ער האָט דאַרום געזוכט צו פּערטהיילען רעגיערונגס־פּלעצער אַזוי אונפּאַרטייאיש, וויא דאָס האָט זיך גע־לאָזען אונטער דיא אומשטענדען, און אויך וואָס וועניגער צו מישען זיך אין דיא אַלגעמיינע וואהלען און אין דיא אינערליכע אַנגעלעגענהייטען פון דיא שטאַאַטען. דאָס איז אָבער געווען אַ זעהר שווערע אויפגאַבע. דיא פּאַרטייי־שטרייטען זיינען געוועזען צו שאַרפע און ביטערע, און אייניגע שטאַאַטען האָבען זיך אַלץ ניט געקענט בערוהיגען. דיא פינאַנציעלע שוויריגקייטען האָבען אויך געשטערט אויף יעדען שריט. דיא ראַדיקאַלען זיינען ניט געוועזען צופריעדען מיט דער מעסיגער פּאָליטיק פון דעם פּרעזידענט און האָבען געפּלאַנעוועט אַן אויפ־שטאַנד.

דערצו נאָך האָט פּרעזידענט מאָראַעס געמוזט שיקען אַ סך סאָלדאַטען און מאַכען גרויסע אויסגאַבען צו אונטערדריקען אַ פאַנאַטישע סעקטע, וועלכע איז בעקאַנט אונטער דעם נאָמען "קאָנסעלהעיראָ". דיזע סעקטע איז ענטשטאַנען דורך אַן אויסערגעוועהנליכען צופאַל. אַ יונגער מאַן פון פּערנאַמבוקאָ מיט'ן נאָמען אַנטאָניאָ מאַציעל, וועלכער האָט שפּעטער געקראָגען דיא צונעמענעם קאָנסעלהעיראָ, האָט חתונה געהאַט געגען דעם ווילען פון זיין מוטער. אום פּטור צו ווערען פון דער שנור, וועלכע זיא האָט שרעקליך געהאַסט, איז דיא שוויגער געפאַלען אויף דעם פּלאַן צו בעשולדיגען איהר, אַז זיא האָט אַ ליעבהאָבער, און זיך אַליין צו פערשטעלען פאַר דעם ליעבהאָבער. זיא האָט אויפגערייצט דיא אייפערזוכט פון איהר זוהן מיט אַן אויסגעטראַכטער מעשה, אַז זיין ווייבעל טרעפט זיך צוזאַמען מיט אַ ליעבהאָבער אין אַ געוויסען אָרט, וועלכען זיא האָט ענטדעקט דורך אַ צופאַל. נאָכהער האָט זיא אויסגעטראַכט אַ מעשה צו קענען אַוועקשיקען דיא שנור אין דעם דאָזיגען אָרט, און אין דעם אָבענד ווען דיא שנור איז אַהין אַוועק, האָט זיא זיך איבערגעטהאָן אין מענערשע קליידער. זיא איז אָנגעקומען אין דעם בעשטימטען אָרט גלייכצייטיג מיט איהר זוהן, וועלכער האָט אין ווילדער אייפערזוכט גענומען שיסען פון זיין רעוואָלווער און האָט גע־טויטעט זיין פרוי צוזאַמען מיט איהר "ליעבהאָבער". מען האָט איהם אַרעס־טירט און גע'משפּט, אָבער מען האָט איהם פריינעלאָזען, ווען מען האָט אויסגע־פונען דיא איינצעלהייטען פון דיזער טראַגישער געשיכטע, וועלכע צייגט וויא דיא ווירקליכקייט איבערטרעפט אָמאָל דיא פאַנטאַזיע פון אַ ראָמאַנען־שרייבער.

זיין געוויסען האָט איהם אָבער אזוי געפּלאגט, אז ער האָט בעשלאָסען אויסצוקויפען זיין זינד דורך מיסיאָנערסקע טהעטיגקייט צווישען דיא ווילדע אינדיאנער־שטאמען מיט'ן נאָמען זשאגונסאָ אין דיא וועלדער פון אמאזאָנענטהאָל. אין א קורצער צייט איז ער געוואָרען דער אָנפיהרער פון דיזע אינדיאנער. אין אַן אָרט מיט'ן נאָמען קאנודאָס האָט קאָנסעלהעירא עטאבלירט זיין "הויפּט־שטאָדט". ווען דער גובערנאטאָר פון באהיא האָט איהם געהייסען אוועקגעהן פון דיזען אָרט, ווייל עס זיינען אָנגעקומען קלאגען פון קאָלאָניסטען געגען דיזע אינדיאנער, האָט ער זיך ענטזאָגט צו פאָלגען. דאַן האָט דער גובערנאטאָר געשיקט זשאנדארמען איהם צו פעריאָגען, אָבער זיי האָבען געטראָפען אזא ווידערשטאנד פון דיא אינדיאנער, אז זיי האָבען זיך קוים אָבגעטראָגען מיט גאנצע ביינער. דאָס האָט שוין געצוואונגען דיא רעגיערונג צו שיקען סאָלדאטען מיט ארטילעריע געגען דיזע ווילדע און פאנאטישע סעקטאנטען. ווען דיא ערשטע באטאליאָנען, צוזאמען אָנדערטהאלב טויזענד מאַן, זיינען בעזיעגט און פעריאָגט געוואָרען פון דיא אינדיאנער, האָט דיא רעגיערונג געשיקט אַן ארמעע פון 5000 מאַן, און ווען דיזע ארמעע האָט אויך ניט געקענט בייקומען דיא סעקטאנטען, איז דער קריעגס־מיניסטער אליין אוועק אהין מיט אַן ארמעע פון 13000 מאַן אין סעפּטעמבער 1897. ערשט דאַן איז עס געלונגען צו בעלאגערן און צו פאנגען קאָנסעלהעירא'ס הויפּט־שטאָדט קאנודאָס נאָכדעם וויא ער איז געטויטעט געוואָרען אין דער אטאקע.

וויא אונבעדייטענד דיזער אויפשטאנד איז ניט געווען פון א פּאָליטישען שטאנדפּונקט, איז ער אָבער פון א פינאנציעלען שטאנדפּונקט געווען זעהר וויכטיג, ווייל דיא קאָסטען פון דיזע עקספּעדיציעס נאָך דיא ווילדע און פערוואָרפענע ערטער, וואו דיא סעקטאנטען האָבען זיך אויפגעהאלטען, זיינען געווען זעהר גרויסע. דיא רעגיערונגס־קאסע איז נאָך יעדער עקספּעדיציע אלץ לעדיגער געוואָרען, און פּרעזידענט מאָראַעס האָט ניט געקענט אויספיהרען זיינע פערשפּרעכונגען וועגען עקאָנאָמיעס. באלד נאָך דער אונטערדריקונג פון קאָנסעלהעירא'ס אויפשטאנד איז געמאכט געוואָרען אין ריאָ דע זשאנעירא אַן אטענטאט אויף דעם פּרעזידענט'ס לעבען. אין דער צייט, ווען דער פּרעזידענט צוזאמען מיט דעם קריעגס־מיניסטער און גענעראלען האָבען צוגעקוקט, וויא סאָלדאטען לאנדען, האָט א סאָלדאט אויסגעשאָסען, ציעלענדיג אין דעם פּרעזידענט, אָבער טרעפענדיג אין דעם קריעגס־מיניסטער, וועלכער איז געפאלען טויט אויף'ן אָרט. אזוי וויא דיא אונטערזוכונג האָט בעוויזען, אז אין דיזען אטענטאט זיינען פערמישט געווען פּראָמינענטע פּאָליטיקער, האָט דיא רעגיערונג ערקלערט בעלאגערונגס־צושטאנד. אָבער דיזער אטענטאט האָט ניט געפיהרט צו אונרוהען אין דיא שטאאטען, און פּרעזידענט מאָראַעס האָט אהן

וויטערע שטערונגען גוזעצליך געענדיגט זיין טערמין דעם 15טען נאָוועמבער 1898.

זיין פּלאַץ איז פערנומען געוואָרען פון דר. קאַמפּאָס סאַלעס, וועמען ער האָט געשטיצט און וועלכער האָט באַלד בעוויזען, אַז ער פערדיענט דעם הויכען אַמט. דיזער פּרעזידענט, וועלכער האָט זיך פריהער אויסגעצייכענט אַלס גובערנאַטאָר פון סאַאון פּאַולאָ, האָט דורכגעפיהרט וויכטיגע פינאַנציעלע רעפאָרמען, האָט פערקלענערט דיא אויסגאַבען און פערגרעסערט דיא איינגאַהמען. נור זיין וויכטיגסטע אויפטהואונג איז געווען, וואָס ער האָט געענדיגט פריעדליך און פיין וויכטיגע גרענעץ־שטרייטען ניט נור מיט דיא אַרומיגע רעפּובליקען, זאָנדערן אויך מיט דיא אייראָפּעאישע שכנים. בראַזיליען גרענעצט זיך מיט אַלע לענדער אין זיד־אַמעריקאַ, אויסער מיט טשילי, און אַזוי וויא איהרע גרענעצען זיינען ניט געוועזן גענוי בעשטימט, זיינען פאָרגעקומען שטרייטען און סכסוכים, וועלכע האָבען זיך געצויגען יאָהרען און יאָהרען. דער לאַנגער סכסוך מיט פראַנקרייך וועגען דיא גרענעצען פון איהר קאָלאָניע אין גוויאַנאַ איז אין 1899 איבערגעגעבען געוואָרען צו דער ענטשיידונג פון דעם פּרעזידענט פון דער שווייצאַרישער רעפּובליק (דיא ענטשיידונג איז געווען צו גונסטען פון בראַזיליען אין 1900). דער סכסוך מיט ענגלאַנד וועגען דיא גרענעצען פון איהר קאָלאָניע אין גוויאַנאַ איז איבערגעגעבען געוואָרען צו דער ענטשיידונג פון דעם איטאַליענישען קעניג אין 1901. דיזער סכסוך איז געווען אַ זעהר פערפּלאָנטערטער, און דער איטאַליענישער קעניג האָט שליסליך ענטשיעדען אין 1904 מייסטענס צו גונסטען פון ענגלאַנד.



פרעזידענט קאמפּאס סאלעס

אין 1899 איז פּרעזידענט קאַמפּאָס סאַלעס געקומען צו אַ פערשטענדיגונג מיט אַרגענטינע, וואָס דורך דעם איז אויסגעמידען געוואָרען אַ מלחמה צווישען אַרגענטינע און טשילי, צוליעב זייערע גרענעץ־שטרייטען (זעה דיא געשיכטען פון דיזע ביידע רעפּובליקען). דער אַרגענטינישער פּרעזידענט ראָקאַ האָט יענעם יאָהר אָפיציעל בעזוכט ריאָ דע זשאַנעיראָ. דאָס איז געווען דער ערשטער וויזיט פון אַ פּרעזידענט פון אַן אַמעריקאַנישער רעפּובליק אין אַן אַנדער לאַנד. דעם

נעכסטען יאָהר האָט פּרעזידענט קאַמפּאָס סאַלעס בעזוכט בוענאָס ערעס, וואו ער איז פריינדליך און הערליך אויפגענומען געוואָרען. דאָס האָט געפיהרט צו ווייטערע פריינדליכע פערבינדונגען צווישען דיא דריי גרעסטע, שטאַרקסטע און פּאָרטגעשריטענסטע רעפּובליקען פון זיד־אַמעריקאַ: בראַזיליען, אַרגענטינע און טשילי, דיא זאָ־גענאַנטע "A B C"

דיא פערהאַנדלונגען וועגען זייערע גרענעצען זיינען פּאָרטגעזעצט געוואָרען אונטער דיא אַדמיניסטראַציאָנען פון דיא נעכסטע פּרעזידענטען. דיזע סכסוכים זיינען געשליכטעט געוואָרען מייסטענס דורך שיעדס־געריכטען, זאָ דאָס עס וועט שוין מעהר ניט קומען צו ערנסטע שטרייטען צווישען דיזע רעפּובליקען וועגען זייערע טעריטאָריעס. דאָס מיינט, אַז זיי וועלען קענען לעבען פריעדליך און שנעל פּראָגרעסירען אין דער צוקונפט אויף אַלע וועגען.



# דיא רעפובליקען אין וועסט־אינדיען

## דיא אַנטילען

דיא אינזלען, וואָס ליעגען אין דעם גרויסען בוזים פון אַטלאַנטישען אָקעאַן אין צענטראַל־אמעריקאַ, האָבען געקראָגען פון קאָלומבוס׳ען דעם נאָמען וועסט־אינדיען, ווייל ער האָט געמיינט, אַז זיי געפינען זיך ניט ווייט פון דיא ברעגען פון אינדיען. מען האָט זיי אויך אָנגעפאַנגען צו רופען אַנטילען, ווייל מען האָט געמיינט, אַז זיי געהערען צו דעם פאַבעלהאַפטען לאַנד אַנטילאַ (דער אורשפּרונג פון דער לעגענדע מכח אַן אינזעל אויף דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן, וואָס מען האָט גערופען אַנטילאַ און אויך "אינזעל פון זיעבען שטעדט", איז זעהר אַ דונקעלער; מען רעכענט, אַז אַן אַלטע לעגענדע האָט מען צוזאַמענגע־פלאָכטען מיט איינעם פון דיא אַזאָר אינזלען).

צוזאַמען פערנעהמען דיזע אינזלען אַ שטח פון 100,000 סקוועער מייל. זיי ציהען זיך וויא אַ לענגליכער בויגען פון דעם האַלב־אינזעל יוקאַטאַן (צענ־טראַל־אמעריקאַ) אין נאָרד־וועסט ביז ווענעצועלאַ (זיד־אמעריקאַ) אין זיד־אָסט (זעה דיא לאַנדקאַרטע אויף זייטע 221 אין דער געשיכטע פון מעקסיקאָ). דער ים צום נאָרד פון דיא וועסט־אינדישע אינזלען ווערט גערופען: מעקסיקאַ־נער גאָלף, דער ים צום זיד פון דיזע אינזלען ווערט גערופען: קאַריבעאישער ים (נאָך דעם נאָמען פון דיא אינדיאַנער־שטאַמען, דיא קאַריבען, וועלכע זיינען כמעט אין גאַנצען פערשוואונדען).

דיזער אַרכיפּעלאַג ווערט צוטהיילט אין דיא גרעסערע אַנטילען, וועלכע בעשטעהען פון דיא פיער גרויסע אינזלען קובאַ, האַיטי, דזשאַמעיקאַ און פּאָר־טאָריקאָ, און אין דיא קלענערע אַנטילען, וועלכע בעשטעהען פון אַ סך קליינע אינזלען. דיא באַהאַמאַ אינזלען, וועלכע ציהען זיך ניט ווייט פון דיא מזרח׳דיגע ברעגען פון פלאָרידאַ אַרונטער כמעט ביז דיא נאָרדליכע ברעגען פון האַיטי, ווערען געגרעכענט פאַר אַ בעזונדערען טהייל פון דיזען אַרכיפּעלאַג.

זייער בעפעלקערונג, וועלכע מען גערעכענט ווערען אַרום 8—9 מיליאָן

נפשות, בעשטעהט מייסטענס פון נעגער און מולאַטען, קינדער פון דיא גע־וועזענע שקלאַווען. אַבוואָהל דיא אינזלען האָבען געהערט און געהערען היינט אויך צו פערשיעדענע נאַציאָנען, דאָך אונטערשיידען זיך זייערע איינוואָהנער גאַנץ ווענינ ניט נור פיזיש, ווייל זיי געהערען מייסטענס צו דער שווארצער ראַסע און ווייל דיא קלימאַטישע בעדינגונגען זיינען דיא זעלבע, זאָנדערן אויך גייסטיג, ווייל זייערע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע אומשטענדען זיינען עהנ־ליכע. זייערע שפּראַכען זיינען מייסטענס דיא שפּאַנישע, נאַכהער דיא ענגלישע און פראַנצויזישע.

בלויז אויף צוויי פון דיזע אינזלען זיינען עטאַבלירט געוואָרען רעפּובלי־קען, נעמליך: אויף האַיטי און קובא. דיזע צוויי אינזלען זיינען אָבער איבער פיער מאָל גרעסער פאַר אַלע איבריגע אַנטיל־אינזלען צוזאַמען, וועלכע פער־בלייבען קאָלאָניעס פון פאָלגענדע לענדער: ענגלאַנד (זיא האָט אויך דאָ דעם גרעסטען חלק: דיא באַהאַמאַ אינזלען, דזשאַמעיקאַ, טרינידאַד, דאָמיניקאַ און פיעלע קלענערע), יונייטעד סטייטס (פּאָרטאָ ריקאָ, וואָס פערנעהמט 3,606 סקוועער מייל מיט אַ בעפעלקערונג פון 1,118,012 נאָך דער פאָלקסצעהלונג אין 1910), פראַנקרייך (גאַדעלופּ, מארטיניק און אַ פּאָאַר קלענערע), האָלאַנד (קוראַסאַאָ און עטליכע אַנדערע ניט ווייט פון דיא ברעגען פון ווענעצועלאַ), דענעמאַרק (סענט טהאָמאַס, סענט קרוא און סענט דזשאָהן לעבען פּאָרטאָ ריקאָ).

אויף דעם גרונד פון קאָלומבוס'עס ענטדעקונג האָט שפּאַניען ערקלערט, אז גאַנץ וועסט־אינדיען געהערט צו איהר. זיא האָט אויך געזוכט צו עטאַבלירען דאָרטען וואָס מעהר און וואָס שנעלער איהרע קאָלאָניעס. אָבער דיא ענג־לענדער, פראַנצויזען און האָלענדער, וועלכע האָבען זיך אויך אַ לאָז געטהאָן נאָך דער נייער וועלט, האָבען ניט געלאָזען דיא שפּאַניער צו רוה. וואָס מעהר עס איז בעקאַנט געוואָרען, וויא גרויס עס זיינען דיא נאַטירליכע רייכטהימער פון דיא אַנטילען, אַלץ מעהר לוסט האָבען אַוואַנטוריסטען און פּיראַטען פון אַלע לענדער געקראָגען צו זוכען דאָרטען גליק און צו פערכאַפּען דיא בעסטע ערטער. אין 16טען און ספּעציעל אין 17טען יאָהרהונדערט האָבען זיך דיזע פּיראַטען, וועלכע האָבען דאַן געקראָגען דיא נעמען בוקאַנירען און פיליבוסטער, בעזאָנדערס פערמעהרט אין וועסט־אינדיען, וואו עס איז זיי לייכטער געווען זיך צו בעהאַלטען און אויפצוהאַלטען אויף דיא פערשיעדענע אינזלען. ערשט ארום דעם אָנפאַנג פון 18טען יאָהרהונדערט, נאַכדעם וויא שפּאַניען האָט זיך געמוזט אָבזאָגען פון איהרע פּרעטענזיעס אויף אַלע וועסט־אינדישע אינזלען, האָבען אויך דיא רעגיערונגען פון ענגלאַנד, פראַנקרייך און האָלאַנד זיך אַ נעהם געטהאָן ענערגיש צו פאַנגען דיא שיפען פון דיא בוקאַנירען און צו בעשיצען דיא קאָלאָניסטען און דיא צוקער־פּלאַנטאַציעס.

די ענגלישע קאָלאָניסטען האָבען ניט געזוכט גאָלד, ווי די שפּאַנישע, נור האָבען אָנגעפאַנגען צו קולטיווירען טאַבאַק, בוימוואָל, אינדיגאָ און נאָכהער צוקער, וואָס איז געוואָרען און בלייבט אויך היינט דער וויכטיגסטער פּראָדוקט פון וועסט־אינדיען. אין 1625 איז געגרינדעט געוואָרען אַ פראַנצויזישע וועסט־אינדישע קאָמפּאַניע, וועלכע האָט עטאַבלירט אַ קאָלאָניע אויף דעם אינזעל סענט קריסטאָפער, פון וואַנען די שפּאַניער האָבען זיי פּעריאָגט אין פינף יאָהר אַרום. די פראַנצויזען האָבען זיך אָבער באַלד צוריקגעקעהרט און האָבען אויך אָנגעפאַנגען צו עטאַבלירען קאָלאָניעס אויף אַנדערע אַנטיל־אינזלען.

אַרום דעם מיטען פון 17טען יאָהרהונדערט האָט מען אָנגעפאַנגען צו קולטיווירען אַלץ מעהר די צוקער־ראָהרען, פאַר וועלכע דער באָדען און קלימאַט פון וועסט־אינדיען זיינען צוגעמאָסטען. די צוקער־פּלאַנטאַציעס האָבען צו־געשטעלט פיעל מעהר רייכטהום ווי די גאָלד און זילבער־מינען, נאָך וועלכע די שפּאַניער האָבען זיך געיאָגט. זיי האָבען אַלץ מעהר צוגעצויגען קאָלאָניסטען און קאָמערסאַנטען, וועלכע האָבען אין אַ קורצער צייט אָנגעזאַמעלט גרויסע פערמעגענס. אָבער וואָס מעהר צוקער־פּלאַנטאַציעס עס זיינען איינגעפיהרט געוואָרען, אַלץ מעהר שקלאַווען האָט מען געבראַכט פון וועסט־אַפריקאַ. די פּאָרטוגעזער זיינען געוועזען די ערשטע צו אימפּאָרטירען נעגער אַלס שקלאַ־ווען, און די ענגלענדער, האָלענדער און פראַנצויזען האָבען באַלד נאָכגע־פאָלגט, זאָ דאָס דיזער שרעקליכער האַנדעל איז אַלץ גרעסער געוואָרען.

אין 1655 האָבען די ענגלענדער געמאַכט אַ פערזוך צו פערנעהמען דעם אינזעל האַיטי, נור דאָס איז זיי ניט געלונגען. דאַן האָבען זיי זיך אַ לאָז גע־טהאָן נאָך דזשאַמעיקאַ, וואו זיי האָבען געלאַנדעט און זיך עטאַבלירט. דיזער פּראַכטפאָלער אינזעל, דער גרעסטער נאָך קובאַ און האַיטי (פערנעהמט 4207 סקווער מייל און צעהלט אַרום 830 טויזענד נפשות), איז זייט דאַן פערבליבען אין ענגלישע הענד.

אין דער צווייטער העלפט פון 17טען יאָהרהונדערט האָבען די רעגיע־רונגען פון ענגלאַנד און פראַנקרייך אָבגעמאַכט צו פערטהיילען צווישען זיך געוויסע וועסט־אינדישע אינזלען, אָבער אַזוי ווי מלחמות זיינען דאַמאָלס זעהר אָפט געפיהרט געוואָרען אין אייראָפּאַ, איז די חלוקה געבליבען אַ פּאַ־פּירענע, און די אינזלען זיינען אויך אָפט איבערגעגאַנגען פון איין האַנד אין אַן אַנדערע. מיר וועלען זיך אָבער ניט אָבשטעלען דאָ אויף די געשיכטען פון די אינזלען, וועלכע זיינען געבליבען קאָלאָניעס עד היום, און וועלען וואַר־פען אַ בליק אויף די געשיכטען פון די דריי היינטיגע וועסט־אינדישע רע־פּובליקען: האַיטי, סאַן דאָמינגאָ און קובאַ.

---

# דיא רעפובליק האיטי

דיא עלטעסטע און מערקווירדיגסטע פון דיזע רעפובליקען איז האיטי, וועלכע פערנעהמט ארום א דריטעל פון דעם אינזעל מיט דעם זעלבען נאמען. זיא אונטערשיידעט זיך פון אלע אנדערע אין דער נייער וועלט ספע־ציעל דערמיט, וואס זיא איז אן אויסשליסליך נעגרישע. מען האסט דארטען דיא ווייסע און מען קוקט קרום אפילו אויף מולאטען. דיא עכטע שווארצע, טאקע אזוי וויא אין אפריקא, בילדען 90 פראצענט פון דער בעפעלקערונג. דיא איבריגע 10 פראצענט בעשטעהען פון מולאטען, וועלכע פערשווינדען אלץ מעהר, וייל זיי צומישען זיך מיט דיא עכטע שווארצע. נאך אין א פאאר דורות ארום וועט דיזע רעפובליק זיין בעפעלקערט נור פון "ריינע" שווארצע, עכטע נעגער, ניט רעכענענדיג דיא עטליכע ווייסע אויסלענדער, וועלכע געפינען זיך דארטען צוליעב קאמערציעלע און דיפלאמאטישע אורזאכען.

און זיי פערמעהרען זיך שנעל, דיזע שטאלצע נעגער, דיא קינדער פון געוועזענע שקלאווען, אין דיזען ווינקעל פון דער ערד, וואו ווייסע קענען א קאפ ניט אויפהייבען, אבוואהל אין קיין אנדערער פון דיא רעפובליקען פון צענטראל און זיד־אמעריקא זיינען ניט פארגעקומען אזוי פיעל רעוואלוציאנען און בלוט־פערגיסונגען. דיזע שווארצע רעפובליק געפינט זיך, מעג מען זאגען, אין א צושטאנד פון שטענדיגער רעוואלוציאן. בלויז א פאאר פון איהרע צאהל־רייכע דיקטאטארס, פון וועלכע איינינע האבען זיך אויך טיטולירט אימפע־ראטאר און קעניג, האבען געענדיגט מיט א נאטירליכען טויט אין זייער היים. דיא מייסטע זיינען ערמארדעט געווארען, געפאלען אין שלאכטען אדער גע־שטארבען אין אויסלאנד, ווען עס איז זיי געלונגען צו אנטלויפען מיט גאנצע ביינער.

דיא בעפעלקערונג פון דער רעפובליק האיטי איז דריי מאל אזוי גרויס, וויא דיא בעפעלקערונג פון איהר נעכסטער שכנה, דיא רעפובליק סאן דאמינגא, וועלכע פערנעהמט כמעט צוויי דריטעל פון דעם זעלבען אינזעל האיטי. איהר בעפעלקערונג איז באלד אזוי גרויס וויא דיא בעפעלקערונג פון קובא, וועלכע איז כמעט פיער און א האלב מאל גרעסער פאר איהר אין שטח. דיא פאר־שטעהער פון דער שווארצער ראסע נעהמען דאס אן פאר דעם בעסטען בעוויז, אז אונטער זייער אייגענער רעגירונג פערמעהרען זיך דיא נעגער זעהר שנעל און האבען פאר זיך א גלענצענדע צוקונפט.

דיזע רעפובליק צייכענט זיך אויך אויס דערמיט, וואס איהר אפיציעלע שפראך איז דיא פראנצויזישע. זיא איז דיא איינציגע פראנצויזיש־שפרעכענדע רעפובליק אין דער נייער וועלט. דאס איז געקומען דורך דעם, וואס דיזער טהייל פון'ם אינזעל, אויף וועלכען קאלומבוס האט געגרינדעט דיא ערשטע שפא־

נישע קאָלאָניע נאָכדעם וויא ער האָט איהם א נאָמען געגעבען עספּאַניאָלאָ (בע־דייטעט: קליינע שפּאַניען), איז צו ענדע פון 17טען יאָהרהונדערט איבערגע־געבען געוואָרען צו פראַנקרייך נאָך דעם טראַקטאַט פון ריסוויק, מיט וועלכען עס האָט זיך געענדיגט אין 1697 דיא מלחמה פון פראַנקרייך געגען אַן אַליאַנץ פון דער דייטשער אימפּעריע, ענגלאַנד, שפּאַניען און האָלאַנד.

דיא פראַנצויזישע הערשאַפט האָט דאָרטען אָנגעהאַלטען ארום הונדערט יאָהר, ביז דיא נאַפּאָלעאָנישע מלחמות. דיא ערשטע פראַנצויזען, וועלכע האָבען זיך בעזעצט אין דעם מזרח'דיגען טהייל פון עספּאַניאָלאָ, זיינען געווען פּיראַ־טען און שמוגלער. אין 1630, ווען דיא שפּאַניער האָבען פעריאָגט א באַנדע פראַנצויזען און ענגלענדער פון זייער שמוגעל־נעסט אויף דעם וועסט־אינדי־שען אינזעל סענט קיטס, האָט זיא זיך אַריבערגעצויגען אויף דעם אינזעל טאָר־טוגא לעבען דיא נאָרדליכע ברעגען פון דעם אָסטליכען טהייל פון עספּאַניאָלאָ. דער דאָזיגער אינזעל איז געוואָרען דער נעסט פון דיא פּיראַטען, וועלכע זיינען עס בעריהמט געוואָרען אונטער דעם נאָמען בוקאַנירען. דיזער נאָמען שטאַמט פון אַן אינדיאַנער וואָרט צו בעצייכענען אַן אָרט, וואו מען רויכערט פלייש. אזוי האָט מען אין 16טען יאָהרהונדערט אָנגעפאַנגען צו רופען דיא אוואַנטו־ריסטען, וועלכע פלעגען פיהרען א געיעג אויף דיא ווילדע אָקסען אום צו בע־קומען און פערקויפען דיא פעל. זיי זיינען שפּעטער מייסטענס געוואָרען פּי־ראַטען, קאָרסערען און פיליבוסטער.

דיא פראַנצויזישע בוקאַנירען פון טאָרטוגאַ, וועלכע זיינען אַלץ צאָהל־רייכער געוואָרען, האָבען זיך אַריבערגעכאַפּט אויף דיא ברעגען פון האיטי, וואו זיי האָבען זיך עטאַבלירט אין אייניגע פּונקטען, גאָר ניט קימערנדיג זיך וועגען דיא שפּאַנישע גובערנאַטאָרען אין עספּאַניאָלאָ.

דיא פראַנצויזישע רעגיערונג האָט זיך בענוצט מיט דיזע בעזעצונגען, אום צו פערלאַנגען דעם אָסטליכען טהייל פון עספּאַניאָלאָ, וואו עס זיינען אויך געקומען אייניגע פראַנצויזישע קאָלאָניסטען, און דיא שפּאַנישע רעגיערונג האָט עס געמוזט נאָכגעבען, ווען עס איז געשלאָסען געוואָרען דער פריעדענס־אָבמאַך אין דער האָלענדישער שטעדטעל ריסוויק. דיא פראַנצויזען האָבען דאַן א נאָמען געגעבען דיזע נייע קאָלאָניע זייערע סען דאָמיניק (שפּאַניש: סאַנטאָ דאָמינגאָ). אין א קורצער צייט האָט דיזע קאָלאָניע אָנגעפאַנגען צו בליהען, ספּעציעל דורך דיא פערמעהרונג פון צוקער־פּלאַנטאַציעס און דיא אימפּאָרטאַ־ציאָן פון א סך שווארצע שקלאַווען.

דיא גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן, וועלכע האָט אויפגערודערט אַלע פעלקער, האָט גלייך אויפגעמונטערט אויך דיא שקלאַווען אין סען דאָמיניק צו פערלאַנגען ניט נור פרייהייט, זאָנדערן גלייכע רעכטע מיט זייערע ווייסע הערען. צו ענדע פון 18טען יאָהרהונדערט איז דיא בעפעלקערונג פון סען

דאָמיניק בעשטאַנען פון א קליינער צאָהל פראַנצויזען (מייסטענס קרעאָלען), וועלכע זיינען געווען דיא לאַנד־בעזיצער און שקלאַווען־בעזיצער, פון א גרויסער צאָהל נעגער־שקלאַווען און פון א געוויסער צאָהל מולאַטען, וועלכע זיינען שוין מייסטענס געווען פריי. דיזע מולאַטען האָבען אָנגעפאַנגען צו פערלאַנגען אַלע בירגערליכע רעכטע, וויא נור מען האָט געקראָגען נאַכריכטען וועגען דיא צו־שטערונג פון דער באַסטיליע (דעם 14טען יולי 1789). זייער פערלאַנג איז ערפילט געוואָרען פון דעם נאַציאָנאַלען קאָנווענט (אַזוי האָט מען דאַן גערופען דעם פראַנצויזישען פּאַרלאַמענט) אין פּאַריז אין 1791.

דיא ווייסע האָבען אָבער אויפגעהויבען פייערדיגע פּראָטעסטען און האָבען געשיקט א פּעטיציע צו דער רעגיערונג געגען דיא גלייכבערעכטיגונג פון דיא מולאַטען. ווען דיא רעגיערונג האָט נאָכגעגעבען דעם פערלאַנג פון דיא פּלאַנ־טאַטאָרס, האָט באַלד אויסגעבראָכען אַן אויפשטאַנד פון דיא מולאַטען און אויך פון דיא נעגער, וועלכע האָבען גענומען פאָדערען דיא אָבשאַפונג פון שקלאַ־ווערייז. דיזער אויפשטאַנד האָט געפיהרט צו שוידערליכע רציחות און אויס־שלאַכטונגען פון ביידע זייטען. דיא אויפגערייצטע שקלאַווען האָבען גענומען ווילדע ראַכע פון זייערע הערען, וועלכע האָבען אָרגאַניזירט באַנדעס צו פער־טיליגען דיא רעבעלירענדע שקלאַווען.

דיא קאָמיסאַרען, וועלכע זיינען ארויסגעשיקט געוואָרען פון פּאַריז צו אונטערזוכען דיא לאַגע אין דיזער קאָלאָניע, מיט דער פּאָלמאַכט צו האַנדלען נאָך זייער פערשטאַנד, האָבען אין 1793 פּראָקלאַמירט אין נאָמען פון קאָנווענט דיא אָבשאַפונג פון דער שקלאַווערייז, אָבער דאָס האָט שוין ניט אָבגעשטעלט דעם שרעקליכען ראַסען־קריעג. דיא געוועזענע שקלאַווען האָבען אָנגעפאַנגען צו קעמפּפען ניט נור פאַר גלייכע רעכטע מיט דיא ווייסע, זאָנדערן פאַר זעלבסט־פערוואַלטונג און זאָגאַר פאַר א זעלבסטשטענדיגע רעפּובליק.

אונטער דער קאָמאַנדע פון א נעגער מיט דעם עכט פראַנצויזישען נאָמען טוסען לואַווערטיור (Toussaint l'Ouverture), וועלכער האָט ארויסגעצייגט גלענצענדע מיליטערישע פעהיגקייטען און האָט דערפאַר געקראָגען דיא צונעמענעם "דער שווארצער נאַפּאָלעאָן", האָבען דיא שווארצע ניט נור בעזיעגט דיא פראַנ־צויזען, זאָנדערן אויך פערטריעבען אין 1798 דיא ענגלישע סאָלדאַטען, וועלכע זיינען געשיקט געוואָרען ארויסצורייסען דיזע רייכע קאָלאָניע פון פראַנצויזישע הענד.

אין 1795 האָט פראַנקרייך בעקומען דעם גאַנצען אינזעל האַיטי לויט אַן אָבמאַך מיט שפּאַניען, אָבער מיט אַכט יאָהר שפּעטער זיינען דיא פראַנ־צויזען געצוואונגען געווען צו געזעגענען זיך אפילו מיט זייער אַלטען טהייל און איבערצולאָזען דיא שווארצע צו זייער אייגענעם שיקזאַל.

דאָס האָט פּאַסירט נאָך א לאַנגען און פערצווייפעלטען קאַמפּף פון דיא

געוועזענע שקלאווען מיט א פראנצויזישער ארמעע פון 25,000 מאן, וואס נאפאלעאן האט ארויסגעשיקט אונטער דער קאמאנדע פון זיין שוואגער גענעראל לעקלער. אין 1801, ווען טוסען לואווערטיור איז פאקטיש געווארען דער דיקטאטאר פון האיטי, האט ער פערעפענטליכט א מין קאנסטיטוציאן, לויט וועלכער ער האט געזאלט ווערען דער לעבענסלענגליכער גובערנאטאר מיט דער צושטימונג פון דער פראנצויזישער רעגיערונג. נאפאלעאן, וועלכער איז דאן געווען דער ערשטער קאנסול פון פראנקרייך און האט זיך געקליבען צו פראקלאמירען זיך פאר א קייזער, האט ניט נור זיך ענטזאגט צו אנערקענען אזא קאנסטיטוציאן, זאנדערן האט בעשלאסען צו פעריאגען דעם שווארצען נאפאלעאן און זאגאר איינצופיהרען צוריק שקלאוועריי.

דיא שווארצע האבען אבער אזוי העלדיש געקעמפפט פאר זייער פרייהייט, אז גענעראל לעקלער האט געפונען פאר נויטיג פארצושלאגען געוויסע פריעדענס־בעדינגונגען. דער שווארצער נאפאלעאן האט געקראגען דיא בעסטע פערזיכערונגען און פערשפרעכונגען אין נאמען פון דער פראנצויזישער רעגיערונג, אויב ער וועט נור אוועקלעגען דיא וואפען. אבער אזוי שנעל וויא ער האט עס געטהאן, האט דער פראנצויזישער קאמאנדיר געבראכען זיינע שבועות און האט איהם אוועקגעשיקט אלס א געפאנגענעם נאך פראנקרייך, וואו ער איז געשטארבען אין א פעסטונג אין 1803.

דיזער פעררעטה האט אבער נאך מעהר אויפגעהעצט דיא שווארצע צום קאמפף. אונטער דער קאמאנדע פון אן אנדער זעהר פעהיגען גענעראל זייערען מיט'ן נאמען זשאן זשאק דעסאלין האבען זיי געברענט און געבראטען דיא ווייסע מיט אמת ווילדער רציחה. דיא פערבליבענע פראנצויזישע סאלדאטען זיינען געווען צו שוואך בייצוקומען דיא שווארצע מחנות, און נאפאלעאן האט געהאט גענוג פערדרעהעניסען און מלחמות אין דער אלטער וועלט, וואו דער קאמפף מיט אלע מלוכות און ספעציעל מיט ענגלאנד איז אלץ גרעסער און שווערער געווארען. אונטער אזעלכע אומשטענדען האט דער פראנצויזישער קאמאנדיר אין האיטי ניט געקענט רעכענען אויף פערשטערקונגען פון פראנקרייך, און אזוי וויא אן ענגלישע פלאטע האט דארט זיך בעוויזען צו ענדע פון 1803, האט ער בעשלאסען צוריקצוקעהרען מיט זיין גאנצער ארמעע אהיים.

דיא געוועזענע שקלאווען האבען אויף דיזער וויזע געוואונען זייער אונאבהענגיגקייט צוזאמען מיט זייער פרייהייט. אזוי שנעל וויא דיא פראנצויזישע סאלדאטען האבען פערלאזען דעם אינזעל, האבען דיא שווארצע ערקלערט דארטען אן אונאבהענגיגע רעפובליק אונטער דעם אורשפרונגליכען אינדיאנער נאמען האיטי (בעדייטעט: געבירגיג לאנד). גענעראל דעסאלין איז געווארען איהר ערשטער דיקטאטאר. זיין הערשאפט האט ער אנגעפאנגען מיט אן אויסשלאכטונג פון דיא ווייסע, וועלכע זיינען נאך פערבליבען. באלד נאכדעם

האָט ער זיך פּראָקלאַמירט אַלס קייזער און האָט זיך זאָגאָר געקרוינט מיט גרויסע צערעמאָניעס.

אָבער זיין גדולה האָט ניט לאַנג געדויערט. אין 1806 איז ער ערמאָרדעט געוואָרען פאַר זיין ווילדע און גרוילִיכע טיראַניי. נאָך זיין טויט האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ קאַמפּף צווישען דיא גענעראַלען, בעזאָנדערס צווישען איינעם מיט'ן נאָמען הענרי קריסטאָף, וועלכער האָט זיך עטאַבלירט אין דעם נאָרד־ליכען טהייל פון דער רעפּובליק, און איינעם מיט'ן נאָמען אַלעקסאַנדר פּעטיאָן, וועלכער האָט זיך עטאַבלירט אין דעם זידליכען טהייל.

דיא שפּאַניער האָבען זיך דערוויילע בענוצט מיט דער געלעגענהייט, וואָס דיא פראַנצויזען האָבען פערלאָזען דעם אינזעל, און האָבען צוריק פערנומען זייער פריהערען טהייל, וועלכען זיי האָבען דאַן גענומען רופען סאַן דאָמינגאָ.

גענעראַל קריסטאָף האָט זיך ערקלערט פאַר אַ קעניג אונטער דעם נאָמען הענרי דער ערשטער, אָבער ער איז שנעל ארונטערגעזעצט געוואָרען פאַר זיינע ווילדע רציחות און האָט געענדיגט זיין לעבען דורך זעלבסטמאָרד. זיין הויפּט־געגנער, גענעראַל פּעטיאָן, האָט זיך לענגער געהאַלטען אין זיין טהייל פון האַיטי. אין 1818 איז דאָרט אויפגעקומען אַ דיקטאַטאָר אין דער פּערזאָן פון אַ גענעראַל מיט'ן נאָמען זשאַן פּיער בואַיע, וועלכע האָט בעוויזען דעם קונץ צו האַלטען דעם רעגיערונגס־רודער אין זיינע הענד כמעט אַ גאַנצען פיערטעל יאָהרהונדערט.

אין 1821, ווען אַלע שפּאַנישע קאָלאָניעס האָבען שליסליך געוואונען זייער אונאַבהענגיגקייט, ווי מיר ווייסען עס פון פריהערע קאַפּיטלעך, האָט מען אין סאַן דאָמינגאָ, דעם שפּאַנישען טהייל פון דעם אינזעל האַיטי, אויך פּראָקלאַמירט אַ רעפּובליק. נור גענעראַל בואַיע האָט זיך גלייך בענוצט דערמיט, אום צו בעפאַלען סאַן דאָמינגאָ און צו ווערען דיקטאַטאָר איבער דעם גאַנצען אינזעל. דאָס איז איהם געלונגען. ער איז געבליבען דער הערשער איבער דעם שפּאַניש־שפּרעכענדען און פראַנצויזיש־שפּרעכענדען טהיילען פון דעם אינזעל ביז 1843, אָבוואָהל זיי האָבען גאָר ניט געקענט שטימען צווישען זיך. דיזער פערבאַנד איז געווען אַ קינסטליכער, אַ מיליטערישער אונטער דער קאָמאַנדע פון אַ שטאַר־קען דיקטאַטאָר. אָבער באַלד נאָך דער רעוואָלוציאָן אין 1843, וועלכע האָט געמאַכט אַ סוף אויך פון דיזער אונגעוועהנליך לאַנגער דיקטאַטור, האָט זיך סאַן דאָמינגאָ אָבגעריסען און וויעדער ערקלערט איהר אונאַבהענגיגקייט.

זייט דאַן האָבען זיך דיזע צוויי טהיילען פון דיזען אינזעל שוין מעהר ניט פערבונדען. האַיטי און סאַן דאָמינגאָ בלייבען בעזונדערע רעפּובליקען, און זייערע בעפעלקערונגען זיינען ווייט ניט פריינדליך, אָבוואָהל זיי פיהרען צווישען זיך ניט קיין מלחמות.

נאָך דער פעריאָגונג פון דעם דיקטאַטאָר בואַיע האָט זיך געצויגען אַ

קאמפף צווישען פערשיעדענע גענעראלען ביז 1849, ווען איינער פון זיי מיט'ן נאמען פאסטען סולוק האט זיך ערקלערט פאר א קייזער. ער האט אויסגע־האלטען אלע אטאקעס פון זיינע געגנער און האט אונטערדריקט אלע אויפ־שטאנדען געגען זיין דיקטאטור אין פערלויף פון 9 יאהר.

ערשט אין 1858 איז עס געלונגען צו פעריאגען אויך דיזען קייזער. דיא רעפובליק איז ווידער עטאבלירט געווארען, און א מולאט מיט'ן נאמען פאבר זשעפאר איז געווארען פרעזידענט. נור ער איז אויך, וויא געוועהנליך, געווא־רען דיקטאטאר. זיין דיקטאטור האט אנגעהאלטען ביז 1867, ווען ער איז געצוואונגען געווארען זיך אבצוטראגען נאך דזשאמעיקא. גענעראל סילוועס־טער סאלנאוו, וועלכער האט פערכאפט זשעפאר'ס פלאץ, איז דערשאסען גע־ווארען אין צוויי יאהר ארום.

פון דיא נעכסטע פרעזידענטען האט בלויז איינער מיט'ן נאמען סאלאמאן געקענט אנהאלטען זיין דיקטאטור א יאהר צעהן. ווען ער איז פעריאגט גע־ווארען אין 1888, האט זיך אנגעפאנגען א שרעקליכער בירגער־קריעג צווישען דיא אנהענגער פון דיא גענעראלען לעזשיטים און היפאליט. דער לעצטער האט געזיעגט און איז געבליבען דיקטאטאר ביז זיין נאטירליכען טויט אין 1896, וואס עס מעג גערעכענט ווערען פאר א גרויסע אויסנאהמע אין דיזער נעגער־רעפובליק. קיינער פון דיא וויטערע פרעזידענטען האט ניט געענדיגט זיין געזעצליכען טערמין. דיא זא־גענאנטע רעוואלוציאנען הערען דארטען ניט אויף. איין גענעראל פעריאגט דעם אנדערען, און עס איז נאך גאנץ ווייט אפילו פון אזא רוהע, וויא עס הערשט אין דיא אונרוהיגסטע פון דיא שפאניש־שפרעכענדע רעפובליקען.

אין 1910 איז דער אלטער גרענעץ־שטרייט צווישען דיא רעפובליקען האיטי און סאן דאמינגא איבערגעגעבען געווארען צום אינטערנאציאנאלען טרי־בונאל אין האאג. דעם נעכסטען יאהר, ווען האיטי האט זיך ענטזאגט צו בע־צאהלען דיא חובות, וועלכע דיא רעגיערונגען פון ענגלאנד, פראנקרייך, דייטש־לאנד, איטאליען און אויך פון יונייטעד סטייטס האבען פערלאנגט, האבען זיך דארטען אנגעפאנגען גרויסע אונרוהען. דיא גרויסמעכטע האבען דאן געשיקט קריעגשיפען צו בעשיצען זייערע בירגער, וועלכע האבען זיך געפונען אין לע־בענסגעפאהר (דער פראנצויזישער קאנסול איז טאקע פערוואונדעט געווארען). גענעראל סימאן, וועלכער איז געווארען פרעזידענט אין 1908, איז ארונטער־געזעצט געווארען פון גענעראל פירמען, וועלכער האט פערכאפט דיא הויפט־שטאדט פארט־א־פרענס. אבער דיזער גענעראל איז באלד פעריאגט געווארען פון גענעראל לעקאנט, וועלכער איז אנערקענט געווארען פון דער רעגיערונג פון יונייטעד סטייטס און וועלכער איז פערבליבען דיקטאטאר אונגעפעהר א יאהר ביז ער איז אומגעקומען מיט א 300 דיענער און וועכטער אין זיין פאלאץ.

וואָס איז פּערבערענט געוואָרען דורך אַן עקספּלאָזיאָן אין אַ פּולווער־מאַגאַזין דערבײַ. מען ווייס ניט בעשטימט, וויא אַזוי דיזע עקספּלאָזיאָן האָט פּאַסירט, דורך אַ צופאַל אָדער דורך אַ פערשווערונג.

נאָך דיזער שרעקליכער פּאַסירונג האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ קאַמפּף פאַר דיא דיקטאַטור צווישען עטליכע גענעראַלען מיט אַמאָל, אַ קאַמפּף וואָס האָט זיך נאָך ניט געענדיגט אין גאַנצען צו דער צייט, ווען דיזע צײַלען ווערען געשריעבען (אין 1913).

פון דעסטוועגען געהט עס צום בעסערען אויך אין דיזער אמת שוואַרצער רעפּובליק. דיא פינאַנצען געפינען זיך אונטער דער אויפפּאַסונג פון אַן אַמעריקאַנער לויט אַן אָבמאַך מיט דער רעגיערונג פון יונײַטעד סטײטס. מען האָט דאָרטען אָנגענומען אַ געזעץ װעגען געצוואונגענע בילדונג אין פּאָלקס־שולען, און דיזער געזעץ ווערט אַלץ בעסער און שטרענגער דורכגעפיהרט. מען האָט אויך אויסגעבויט אַן אײַזענבאַהן־ליניע און אָרגאַניזירט שיף־ליניעס פאַר דעם פערקעהר צווישען דיא וויכטיגסטע פּאָרטען. דיא רייכע נעגער שיקען זײערע קינדער שטודירען אין פראַנקרײַך. דיא אָרימע אָבער, בעזאָנדערס דיא וואָס לעבען אין דיא דערפער און וועלדער, געפינען זיך נאָך אַלץ אויף אַזאַ ניעדריגער שטופע, וויא מיט הונדערט יאָהר צוריק. מאַנכע זײַנען נאָך מעהר פערווילדעט געוואָרען זייט זייער אונאַבהענגיגקייט. דיא אָפיציעלע רעליגיאָן איז דיא קאַטאָלישע, אָבער דער אַפריקאַנער פעטישיזם, דער גראָבער געצען־דיענסט וואָס טראָגט דעם נאָמען „וואודו", בלייבט נאָך פעסט אײַנגעוואָרצעלט.

---

## דיא רעפּובליק סאַן דאָמינגאָ

צו דעם אויבענגעזאָגטען וועגען דעם טהייל פון דעם אינזעל האַיטי, וואָס טראָגט דעם נאָמען סאַן דאָמינגאָ, האָבען מיר דאָ ניט פיעל צוצוזעצען. מיר ווייסען שוין, אַז דיא ערשטע קאָלאָניע, וואָס קאָלומבוס האָט געגרינדעט, איז געוועזען אויף דיזען אינזעל. דיא הויפּטשטאָדט פון דיזער רעפּובליק מיט דעם זעלבען נאָמען איז דיא עלטעסטע קאָלאָניאַלע שטאָדט אין דער נײַער וועלט. זיא איז געגרינדעט געוואָרען אין 1496 און בלייבט הײַנט דער בעסטער מוס־טער פון דער שפּאַנישער קאָלאָניאַלער אַרכיטעקטור אין 16טען יאָהרהונדערט. אין דעם קאַטהעדראַל דאָרטען, וואָס איז אויפגעבויט געוואָרען אין 1512, האָט זיך געפונען קאָלומבוס'עס קבר פון 1542 ביז דיא פראַנצויזישע עראָבערונג אין 1795. ווען מען האָט איהם אַריבערגעפיהרט נאָך דעם קאַטהעדראַל אין האַוואַנאַ, פון וואַנען מען האָט איהם צוריקגעבראַכט אין 1898 (נאָך דער

בעפרייאונג פון קובא) אין זיין ערשטען רוהע־אָרט, אין דעם קאַטהעדראַל פון סעווילאַ, שפּאַניען. איינע פון דיא קוריאָזיטעטען אין דיזער ערשטער שפּאַנישער קאָלאָניע, איז דיא קאַמער אין דער פעסטונג, וואו קאָלומבוס און זיין ברודער זיינען איינגעשפּאַרט געוואָרען אויף דעם בעפעהל פון באָבאַדילאַ, וועלכער האָט זיי נאכהער אוועקגעשיקט נאָך שפּאַניען געשמידט אין קייטען.

דיא מאַיאָריטעט פון דער בעפעלקערונג בעשטעהט פון מולאַטען פון שפּאַנישען אורשפּרונג. עס געפינען זיך אויך אַ סך פול־בלוטיגע נעגער און אַ געוויסע צאָהל קרעאָלען. טראָץ דעם וואָס דיא ווייסע זיינען אַ גאַנץ קליינע מינאָריטעט, האָבען זיי פון דעסטוועגען דעם גרעסטען איינפלוס. דערמיט אונטערשיידעט זיך בעזאָנדערס דיזע רעפּובליק פון איהר שכנה האיטי, וואו ווייסע האָבען גאָר קיין דעה ניט. דיא לאַנדשפּראַך איז געבליבען דיא שפּאַנישע, נור אין דיא פּאָרטען ווערט אויך געשפּראָכען פראַנצויזיש און ענגליש.

נאָך איהר אָבטהיילונג פון האיטי אין 1843, ווען דיא לאַנגע דיקטאַטור פון גענעראַל בואיע איז געקומען צו אַן ענדע, וויא מיר ווייסען עס פון דער געשיכטע פון האיטי, האָט דיא רעפּובליק סאַן דאָמינגאָ געהאַט פערהעלטניסמעסיג וועניג איבערקעהרעניסען און דיקטאַטאָרס. דער מערקווירדיגסטער פון זיי איז געוועזען בואַנעווענטורא באַעץ, וועלכער האָט רעגיערט כמעט אָהן אויפהער ביז 1861. אין דיזען יאָהר האָט זיין שטאַרקסטער געגנער, גענעראַל פּעדראָ סאַנטאַנאַ, פערכאַפּט דיא רעגיערונג און האָט מיט דער צושטימונג פון זיין פּאַרטיי גאָר ערקלערט, אז סאַן דאָמינגאָ געהט איבער צוריק צו שפּאַניען. אָבער דיא שפּאַנישע הערשאַפט האָט דיזעס מאָל געדויערט ניט מעהר פון אַ יאָהר פיער. נאָך אַ רעוואָלוציאָן אין 1864 אונטער דער פיהרונג פון אַ גענעראַל מיט'ן נאָמען קאַבראַל האָבען דיא שפּאַניער זיך ווידער געזעגענט מיט עספּאַניאָלאַ, דיזעס מאָל שוין זיכער אויף שטענדיג.

באַעץ איז דאַן ווידער אויסגעקליבען געוואָרען פאַר דעם פּרעזידענט, אָבער אין אַ יאָהר אַרום איז ער אַרונטערגעזעצט געוואָרען פון קאַבראַל'ן, וועלכער האָט אין 1868 געמוזט צוריק אָבטרעטען דעם פּלאַץ צו באַעץ'ן. ביז 1873 איז באַעץ געבליעבען דיקטאַטאָר, און אין דיזער צייט איז עס געקומען צו פערהאַנדלונגען מיט דער וואַשינגטאָנער רעגיערונג וועגען דעם, אז סאַן דאָמינגאָ זאָל ווערען אַ טהייל פון יונייטעד סטייטס. גענעראַל גראַנט, וועלכער איז דאַן געוועזען פּרעזידענט פון יונייטעד סטייטס, האָט געשיקט אַ ספּעציעלען פערטרעטער נאָך סאַן דאָמינגאָ און אין 1869 איז געשלאָסען געוואָרען אַן אָבמאַך, נאָך וועלכען דיזע קליינע רעפּובליק האָט געזאָלט אריינטרעטען אין דער גרויסער נאָרד־אַמעריקאַנער רעפּובליק. נאָר דיזער אָבמאַך, וועלכער איז ראַטיפיצירט געוואָרען פון דעם סענאַט פון סאַן דאָמינגאָ, איז פערוואָרפען געוואָרען פון יונייטעד סטייטס סענאַט. אין 1871 האָט פּרעזידענט גראַנט

געשיקט דריי קאָמיסאַרען צו געבען אַן אויספיהרליכען בעריכט איבער דער לאַגע אין סאַן דאָמינגאָ. זייער בעריכט איז געווען צו גונסטען פון אַנעקטירען דיזע רעפובליק, אָבער דערפון האָט זיך גאָר ניט אויסגעלאָזען.

אונטער דער פּרעזידענטשאַפט פון גענעראַל גאָנזאַלעז, וועלכער האָט פערנומען דעם אָרט פון דעם אַלטען דיקטאַטאָר באַעז, האָט געהערשט רוהע און אָרדנונג אין סאַן דאָמינגאָ. אָבער ווען זיין געזעצליכער טערמין האָט זיך געענדיגט (דער פּרעזידענט פון סאַן דאָמינגאָ ווערט אויסגעקליבען אויף 6 יאָהר), האָבען זיך אָנגעפאַנגען שטרייטען און אונרוהען, וועלכע האָבען זיך געענדיגט אין 1882 מיט דער אויסוואַהל פון אַ זעהר פעהיגען נעגער מיט'ן פראַנצויזישען נאָמען הוירא פאַר פּרעזידענט. דיזער נעגער איז געבליבען דיקטאַטאָר אין פערלויף פון 17 יאָהר און האָט זעהר פיעל אויפגעטהאָן פאַר דיא עקאָנאָמישע ענטוויקלונג פון לאַנד.

אין 1899 איז ער אָבער ערמאָרדעט געוואָרען, און זייט דאַן קען זיך קיינער ניט האַלטען דאָרטען לאַנג אַלס פּרעזידענט. ביז דעם אָנפאַנג פון 1913 האָבען זיך אין סאַן דאָמינגאָ געביטען ניט וועניגער פון זיעבען פּרעזידענטען. איינער פון זיי, ראַמאָן קאַסערעס, וועלכער איז אויסגעוועהלט געוואָרען אין 1908, איז ערמאָרדעט געוואָרען אין 1911. אין סעפּטעמבער 1912 האָט דיא וואַשינגטאָנער רעגיערונג געמוזט זיך אריינמישען, ווען עס האָט דאָרטען אויסגעבראָכען אַ רעוואָלוציאָן געגען דעם רעגעלמעסיג ערוועהלטען פּרזידענט עלאַדיאָ וויקטאָריאַ, און בעשיצען דיא קאָסטאָם האוז (צאָלאַמט, טאַמאָזשנע) לויט דעם אָבמאַך פון 1907, נאָך וועלכען יונייטעד סטייטס האָט אַ רעכט צו קאָנטראָלירען דיא אָבצאָהלונגען אויף אימפּאָרטירטע ארטיקלען און איז פעראַנטוואָרטליך פאַר דיא רעגעלמעסיגע צאָהלונג פון אַלע אויסלענדישע חובות פון סאַן דאָמינגאָ.

אונטער דער פינאַנציעלער פערוואַלטונג פון אַן אַמעריקאַנער בירגער און אונטער דער פאַקטישער אויפזיכט פון דער וואַשינגטאָנער רעגיערונג וועט סאַן דאָמינגאָ, האָפט מען, מאַכען גרויסע פאָרטשריטע. דער האַנדעלס-פּערקעהר שטייגט דאָרט, דיא איינקינפטע וואַקסען און דיא חובות ווערען שנעל אויסגעצאָהלט.

---

## דיא קובאַנער רעפּובליק

צו ענדע פון 19טען יאָהרהונדערט האָט שפּאַניען אויף פערלאָרען איהרע לעצטע צוויי קאָלאָניעס אין דער נייער וועלט: קובאַ און פּאָרטאָ ריקאָ. מיר וויסען שוין פון דער געשיכטע פון יונייטעד סטייטס, וויא דאָס איז געשעהען.

דיזע קאָלאָניעס האָבען אָנגעפאַנגען צו קעמפּפען פאַר זייער אָטאָנאָמיע און אונאבהענגיגקייט גלייכצייטיג מיט דיא אנדערע, אָבער זיי זיינען געווען צו שוואך דאָס צו געווינען אָהן פרעמדע הילפע.

אונטער דער לאַנגער שפּאַנישער הערשאַפט האָט קובא בעזאָנדערס פיעל געליטען. דיזער פּראַכטפאָלער און העכסט פּרוכטבארער אינזעל, וואָס ווערט מיט רעכט גערופען "פּערל פון דיא אַנטילען", האָט צוגעצויגען אוואַנטורים־טען און אויך פּלאַנטאַטאָרס א קורצע צייט נאָך קאָלומבוס'עס ענטדעקונג. פון דאָרטען זיינען עס ארויס דיא עקספּעדיציעס נאָך יוקאַטאַן, מעקסיקאָ (אונ־טער הערנאַנדאָ קאָרטעז) און נאָך פלאָרידא. אין 1523 האָט מען אָנגעפאַנגען צו אימפּאָרטירען שווארצע שקלאַווען, וועלכע האָבען פערנומען דיא פּלעצער פון דיא אינדיאַנער אין דיא מינען און אויף דיא פּלאַנטאַציעס. דיא אינדיאַ־נער זיינען אויסגעשטאָרבען מיט אַזאַ שוידערליכער שנעלקייט אין קובא, וויא אין האַיטי, ווען דיא שפּאַניער האָבען זיי געטריבען אין דיא מינען. דיא בע־ריהמטע קופּער־מינען פון קאָברע האָט מען אָנגעפאַנגען צו עקספּלואַטירען אין 1524.

אין 1544 האָט מען אויף דעם בעפעהל פון דער מאַדרידער רעגיערונג עמאַנסיפּירט אין קובא אַלע אינדיאַנער, וועלכע זיינען געבליבען לעבען. אין האַיטי אָבער איז שוין צו דער צייט ניט געבליבען וועמען צו בעפרייען פון דיא איינגעבאָרענע (מען רעכענט, אַז צו דער צייט פון קאָלומבוס'עס ערשטע רייזע האָבען זיך אין האַיטי געפונען ארום צוויי מיליאָן אינדיאַנער; וויא פיעל עס האָבען זיך דאַן געפונען אין קובא, ווייס מען גאָר ניט).

אין 16טען און 17טען יאָהרהונדערט האָבען דיא פּאָרטען און פּלאַנטאַ־ציעס אין קובא צוגעצויגען פראַנצויזישע, ענגלישע און האָלענדישע בוקאַנירען. אין 1555 איז האַוואַנאַ בעפאַלען און בערויבט געוואָרען פון א באַנדע פראַנצוי־זישע בוקאַנירען. ארום דעם מיטען פון 17טען יאָהרהונדערט, ווען ענגלאַנד האָט ארויסגעריסען דעם אינזעל דזשאַמעיקאַ פון שפּאַנישע הענד, האָבען א דרייסיג טויזענד שפּאַניער אריבערגעצויגען פון דאָרטען נאָך קובא, ספּעציעל נאָך האַוואַנאַ, וואָס איז טאַקע געוואָרען דער "שליסעל פון וועסט־אינדיען", וויא דער שפּאַנישער קעניג האָט דיזען פּאָרט געגעבען דעם טיטול.

אין 1762 איז עס ענדליך דיא ענגלענדער געלונגען צו פערנעהמען האַוואַנאַ נאָך א לאַנגען און ביטערען ווידערשטאַנד פון דיא שפּאַניער אין דער פעסטונג ביי דעם אריינפאָהר אין דיזען בעריהמטען פּאָרט. אָבער דעם נעכסטען יאָהר, נאָך דעם סוף פון דעם זיעבען־יעהריגען קריעג אין אייראָפּאַ, האָט ענגלאַנד צוריקגעקעהרט האַוואַנאַ צו שפּאַניען פאַר דעם האַלבאינזעל פלאָרידא. דיא קורצע הערשאַפט פון ענגלאַנד האָט אָבער געהאַט א זעהר וויכטיגע און דויע־רענדע בעדייטונג פאַר קובא דערמיט, וואָס דער האַוואַנער פּאָרט איז געעפענט

געוואָרען פאַר דעם וועלט־האַנדעל. דיא שפּאַנישע רעגיערונג האָט נאָכדעם אליין געמוזט בעוויליגען געוויסע האַנדעלס־פּריווילעגיען און אָבשוואַכען אין האַוואַנאַ דיא אַלטע מאָנאָפּאָלען, וואָס עס האָט געפיהרט צו אַ פערמעהרונג פון פּלאַנטאַציעס (בעזאָנדערס פון צוקער) און פון שקלאַווען.

צו ענדע פון 18טען יאָהרהונדערט, ווען פראַנקרייך האָט צוגענומען ביי שפּאַניען אויך סאַן דאָמינגאָ, האָבען הונדערטע שפּאַנישע פאַמיליעס עמיג־רירט פון דאָרטען נאָך קובאַ. נאָכהער, ווען אין האיטי האָט זיך אָנגעפאַנגען דער שרעקליך בלוטיגער קאַמפּף פון דיא שוואַרצע געגען דיא ווייסע, האָבען אויך אַ סך פראַנצויזישע פאַמיליעס אריבערגעצויגען זיך נאָך קובאַ, וועלכע האָט דערפון זעהר פיעל פּראָפּיטירט.

דיא בעסטע צייט וואָס קובאַ האָט געהאַט אונטער דער שפּאַנישער הער־שאַפט איז געווען צו ענדע פון 18טען און אין אָנפאַנג פון 19טען יאָהרהונדערטע, ווען שפּאַניען איז געווען אָבגעשניטען פון איהרע קאָלאָניעס דורך דיא מלחמות, וואָס זיינען אַרויסגערופען געוואָרען דורך דיא גרויסע פראַנצויזישע רעוואָ־לוציאָן. דיא גענעראַל־גובערנאַטאָרען זיינען דאַן גראַדע געווען ליבעראַלע און גוטע פערוואַלטער, ספּעציעל גענעראַל לאַס קאַזאַס און מארקיז סאָמע־רולאָס. קובאַ איז פאַקטיש געווען אונאַבהענגיג אין דער צייט פון דיא נאַפּאָ־לעאָנישע מלחמות, וועלכע האָבען זיך אָבגערופען מיט רעוואָלוציאָנען אין אַלע שפּאַנישע קאָלאָניעס, וויא מיר וויסען עס פון פריהערדיגע קאַפּיטלעך. דער האַנדעלס־פערקעהר מיט אַנדערע לענדער איז אַלץ פרייער און גרעסער געוואָרען, דיא טאַבאַק־מאָנאָפּאָליע איז אָבגעשאַפט געוואָרען, און אַ גרויסע זעלבסט־פער־וואַלטונג איז איינגעפיהרט געוואָרען אונטער דער שפּאַנישער קאָנסטיטוציע פון 1812.

נור אַרום 1825 האָט דיא שפּאַנישע רעגיערונג געגעבען צו פיעל מאַכט דיא גענעראַל־גובערנאַטאָרען, און דיא לאַגע אויף דעם אינזעל איז דורך דעם אַלץ ערגער געוואָרען. דיא אורזאַכע פון דיזער ענדערונג איז געווען, וואָס דיא סעפּאַראַטיסטישע בעוועגונג, וועלכע האָט זיך אָנגעפאַנגען אונטער דעם איינפלוס פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן, איז געוואָרען אַלץ שטאַרקער, וואָס קאָנספּיראַציעס זיינען אַלץ עפטער געמאַכט געוואָרען און וואָס מעקסיקאָ און אויך קאָלאָמביאַ האָבען געפּלאַנעוועט צו פערכאַפּען דעם אינזעל. דיא גענעראַל־גובערנאַטאָרען זיינען פאַקטיש געוואָרען דיקטאַטאָרען, אום צו קענען בעסער בעשיצען דעם אינזעל אויך געגען אויסלענדישע שונאים.

דיא טיראַנישע האַנדלונגען פון דיזע דיקטאַטאָרישע גובערנאַטאָרען האָבען אַלץ מעהר אויפגערעגט דיא איינוואָהנער. דיא אונצופריעדענהייט איז גע־וואַקסען מיט יעדען יאָהר. אין 1844 האָט דער גענעראַל־גובערנאַטאָר מיט'ן אירלענדישען נאָמען אָ'דאָנעל, וועלכער האָט בכלל געהאַנדעלט טיראַניש

און גרויזאם, אומגעבראכט א סך שווארצע, וועלכע מען האט פערדעכטיגט אין א פערשווערונג געגען דיא ווייסע. צו דיזער צייט האט דיא שפאנישע רעגיערונג געהאט אלץ מעהר אויפצופאסען אויך אויף פערשווערונגען פון ענגלענדער און אמעריקאנער. דיא ענגלישע רעגיערונג האט פערלאנגט דיא שטרענגע דורכפיהרונג פון דעם טראקטאט פון 1820, נאך וועלכען דיא שקלאוועריי אין קובא איז ערקלערט געווארען אונגעזעצליך. ארום דעם מיטען פון 19טען יאהרהונדערט, ווען דער קאמפף פאר דיא אבשאפונג פון דער שקלאוועריי איז געווארען אלץ שארפער און ביטערער אין יונייטעד סטייטס, האט זיך אנגעפאנגען אין דיא שקלאוועריי־שטאאטען א בעוועגונג צו פערנעהמען קובא. דער פלאן פון דיא אמעריקאנער שקלאווען־האלטער איז געווען צו פערכאפען אלע לענדער און אינזלען ארום דעם גאלף און מעקסיקא, אום דורך דעם צו פערשטארקען זייער מאכט געגען דיא נארדליכע אנטי־שקלאוועריי שטאאטען.

דיא פרעזידענטען פיערס און בוקענען (פון 1853 ביז 1861) האבען זעהר שטארק געוואלט אנעקטירען קובא. דיא רעגיערונג פון יונייטעד סטייטס האט דאן פארגעשלאגען אבצוקויפען דעם אינזעל פאר א געוויסע סומע און האט אויך געגעבען שארפע אנצוהערענים, אז אויב שפאניען וועט ניט נאכגעבען מיט גוטען, וועט מען נעהמען מיט געוואלט. צו דיזען צוועק זיינען ארויסגעשיקט געווארען עקספעדיציעס מיט אוואנטוריסטען פון ניו־ארליענס און פון אנדערע אמעריקאנער פארטען. דיזע פיליבוסטער־עקספעדיציעס זיינען אבער אלע דורכגעפאלען. א בעזאנדערס טראגישען סוף האט געהאט דיא עקספעדיציע אונטער קאפיטאן קריטענדען אין 1851. צוזאמען מיט אנדערע 50 אמעריקאנער אוואנטוריסטען איז ער אריינגעפאלען אין דיא הענד פון דיא שפאניער, וועלכע האבען זיי אלעמען דערשאסען לויט דעם מיליטערישען געזעץ. דיא קובאנער פארטיי, וועלכע איז געווען צו גונסטען פון דער אויבערהערשאפט פון יונייטעד סטייטס און אויף וועלכע דיא אמעריקאנער שקלאווען־האלטער און אוואנטוריסטען האבען גערעכענט, בשעת זיי האבען ארויסגעשיקט דיא פיליבוסטער־עקספעדיציעס, איז געווען צו שוואך.

נור אין דער צייט פון דעם בירגער־קריעג אין יונייטעד סטייטס האט מען נאטירליך אין גאנצען פערגעסען אן קובא און בכלל אן פלענער צו אנעקטירען פרעמדע לענדער אפילו מיט דער צושטימונג פון זייערע איינוואהנער. און יאהרעלאנג נאך דיזען בירגער־קריעג האבען דיא אמעריקאנער אויפגעהערט צו אינטערעסירען זיך מיט קובא. ערשט ווען דיא אויפשטאנדען דארטען זיינען געווארען אלץ גרעסער און שרעקליכער צו ענדע פון לעצטען יאהרהונדערט און האבען אויך אלץ מעהר געשטערט דעם אמעריקאנער האנדעל אין וועסט־אינדיען, האט ווידער אויפגעלעבט א קובאנער פראגע אין יונייטעד סטייטס.

די רעוואלוציאנערע קובאנער בעוועגונג איז אלץ שטארקער געווארען אין די

לעצטע דריי צעהנדליג יאָהר פון 19טען יאָהרהונדערט. צו די אָפענע סעפּאַ־ראַטיסטען, צו דיא קעמפּפער פאר אונאבהענגיגקייט, צו דיא רעוואָלוציאָנערען, זיינען צוגעשטאנען דיא רעפאָרמערס און זאָגאר מיטגליעדער פון דיא מעסיגע ליבעראלע פּאַרטייען, וועלכע האָבען געהאָפט, אז אויף דיזען וועג וועט עס זיי געלינגען לייכטער און שנעלער צו צווינגען דיא שפּאַנישע רעגיערונג נאָכצוגע־בען דיא אלטע פאָרדערונגען וועגען אַן ערלייכטערונג פון דער שטייערלאַסט און וועגען אָטאָנאָמיע. אין דעם קאמפּף פון דיא קובאנער געגען דיא שפּאַניער האָט דאן אויך דיא שקלאַווערי־פראגע געשפּיעלט א וויכטיגע ראָלע. דיא ווייסע האָבען געזוכט אריינצוציהען אין זייערע שטרייטען דיא שווארצע, וועלכע האָ־בען דאן געבילדעט ארום א העלפט פון דער גאנצער בעפעלקערונג. אָבוואָהל דיא שפּאַנישע רעגיערונג האָט פערשפּראָכען אין 1820 אָבצושאפען דיא נעגער־שקלאַווערי אין קובא, האָט זיא עס אָבער אויסגעפיהרט ערשט אין 1880.

א געוויסע צייט האָט דיא שפּאַנישע רעגיערונג געזוכט צו פערגרעסערען דיא שווארצע בעפעלקערונג אויף דעם אינזעל, אום דערמיט אָבצושוואכען דיא קרעאָלען. דאָס איז געווען א פּאָליטיק, וועלכע האָט געקראָגען דעם נאָמען "אפריקאניזירונג". דיא שקלאַווען זיינען געהעצט געוואָרען געגען זייערע העררען, און דאָס האָט געפיהרט צו שוידערליכע רציחות אין דער צייט פון דעם גרעסטען און שרעקליכסטען אויפשטאנד, וואָס האָט זיך געצויגען פון 1868 ביז 1878 און וואָס ווערט דארום גערופען "דער צעהן־יעהריגער". דיא בעפרייטע שקלאַווען, מייסטענס מולאטען, האָבען געוועהנליך געהאָלפען דיא רעוואָלוציאָנערען, ווייל זיי האָבען געהאָפט ניט נור צו מאכען א סוף פון דער גאנצער שקלאַווערי דורך א זיעג איבער דיא שפּאַניער, זאָנדערן אויך צו געווינען פּאָלשטענדיגע פּאָליטישע גלייכהייט. דיא קובאנער קרעאָלען, וועלכע האָבען געקעמפּפט געגען דיא שפּאַנישע הערשאפט, זיינען געווען צוטהיילט אין צוויי הויפּט־פּארטייען וועגען דיא שקלאַווערי: איינע וואָס האָט געפאָרדערט, אז מען זאָל אלע שקלאַווען גלייך פריילאָזען אָהן שום בעלוינונג צו זייערע הערען, און דיא אנדערע, וועלכע האָט געשטיצט דעם פאָרשלאג פון דיא מע־סיגע ליבעראלען, אז מען זאָל דיא דאָזיגע בעפרייאונג דורכפיהרען שטופענווייז און בעלוינען דיא פּלאנטאטאָרס.

דער 10־יעהריגער אויפשטאנד האָט זיך אָנגעפאנגען צו ענדע פון 1868 אונטער דער פיהרונג פון א רייכען פּלאנטאטאָר מיט'ן נאָמען סעספּעדעס, ווען דיא האָפנונגען אויף וויכטיגע פּאָליטישע רעפאָרמען זיינען ניט ערפילט גע־וואָרען. אין דעם זעלבען יאָהר איז פאָרגעקומען א רעוואָלוציאָן אין שפּאניען גופא. דיא קעניגין איזאבעלא דיא צווייטע איז ארונטערגעזעצט געוואָרען, און דיא רעגיערונג איז אריינגעפאלען אין דיא הענד פון מארשאל סעראנאָ ביז דיא קאָרטעסען האָבען געהאט צו בעשטימען, ווער עס זאָל פערנעהמען דעם וואקאנ־

טען טראָן. דיא קובאנער רעוואָלוציאָנערען, וועלכע האָבען פערלאָרען דיא האָפ־נונג צו קריעגען ווען עס איז אָטאָנאָמיע פון אירגענד וועלכער שפּאַנישער רע־גיערונג, האָבען זיך געוואָלט בענוצען מיט דיא אינערליכע אונרוהען אין שפּאַ־ניען, אום אָנצופאַנגען אַן אַלגעמיינען קאַמפּף פאַר אונאַבהענגיגקייט.

דיא קובאנער זיינען אָבער געווען צו שוואַך אַראָבצושליידערען פון זיך דעם שפּאַנישען יאָך מיט אייגענע קרעפטע. דיא שפּאַנישע רעגיערונג האָט געשיקט גענוג סאָלדאַטען צו אונטערדריקען יעדען אויפשטאַנד, אָבער דיא רע־וואָלוציאָנערען האָבען געפיהרט אַ גערילאַ־קריעג אין דיא וועלדער און בערג, וועלכע זיינען וויא געשאַפען אין קובאַ אַזוי וויא אין האיטי און דזשאַמעיקאַ פאַר אַזאַ מין קריעגספיהרונג. פוןביידע זייטען זיינען בעגאַנגען געוואָרען שוידערליכע רציחות. דיא שפּאַניער האָבען געהאַלטען אין זייערע הענד דיא שטעדט, און דיא רעבעלען האָבען געברענט דיא צוקער־פּלאַנטאַציעס און גע־שאָכטען זייערע געגנער, וואו נור זיי האָבען עס געקענט בעווייזען.

ווען ביידע זייטען זיינען אויסגעמאַטערט געוואָרען דורך דיזען לאַנגען אויפשטאַנד, איז עס געקומען צו אַ קאָמפּראָמיס אין 1878. דיא רעוואָלוציאָ־נערען האָבען אוועקגעלייגט דיא געוועהר, ווען דיא מאַדרידער רעגיערונג האָט פערשפּראָכען אַלגעמיינע אַמניסטיע, קאָלאָניאַלע אָטאָנאָמיע און דיא גענצליכע אָבשאַפונג פון שקלאַווערייַ.

אָבער פון איין זייט איז אַלץ שטאַרקער געוואָרען דיא פּאַרטייַ, וועלכע האָט בכלל ניט געוואָלט דולדען דיא אויבערהערשאַפט פון שפּאַניען און האָט געשטרעבט צו פאָלשטענדיגע אונאַבהענגיגקייט אָדער וועניגסטענס צו אָטאָנאָ־מיע אונטער דעם פלאַג פון יונייטעד סטייטס, און פון דער אַנדער זייט האָבען דיא גענעראַל־גובערנאַטאָרען אַלץ געהאַנדעלט טיראַניש און האָבען ניט אויס־געפיהרט וויא געהעריג דיא פערשפּרעכונגען וועגען רעפאָרמען. ערשט אין 1886 איז ניט געבליבען קיין איינציגער שקלאַוו אין קובאַ, און פולע גלייכבע־רעכטיגונג האָבען דיא שוואַרצע געקראָגען ערשט אין 1893. וואָס אַנבעלאַנגט צו דיא פּאָליטישע רעפאָרמען, האָט מען פּראָקלאַמירט אין קובאַ דיא קאָנסטי־טוציאָן, וועלכע איז איינגעפיהרט געוואָרען אין שפּאַניען אין 1876; אָבער זיא האָט ניט בעפרידיגט און ניט געקענט בעפרידיגען דיא ראַדיקאַלען און אפילו דיא ליבעראַלען אין קובאַ.

דיא פיהרער פון דעם 10־יעהריגען אויפשטאַנד, בעזאָנדערס דיא גענע־ראַלען מאַקסימאָ גאָמעז, כאָזע מאַרטי, קאַליקסטאָ גאַרסיאַ, אַנטאָניאָ מאַסעאָ, האָבען דאַרום גענומען מאַכען פּאָרבערייטונגען צו אַ נייעם אויפשטאַנד. דער־ביי האָבען זיי שוין גערעכענט בעזאָנדערס פיעל אויף דער הילפע פון אַמעריי־קאַנער, וועלכע האָבען אַלץ מעהר אָנגעפאַנגען צו סימפּאַטיזירען מיט דיא קעמפּפער געגען דיא שפּאַנישע הערשאַפט דאָרטען. דיזער נייער אויפשטאַנד,

דער לעצטער געגען שפאניען אין קובא, האָט אויסגעבראָכען אין אָנפאנג פון 1895, ווען דיא קאָנסערוואטיווע מאיאָריטעט פון דיא קאָרטעסען אין מאדריד האָט פערוואָרפען א פאָרשלאג וועגען קובאנער אָטאָנאָמיע. דער גענעראל־גובערנאטאָר קאלעכא האָט דאן ניט נור אָבגעשאפט אַלע קאָנסטיטוציאָנעלע גאראנטיעס אויף דעם אינזעל, זאָנדערן האָט אויך גענומען איינפיהרען דיא בארבארישע סיסטעם פון צוזאמענקלייבען אין לאגערען דיא טהיילען פון דער בעפעלקערונג, וועלכע האָבען קיין אנטהייל ניט גענומען אין דעם אויפשטאנד. דער צוועק פון דיזער סיסטעם, וועלכע האָט געטראָגען דעם נאָמען "רעקאָנסענטראסיאָן", איז געווען אָבצושוואכען דיא רעבעלען און זיי צו פעריאָגען אַלץ ווייטער אין דיא ווילדע געבירגיגע געגענדען.

דורך דעם האָט אָבער דיא גאנצע בעפעלקערונג שטארק געליטען. דיא רעקאָנסענטראדאָס, ד. ה. דיא יעניגע וואָס זיינען צוזאמענגעטריבען געוואָרען פון דיא שפאנישע סאָלדאטען אין אַזעלכע לאגערען, האָבען פשוט געליטען הונגער. אין יונייטעד סטייטס האָט מען ניט נור גענומען זאמלען שפייז און קליידער פאר דיזע אונגליקליכע אָפפער, זאָנדערן אויך צו פאָרדערען אַלץ מעהר דיא בעפרייאונג פון קובאנער פאָלק.

צו ענדע פון 1897 האָט סאגאסטא, דער ליבעראלער שפאנישער פרעמיער, אָנגעקינדיגט, אַז קובא וועט קריגען אָטאָנאָמיע. דיא מאדרידער רעגיערונג האָט זיך ענדליך ארומגעזעהן, אַז אויב זיא וועט ניט בעפרידיגען דיא פּאָליטישע פאָרדערונגען פון דיא קובאנער, וועט זיא זיך מוזען געזעגענען מיט איהרע לעצטע קאָלאָניעס אין דער נייער וועלט. עס איז שוין אָבער געווען צו שפעט. דיא פיהרער פון דעם אויפשטאנד האָבען שוין ניט געוואָלט וויסען פון קיינע אָטאָנאָמיעס אונטער דעם שפאנישען פלאג. זיי האָבען געקעמפפט פאר אונאבהענגיגקייט, פאר אַן אייגענע רעפובליק. זיי האָבען זיך געפיהלט שטארק מיט דער סימפאטיע פון דעם גאנצען אמעריקאנער פאָלק, וואָס האָט אונטערגעיאָגט דיא וואשינגטאָנער רעגיערונג אונטער דער פרעזידענטשאפט פון וויליאם מעק קינלי אריינצומישען זיך מיליטעריש און צו מאכען א סוף פון דער שפאנישער הערשאפט.

פון דעסטוועגען וואָלט עס נאָך געקומען צו א נייעם קאָמפּראָמיס צווישען דיא קובאנער און שפאניער און אפשר וואָלט קובא אַלץ פערבליבען א שפאנישע קאָלאָניע, ווען עס וואָלט גראדע ניט פּאסירט אַזאַ אויסעראָרדענטליכער אונגליקס־פאַל, וויא דיא אויפרייסונג פון דער אמעריקאנער שלאכט־שיף "מעין" אין דעם האפען פון האוואנא דעם 15טען פעברואר 1898. ווער עס האָט אויפגעריסען דיזע שיף, וועט שוין אפנים בלייבען אַן אייביגע געהיימניס, נור דער רעזולטאט דערפון איז יעדענפאַלס געווען א זעהר טרויעריגער פאר שפאניען. פון דער געשיכטע פון יונייטעד סטייטס ווייסען מיר דאָך, אַז אונגעפעהר א

מאָנאט נאָך דיזער שווידערליכער עקספּלאָזיאָן האָט זיך אָנגעפאַנגען דיא שפּאַ־ניש־אמעריקאַנער מלחמה, וועלכע האָט זיך געענדיגט ניט נור מיט דער בע־פרייאונג פון קובאַ, זאָנדערן אויך דערמיט, וואָס שפּאַניען האָט פערלאָרען אפילו פּאָרטאָ ריקאָ און דיא פיליפּינען אינזלען.

מיר וועלען זיך דאָ ניט פערנעהמען מיט אַ שילדערונג פון דיזער מלחמה, וועלכע האָט אַזוי בולט אַרויסגעוויזען דיא שוואַכקייט פון שפּאַניען און דיא מאַכט פון יונייטעד סטייטס. שפּאַניען האָט קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט, וויא אָנצונעהמען אַלע אַמעריקאַנער בעדינגונגען, און דעם 1טען יאַנואַר 1899 האָט איהר פלאַג אויפגעהערט צו פלאַטערען אויף אירגענד וועלכען פונקט פון דער נייער וועלט, וועלכע זיא האָט בעהערשט אין 16טען יאָהרהונדערט.

דיא קובאַנער האָבען אָבער געהאַט צו וואַרטען קנאַפּע דריי יאָהר אויף דער אונאַבהענגיגקייט, פאַר וועלכע זיי האָבען אַזוי לאַנג געקעמפּפט און אַזוי פיעל בלוט פערגאָסען. וויא גרויס עס איז געווען דער פערלוסט אין מענשען־לעבענס דורך דעם אויפשטאַנד צייגען פאָלגענדע ציפער: לויט דער פאָלקס־צעהלונג אין 1887 איז דיא קובאַנער בעפעלקערונג געווען 1,631,687; לויט דער פאָלקס־צעהלונג אין 1899 איז זיא געווען 1,572,792. ניט רעכענענדיג דעם נאַטירליכען צוואוואוקס איז דאָס געווען אַן אַבסאָלוטע פערקלענערונג פון 3.6 פּראָצענט אין פערלויף פון 12 יאָהר. אַזאַ פערקלענערונג האָט נור געקענט זיין דער רעזולטאַט פון שרעקליכע בלוט־פערגיסונגען אין פערלויף פון דיא דריי יאָהר, וואָס דיזער לעצטער אויפשטאַנד האָט זיך געצויגען. וויא שנעל דיא בעפעלקערונג וואַקסט דאָרטען אונטער געוועהנליכע אומשטענדען, צייגט דיא פאָלקס־צעהלונג אין 1907. זיא איז געשטיגען ביז 2,048,980 (דאָס איז געווען אַ פערמעהרונג פון 30 פּראָצענט אין פערלויף פון אכט יאָהר).

ביז דעם 20טען מאַי 1902 האָט זיך קובאַ געפונען אונטער דער מיליטער־רישער פערוואַלטונג פון אַמעריקאַנער. דאָס איז נויטיג געווען צוליעב פער־שיעדענע אורזאַכען, אויסוועהרטיגע און אינערליכע. אין דיזער צייט איז אויס־געאַרבייט געוואָרען אַ קאָנסטיטוציאָן, וועלכע פערבלייבט אין קראַפט עד היום און וועלכע וועט קיין מאָל ניט קענען געענדערט ווערען אין וויכטיגע פונקטען אָהן דער צושטימונג פון יונייטעד סטייטס. אין איהרע אינערליכע אַנגעלע־גענהייטען איז דיא קובאַנער רעפּובליק אַ זעלבסטשטענדיגע; אָבער אין איהרע אויסערליכע אַנגעלעגענהייטען איז זיא אונטער דעם פּראָטעקטאָראַט פון יוניי־טעד סטייטס לויט דעם זאָ־גענאַנטען "פּלאַטט אַמענדמענט" (נאָך דעם נאָמען פון דעם יונייטעד סטייטס סענאַטאָר, וועלכער האָט איהם פערפאַסט און פאָר־געשלאָגען). אויף דעם גרונד פון דיזען אַמענדמענט, וואָס איז אַריינגעשרי־בען געוואָרען אין דער קובאַנער קאָנסטיטוציאָן, קען יונייטעד סטייטס אויף פערנעהמען מיליטעריש דעם אינזעל אונטער געוויסע אומשטענדען.

דער ערשטער קובאנער קאָנגרעס איז ערעפענט געוואָרען דעם 5טען מאַי 1902, און דער ערשטער פּרעזידענט איז געוועזן טאָמאַס עסטראַדאַ פּאַלמאַ, וועלכער איז געשטאָרבען אין 1908 אין אַלטער פון 73 יאָהר. אָבער צוזאַמען מיט דער אונאַבהענגיגקייט האָט זיך אויך אין דיזער יונגער רעפּובליק אָנגעפאַנ־גען אַזאַ ביטערער פּאַרטיי־קאַמפּף, וויא אין אַלע אַנדערע שפּאַניש־שפּרע־כענדע רעפּובליקען, ווען זיי האָבען ערוואָרבען אונאַבהענגיגקייט נאָך זייערע רעוואָלוציאָנען אין אָנפאַנג פון 19טען יאָהרהונדערט. צו דיא שטענדיגע און געוועהנליכע שטרייטען צווישען דיא ליבעראַלע, קאָנסערוואַטיווע און קלערי־קאַלע פּאַרטייען, זיינען אין קובאַ צוגעקומען שטרייטען צווישען דיא געבאָרענע ווייסע קובאַנער און דיא שפּאַניער, וועלכע זיינען פערבליבען אויף זייערע גיטער און ביי זייערע פריהערע בעשעפטיגונגען, וויא אויך צווישען דיא אַנ־הענגער פון אַן אונאַבהענגיגער רעפּובליק און דיא אַנהענגער פון אַ פעראייניגונג מיט יונייטעד סטייטס (דיא זאָ־גענאַנטע אַמעריקאַנער פּאַרטיי) און צווישען דיא ווייסע און שוואַרצע.



פּרעזידענט טאָמאַס עסטראַדאַ פּאַלמאַ

בעזאָנדערס געפעהרליך איז געוואָרען און בלייבט אויך היינט דער ראַסען־קאַמפּף. דיא שוואַרצע הערען ניט אויף צו בעקלאָגען זיך, דאָס מען בעהאַנדעלט זיי וויא שטיף־קינדער, טראָץ דעם וואָס זיי האָבען פערגאָסען זייער בלוט גלייך מיט דיא ווייסע און נאָך מעהר אין אַלע אויפשטאַנדען געגען דיא שפּאַ־נישע הערשאַפט. זיי צייגען אָן, אַז מען גיט זיי ניט רעגיערונגס־שטע־לען אין פּראָפּאָרציע צו זייער צאָהל. דיא ווייסע לייקענען עס און זאָגען, אַז זיי קריעגען ניט מעהר וויא עס קומט זיי אַלס דיא מאַיאָריטעט פון דער בעפעלקערונג. דיא נעגער צו־זאַמען מיט דיא מולאַטען בילדען אייגענטליך יעצט ניט מעהר וויא אַ דריטעל פון קובאַנער פאָלק. אפילו אין דעם אָסטליכען טהייל פון קובאַ, אין דער פּראָווינץ אָריענטע, וואו זיי זיינען בעזאָנדערס צאָהלרייך און אויך בעזאָנדערס מוטהיג און זעלבסטשטענדיג אונטער דעם איינפלוס פון זייע־

רע נאָהענטע שכנים, דיא שטאָלצע נעגער פון דער רעפובליק האיטי, זיינען דיא



פרעזידענט כאָזע מיגעל גאָמעץ

שוואַרצע אין דער מינאָריטעט. נאָך דיא לעצטע סטאַטיסטישע רעכנונגען ביל־

דען דיא ווייסע אַרום 70 פּראָצענט פון דער בעפעלקערונג אין קובא (דאַרונטער 60 פּראָצענט קרעאָלען און 10 פּראָצענט אויסלענדיש-געבאָרענע). עס איז דאַ־רום גאַנץ נאַטירליך, אַז דיא ווייסע זיינען דיא הערשער פון אינזעל; אָבער דיא שווארצע האָבען דאָך פולע פּאָליטישע גלייכבערעכטיגונג ניט נור אויף׳ן פּאַפּיער, זאָנדערן אויך אין דער פּראַקטיקע.

אַזא "קאָלאָר לאַין (פאַרב-ליניע)" וויא אין יונייטעד סטייטס און בכלל אין דיא ענגליש-שפּרעכענדע לענדער צווישען ווייסע און פאַרביגע, האָט קיין מאָל ניט עקזיסטירט און עקזיסטירט אויך היינט ניט אין קובא. מיר ווייסען שוין פון פריהערע קאַפּיטלען, אַז אין דיא שפּאַנישע קאָלאָניעס און איבער־הויפּט אין דיא קאָלאָניעס פון דיא ראָמאַנישע אָדער לאַטיינישע פעלקער זיי־נען שטענדיג אָנגעגאַנגען בלוט-מישונגען צווישען דיא פערשיעדענע ראַסען און אַז דיא פּאָליטישע און אויך געזעלשאַפטליכע גרענעצען צווישען ווייסע און שווארצע זיינען שנעל אָבגעמעקט געוואָרען נאָך דער אָבשאַפונג פון דער נעגער־שקלאַווערייַ. אין קובא זיינען דיא פאַרב-ליניעס נאָך שוואַכער געוועזן, וויא אין אַלע אַנדערע שפּאַנישע קאָלאָניעס, ווייל דאָרטען האָבען זיך שטענדיג גע־פונען זעהר פיעל ווייסע מענער אָהן פאַמיליעס (אויך היינט איז דיא פּראָפּאָרציע פון מענער צו פרויען דאָרטען וויא 21 צו 19).

אָבער דיא שווארצע זיינען פון דעסטוועגען אַלץ ניט צופריעדען מיט זייער פּאָליטישער לאַגע אין קובא און צייגען אויך אַרויס דיזע אונצופריעדענהייט פון צייט צו צייט אין רעבעליאָנען און אין אונטערצינדונגען פון דיא צוקער־פּלאַנ־טאַציעס, וועלכע געהערען נאַטירליך כמעט אויסשליסליך צו דיא ווייסע (אַן אויפשטאַנד פון נעגער אין דער פּראָווינץ אָריענטע האָט אויך אויסגעבראָכען אין 1912).

נור צו דער צייט פון דיא וואַהלען פון אַ פּרעזידענט אויף דעם פּלאַץ פון דעם אַלטען פּאַלמאַ איז דער קאַמפּף צווישען דיא פערשיעדענע פּאַרטייען גע־וואָרען אַזוי ביטער און געפעהרליך, אַז דיא רעגיערונג פון יונייטעד סטייטס האָט זיך געמוזט אַריינמישען אויף דעם גרונד פון דעם "פּלאַטט אַמענדמענט". דיא ליבעראַלען האָבען בעשולדיגט דיא קאָנסערוואַטאָרס, וועלכע האָבען גע־פיהרט דיא גרענדע אונטער פּאַלמאַ׳ס פּרעזידענטשאַפט, אין שווינדעל ביי דיא פּאָרבערייטונגען צו דיא פּרעזידענט-וואַהלען אין 1906, און וויא עס איז דער שטייגער אין לאַטיינישע רעפּובליקען אונטער אַזעלכע אומשטענדען, האָבען זיי אין יולי 1906 אַרויסגעלאָזען אַ מאַניפעסט, אין וועלכען זיי האָבען גערופען דאָס פּאָלק צו אַ רעוואָלוציאָן.

דיזער צורוף האט באלד געפונען אן אבקלאנג אויף דעם גאנצען אינזעל.



פרעזידענט מאריא מענאקאל

ניט אכטענדיג אויף דיא ווארנונגען פון דער וואשינגטאנער רעגיערונג, האט

זיך טאַקע אָנגעפאנגען אַן אויפשטאנד פון דיא ליבעראלען און ראַדיקאַלען. דיא קובאנער רעגיערונג האָט אַפּעלירט נאָך הילפע צו יונייטעד סטייטס, און פּרעזידענט רוזוועלט האָט געשיקט צוויי שלוחים (איינער פון זיי איז געווען דער קריעגס-מיניסטער וויליאם טאפט, וועלכער איז געוואָרען פּרעזידענט אין 1909) צו בעטראַכטען נעהענטער דיא לאַגע אין דער ניי־געבאָרענער רעפּובליק און צו האַנדלען אַלס פריעדענס-פּערמיטלער.

ווען אַלע פערזוכען צו מאַכען אַ פּשרה צווישען דיא שטרייטענדע פּאַר־טייען זיינען דורכגעפאַלען, האָט זיך טאַקע יונייטעד סטייטס מיליטעריש אַריינ־געמישט, אום ניט צו דערלאָזען צו שלאַכטען און צו האַלטען אָרדנונג אויף'ן אינזעל. ענדע סעפּטעמבער 1906 האָט פּרעזידענט פּאַלמאַ רעזיגנירט, און דער קאָנגרעס אין האַוואַנאַ איז געשלאָסען געוואָרען אָהן דיא אויסוואהל פון אַ נייעם פּרעזידענט. דעם זעלבען טאָג האָט זיך אָנגעפאנגען אַ פּראָוויזאָרישע רעגיערונג אונטער דער אויפזיכט פון אַן אַמעריקאַנער מיליטערישען גובערנאַטאָר מיט דער הילפע פון אַן אַמעריקאַנער אַרמעע. פאָרמעל האָט עס געהייסען, אַז קובאַ בלייבט אַ רעפּובליק אונטער איהר אייגענעם פלאַג מיט איהר אייגענער קאָנסטי־טוציאָן, וועלכע דער אַמעריקאַנער גובערנאַטאָר האָט געזוכט אָבצוהיטען, אָבער פאַקטיש איז דאָס געווען אַ פרעמדע הערשאַפט.

ערשט אין אָנפאַנג פון 1909, ווען גענעראַל כאָזע מיגעל גאָמעץ, דער פיהרער פון איין טהייל פון דער ליבעראַלער פּאַרטיי (דיא מיגעליסטאַס) איז געוואָרען פּרעזידענט און אַלפרעדאָ זאַיאַס, דער פיהרער פון אַן אַנדער טהייל פון דער ליבעראַלער פּאַרטיי (די זאַיאַסיסטאַס), איז געוואָרען וויצע-פּרעזידענט, האָט דיא אַמעריקאַנער פּראָוויזאָרישע רעגיערונג אויפגעהערט. דיא רעגיערונג פון יונייטעד סטייטס האָט וויעדער געהאַלטען איהר צוזאָג זיך צוריקצוציהען פון קובאַ, וויא נור אָרדנונג וועט דאָרטען עטאַבלירט ווערען. דערמיט האָט דיא גרויסע און מעכטיגע נאָרד־אַמעריקאַנישע רעפּובליק געצייגט פאַר דיא גאַנצע וועלט, אַז זיא וויל טאַקע ניט בעהערשען פרעמדע נאַציאָנען און אויך ניט סתם כאַפּען פרעמדע לענדער.

קובאַ בלייבט היינט אַזוי זעלבסטשטענדיג אַלס אַ בעזונדערע רעפּובליק, וויא בשעת זיא איז געשאַפען געוואָרען אַ דאַנק דער הילפע פון יונייטעד סטייטס. דער ליבעראַלער פּרעזידענט גאָמעץ האָט וויא עס איז געענדיגט זיין געזעצליכען טערמין אָהן אַ רעוואָלוציאָן, ווייל דיא קובאַנער האָבען בכלל שטאַרק מורא פאַר אַ נייער מיליטערישער אַריינמישונג פון יונייטעד סטייטס, וועלכע איז אונ־פערמיידליך אין אַזאַ פאַל לויט דעם "פּלאַטט אַמענדמענט". אָבער דער דריי־

טער פּרעזידענט, סעניאָר מאַריאָ מענאָקאַל, וועלכער איז גענזעצליך ערוועהלט געוואָרען אין 1913, איז שוין אַ פיהרער פון דער קאָנסערוואַטיווער פּאַרטיי. ער איז אַן אינזשינער וואָס האָט שטודירט אין אַמעריקאַנער אוניווערזיטעטען און ער האָט געפונען חן אין די אויגען פון אַמעריקאַנער פאָלק און פון דער וואַשינגטאָנער רעגיערונג אונטער דער לייטונג פון דעם דעמאָקראַטישען פּרעזידענט וואודראָ ווילסאָן און פון זיין סעקרעטערי אָוו סטייט (מיניסטער פון אויסלענדישע אַנגעלעגענהייטען), דעם בעריהמטען דעמאָקראַטישען פיהרער וויליאַם ברייען.



## 1. די פאַראייניגטע שטאַטען פון 1914—1916

„ווערענד אין אייראָפּע ציהט זיך די גרעסטע און שרעקליכסטע מלחמה, וואָס די וועלט האָט אַמאָל געזעהן, די לאַנג־פּאַראויסגעזעהענע מלחמה צווישען די גרעסטע און מעכטיגסטע לענדער אין דער אַלטער וועלט, וואָס האָט אויסגע־בראָכען אין אויגוסט 1914, — הערשט גליקליכערווייזע פרידען אין דער נייער וועלט."

אזוי האָט געשריבען דער פאַרשטאָרבענער פ י ל י פּ ק ר א נ ץ, בעת ער האָט פאַרפאַסט דאָס בוך (זע: באַנד 1, ז. 104).

די מלחמה האָט אָבער געמוזט ווירקען אויף אַמעריקע׳ס שטעלונג צו דער וועלט־פּאָליטיק.

דער ווינטער 1913־1914 איז געווען בכלל זעהר אַ שלעכטער אויף דעם געביט פון האַנדעלס־געשעפטען. אין לאַנד האָט זיך געשפּירט אַן עקאָנאָמישער קריזיס, און די צאָל פון אַרבייטסלאָזע איז שטאַרק געוואַקסען.

דאַן איז אויסגעבראָכען די גרויסע אייראָפּעאישע מלחמה. אַמעריקע האָט באַשלאָסען זיין נייטראַל און זיך האַלטען ווייט פון דעם בלוטיגען פעלד. די נייטראַליטעט איז געווען צו גונסטען פון דעם עקאָנאָמישען שטאַנדפּונקט, ווייל מען האָט געקענט האַנדלען מיטביידע קעמפּענדע צדדים.

דעם 18טען אויגוסט 1914 האַלט דער פּרעזידענט וו א ו ד ר אָ ווי ל ־ ס אָ ן אַ נישט קיין קלאָרע רעדע וועגען אַמעריקע׳ס שטעלונג צו דער מלחמה. ער האָט זיך אויסגעדריקט, אַז „עס איז איינגאַנצען אין אונזער רשות, וואָס פאַר אַ רעזולטאַטען זי (ד. ה. די מלחמה) וועט אונז ברענגען." ער האָט געבעטען דאָס פאָלק זיין געלאַסען, אָפּהאַלטען זיך פון אַרויסזאָגען מיינונגען און קודם־כל טראַכטען וועגען די פאַראייניגטע שטאַטען.

אין אייראָפּע האָבען די אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָרען איבערגענומען אין די קריגס־לענדער דעם זאָרג פאַר די בירגער, וואָס זייערע לענדער האָבען זיך געשלאָגען, און געהאָלפען זיי מיט עצות און מיט געלט.

ווען די דייטשען האָבען עראָבערט בעלגיען, איז דער אַמעריקאַנער אַמבאַ־סאַדאָר ב ר א נ ד ו ו י ט ל אָ ק געבליבען אויף זיין פּאָסטען און געהאָלפען די נויטבאַדאַרפטיגע. כדי צו ראַטעווען דאָס בעלגישע פאָלק פון הונגער, האָט

זיך געגרינדעט אן אמעריקאנער הילפס־קאמיטעט, און הערבערט הוא־ווער (Herbert Hoover) איז געווארען דער אנפירער פון דעם הויפט־קאמיטעט, וואס האט זיך געפונען אין לאנדאן.

די שטיצע פאר בעלגיע איז שוין ערקלערט געווארען אלס א סימן פון ניט־נייטראליטעט, הגם אמעריקא האט געזעהן צו העלפען אומעטום, וואו א דאנק דער מלחמה האט זיך באוויזען הונגער און קראנקהייט.

אין אמעריקא האבען זשורנאליסטען פון ביידע קעמפענדע לאגערען געפירט א פראפאגאנדע, געקויפט צייטונגען און מיינונגען, ארויסגעגעבען פארשידענע שריפטען, ליפלעטס א. אז. וו.

דעם 10טען אויגוסט פון 1914 האט א גרופע אמעריקאנער פון דייטשער אפשטאמונג אנגעהויבען ארויסגעבען א וואכענבלאט „דאס פאטערלאנד" (Das Faterland) דער ציל פון דעם בלאט איז געווען פראפאגאנדירען פאר די צענטראלע מלוכות (דייטשלאנד און עסטרייך). די אנהענגער פון די אליאירטע מלוכות (פראנקרייך, רוסלאנד און ענגלאנד) האבען אויך געטאן פראפאגאנדע־ארבייט, אזוי, אז דער ווונש פון פרעזידענט ווילסאן — זיך האלטען רוהיג און ניט לאזען זיך פירען פון די געפילען — איז ניט מקוים געווארען.

חוץ דעם קאמף פון די פארשידענע מלחמה־„אריענטאציעס", האט נאך אן אנדערע זאך זיך געלאזט שטארק פילען, אז אין אייראפע איז א מלחמה, און אינגאנצען אהן אן עפעקט אויף אמעריקא קען עס ניט זיין.

די אליאירטע האבען שטארק געשעדיגט דעם אימפארט פון סחורות פון דייטשלאנד און עסטרייך אין די פאראייניגטע שטאטען. די ענגלישע שיפען זיינען געווען פארנומען מיט טראנספארט פון מיליטער, און אזוי ווי אמעריקא האט ניט געהאט קיין גרויסע פלאטע, האט ממילא דער אימפארט געמוזט דערפון ליידען.

די הכנסה פון אימפארט־שטייערען איז קלענער געווארען אין משך פון יאהר 1914־1915 אויף קנאפע 19 מיליאן דאלאר. דאס איז געווען א גרויסער עקאנאמישער קלאפ פאר'ן לאנד.

כדי צו דעקען דעם היזק, איז דעם 22טען אקטאבער 1914 דורכגעפירט געווארען א געזעץ פון אינערליכער באשטייערונג, וואס האט געזאלט אריינברענגען הונדערט מיליאן דאלאר עקסטרע הכנסה.

די מלחמה האט געמאכט אליץ שווערער און שווערער דעם טראנספארט פון די שיפען. אמת, דער האנדעל מיט די נייטראלע לענדער, ווי האלאנד, סקאנדינאוויען און דאמאלס נאך די נייטראלע איטאליע, איז גרעסער געווארען.

אָבער אַזוי ווי די נייטראַלע מלוכות האָבען געהאַנדעלט מיט דייטשלאַנד און עסטרייך, איז אויסגעקומען, אַז די בלאָקאַדע פון די אַליאירטע געגען די צענטראַלע מאַכטען האָבען אין אָנהויב קיין גרוים ווירקונג ניט געהאַט.

ביסלעכווייז האָבען אָבער די אַליאירטע זיך אַרומגעזעהן, אַז אַזאַ האַנדעל איז פאַרט אַ הילף פאַר די צענטראַלע מלוכות. זיי האָבען דעריבער געמאַכט אַ רשימה פון סחורות, וואָס מען טאָר ניט פאַרקויפען צו דייטשלאַנד און עסטרייך, ווייל דאָס מיינט, אַז מען העלפט זיי פירען די מלחמה.

די אַליאירטע האָבען אָנגעהויבען שטאַרק קאָנטראָלירען די נייטראַלע שיפען, נעמען זיי אין די פאָרטען און קאָנפיסקירען אַלץ, וואָס זיי האָבען געהאַלטען, אַז עס קען ברענגען נוצען ניט נאָר די אַרמייען, נאָר אויך דער ציווילער באַפעלקערונג.

אַמעריקאַ האָט אָנגעהויבען פּראָטעסטירען געגען אַזאַ האַנדלונג; אויך דייטשלאַנד האָט אָנגעהויבען פּראָטעסטירען. אָבער דער פּראָטעסט פון די דייטשען האָט אָנגענומען אַזעלכע גרויזאַמע פאָרמען, אַז דאָס האָט געמוזט ברענגען צו אַ גרויסער ענדערונג אין דער אַמעריקאַנער פּאָליטיק. דער דאָזיגער פּראָטעסט האָט זיך אויסגעדריקט אין אַן אומ׳רחמנות׳דיגען קאַמף מיט דער הילף פון טונקשיפען (סאָבמארינס).

דעם 4טען פעברואַר 1915 האָט די דייטשע רעגירונג געגעבען צו וויסען, אַז פון דעם 18טען פעברואַר אָן ווערט אָנערקענט אַ מלחמה־זאָנע אַרום די בריטישע אינזלען, און אַלע שיפען, וואָס פירען סחורות און אפילו פּאַסאַזשירען, וועלען פאַרניכטעט ווערען אָהן אַ וואָרנונג.

די אַמעריקאַנער רעגירונג האָט געוואָרענט דייטשלאַנד דאָס ניט צו טאָן, אָבער עס האָט ניט געהאָלפען.

דעם 7טען מאַי 1915 איז געקומען די שרעקליכע קאַטאַסטראָפע מיט דער שיף „לוזיטאַניאַ“, וואָס איז געפאָרען קיין ליווערפּול. איבער 1200 מענשען האָבען פאַרלאָרען זייערע לעבענס; צווישען זיי—114 אַמעריקאַנער בירגער.

דאָס איז געווען אַ קאַטאַסטראָפע, וועלכע האָט געצוואונגען די אַמעריקאַנער רעגירונג זיך קלאָר מאַכען איהר שטעלונג צו דער בלוטיגער מלחמה.

פּרעזידענט ווילסאָן האָט געשיקט צוויי וואָרנונגס־נאָטעס. די צווייטע, אַרויסגעשיקט דעם 9טען דזשון, איז געווען אַזוי שאַרף, אַז בריען, דער סעקרעטאַר אָוו סטייט, אַ רודף־שלום׳ניק, האָט געמוזט רעזיגנירען פון זיין אַמט.

דייטשלאַנד׳ס ענטפער האָט ניט באַפרידיגט דעם פּרעזידענט ווילסאָן. דעם 21טען דזשולאַי האָט ווילסאָן אין אַ דריטער נאָטע געוואָרענט דייטש־

לאַנד, אַז אויב אַזאַ אומגליק וועט זיך איבער׳חזר׳ן, וועט עס די רעגירונג באַטראַכטען אַלס אַ פיינדליכען טאַט בנוגע די פאַראייניגטע שטאַטען.

אין דעם זעלבען טאָג, ווען די דריטע נאָטע איז געשיקט געוואָרען, האָבען די „סטייטס-סעקרעטארם" פון פלאָט (נייווי) און קריג באַקומען פון פרעזידענט באפעלען וועגען אויסארבייטען פלענער פאַר „נאַציאָנאַלען שוץ".

אין די פאַראייניגטע שטאַטען האָט זיך אָנגעהויבען אַ באַוועגונג צו זיין גרייט צו אַ מלחמה (פּריפּערידנעס מואוומענט). בראש פון דער באַוועגונג איז געשטאַנען סענאַטאָר אַגוסטוס ג אַ ר ד נ ע ר פון מעסעטשוזעטס. אין דער פרעסע, אין קאָנגרעס און אין פארשידענע אָרגאַניזאַציעס האָט זיך אָנגעהויבען אַ ליידענשאַפטליכע דעבאַטע וועגען דער צוגרייטונג צו אַ מלחמה.

„דהי פאַטערלענד", דער אָרגאַן פון די דייטשען, האָט געשריבען, אַז ווילסאָן האָט מיט זיין באַשלוס פארלוירען ניינציג פּראָצענט פון דייטש-אַמעריקאַנישע שטימען.

די מיינונגען האָבען זיך אָנגעהויבען צו קריסטאַליזירען.

אין אויגוסט 1915 האָט זיך געשפּאָלטען די „נאַציאָנאַלע פאַרזיכערונגס-ליג" (נעישיאָנאַל סעקיוריטי ליג), און די ניט-צופרידענע האָבען זיך אָרגאַניזירט אין אַן „אַמעריקאַנער פאַרטיידיגונגס-געזעלשאַפט" (אַמעריקען דעפענס סאָסייעטי).

אין דעצעמבער 1915 האָט זיך געגרינדעט דער „אַמעריקאַנער קאָמיטעט פאַר רעכט", אַ זעהר עקסטרעמע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געפאָדערט, אַז מען זאָל באַלד ערקלערען מלחמה. אָבער די רעגירונג האָט געהאַלטען, אַז מען מוז איינשטילען די אויפגעברויזטע ליידענשאַפטען, זעהן באַהערשען די זעהר קאָמפּליצירטע סיטואַציע און אַרבייטען אַזוי, אַז די מלחמה זאָל אויסגעמידען ווערען און די נייטראַליטעט זאָל ניט געבראָכען ווערען. די דאָזיגע פּאָליטיק איז געווען נויטיג ספּעציעל דערפאַר, וואָס עס האָט זיך דערנעהנטערט די צייט פון פּרעזידענט-עלעקשאָן, און קיין איין צד האָט ניט געוואָלט נעהמען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר ברעכען די נייטראַלע שטעלונג.

אין יאַנואַר 1916 האָט פּרעזידענט ווילסאָן שוין אָפען ערקלערט זיין שטעלונג — אַז מען מוז זיין גרייט צו אַ מלחמה און גלייכצייטיג זעהן, ווי מעגליך, זי אויסמיידען.

---

## 2. די פרעזידענט־וואלען פון 1916

די עלעקשאן פון א פרעזידענט פון די פאראייניגטע שטאטען זיינען אין נאוועמבער 1916 פארגעקומען אונטער גאר אנדערע אומשטענדען, ווי ביז איצט, און האבען געפאדערט גאר אן אנדער פאליטיק, ווי עס איז ביז איצט געפירט געווארען. דאס לאנד איז געווען פארטיילט אין דריי לאגערען: אין „פרא־אליארטע", „פרא־דייטשען" און אין אויסגעשפראכענע אנהענגער פון שלום אדער פאסיפיסטען.

די פאסיפיסטישע שטימונגען זיינען געווען זעהר שטארק. ניט נאר ראדי־קאל־געשטימטע בירגער זיינען געווען געגען מלחמה און פאר ארייננמישען זיך, אז די קעמפענדע לענדער זאלען שליסען פרידען, נאר אויך אין דעם לאגער פון די קאנסערוואטיווע האט געהערשט אזא שטימונג.

נאך אין דעצעמבער 1914 האט זיך געגרינדעט אין אמעריקא א „ליגע פאר באגרענעצען די באוואפנונג". אין א יאהר שפעטער איז אנטשטאנען די „אמע־ריקאנער יוניע געגען מיליטאריזם". די דאזיגע ארגניזאציע איז געווען אונ־טער'ן איינפלוס און קאנטראל פון סאציאליסטען און סתם פאסיפיסטען.

אויך פרויען האבען זיך ארגאניזירט, כדי צו קעמפען פאר שלום. אין יאנואר 1915 האבען זיי אפגעהאלטען א קאנווענשאן אין וואשינגטאן. די אנפירערקע פון דער באוועגונג דזשעני אדאמס (Jennie Adams) איז געשיקט געווארען מיט א דעלעגאציע פרויען קיין איראפע, כדי „אפצו־שטעלען די מלחמה".

דעם 4טען דעצעמבער 1915 איז הענרי פארד ארויסגעפארען אויף זיין „פרידענס־שיף" „אסקאר דער צווייטער" מיט א שלום־דעלעגאציע קיין קאפענהאגען, כדי אויסצואווירקען, אז עס זאל קומען צו א שלום, און די סאלדאטען זאלען זיין אויף „קריסטמעס" אין דער היים.

אנדערע זיינען ניט געווען צופרידען פון אזא טעטיגקייט, און אין פילא־דעלפיע איז דעם 17טען דזשון 1915 פארגעקומען די גרינדונג פון א „ליג פאר ארויפצווינגען שלום". בראש פון דער ליג זיינען געווען טעפט, לאוועל, דער פרעזידענט פון הארווארדער אוניווערזיטעט, האלט, דער רעדאקטאר פון „אינדעפענדענט" א. א.

די דאזיגע ליג האט פארגעשלאגען צו גרינדען א מין בונד פון פעלקער, וואס זאל צווינגען צו ערליידיגען די סכסוכים צווישען די מלוכות אויף א פריד־ליכען אופן. ווילסאן האט געשטיצט די דאזיגע באוועגונג, און סוף 1916

האָבען כמעט אַלע קעמפענדע מלוכות אָנערקענט די פּרינציפּען פון דער ליג. אָבער וויַיטער פון פּרינציפּען איז מען ניט געגאַנגען.

עס האָט אויך ניט געקענט געהן. די גרויסע אַמעריקאַנער אינדוסטריע איז געווען פאַראינטערעסירט, אַז די מלחמה זאָל וויַיטער געפירט ווערען, וויַיל דער האַנדעל מיט אַמוניציע האָט זיך שטאַרק פאַרגרעסער, און ביידע קעמפענדע צדדים האָבען צוגעשטעלט אַ סך פּראָפיטען צו די אַמוניציע־פאַבריקאַנטען אין אַמעריקע.

די צרה איז אָבער באַשטאַנען אין דעם, וואָס די פּראָ־דיַיטשען האָבען גע־קעמפט, אַז די צענטראַלע מאַכטען זאָלען קענען קויפען פאַר זיך אַמוניציע און ניט די אַליאירטע.

אָבער ב ר ײ ע ן, דער „סעקרעטערי אָוו סטייט", האָט ערקלערט דעם 2טען יאַנואַר 1915, אַז אַזאַ פּאָליטיק איז שעדליך פאַר אַמעריקע. מען וועט דענקען, אַז אַמעריקע איז פאַר די דיַיטשען. דעריבער האָט ער פאַרטיידיגט דאָס רעכט פון די אַליאַירטע צו קויפען ביקסען און קאַנאָנען אין אַמעריקע.

אַזאַ שטעלונג: צופרידענשטעלען ביידע זיַיטען און צושטעלען אַלעמען געווער, האָט געהייסען „נייטראַליטעט"; און דאָס איז געווען די „פּאָליסי" פון בריַיען׳ען.

דערוויַיל האָבען די דיַיטשען אָנגעפירט אַן ענערגישע פּראָפּאַגאַנדע אין לאַנד. געקויפט ציַיטונגען, מיינונגען, מענשען.

די דיַיטשע טונקשיפען האָבען וויַיטער געהאַלטען אין טרינקען נייטראַלע און אַמעריקאַנער שיפען, און זייער אום׳רחמנות׳דיגער קאַמף האָט נאָך שטאַר־קער אויפגערייצט די אַמעריקאַנער געזעלשאַפטליכע מיינונג געגען זיי.

די דיפּלאָמאַטישע נאָטעס האָבען ווינציג־וואָס געהאָלפען, און די נויט־ווענדיגקייט צו זיין גרייט צו אַ מלחמה האָט זיך אין יאָהר 1916 אַלץ מעהר און מעהר פאַרשטאַרקט.

אין 1916 איז געשאַפען געוואָרען די מעגליכקייט דערצו, אַ דאַנק דעם אַקט וועגען נאַציאָנאַלער שוץ (יוני 1916). עס איז אַנטשטאַנען אַ וויכטיגע דעבאַטע וועגען דער פראַגע: זאָל מען איינפירען צוואַנג־מיליטער־דינסט אָדער זאָל בלייבען ביי דעם אַלטען וואָלונטיר־סיסטעם.

ווילסאָן האָט ניט געקענט ביי זיך פּועל׳ן, וואָס פאַר אַ שטעלונג נעמען צו דעם ערנסטען ענין.

ג ע ר י ס אָ ן, דער קריגס־מיניסטער, האָט רעזיגנירט, און ווען נ י ו ט אָ ן ב י י ק ע ר, פון קליוולאַנד, האָט איבערגענומען זיין אַמט, איז ענדליך אויס־

געארבייט געווארען א פראיעקט וועגען שאפען אן ארמיי פון 223,000 סאלדא־טען, וואס דארף אויסגעפירט ווערען סיסטעמאטיש אין משך פון פינף יאר צייט.

חוץ דעם איז דורך א געזעץ, אז די „נאציאנאלע גווארדיע" זאל באשטעהן פון 450,000 מאן.

א באזונדער פראגראם איז אויסגעארבייט געווארען פאר פארגרעסערען די פלאטע.

אין אויגוסט 1916 איז געשאפען געווארען א פארוואלטונג פאר „נאציא־נאלער שוץ" (National Defence) וואס איז באשטאנען פון פינף מיטגלידער פון קאבינעט און זיבען בירגער אלס א בעראטונגס־קאמיסיע.

אין סעפטעמבער 1916 האט דער קאנגרעס געשאפען א פארוואלטונג פאר שיפען און מיט נאך א פאר אנדערע קאמיסיעס און פארוואלטונגען איז מען שוין געווען פארטיג פון פריער, אזוי, אז עס איז געווען קלאר, אז איידער דער שלום וועט קומען, גרייט זיך די פאראייניגטע שטאטען צו א מלחמה.

אין דער אטמאספערע פון דער מלחמה־מאביליזאציע, דיפלאמאטישע אינ־טריגעס מצד די קעמפענדע מחנות און פארשידענע שטימונגען אין לאנד — זיינען אין נאוועמבער 1916 פארגעקומען די וואלען פון פרעזידענט.

צו די וואלען זיינען צוגעטראטען אלע דריי פארטייען, וואס האבען דאמאלס עקזיסטירט: די דעמאקראטען, רעפובליקאנער און די פראגרעסיסטען, גאר ענערגיש.

כמעט אין דער זעלבער צייט זיינען פארגעקומען די קאנווענשאנס פון די רעפובליקאנער און פון די פראגרעסיסטען. די לעצטע האבען אבער שוין קיין ראלע ניט געשפילט, ווייל זייער פירער און אמאליגער קאנדידאט ט ע א ד א ר ר ו ז וועלט האט זיך גע'חנ'דעלט צו די רעפובליקאנער, וועלכע האבען טאקע געוואלט איהם נאמינירען פאר זייער'ען א קאנדידאט.

אבער די רעפובליקאנער האבען נאמינירט ט ש א ר ל ז א י ו ו ע נ ס י ו ה ז, וועלכער האט אויך געהאט אנהענגער צווישען די פראגרעסיסטען.

די אמעריקאנער דייטשען זיינען אויך געווען געגען רוזוועלט'ן.

דער סוף איז געווען, אז די פראגרעסיסטען האבען נאמינירט ר ו ז־ וועלט'ן, וואס האט געזאלט הייסען, אז דאס וועט ברענגען דערצו, אז אויך די רעפובליקאנער וועלען שטימען פאר איהם, ווייל אנדערש וועלען די שטימען צעברעקעלט ווערען.

די דעמאקראטען האבען נאכאמאל נאמינירט ו ו י ל ס א נ'ע ן. רוז־וועלט, זעהענדיג, אז די רעפובליקאנער ווילען איהם ניט נאמינירען, האט זיך אפגעזאגט „לויפען" אויף דעם פראגרעסיווען טיקעט, און זייענדיג א געגנער

פון די דעמאָקראַטען, האָט ער אין דער לעצטער מינוט געגעבען זיין שטיצע יוהז'ן.

יוהז האָט געוואָלט געווינען ביידע פּאַרטייען: די רעפּובליקאַנער און די פּראָגרעסיסטען.

ווילסאָן האָט אָבער געוואונען די ברייטע מאַסען פון פרויען דערמיט, וואָס ער האָט איינגעהאַלטען דאָס לאַנד פון מלחמה; דערצו נאָך איז ווילסאָנ'ען געלונגען גראָד אין סאַמע ברען פון עלעקשאָן־קאַמפּעין צו שליכטען דעם גרויסען אייזענבאַן־סטרייק, וואָס האָט געזאָלט אויסברעכען אין אויגוסט. ווילסאָן האָט באַאיינפלוסט דעם קאָנגרעס צו באַשליסען אַן אַכט־שעה'דיגען ארבייטס־טאָג אויף די אייזענבאַנען.

דאָס אַלץ האָט שטאַרק מיטגעווירקט, אַז וואודראָ ווילסאָן זאָל אין נאָוועמבער 1916 אויפסניי אויסגעוויילט ווערען פאַר דעם פּרעזידענט פון די פאַראייניגטע שטאַטען.

זיין אויסוואַל איז ניט געווען קיין פולשטענדיגער זיג. מען קען זאָגען, אַז יוהז האָט ניט ריכטיג געפירט זיין וואַל־קאַמפּאַניע, און זיין ניט־בעל־בית'שקייט האָט אַ סך מיטגעהאָלפען, אַז דער פּרעזידענט פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי זאָל נאָכאַמאָל ווערען אויסגעוויילט.

ווילסאָנ'ען איז אויסגעפאַלען צו ווערען פּרעזידענט אין אַזעלכע אומשטענ־דען און ביי אַזאַ שטימונג אין לאַנד און קאָמפּליצירטער פּאָליטישער לאַגע אין דער גאַנצער וועלט, אַז קיין גרויסע באַגייסטערונג האָט יענע עלעקשאָן בכלל ניט אַרויסגערופען. אַפילו אין לאַגער פון די זיגער איז די זאָרג פאַר'ן מאָר־גענדיגען טאָג געווען צו־גרויס, אַז מען זאָל זיך סתם־אַזוי פרעהען פון דעם זיג.

---

## 3. דער אַריינגאַנג אין דער מלחמה אין 1917

דער גלויבען אין אַמעריקע'ס נייטראַליטעט איז געווען אין איראָפּע אַזוי גרויס, אַז מען האָט אַפילו ניט באַמערקט, ווי ווילסאָן רעאַגירט שטאַרק אויף די שאָדענס, וואָס דייטשלאַנד האָט אָנגעמאַכט אַמעריקע, און פאַרשווייגט כמעט די שאָדענס, וואָס מען האָט געהאַט צו פאַרדאַנקען ענגלאַנד.

דעם 12טען דעצעמבער 1916 האָט דייטשלאַנד פאָרגעשלאָגען דורך דער פאַרמיטלונג פון די פאַראייניגטע שטאַטען, צו שליסען שלום מיט די אַליאירטע. אויך די אַליאירטע האָבען זיך געפילט מיד. דאַמאָלס האָט די אַמעריקאַנער רע־

גירונג פאַרשטאַנען, אַז די צייט פון כלומר'שטער נייטראַליטעט איז פאַרביי, און מען מוז נעמען אַ שטעלונג צו דער מלחמה.

ביידע צדדים האָבען אָנגעהויבען נאָך שטאַרקער באַאיינפלוסען די צענט־ראַלע רעגירונג, הגם עס איז געווען קלאָר, אַז ווי פאָרזיכטיג ווילסאָן זאָל ניט זיין אין זיינע רעדעס און מיינונגען, איז אָבער בולט געווען, אַז זיינע סימפּאַטיעס זיינען מיט די אַליאירטע.

דעם 22טען יאַנואַר האָט ווילסאָן אַדרעסירט דעם קאָנגרעס און האָט זיך אויסגעדריקט, אַז מען מוז שליסען שלום, אָבער דאָס מוז זיין אַ „שלום אָהן אַ זיג".

„אַמעריקע דאַרף זיין גרייט, — האָט דער פּרעזידענט געזאָגט, — אַלס אַ מיטגליד פון דער משפחה פון פעלקער, צו פאַרשטאַרקען איהר גאַנצע קראַפט, די מאָראַלישע און די פיזישע, כדי צו פאַרטיידיגען די רעכט פון דער מענשהייט אויף דעם גאַנצען ערד־קוגעל."

און בעת עס זיינען אין קאָנגרעס געפאַלען די דאָזיגע אַביסעל־נעפּעלדיגע ווערטער, האָט די דייטשע רעגירונג אָנגעהויבען אויפסניי איהר קאַמף אויפ'ן ים מיט דער הילף פון די טונקשיפען.

שוין אָהן שום וואָרנונגען זיינען דערטרונקען געוואָרען שיפען.

דעם 31טען יאַנואַר 1917 האָט דער דייטשער אַמבאַסאַדאָר אין וואַשינג־טאָן געגעבען צו וויסען דער אַמעריקאַנער רעגירונג, אַז פון דעם ערשטען פעב־רואַר וועלען אַלע שיפען זיין פאַרבאָטען אַריינצופאָרען אין דער זאָנע פון די בריטישע אינזלען. יעדע שיף, וואָס וועט דאָרטען אָנגעטראָפען ווערען, וועט מען דערטרינקען אָהן קיין שום וואָרנונג. נאָר איין אַמעריקאַנער שיף וועט קענען איין מאָל אַ וואָך דורכגעהן די זאָנע. די שיף מוז אָבער האָבען ספּע־ציעלע צייכענס. זי וועט מוזען אַריינקומען קיין פ ל ע י מ ו ט (Plymouth) זונטאָג און אַוועקפאָהרען מיטוואָך. זי טאָר ניט פירען קיין שום סחורות, וואָס די דייטשען האַלטען, אַז דאָס איז קאָנטראַבאַנדע.

אַזאַ נאָטע האָט געמוזט ברענגען צו אַן איבערברוך פון די דיפּלאָמאַטישע באַציהונגען.

דעם 3טען פעברואַר 1917 האָט דער גערמאַנישער אַמבאַסאַדאָר ב ע ר נ־ ס ט אָ ר ף באַקומען זיין דיפּלאָמאַטישען פּאַס אַהיים.

צו דער מלחמה איז אָבער געווען ווייט.

ו ו י ל ס אָ ן האָט אין זיין רעדע פאַר'ן קאָנגרעס פאַרזיכערט, אַז „מיר זיינען די אויפריכטיגע פריינד פון דייטשען פאָלק און מיר ווילען באמת בלייבען אין שלום מיט דער רעגירונג... מיר ווילען נאָר באַשיצען אונזער רעכט אויף

פרייהייט און גערעכטיגקייט און אויף אן אומבאלעסטיגט לעבן."

דערווייל האט דער קאמף אויפ'ן ים אנגענומען גרויזאמע פארמען. אין משך פון א פאר וואכען, פון דעם 1טען פעברואר ביז דעם 11טען מארטש, זיינען דערטרונקען געווארען 210 שיפען, פון דעם — דריי אמעריקאנישע.

די לאגע איז געווארען אלץ ערנסטער און שארפער. מען האט געפילט, אז מיט דיפלאמאטיש־אויסגעדריקטע ווערטער וועט דער קאנפליקט ניט ערלייריגט ווערען.

אמעריקע האט איינגעזעהן, אז איהרע שיפען מוזען זיין באשיצט אויפ'ן ים און זיך פארטיידיגען געגען די אנפאלען פון די דייטשע סאבמארינס.

אין דעם נוסח איז געווען געשריבען ווילסאנ'ס נאטע פון דעם 12טען מארטש 1917.

„די רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאטען איז געצוואונגען צו האבען א באוואפענטע וואך אויף אלע אמעריקאנער שיפען, וואס פאהרען־דורך די פארשלאסענע זאנע, כדי צו באשיצען די שיפען ווי אויך די לעבענס פון די מענשען."

אין לאנד האט די נאטע ארויסגערופען א גרויסע סענסאציע. די מיינונגען האבען זיך באלד פארטיילט. די, וואס זיינען געווען פאר דער מלחמה מיט דייטשלאנד, האבען אנגעהויבען א שטארקע „פאטריאטישע" באוועגונג.

אבער די צאל פון געגנער פון דער מלחמה איז אויך געווען ניט קיין קליינע. די פאסיפיסטישע באוועגונג האט געהאט אין איהרע רייען אזא מענש, ווי ווילי א ם ב ר י י ע ן, וועלכער האט געמוזט אוועקגעהן פון זיין אמט אלס שטאטס־סעקרעטאר, און זיין פלאץ האט פארנומען ר א ב ע ר ט ל א נ ס י נ ג.

עס האבען זיך געגרינדעט פארשידענע אנטי־מלחמה ארגאניזאציעס, און די באוועגונג האט אויסגעזעהן צו זיין אזוי שטארק און איינפלוסרייך, אז די דייטשען זיינען געווען זיכער, דאס אמעריקע וועט ניט וואגען געהן אין קריג.

דערווייל איז אין קאנגרעס אנגעגאנגען א היציגע דעבאטע: זאל מען אננעמען דעם פרעזידענט'ס רעקאמענדאציע וועגען באוואפענען די אמעריקאנער האנדעלס־שיפען אדער נישט?

די לעצטע זיבען טעג פון קאנגרעס זיינען געווען פארנומען מיט דער פראגע. די אפאזיציע איז געווען גענוג שטארק. דער סוף איז געווען, אז דער פארשלאג איז דורכגעפאלען. אבער דער „אטוירני דזשענעראל" האט גע'פסק'ענט, אז דאס רעכט פון בשיצען זיך איז א פאקט — און אויף די האנדעלס־שיפען האבען זיך באוויזען הארמאטען און באוואפענטע מאטראסען.

די שטימונג פאר א מלחמה האט איצט אנגעהויבען וואקסען, ווען אין רוסלאנד איז פארגעקומען די רעוואלוציע (מארטש 1917) און עס איז א דאנק

דעם באזייטיגט געווארען א זעהר וויכטיגער ארגומענט, אז די אמעריקאנער דעמאקראטיע געהט קעמפען האנט ביי האנט מיט דער גרעסטער טיראניי אין דער וועלט.

דעם 2טען אפריל 1917 האט זיך געעפענט דער 65טער קאנגרעס.

ווילסאן האט אין דער ערעפענונגס־רעדע דערמאנט אלע טענות, וואס אמעריקע האט צו דייטשלאנד, און האט דאמאלס צום ערשטען מאל א וואונק געטאן אויפ'ן פראגראם פון די פאראייניגטע שטאטען אין דער מלחמה: באשיצען די רעכט פון פעלקער, סיי גרויסע און סיי קליינע.

„די וועלט מוז גערעטעוועט ווערען פאר דעמאקראטיע".

אין פיער טעג ארום איז אין קאנגרעס דורכגעגאנגען די רעזאלוציע, אז די פאראייניגטע שטאטען זיינען אין קריגס־צושטאנד מיט דייטשלאנד.

דער קאנגרעס האט תיכף באפולמעכטיגט די רעגירונג זיך גרייטען צו דער מלחמה און טאן אלץ, וואס איז נויטיג, כדי די פרינציפען פון פרייהייט און גערעכטיגקייט זאלען באשיצט ווערען.

---

## 4. די צוגרייטונג צו דער מלחמה

„אין דעם טאג פון דער מלחמה־דעקלאראציע איז דער כאראקטער פון דעם אמעריקאנער אנטייל־נעמען אין דער מלחמה, — זאגט א גרויסער היסטאריקער, — ניט געווען קיין זיכערער. אבער אין אלגעמיין האט מען געגלויבט, אז דאס וועט זיין גיכער פון אן עקאנאמישען כאראקטער, איידער פון א מיליטערישען."

לכתחילה האט מען געהאלטען, אז מען דארף שטיצען די אליאירטע מיט אויסלייען געלט, פארקויפען אמוניציע און פארשאפען שפייז. דער דאזיגער געדאנק איז געווען אזוי טיף איינגעווארצעלט אין די מוחות פון די אמעריקאנער פאליטיקער, אז ווען עס איז שוין קלאר געווארען, אז איירא‏פע דארף האבען, חוץ געלט און שפייז, אמוניציע און פראפאגאנדע, אויך „פלייש פאר קאנאנען"‚— האט מען זיך ארומגעקוקט, אז די לאגע איז א סך ערנסטער.

אין די מיליטער־קרייזען האט געהערשט א מיינונג, אז סיי־ווי־סיי וועט מען פאר מארטש 1918 ניט קענען שיקען קיין אמעריקאנער סאלדאטען קיין איירא‏פע.

דערווייל האט מען אנגעהויבען צו אגיטירען, אז די יונגעלייט זאלען זיך פארשרייבען אין דער ארמיי.

ניט קוקענדיג אויף א גרויסער אנטי־מלחמה פּראָפּאַגאַנדע, האָט זיך דער ערשטער פּרואוו פון פרייוויליגען רעקרוטירען ארויסגעוויזען פאר אן ערפאָלג.

אין אַפּריל 1917 האָט די צאָל פון רעקרוטען אויסגעמאכט אין דורכשניט 1434 סאָלדאַטען א טאָג.

אין אָנפאַנג איז די אָרגאַניזאַציע פון דער ארמיי געגאַנגען אָהן א סיסטעם, ביז עס איז אָנגענומען געוואָרען דער געזעץ פון צוואַנג־מיליטער־דינסט, וואָס איז אָנגערופען געוואָרען „אויסוואָל־דינסט".

מען האָט געעפענט קעמפּס פאר אויסשולען אָפיצירען. מען האָט צוגענומען אָלע טעכנישע פאַרלייט אין די פאַבריקען פון אַמוניציע.

די פאַראייניגטע שטאַטען האָבען זיך פאַרוואַנדעלט אין א גרויסען מיליטערישען לאַגער.

די אַליאירטע זיינען געווען אומגעדולדיג און געוואָלט האָבען וואָס־גיכער ביי זיך אין דער היים די אַמעריקאַנער סאָלדאַטען. פאַר דעם צוועק זיינען געשיקט געוואָרען קיין אַמעריקע דער פראַנצויזישער גענעראַל ז ש א פ ר, וו י־ וו י א נ י און דער ענגלישער דיפּלאָמאַט ב א ל פ ו ר.

דער רעזולטאַט פון די אונטערהאַנדלונגען, וואָס זיי האָבען געפירט אין וואַשינגטאָן, איז געווען, אז מען האָט באַשלאָסען צו פאַרשנעלערען די עקספּעדיציע פון דער אַמעריקאַנער מיליטערישער הילף קיין אייראָפּע.

סוף דזשון 1917 איז גענעראַל ד ז ש א ן פ ו י ר ש י נ ג ארויסגעפאָרען קיין פראַנקרייך, כדי צו אָרגאַניזירען די אַמעריקאַנישע מיליטערישע באַזע אויפ'ן פראָנט.

נאָך לאַנגע דעבאַטען האָט מען די אַמעריקאַנער סאָלדאַטען אָנפאַרטרויט א טייל פון מערב־פראָנט, וואָס האָט זיך געפונען צווישען די צוויי ריזיגע פעסטונגען ב ע ל פ א ר ט און ו ו ע ר ד ע ן. ביסלעכווייז האָט מען אָנגעהויבען שיקען די ארמיי קיין אייראָפּע. אויף דעם יאָהר 1917 זיינען אינגאַנצען געווען באַשטימט 5 דיוויזיעס.

אין א שנעלערען טעמפּאָ איז אָנגעגאַנגען די עקספּעדיציע פון מיליטער אין יאָהר 1918.

אין פרילינג 1918 פלעגען יעדען טאָג אָפּגעהן קיין אייראָפּע שיפען מיט 10,000 סאָלדאַטען.

אין מאַרטש 1918 איז אויף דעם אייראָפּעאישען פראָנט געווען א פערטעל מיליאָן אַמעריקאַנער סאָלדאַטען.

און אין דעם טאָג, ווען מען האָט גע'חתמ'עט דעם וואַפענשטילשטאַנד,

האט די צאל פון די אמעריקאנער סאלדאטען, וואס זיינען געווען אויף יענער זייט ים, באטראפען 2,045,169.

ווען די מלחמה איז געווען צו־ענדע, האט די אמעריקאנער ארמיי אנגע־צעהלט 3,700,000 סאלדאטען, איינגעשלאסען די פלאטע, און כמעט צ ע ה ן מ י ל י א ן יונגעלייט זיינען געווען אנגאזשירט אין צוגרייטען זיך צום קאמף.

„דאס איז ניט קיין ארמיי, וואס מיר מוזען פארמירען און אויסבילדען פאר דער מלחמה — דאס איז א פאלק“, האט געזאגט ווילסאן.

זומער 1918 איז אפגעשאפען געווארען דער טעריטאריעלער כאראקטער פון די פארשידענע מיליטערישע אפטיילונגען. עס איז באשאפען געווארען אן איינהייטליכע אמעריקאנער ארמיי.

---

## 5. די ארגאניזאציע פון לאנד פאר דער מלחמה

כדי דורכצופירען אזא ריזיגע ארבייט, ווי שאפען אן ארמיי פון מיליאנען סאלדאטען און אויסבילדען זי, האט געמוזט געשאפען ווערען א ספעציעלער אפאראט, וואס זאל איבערנעמען די ארגאניזאציע פון שפייז, באקליידונג, אמו־ניציע און אויך שאפען די נויטיגע פאנדען פאר דעם צוועק.

קודם־כל איז באשאפען געווארען א ספעציעלע „שפייז־אדמיניסטראציע“. אין אפריל 1917 איז ה ע ר ב ע ר ט ה ו א ו ו ע ר, דער טשערמאן פון אמע־ריקאנער הילפס־קאמיטעט אין בעלגיע, באשטימט געווארען פאר'ן „שפייז־דיקטאטאר“.

דער קאנגרעס האט ניט געוואלט איינשטימען אויף אזא „דיקטאטור“, ווייל דאס וואלט איגנארירט די פונדאמענטאלע יסודות פון פריוואט־אייגענטום, ווייל דיקטאטור מיינט דאך האבען דאס רעכט צו באשטימען פרייזען אויף שפייז און אויך קאנפיסקירען לויט באשטימטע פרייזען.

ערשט דעם 19טען מאי איז ה ו א ו ו ע ר באשטימט געווארען אלס א פרייוויליגער שפייז־קאנטראלער מיט'ן רעכט צו ארגאניזירען א שפייז־אדמיני־סטראציע אויף זיינע אייגענע הוצאות און אהן שום יורידישער סאנקציע.

אין יאנואר 1918 איז געשאפען געווארען א נאציאנאלער קאמיטעט פון פארשטעהער פון דער „אמעריקען פעדעריישאן או לייבאר“ און פארטרעטער פון „אינדאסטריעל קאנפערענץ באארד“, כדי אויסצוארבייטען פרינציפען פון גע־מיינזאמער ארבייט און זעהן אויסמיידען אלע סכסוכים צווישען ארבייט און קאפיטאל דורך פשרות.

די פּאָדערונגען פון די אַרבייטער זיינען לייכט נאָכגעגעבען געוואָרען, ווייל די קאַפּיטאַליסטען האָבען דעם „היזק" פון די געהעכערטע שכירות אַרויפגעלייגט אויף דער רעגירונג.

נאָך פריער איז דורכגעגאַנגען דער געזעץ פאַר אַכט שעה אַרבייט.

כדי צו זיין זיכער מיט'ן טראַנספּאָרט פון סחורות ווי אויך פון די סאָל־דאַטען, האָט דער קאָנגרעס דעם 14טען מאַרטש 1918 געגעבען דעם פּרעזידענט דאָס רעכט צו פאַרוואַלטען מיט אַלע אייזענבאַנען פון לאַנד, נאָר אין דער צייט פון קריג.

כדי צו שאַפען אַ „פּאַטריאָטישע" שטימונג אין לאַנד, איז אין אַפּריל 1916 געשאַפען געוואָרען אַ „קאָמיטעט פאַר דער געזעלשאַפטליכער מיינונג". דער קאָמיטעט איז באַשטאַנען פון דעם סעקרעטאַר אָוו סטייט, מלחמה און פלאָט. דער אָנפירער פון דעם קאָמיטעט איז געווען אַ זשורנאַליסט מיט'ן נאָמען דזשאָרדזש קריל (George Crill) דעם 10טען מאַי 1917 האָט דער דאָזיגער קאָמיטעט אָנגעהויבען אַרויסצוגעבען אַן אָפיציעלען ביולעטין, וואָס האָט באַדאַרפט דינען פאַר דעם איינציגען קוואַל פון „אמת'ע" ידיעות וועגען דער פּאָליטיק פון דער רעגירונג, מלחמה און מלחמה־צילען.

אין לאַנד איז אָבער געווען אַ שטאַרקע אַנטי־מלחמה אַגיטאַציע, און מען האָט געזוכט מיטלען ווי אַזוי פּטור צו ווערען פון די „אונגעווינשטע עלעמענטען".

דעם 7טען אַפּריל 1917 האָט זיך אין שיקאַגאָ געעפענט די קאָנווענשאָן פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. די מעהרהייט פון די דעלעגאַטען איז געווען געגען דער מלחמה. די מינדערהייט, מיט דזשאָן ספּאַרגאָ בראש,, האָט פאַרלאָזען די קאָנווענשאָן און האָט זיך אָנגעשלאָסען אָן די פּאַטריאָטישע ריכטונגען אין לאַנד.

די „אַי דאָבעליו דאָבעליו" (אינדאָסטריעל וואָירקערס אָוו די וואָירלד) האָבען אָנגעפירט אַ העפטיגען קאַמף געגען דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר און ספּעציעל געגען איהר פּרעזידענט סעמיועל גאָמפּערס, וועלכער איז געווען אַ מיטגליד פון דער „עדווייזאָרי קאָמיטע" און האָט אין פעברואַר 1917 אָרגאַניזירט אַ ספּעציעלען „אַרבייט־קאָמיטעט", וואָס זאָל דינען די אינטערעסען פון דער מלחמה.

דעם 15טען דזשון 1917 איז אַדורך דער באַרימטער „שפּיאָנאַזש־אַקט", וואָס גיט דאָס רעכט צו אַרעסטירען און פאַר'משפט'ן צו תפיסה יעדען, וואָס איז ניט „לאָיאַל" צו אַמעריקע, איז אַ פּאַסיפיסט און בכלל באַקעמפט די אַמעריקאַ־נער מלחמה־פּאָליטיק אָדער איז אַ פריינד פון די צענטראַלע מלוכות.

עס איז איינגעפירט געווארען א צענזור, הגם אפיציעל האט דער קאנגרעס אויף אזא זאך ניט ערלויבט.

די פאסט־פארוואלטונג האט אבער געהאט דאס רעכט ניט אננעמען די עקספעדיציע פון דרוק־זאכען, זשורנאלען און צייטונגען, וואס באקעמפען די מלחמה־פאליטיק פון דער רעגירונג.

כדי צו קענען קאנטראלירען די שטימונגען אין לאנד, איז געשאפען געווארען די אמעריקאנער „שוץ־ליג" (Defence League) וואס האט אין א קורצער צייט געהאט א מ י ל י א ן פרייוויליגע „פאטריא-טען", וועלכע האבען גענומען אויף זיך די פליכט צו דענונצירען יעדען, וואס זיי האלטען פאר א ניט־לאיאלען בירגער. א פאר טויזענד דייטשען אדער „פראָ־דייטש"־געשטימטע בירגער האט מען געהאלטען אין ספעציעלע קאנצענטראציע־לאגערען. די ריכטער פלעגען ארויסגעבען זעהר שארפע אורטיילען פאר טאטען, וואס האבען געהאט צו טאן מיט פאליטיק און אנטי־מלחמה באוועגונגען.

כדי צו פארזיכערען די עקזיסטענץ פון די משפחות פון די סאלדאטען, איז איינגעפירט געווארען א געהאלט פאר דער משפחה. חוץ דעם האט מען ערלויבט יעדען סאלדאט זיך אינשורען אויף מאקסימום צעהן טויזענט דאלאר, און די פרעמיומס זיינען געצאלט געווארען פון זייער געהאלט.

דער פראפאגאנדע־דעפארטמענט האט דורך מיליאנען ליפלעטס, צייטונגען און ביכער פארשפרייט די אידייע, אז די מלחמה איז א גערעכטע, און אז אמע־ריקע קעמפט ניט נאר פאר דער פרייהייט פון אייראפע, נאר אויך פאר איהר אייגענער עקזיסטענץ.

כדי צו שאפען די נויטיגע פאנדען אויף צו פיהרען די מלחמה, איז אין קאנגרעס געפיהרט געווארען א לאנגע און היציגע דעבאטע וועגען העכערען די שטייערען, וואס די בירגער צאלען.

די סאציאליסטען, די אגראר־פאליטיקער און די פראגרעסיווע פארמערס זיינען געווען דערפאר, אז מען זאל ארויפלייגען שטייערען פראפארציאנעל צום באזיץ און ניט ארויסלאזען קיין „באנדס־אישום".

עס איז באשטימט געווארען ארויפלייגען א טעקס אויף די הכנסות: 4 פראצענט אויף די, וואס פארדינען מעהר ווי טויזענט דאלאר, און העכערען דעם שטייער אויף טאבאק, אלקאהאל, טראנספארט, לוקסוס־סחורות און פאר־וויילונגען, ווי אויך פאר פאסטעדזש.

דער דאזיגער געזעץ איז דורכגעגאנגען דעם 3טען אקטאבער 1917. אין יאהר 1918 האבען די דאזיגע שטייערען אריינגעבראכט א הכנסה פון 3 ביליאן, 696 מיליאן דאלאר.

אָבער ניט קוקענדיג אויף אַלע באַמיהונגען צו דעקען די אומגעהויער גרויסע הוצאות פון דער מלחמה מיט די הכנסות פון פאַרשידענע שטייערען, איז דער דעפיציט געווען פאָרט אַ גרויסער. מען האָט געמוזט נאָכמאַן אייראָפּע און ארויסלאָזען „נאַציאָנאַלע פרייהייטס" הלואות.

אַזעלכע הלואות, וואָס האָבען געזיכערט אַ נאָרמאַלען פּראָצענט, זיינען ארויסגעגעבען געוואָרען פינף. די ערשטע פיער האָבען געהייסען „פרייהייט־הלואות" און די פינפטע — „די זיג־הלואה".

די אַלגעמיינע סומע פון די הלואות האָט באַטראָפען 21,448,120,300 דאָל.

די הלואות זיינען געווען אַ פּראָדוקט פון אַ ברייטער נאַציאָנאַלער פּראָפּאַגאַנדע אין לאַנד. דאָס האָט אַ סך געהאָלפען צו אָרגאַניזירען אַנדערע נויטיגע ביי־הילפען פאַר דעם צוועק פון דער מלחמה.

אין מאַי 1917 איז רעאָרגאַניזירט געוואָרען דער אַמעריקאַנער רויטער קרייץ, און דער אַפּיל פאַר נדבות לטובת דער אָרגאַניזאַציע האָט אריינגעבראַכט איבער הונדערט מיליאָן דאָלאַר.

די שטימונג אין לאַנד האָט אויסגעזעהן צו זיין שטאַרק פּאַטריאָטיש. די אַנטי־מלחמה פּרעסע איז געווען כמעט ווי דערשטיקט. דער „לידער" פון מ י ל־ וואָקי און די „מעססעס" זיינען אָראָפּגענומען געוואָרען פון „מעיל־ליסט". די פרייהייט פון וואָרט איז אונטערדריקט געוואָרען.

די איינציגע פּרייע דעבאַטע וועגען דער מלחמה, איהרע צילען און אויס־זיכטען האָט מען געקענט הערען נאָר אין קאָנגרעס. די אַמעריקאַנער רעגירונג האָט צענטראַליזירט דעם ווילען און די ענערגיע פון איהרע בירגער נאָר פאַר איין צוועק — פאַר דער מלחמה.

אַלע אָרגאַניזאַציעס זיינען געווען מאָביליזירט פאַר מלחמה־אינטערעסען. די אוניווערזיטעטען האָבען באַזייטיגט אַלע „ניט־לאָיאַלע" פּראָפעסאָרען. אין די שולען האָט מען איינגעפיהרט אַ שפּיאָנאַזש־סיסטעם.

אייראָפּע האָט באַוואונדערט אַמעריקע'ס אָרגאַניזאַציאָנס־זשעני. פון אַ כאַאָס, אומאָרדנונג, אימפּראָוויזירטע ארבייט — איז געשאַפען געוואָרען אַ סיסטעם, אַן אייזערנע דיסציפּלין, מיט אַלע מיטלען און וועגען, וואָס פיהרען צו דעם ענדגילטיגען ציל.

„מיר האָבען אָרגאַניזירט די געזעלשאַפטליכע מיינונג", האָט געשריבען די „טאַימז" מיט שטאָלץ.

אין דעם איז געווען אַן אמת.

די אַלע מיטלען, גוטע אָדער שלעכטע, לעגאַלע אָדער ניט — האָבען אָבער דערפיהרט צום רעזולטאַט.

אמעריקע האט מיט איהר צושטעהן צו די אליאירטע ליקווידירט די מלחמה א סך שנעלער, ווי מען האט ערווארט.

---

## 6. די ליקווידאציע פון דער מלחמה

צום ערשטען מאל האט דער פרעזידענט ווילסאן קלאר געמאכט די צילען פון דער מלחמה אויף יענער היסטארישער זיצונג פון קאנגרעס, וואס איז פארגעקומען דעם 8טען יאנואר 1918 — וואוהין ער איז געקומען גאר אומערווארטעט.

זינט אמעריקע איז אריין אין דער מלחמה, איז ווילסאנ'ס שטעלונג צו די צילען פון איהר געווארען גאר אן אנדערע. אנשטאט דעם גארניט-זאגענדיגען פרינציפ „שלום אהן א זיג", וואס ער האט ערקלערט דעם 22טען יאנואר 1917, האט מען שוין דאס מאל געהערט קלארע דבורים וועגען די באדינגונגען, אויף וועלכע די מלחמה קען ליקווידירט ווערען.

דאמאלס האט ווילסאן פארמולירט זיין שלום-פראגראם אין פאלגענדע פערצען פונקטען:

1) אפען צו פארהאנדלען די שלום-אפמאכען;
2) פרייהייט פון ים'ען;
3) גלייכהייט פון ארבייטס-באדינגונגען;
4) רעדוצירען די באוואפנונג;
5) צופרידענשטעלען די קאלאניאלע פאדערונגען, געבען אן עצה דער דארטיגער באפעלקערונג אין די ענינים פון די קאלאניעס און אויך צוהערען זיך צו די גערעכטע פאדערונגען פון זייערע רעגירונגען;
6) עוואקואירען די רוסישע טעריטאריע;
7) עוואקואירען און צוריקאויפבויען דאס פרייע בעלגיע:
8) עוואקואירען און צוריקאויפבויען די באזעצטע טיילען פון פראנקרייך און אויך עלזאס-לאטארינגען, כדי צו פארריכטען דאס אומרעכט פון 1871;
9) אויסגלייכען די איטאליענישע גרעניצען אויף נאציאנאלע פרינציפען;
10) אויטאנאמיע פאר די פעלקער אין עסטרייך-אונגארן;
11) רעקאנסטרואירען און ווידעראויפבויען די באלקאנען מיט א פרייען און זיכערען צוגאנג צום ים פאר סערביען;

12) פרייהייט פון די דארדאנעלען און פאר די פרעמדע פעלקער, וואָס וואוינען אונטער טערקיי׳ס הערשאפט;
13) זעלבסטשטענדיגקייט פאר דעם פוילישען פאָלק מיט אַ צוגאנג צום ים;
14) אַ פאראייניגונג פון פעלקער, כדי צו פארזיכערען אַ געגענזייטיגע גאראנטיע פאר דער פאָליטישער זעלבסטשטענדיגקייט און טעריטאָריעלער גאנצקייט פון אַלע פעלקער, הן גרויסע, הן קליינע.

דאָס איז געווען דער קלאָרער פראָגראם פון ווילסאָנ׳ען, די באדינגונגען, אויף וועלכע אמעריקע איז איינגעגאנגען צו שליסען שלום. די אַליאירטע האָבען געהאַלטען, אַז די פונקטען זיינען נאָר אַ מינימום פון זייערע פאָדערונגען, אָבער מען האָט אויף זיי איינגעשטימט.

ווילסאָנ׳ס באדינגונגען זיינען פראָקלאמירט געוואָרען נאָכדעם ווי די רוסישע רעוואָלוציע איז אויסגעבראָכען. זי האָט פארשטארקט די לאַגע פון די דייטשען: די לעצטע זיינען פטור געוואָרען פון אַ גרויס׳ען פראָנט, וואו מען האָט געמוזט האַלטען אַ סך מיליטער.

דייטשלאַנד האָט פארשטארקט איהר מערב׳דיגען פראָנט און אין מזרח ליקווידירט די מלחמה, דורכפיהרענדיג אויף אַ דעמאגאגישען אופן דעם פרינציפּ פון „נאציאָנאַלער זעלבסטבאשטימונג" אין בריסק־דליטא (דעצעמבער 1917). דאָס איז געווען נאָכדעם ווי קערענסקי׳ס רעגירונג איז געפאַלען, און די באָלשעוויקעס, די „אומגעדולדיגע ליקווידאטאָרס" פון דער מלחמה, זיינען געקומען צום רודער.

אויב רוסלאַנד האָט געקענט אזוי שנעל ליקווידירען די נאציאָנאַלע פראגע, שאפענדיג מיט דער הילף פון דייטשלאַנד, אויף שנעל, אַ זעלבסטשטענדיגע אוקראינע, פוילען, ליטע א. אז. וו., איז דער זעלבער ענין געווען אַ סך שווערער און קאָמפּליצירטער פאר די אַליאירטע.

ווילסאָנ׳ס פערצען פונקטען זיינען דעבאטירט געוואָרען פון די רעגירונגען אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך.

עסטרייך האָט די פונקטען תיכף אָנגענומען, ווייל איהר קאטאסטראָפע איז שוין פאָרגעקומען. די דייטשען האָבען אָבער אַלץ געהאָפט צו באזיגען אויף דעם מערב־פראָנט די אַרמייען פון די אַליאירטע.

ווילסאָן האָט געוואָלט קלאָר מאכען, אַז אייגענטליך האָט ער גאָרניט צום דייטשען פאָלק, נאָר צו דער דייטשער מיליטערישער קליקע, וואָס הערשט איבער׳ן פאָלק. מיט אַ גוט־אָרגאניזירטער פראָפּאגאנדע האָבען די אַליאירטע אָנגעהויבען צו בונטעווען די באפעלקערונג געגען דער רעגירונג.

עס איז אבער געווען קלאר, אז מיט אזא אגיטאציע וועט מען די דייטשע ארמיי ניט דעמאראליזירען און דעם פאטריאטיזם ניט אפשוואכען.

די מלחמה אויף דעם מערב׳דיגען פראנט האט געמוזט ליקווידירט ווערען מיט קאמף. און צו דעם קאמף האט מען זיך שטארק געגרייט, ניט נאר אין אייראפע, נאר אויך אין אמעריקע.

אין אמעריקע האט ווילסאן געזאגט ביים עפענען דעם קאמפעין פאר דער דריטער קריגס־הלואה (6טען אפריל 1918), אז נאר מיט מאכט וועט מען אראפ־ברענגען שלום, און דייטשלאנד קען נאר מיט צוואנג איינגעהן אויף א יושר׳־דיגען פרידען.

דאס איז געווען געזאגט אין דער צייט, ווען די דייטשען האבען אנגעהויבען די גרויסע אטאקע אויף דעם מערב׳דיגען פראנט, וואס האט בּאדארפט באשטי־מען דעם אויסגאנג פון דער מלחמה (21טען מארטש 1918).

דער ניי־געשאפענער העכסטער קריגס־ראט האט זיך אויך געגרייט צום ענדגילטיגען גרויסען דועל. דעם 26טען מארטש 1918 איז גענעראל פאש באשטימט געווארען פאר׳ן הויפט־קאמאנדיר. אמעריקע איז איינגעגאנגען דארויף.

אין משך פון מאי און דזשון פון יאהר 1918 איז מעהר ווי א האלב מיליאן אמעריקאנער סאלדאטען געשיקט געווארען איבער דעם אטלאנטיק. אין לאנד האט מען פארגרעסערט די פראדוקציע פון אלע נויטיגע מיטלען פאר פיהרען די מלחמה.

מען האט מאביליזירט די פאבּלייט אין די פאבריקען פון מלחמה־מאטע־ריאלען, מען האט שטרענג געווארענט, אז קיין סטרייקען זאלען ניט פארקומען.

מיליאנען ארבייטער זיינען ארייננעצויגען געווארען אין דער גיגאנטישער קריגס־אינדוסטריע.

דעם 28טען מאי 1918 האט די ערשטע אמעריקאנער דיוויזיע באקומען איהר ערשטען „קריגס־טויף“, נעמענדיג אנטייל אין דער ערשטער גרויסער אפענזיווע פון די אליאירטע אין יענעם יאהר.

דזשולאי דעם 15טען האט זיך אנגעהויבען די צווייטע פאזע פון דער אפענ־זיווע, וואס האט באדארפט אנטשיידען דעם שיקזאל פון דער בלוטיגער מלחמה.

אין די אמעריקאנער רעגירונגס־קרייזען איז מען ניט געווען צופרידען, וואס די אמעריקאנער ארמיי קעמפט ניט אלס א גאנצע קערפערשאפט אונטער דער אנפיהרערשאפט פון אן אייגענעם גענעראל, נאר איז צעווארפען צווישען די מי־ליטער־אפטיילונגען פון די אליאירטע און מוז זיין אפהענגיג פון „פרעמדע“

גענעראַלען. עס איז אָבער געווען קלאָר, אַז די לאַגע איז צו־ערנסט, כדי מען זאָל מאַכען ענדערונגען.

אָבער פון וואַשינגטאָן האָט מען שטאַרק געפאָדערט, אַז אויף די שלאַכט־פעלדער זאָל קעמפען ניט אַמעריקאַנער דיוויזיעס און בריגאַדעס, נאָר איין אַמעריקאַנער אַרמיי.

ערשט אָנפאַנג אויגוסט 1918 איז געשאַפען געוואָרען די זעלבסט־שטענדיגע אַמעריקאַנער אַרמיי, און גענעראַל פּ ו י ר ש י נ ג איז געוואָרען איהר הויפּט־קאָמאַנדיר.

די אָפענזיווע האָט ניט קלאָר געמאַכט דעם אויסגאַנג פון דער מלחמה.

אין אַמעריקע האָט מען געגלויבט, אַז די מלחמה וועט זיך פאַרציהען אי־בער'ן יאָהר 1919 אויך.

האָט מען אָנגעהויבען זיך פיבערהאַפט צוגרייטען פאַר דעם נעקסטען יאָהר.

דעם 31טען אויגוסט 1918 איז פּראָקלאַמירט געוואָרען אַ נייער „דרעפט" פון אַמעריקאַנער בירגער; דאָס מאָל אָנהויבענדיג פון 18 יאָהר און ענדיגענדיג מיט 45.

אין משך פון אַ קורצער צייט האָט די צאָל פון רעגיסטרירטע באַטראָפען 24,234,021 מאַן.

דער צווייטער מיליאָן פון אַמעריקאַנער סאָלדאַטען איז שוין געווען אויפ'ן וועג קיין פראַנקרייך, ווען די סיטואַציע אויפ'ן פראָנט האָט זיך געביטען — עס איז קלאָר געוואָרען, אַז די מלחמה וועט זיך ענדיגען סוף 1918.

דעם 26טען סעפּטעמבער 1918 האָט זיך אָנגעהויבען די דריטע און לעצטע אָפענזיווע.

אין פיער טעג שפּעטער האָט בולגאַריען קאַפּיטולירט. ענגלאַנד האָט באַ־זיגט טערקיי. עסטרייך האָט געבעטען שלום ביי איטאַליע.

איזאָלירט פון אַלעמען, האָט דייטשלאַנד פּרובירט צו געווינען מיט איהר לעצטער קאָרט.

די קאָמבינירטע אַטאַקע פון אַלע אַליאירטע אַרמייען האָט צעבראָכען דעם ווידערשטאַנד פון די דייטשען.

דעם 5טען אָקטאָבער 1918 האָט דייטשלאַנד אָפיציעל אָנגעפרעגט וועגען די באַדינגונגען פון שלום.

דער אַפּיל איז געשיקט געוואָרען צו ווילסאָנ'ען. די רעגירונג פון די פאַר־איינינגטע שטאַטען האָט איבערגעשיקט דעם אַפּיל צו דעם „העכסטען מלחמה־ראַט" אויף דעם פראַנצויזישען פראָנט.

דער „העכסטער מלחמה־ראַט" האָט זיך פאַרזאַמעלט דעם 31טען אָקטאָבער

1918 און האט באהאנדעלט די באדינגונגען פון וואפען־שטילשטאנד. די באדינגונגען זיינען באלד, דורך דער פארמיטלונג פון אמעריקע, איבערגעשיקט געווארען צו די דייטשען (דעם 5טען נאוועמבער).

די דייטשען זיינען איינגעגאנגען צו שליסען שלום אויפ׳ן יסוד פון ווילסאנ׳ס 14 פונקטען, מיט א פאר אויסנאמען, ווי די פרייהייט פון די ים׳ען א. א.

דערווייל איז די קאטאסטראפע געווארען אלץ גרעסער און האסטיגער, און פיער טעג נאכדעם ווי די דייטשען האבען באקומען פון אמעריקע די באדינגונגען פון די אליאירטע האט דער קייזער ווילהעלם דער צווייטער זיך אפגעזאגט פון טראן.

דעם 11טען נאוועמבער האבען די דייטשע שליחים אונטערגעשריבען די גרויזאמע באדינגונגען פון וואפען־שטילשטאנד.

עס האט זיך אנגעהויבען די שווערע ארבייט פון ליקווידירען די מלחמה דיפלאמאטיש. מיליטעריש איז זי ליקווידירט געווארען אונטער דער מארנע.

אמעריקע, פריער דער באנקיר פון די אליאירטע בעת מלחמה און שפעטער דער דירעקטער אנטייל־נעמער, האט איצט באדארפט פאנאנדערפלאנטערען דעם בלוטיגען פלאנטער פון די יאהרען 1914-1918.

110 טעג האבען די אמעריקאנער סאלדאטען געקעמפט אין די אייראפעאישע שוץ־גראבענס.

די קרבנות זיינען געווען זעהר גרויסע. איצט האט מען געווארט אויף די באלוינונג.

---

## 7. ווילסאן אין פאריז און דער ווערסאלער טראקטאט

„איצט איז ניט די צייט פון פאליטיק" — האט זיך ווילסאן אויסגעדריקט גראד אין א צייט, ווען די פיקציע פון נאציאנאלען אחדות האט אנגעהויבען בים־לעכווייז אפטרעטען פלאץ דער ווירקליכקייט פון פאליטישע אמביציעס.

די רעפובליקאנער האבען זיך ענערגיש געגרייט צו די וואלען פאר א נייעם קאנגרעס אין 1918. די פארטיי־פיהרער האבען זיך געביטען. אלס טשערמאן איז אויסגעקליבען געווארען דער מעסיגער רעפובליקאנער פון אינדיאנא סטייט, ווילהעלם ה. העיז.

די רעפובליקאנער האבען אנגעהויבען צו באשולדיגען די דעמאקראטען, ד. ה. ווילסאנ׳ען אין ניט־קאמפעטענטקייט, אומארדענונג און אין ניט קיין ריכטיג פיהרען פון דער מלחמה־פאליטיק.

עס זיינען אַנטדעקט געוואָרען מיסברויכען אין לופט־פליהעריי־דעפּאַרט־מענט, און טשארלז יוהז איז באַשטימט געוואָרען פאַר׳ן אויספאָרשער פון די באַשולדיגונגען.

כדי צו געווינען די רעפּובליקאַנער, האָט מען זיי געגעבען אַ סך הויכע אַמטען אין דער אַדמיניסטראַציע, וועלענדיג דערמיט אויך באַווייזען, אַז בשעת אַ „נאַציאָנאַלען" קאַמף, איז מען אומפּאַרטייאיש.

דער קאַמף געגען ווילסאָנ׳ס פּאָליטיק איז געוואָרען זעהר אַ היציגער. רוזוועלט איז אַרויסגעטראָטען עפענטליך אַלס אַ געגנער פון דער פעל־קער־ליג.

ווילסאָן האָט אָבער געגלויבט, אַז דער נייער קאָנגרעס וועט באַשטעהן פון אַ דעמאָקראַטישער מעהרהייט.

אין אַ בריף פון 25טען אָקטאָבער האָט ווילסאָן „רעקאָמענדירט" אויס־קלייבען אַ דעמאָקראַטישען קאָנגרעס.

יענעם טאָג, ווען ווילסאָן האָט געשיקט די דייטשען דעם שטרענגען באַ־שלוס פון דעם „העכסטען קריגס־ראַט", זיינען אין די פאַראייניגטע שטאַטען פאָרגעקומען די וואַלען צום קאָנגרעס, פון וועלכע עס איז געווען אָפּהענגיג זיין גורל.

אויב די רעפּובליקאַנער האָבען ניט געוואונען קיין מעהרהייט אין דעם הויז פון רעפּרעזענטאַנטען, האָבען זיי אָבער דאָך באַקומען, אמת אַ קליינע, מעהרהייט אין סענאַט.

עס איז געווען קלאָר פאַר אַלעמען, אַז ווילסאָן האָט פאַרשפּילט.

דעם 2טען דעצעמבער 1918 האָט שוין ווילסאָן געקענט אין זיין רעדע אין קאָנגרעס באַטאָנען, אַז אַלץ קערט זיך אום מיט אַ שנעלען טעמפּאָ צום נאָרמאַלען ריטם פון לעבען.

אין צוויי טעג שפּעטער איז ער אויף דער שיף „דזשאָרדזש וואַשינגטאָן" אָפּגעפאָהרען קיין פראַנקרייך.

באַגלייט האָבען איהם דער „סעקרעטערי אָוו סטייט" ראָבערט לאַנסינג, זיין בעל־יועץ האַוז (House) גענעראַל בליס, דער אַמעריקאַנער פאַרטרעטער אין העכערען קריגס־ראַט, און הענרי ווייט.

זיין רייזע קיין אייראָפּע איז געווען איינער פון די גרעסטע טריאומפען, וואָס עס איז ווען עס איז אויסגעפאַלען אויף דעם גורל פון אַ ראש פון אַ מלוכה.

דער גרויסער אַמעריקאַנער היסטאָריקער טשארלז בירד (Beard) כאַראַקטעריזירט אין פאָלגענדע ווערטער די רייזע פון ווילסאָנ׳ען:

„קומענדיג קיין אייראָפּע, כדי צו פאַרווירקליכען זיין חלום וועגען די פער־

צען פונקטען, איז פרעזידענט ווילסאן געווען פארט א צעבראכענע כלי, וואס איז דורכ'ן שיקזאל געצוואונגען געווארען זיך אריינלאזען אין הויכע דיפלאָמאַטישע מאכינאציעס מיט די סאמע דורכגעטריבענסטע פאליטישענס, וואס דער ווולקאן פון דער מלחמה האט זיי ארויסגעשליידערט אויפ'ן שפיץ; וואס יעדערער פון זיי האט נאך געהאט שטיצע פון די היימישע, שטארקע שאָוויניסטען. פאר זיי איז געווען אלץ־איינס, אויב דער פרעזידענט איז פארשריען געווארען פון די מאסען פאר'ן משיח פון דער נייער תקופה, וואס דארף זיי אוועקפיהרען פון די בלוטיגע זאמדען פון דעם אייראפעאישען מדבר אין דעם געבענשטען לאנד פון שלום, אדער אויב ער האט אויף זיין רייזע דורך ענגלאנד, פראנקרייך און איטאליען, צוזאמען מיט מיסים ווילסאן, באקומען אזא טריאומפאלע אוואציע, אז זי וואלט געקענט פארדרעהען די קעפ פון א צעזאר אדער א נאפאלעאן."

ווילסאנ'ען האט זיך אבער דער קאפ ניט פארדרעהט. ער האט אבער אויך ניט געוואוסט, אז בעת אייראפע נעמט איהם אויף ווי א מלך, איז זיין איינפלוס אין זיין אייגענעם לאנד שטארק געפאלען, און ער האט ניט פארגעפיהלט די שוועריגקייטען, וואס ער וועט האבען שפעטער מיט דער ראטיפיקאציע פון שלום־אפמאך.

דערוויילע האבען זיך דעם 12טען יאנואר 1919 אנגעהויבען די צוגרייטונגס־ארבייטען פאר דער שלום־קאנפערענץ. אין זעקס טעג שפעטער איז פארגעקומען די ערשטע זיצונג, וואו עס איז געבוירען געווארען דער „ענגער" בונד פון די „גרויסע" פיער מלוכות: פאראייניגטע שטאטען, ענגלאנד, פראנקרייך און איטאליע.

די אפקלאנגען פון די פאריזער דיפלאמאטישע מאכינאציעס אין אמעריקע האבען געהאט גאר אן אנדערען טאן, ווי אין אייראפע.

אין אמעריקע האט מען געוואלט קודם־כל שלום און די פראגע פון א פעלקער־ליג אפלייגען אויף שפעטער. דאגעגען פאר ווילסאנ'ען איז וויכטיגער געווען דוקא די פעלקער־ליג, ווייל זי נאר האט געקענט, לויט זיין מיינונג, פארזיכערען די וועלט מיט א שלום.

דעריבער האט ווילסאן שטארק צוגעאיילט דעם ענין פון צוגרייטען די נויטיגע פראיעקטען פאר א פעלקער־ליג.

שוין אויף דער זיצונג פון 25טען יאנואר איז באריהרט געווארען די פראגע פון א פעלקער־ליג.

די צוגרייטונגס־ארבייט אין די קאמיסיעס איז געגאנגען אזוי שנעל, אז

דעם 14טען פעברואר איז שוין אויף דער זיצונג פארטיילט געוואָרען דער גע־דרוקטער פראָיעקט פאר א פעלקער־ליג.

לויט דעם פראָיעקט, האָט די פעלקער־ליג געזאָלט באשטעהן פון צוויי טיילען: פון א גרעסערער פארזאמלונג אויף דיסקוסירען די אינטערנאציאָנאלע ענינים און פון אַן ענגערען ראט, וואָס דארף איינשטימיג פארמולירען די באַ־שלוסען פון דער פארזאמלונג.

נאָך דעם ווי דער פראָיעקט איז געווען פארטיג, איז ווילסאָן אָפּגעפאָהרען דעם 15טען פעברואר קיין וואשינגטאָן.

אין לאנד האָט דער פרעזידענט געפונען א שטימונג, וואָס איז געווען געגען אריינמישען זיך בכלל אין דער אייראָפּעאישער פּאָליטיק. די דעמאָביליזאציע איז אָנגעפיהרט געוואָרען אָהן א סיסטעם און האָט פאראורזאכט א גרויסע אר־בייטסלאָזיגקייט און אַלס רעזולטאט — א פארביטערטקייט און אנטוישונג.

אין טאָג פון וואפען־שטילשטאנד זיינען געווען אין דער אַרמיי 3,703,273 מענער און פרויען.

זומער 1919 האָט מען באפרייט 2,736,654 סאָלדאטען, אויסצאָלענדיג יעדערען זעכציג דאָלאר אַלס א באַנוס.

די באפרייטע סאָלדאטען האבען אָפּגעהאלטען אין מאי 1919 א קאָנגרעס אין סט. לואיס, און דאָרטען איז געשאפען געוואָרען דער „אַמעריקאַנער לעגיאָן", וואָס האָט שפּעטער געוואָלט שפּילען א פּאָליטישע ראָלע, אָבער אָהן ערפאָלג.

דאָס פּראָבלעם פון ארבייטסלאָזיגקייט איז געשטאַנען פאר דער רעגירונג, און עס איז געווען א פראגע, וואָס זאָל מען טאָן מיט די הונדערטער טויזענטער נעכטיגע „העלדען" און היינטיגע בעטלער.

פאר די אינדוסטריעלער איז דאָס געווען א געווינס. זיי האבען געקענט שניידען די „וויידזשעס" און עקספּלאָאַטירען דעם ארבייטער, ניט רעכענען זיך מיט קיין יוניאָנס א. אז. וו.

דער קאָנגרעס איז געגאַנגען צום גונסטען פון די פאָדערונגען פון די פאַב־ריקאַנטען און קאפּיטאַליסטען און האָט אין יולי 1919 אָנגענומען א באשלוס, אז די רעגירונג זאָל זיך ניט פארנעמען מיט באשעפטיגען די ארבייטסלאָזע.

ביסלעכווייז איז די מלחמה־לאגע אין לאנד ליקווידירט געוואָרען.

אין מאַרטש 1919 איז שוין אָפּגעשטעלט געוואָרען דער „אָפיציעלער ביו־לעטין", וואָס די רעגירונג האָט ארויסגעגעבען צוליב פּראָפּאגאנדע און „אמת'ע" אינפאָרמאציע.

עס זיינען אָפּגעשאפען געוואָרען כמעט אַלע אַדמיניסטראַטיווע אינסטי־

טוציעס, וואס זיינען געשאפען געווארען בעת דער מלחמה פאר מלחמה־צוועקען.

די לעצטע „פרייהייטס"־הלואה איז שוין ניט אויסגענוצט געווארען פאר דירעקטע צוועקען פון מלחמה.

דערווייל איז דעם 4טען מארטש 1919 פארגעקומען די לעצטע סעסיע פון 65טען קאנגרעס פון די פאראייניגטע שטאטען. ווילסאן איז געקומען צו דער זיצונג און איז אויפגענומען געווארען זעהר קאלט. ספעציעל די רעפובליקאנער מיטגלידער פון סענאט האבען ניט באהאלטען זייערע פיינדליכע שטימונגען. זיי האבען עס געעפענט די דעבאטעס איבער דער פראגע פון דער פעלקער־ליג, ווען דער פרעזידענט איז געווען אויף זיין ים־רייזע.

37 רעפובליקאנישע סענאטארען האבען ארויסגעגעבען א מאניפעסט, אז זיי זיינען געגען דעם פראיעקט פון א שלום־אפמאך, וואס דער פרעזידענט האט געבראכט פון אייראפע.

ו ו י ל ס א ן האט זיך אבער ניט געלאזט בויגען. א געוויסע נחמה האט ער געפונען אין דער שטיצע פון ט ע פ ט ' ן, וועלכער, הגם אליין א רעפובלי־קאנער, האט אבער פונקט ווי אנדערע זיינע חברים ניט איינגעשטימט מיט דער אומטאלעראנטער אפאזיציע־פאליטיק געגען דעם דעמאקראטישען פיהרער פון דער רעפובליק.

אבער די לאנגע אפוועזענהייט פון פרעזידענט האט געווירקט צום שלעכטען אויך אויף די דעמאקראטען. אהן ווילסאנ'ען האבען זיי פארלוירען די פעהיגקייט צו ארבייטען ארגאניזאטאריש, און דערפאר האט אין לאגער פון די דעמאקראטען געהערשט די שטימונג פון א מפלה.

אויפ'ן צווייטען טאג נאכ'ן קאלטען קבלת־פנים איז ווילסאן צוריקגע־פאהרען קיין פאריז, כדי דארטען צו פארענדיגען די גראנדיעזע ארבייט פאר'ן אינטערנאציאנאלען שלום.

קיין פאריז איז ער אנגעקומען דעם 14טען מארטש. ניט קוקענדיג דערויף, וואס ער האט מיטגענומען מיט זיך א שטאב מיט פאכמענער און א קליינע גרופע פון בעראטער, האט ער זיך געפיהרט זעהר אויטאקראטיש.

ער האט אלץ ערליידיגט אליין, נעמענדיג אויף זיך די פאראנטווארטליכ־קייט פאר זיינע באשלוסען.

ר א ב ע ר ט ל ע נ ס י נ ג איז געווען אן אפענער געגנער פון זיין גאנצען פראיעקט פון דער פעלקער־ליג. ווילסאן האט דאס געוואוסט און דערפאר האט ער איהם ממש איגנארירט.

אבער די ביטערע פאליטישענס פון די אליאירטע מלוכות האבען אויך איגנא־רירט די פרינציפען פון ווילסאנ'ס דעקלאראציע. און אויב ער האט עס ניט

באַמערקט, איז פּשוט דערפּאַר, ווייל זיי, ערפאַרענע און דורכגעטריבענע פּאָלי־טיקער, האָבען זעהר קינסטלעריש פאַרמאַסקירט דאָס דאָזיגע ניט־רעכענען זיך מיט די מיינונגען און געפיהלען פון „אַמעריקאַנער צעזאַר“.

דערצו האָט נאָך געווירקט ווילסאָנ'ס פּלוצימדיגע קראַנקהייט, וואָס האָט בכלל פאַרוואַנדעלט דעם גאַנצען ענין פון שלום־פאַרהאַנדלונג אין אַ פּריוואַטער פאַרהאַנדלונג, אין האָטעל, ביים בעט פון קראַנקען פּרעזידענט.

אויף די דאָזיגע אונטערהאַנדלונגען און געהיימע געשפּרעכען אונטער „אַכט אויגען“ איז אויסגעשמידט געוואָרען די צוקונפט פון אייראָפּע, ניט אַזוי ווי דער אידעאַליסטישער פּראָפעסאָר פון אינטערנאַציאָנאַלער רעכט, ו ו א ו ד ר אָ ו ו י ל ס אָ ן, האָט געוואָלט, נאָר אַזוי ווי עס האָבען געוואָלט די זשורנאַלי־סטישע, ערדישע, קאָנקרעטע „קאַרפּען־קעפּ“ פון דער זיגרייכער אייראָפּעאישער דיפּלאָמאַטיע.

ווילסאָן האָט געשוויגען און איז געגאַנגען אויף קאָמפּראָמיסען.

דעם 28טען אַפּריל איז שוין דער אָפּערירטער טראַקטאַט געלעגען אויף דעם גרינעם טיש ביי דער פּערטער פּלענאַרער זיצונג פון דער שלום־קאָנפערענץ.

אַ סך דעלעגאַטען האָבען זיך אַנטוישט. דער פּסק־דין האָט ניט אויסגעזעהן אַזוי יושר'דיג, ווי די פערצען פּונקטען האָבען געקלונגען. ווען דאָס „וואָרט“ האָט זיך אין „פליישׁ“ פאַרוואַנדעלט, איז זיין קאָנקרעטער אינהאַלט בלאַסער געוואָרען, און אַנשטאָט לידער פון נצחון, האָט עס געוועקט פּראָזאַאישע אויס־דרוקען פון אַנטוישונג און אומצופרידענהייט.

מען האָט זיך געטרייסט מיט דעם, וואָס עס איז דערגרייכט געוואָרען דאָס העכסטע, וואָס מען האָט געקענט ביי די אומשטענדען דערגרייכען.

מיט אַ טריאומפירענדען שמייכעל אויף די ליפּען האָט דער „זשורנאַליסטי־שער טיגער“ קלעמאַנסאָ איבערגעגעבען דער דייטשער דעלעגאַציע דעם טעקסט פון דעם „שלום“־אָפּמאַך (דעם 4טען מאַי).

דעם 28טען יוני 1919 האָבען ו ו י ל ס אָ ן און ל אָ י ד ד ז ש אָ ר ד ז ש אונטערגעשריבען דעם אָפּמאַך מיט פראַנקרייך, וועלכער האָט גאַראַנטירט די שטיצע פון די צוויי מלוכות אין פאַל פון דייטשלאַנד'ס אָנפאַל.

אין אַ פּאָר שעה שפּעטער איז ווילסאָן אָפּגעפאָהרען אַהיים.

צוועלף טעג שפּעטער (דעם 10טען יולי) איז דער אַלגעמיינער שלום־טראַק־טאַט, צוזאַמען מיט דעם באַזונדערען אַמעריקאַנער אָפּמאַך (די אַזוי־גערופענע „קלויזורע“), פאַרגעבראַכט געוואָרען דורך דעם „קאָפּ“ פון דער רעפּובליק פאַר די „פאָלקס־פאַרטרעטער“ אין סענאַט.

דער שטורעם, וואס האט זיך געגרייט ביסלעכווייז, איז איצט ארויסגעקומען מיט'ן גאנצען אימפעט פון פאליטישער לײדענשאפט און אפאזיציאנעלער אומ־צופרידענהייט.

מען האט אין סענאט געפונען א גוטען תירוץ צו באקעמפען דעם טראקטאט שוין צוליב דעם, וואס די סענאטארען האבען ניט באקומען צוגעשיקט קיין קא־פיעם פון איהם, נאר א פלינקער זשורנאליסט האט באקומען א קאפיע און האט איהם אפגעדרוקט אין דער פרעסע.

די ארגאניזירטע 37 אפאזיציאנערען מיט דעם שפעטערדיגען פרעזידענט הארדינג בראש זיינען געווען אנטשלאסען צוריקשליידערען דעם פרעזידענט די פרוכטען פון זיינע דיפלאמאטישע באמיהונגען אין דער פראנצויזישער הויפט־שטאט.

„דער סענאט וועט דעם טראקטאט ניט אנערקענען" — האט דעקלארירט הארדינג.

ווילסאן האט ארויסגעשטעלט א רייהע ארגומענטען, אז מען דארף דעם טראקטאט אננעמען (ראטיפיצירען) אהן שום דערגענצונגען (אמענדמענטס).

ער האט אנגעגעבען דארויף פאלגענדע ארגומענטען: 1) מען קען ניט באפעסטיגען דעם שלום, אויב דער דאקומענט ווערט ניט באשטעטיגט און פארעפענטליכט; 2) אן אמענדמענט מצד אמעריקע וואלט געמיינט אויפסניי עפענען א דעבאטע איבער די שלום־באדינגונגען, וואס איז אויסגעשלאסען, ווייל מען קען דערצו ניט צווינגען אהן דער איינשטימונג פון די אנדערע צדדים פון די אליאירטע מלוכות; 3) ענדערונגען אין טראקטאט וועט מען קענען בעסער מאכען דורך דער פעלקער־ליג גופא, וואס וועט געשאפען ווערען ערשט נאכדעם, ווען דער טראקטאט וועט באשטעטיגט (ראטיפיצירט) ווערען.

די טענות זיינען פארשידענע און סותר'דיגע. די באדינגונגען זיינען צו־מילד פאר דייטשלאנד האבען מאנכע פארגעווארפען. אנדערע האבען געהאלטען, אז זיי זיינען גאר צו־שווער.

די אירישע האבען גע'טענה'ט, אז דער טראקטאט פארשטארקט דעם ענג־לישען אימפעריאליזם, און דאס ווילען זיי ניט.

די געטרייע ווילסאניאנער האבען פארגעווארפען דעם פרעזידענט, אז ער איז געגאנגען אויף אומפארצייליכע קאמפראמיסען, און דער פרינציפ פון אינ־טערנאציאנאליזם איז אין דעם טראקטאט באגראבען געווארען.

די קאנסערוואטיסטען האבען געציטערט פאר אמעריקע'ס זעלבסטשטענ־דיגקייט.

פון וואס פאר א שטאנדפונקט מען איז ניט ארויסגעגאנגען, סיי די רעכטע

און סיי די לינקע, — האבען זיי זיך צופעליג געאייניגט אין זייער אפאזיציע צו ווילסאנ'ען.

ווילסאן, זעהענדיג, אז ער וועט אין קאנגרעס גארניט פועל'ן איז ארויס־געפאהרען אויף א טור איבער'ן לאנד, כדי דורך א דירעקטען אפיל צום פאלק שאפען א ווארימע און גינסטיגע שטימונג פאר זיין „דיפלאמאטיש לעגאל קינד", וואס ער האט געבראכט פון אייראפע, און וואס מען האט אין די רעפובליקאנישע קרייזען געהאלטען פאר א „ממזר".

דעם 4טען סעפטעמבער פאהרט ווילסאן ארויס, אין דער באגלייטונג פון זיין פרוי, אין די וועסט־שטאטען.

דעם 26טען סעפטעמבער ווערט ער פלוצלונג קראנק, און זיין גאנצע ארבייט ווערט פאראליזירט אויף לאנגע, שווערע מאנאטען. ערשט אין פעברואר 1920 הויבט דער דעמאקראטישער פרעזידענט אויפסניי אן זיין ארבייט.

אינצווישען איז דער ווערסאלער טראקטאט ראטיפיצירט געווארען פון די מעהרסטע אייראפעאישע לענדער, אזוי, אז דעם 10טען יאנואר 1920 איז ער שוין פראקלאמירט געווארען, און דעם 16טען יאנואר איז שוין פארגעקומען די ערשטע זיצונג פון ראט פון דער פעלקער־ליג.

די לאנגע, הייסע און אומאנגענעמע דעבאטעס אין סענאט האבען געבראכט א נעגאטיווען רעזולטאט פאר ווילסאנ'ס „פאליטישען קינד".

דעם 19טען מארטש 1920 האט דער סענאט קאטעגאריש אפגעווארפען דעם טראקטאט, ערקלערענדיג עס דערמיט, וואס די נויטיגע קאנסטיטוציאנעלע מעהרהייט לטובת איהם האט זיך ניט איינגעגעבען צו קריגען.

דערוויילע איז די אדמיניסטראטיווע מאשין שטארק צעשרויפט געווארען. דער קאבינעט איז זיך ביסלעכווייז צעפאלען. די מלחמה איז פארמעל, א דאנק דעם ניט־ראטיפיצירען פון שלום־טראקטאט, ניט פארענדיגט געווארען. אין לאנד האט אויפגעהויבען דעם קאפ די הידרע פון רעאקציע. די שטרענגע מלחמה-געזעצען האבען ווייטער געהערשט.

דער קאמף צווישען ארבייט און קאפיטאל האט אנגענומען שארפע פארמען. סטרייקס זיינען אונטערדריקט געווארען. די ארבייטער־באוועגונג איז ווייטער אנערקענט געווארען אלס אן אומפאטריאטישע באוועגונג און איז שטארק פאר־פאלגט געווארען.

אין באסטאן האט דער דאמאלסדיגער גאווערנאר און שפעטערדיגער פרעז־זידענט, קאלווין קולידזש, אויף אן אומקאנסטיטוציאנעלען אופן אונטערדריקט דעם סטרייק פון די פאליסלייט. די רעאקציע האט געשעפט דער־

פון נחת, און אפילו דער קראנקער פרעזידענט ווילסאן האט איהם דערפאר געדאנקט אין א בריף.

אבער אויך דער בריף האט ווילסאנ׳ען ווייניג וואס געהאלפען.

„אלץ, וואס האט געטראגען א ווילסאנישען כאראקטער, האט ארויסגערופען געגען זיך א שטארקען ווידערשטאנד״ — זאגט דער היסטאריקער ביירד.

די פאליטישענס האבען מיט אומגעדולד געווארט אויף דעם סוף פון ווילסאנ׳ס טערמין און זיך געגרייט צו א נייעם פרעזידענטען־קאמפעין, זייענדיג מיט רעכט זיכער, אז די רעפובליקאנישע פארטיי קומט צום רודער.

עס איז געווען שווער צו אטעמען פון דעם געדיכטען רויך פון געגענזייטיגע דיסקרימינאציעס, רכילות׳דיגער פאליטיק און ניט־געצווימטער אומטאלעראנץ.

אפילו יוהז האט געהאלטען, אז די אדמיניסטראטיווע מאשין האט פארלארען יעדע חרפה און בושה, און אז די אומגערעכטיגקייט טריאומפירט אין לאנד אויף א שענדליכען אופן.

זומער 1920 האט יוהז געהאלטען א רעדע צו די גראדואירטע לאיערס פון הארווארדער אוניווערזיטעט און האט שטארק פראטעסטירט געגען די פארארטיילען פון די דיסטריקט־אטוירניס, וואס פיהרען אזוי ניט ערליך די פראצעסען, ספעציעל געגען ארבייטער און ליבעראלען.

אבער דער קאמף איז געווען צו ענד.

עס האט זיך דערנענטערט נאוועמבער 1920, און דאס לאנד איז געווען פארטאן אין א נייעם קאמפעין־שלאכט. די אלטע אדמיניסטראציע האט זיך געגרייט אראפגעהן פון דער ארענע, איבערלאזענדיג בירושה פיער וויכטיגע געזעץ־אקטען, וואס זיינען אריין אלס אמענדמענטס צו דער קאנסטיטוציע. דאס זיינען געווען די אמענדמענטס פון 16 ביז 19.

דער זעכצענטער אמענדמענט, אנגענומען אין אנפאנג פון ווילסאנ׳ס אדמיניסטראציע, האט געגעבען דאס רעכט צו העכערען דעם „אינקאם־טעקס״.

דער זיבעצענטער אמענדמענט האט דורכגעפיהרט די דירעקטע וואלען פון סענאטארס דורכ׳ן פאלק.

דער אכצענטער אמענדמענט האט דורכגעפירט דעם אקט פון פראהיבישאן.

דער פארבאט אויף משקה איז שוין דורכגעפירט געווארען אין נאוועמבער 1918 און אין יולי 1919 איז ער געווארען א געזעץ בלויז אויף דער צייט פון דער מלחמה. ערשט אין אקטאבער 1919 איז דער פארבאט געווארען א טייל פון דער קאנסטיטוציע, ניט קוקענדיג אויף דעם „וועטא״ פון פרעזידענט.

ענדליך דער ניינצענטער, זעהר וויכטיגער אמענדמענט האט געגעבען די פרויען דאס רעכט צו שטימען. דער אלטער קאמף פאר פאליטישע רעכט פאר

פרויען, וואָס האָט זיך געצויגען איבער אַ האַלב יאָהרהונדערט, האָט זיך אָנגע־הויבען אויפסניי זומער 1920, און אין אויגוסט דעם זעלבען יאָהר איז דער אַמענדמענט דורכגעפיהרט געוואָרען אַלס אַן אָרגאַנישער טייל פון דער אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע.

פון אַנדערע וויכטיגע געזעצען פון ווילסאָנ'ס אַדמיניסטראַציע איז כדאי צו דערמאָנען דעם געזעץ פון 4טען דזשון 1920, וואָס באַפעסטיגט די אַמע־ריקאַנער אַרמיי אין דער צאָל פון דריי הונדערט טויזענט סאָלדאַטען אין דעם רעגולערען דינסט.

די פּראָבעס איינצופיהרען צוואַנג־מיליטער־דינסט האָבען זיך ניט איינ־געגעבען.

מיט אַ חוב פון צ ע ן ב י ל י אָ ן ד אָ ל אַ ר, וואָס אַמעריקע האָט אויסגעבאָרגט די אַליאירטע מלוכות, מיט אַ כאַאָס אין דער אַדמיניסטראַציע, מיט דערשטיקטע גרעפט־סקאַנדאַלען און צענדליגער טענות פון רעכטס און פון לינקס, מיט אַ געמיש פון מידקייט, אומצופרידענהייט און אַנטוישונג, איז דאָס אַמעריקאַנער פאָלק צוגעטראָטען אויסקלייבען זיך אַ נייעם „פאָטער" פון דער רעפּובליק. די נעקסטע וואַלען האָבען באַוויזען, אַז די צערודערטע שיף פון דער אַמעריקאַנער פּאָליטיק האָט געוואָלט מיט איהרע לעצטע כוחות דער־געהן צו אַ פרידליכען ברעג, פאַרגעסען די קאָשמאַר־יאָהרען פון מלחמה, פאַר־געסען די קרבנות און די גליקען פון שנעלען פּראָפיטירען און רוהיג, זעלבסט־שטענדיג און צופרידען זיך איינוויגען אין דער וועלט פון אייגענער בעל־הבית'שקייט.

---

## 8. די פּרעזידענט־וואַלען אין 1920

די נייע וואַלען זיינען געגאַנגען אונטער'ן שלאַג־וואָרט: „רעקאָנסטרוקציע" אָדער „צוריק צום נאָרמאַלען לעבען".

די שטימונג אין לאַנד איז געווען שטאַרק אַנטי־דעמאָקראַטיש.

„יעדער גוטער רעפּובליקאַנער קען זיין נאָמינירט פאַר אַ פּרעזידענט און וועט שלאָגען יעדען דעמאָקראַט" — אַזוי האָט זיך אויסגעדריקט דער סענאַ־טאָר פּ ע נ ר אָ ז.

אַ געוויסע צייט איז ה ע ר ב ע ר ט ה ו א ו ו ע ר געווען אַ קאַנדידאַט, נאָר ער האָט זיך צוריקגעצויגען, ווייל קיין שום פּאַרטיי האָט איהם שטאַרק ניט געוואָלט.

דער רעפובליקאנער קאנדידאט איז געווארען דער סענאטאר וואר ען גמליאל הארדינג פון אהייא סטייט. אלס וויים־פרעזידענט איז ארויסגעשטעלט געווארען אויף דער קאנווענשאן אין שיקאגא (יוני 1920) דער גאווערנאר פון מעסעטשוזעטס סטייט, קאלווין קולידזש.

די דעמאקראטישע קאנווענשאן איז אפגעהאלטען געווארען אין סאן־פראנציסקא (דזשון 1920). אלס קאנדידאט פאר׳ן פרעזידענט־אמט איז אויסגעוועהלט געווארען דער גאווערנאר פון אהייא סטייט, דזשיימס קאקס.

און אלס וויים־פרעזידענט — פרענקלין רוזוועלט, דער „אסיסטענט סעקרעטערי אוו נייווי".

אין נאוועמבער זיינען הארדינג און קולידזש אויסגעוועהלט געווארען מיט א מעהרהייט פון קנאפע זיבען מיליאן שטימען.

אויף דעם סאציאליסטישען טיקעט איז געלאפען דעבס, וועלכער האט געצויגען א גרויסע צאל שטימען, צוליב דער גרויסער אומצופרידענהייט מיט דעם רעזולטאט פון דער מלחמה.



וואָרען גמליאל האַרדינג

## 9. האַרדינג׳ס פּרעזידענטשאַפט (1920־1923) און קולידזש׳ס פאַרענדיגען פון טערמין

אין הארדינג׳ס קאבינעט, וואס האט זיך געשטעלט פאר א ציל צוריקגעהן צום נארמאלען לעבען, איז יוהז געווארען דער סעקרעטאר פון סטייט־דעפארטמענט און הואווער אין דעפארטמענט אוו קאמוירס, און מעלאן דער סעקרעטאר אוו טרעזשורי. וויליאם טעפט איז באשטימט געווארען אויף דעם פאסטען פון „טשיף דזשאסטיס".

די הויפט־פונקטען פון דעם נייעם קאבינעט זיינען געוועזען: עקאנאמיע און דער גלייכגעוויכט פון דעם נייעם בודזשעט.

דער קאנגרעס, וואס איז צונויפגערופען געווארען אין אפריל 1921, האט זיך באשעפטיגט מיט די פראגען פון טאריף, סיסטעם פון שטייערען און אנדערע

ענינים, וואָס האָבען צו טאָן מיט דער פראַגע פון נאָרמאַליזירען דאָס לעבען אין לאַנד.

עס זיינען אָבער געווען וויכטיגע פראַגען אין שייכות מיט דער מלחמה, וואָס האָבען געמוזט ערליידיגט ווערען.

פאַר דער נייער רעגירונג איז געשטאַנען די פראַגע פון אייראָפּעאישע חובות. די פראַגע פון חובות איז געווען אַ קאָמפּליצירטע. אין פעברואַר 1922 האָט די רעגירונג באַשאַפען אַ קאָמיסיע, וואָס זאָל אונטערהאַנדלען מכח די צאָלונגען פון די חובות. אין אייראָפּע האָט מען זיך ארומגעזעהן, אַז כל־זמן דייטשלאַנד וועט ניט צאָלען די קאָנטריבוציע צו פראַנקרייך, וועט די לעצטע ניט קאָנען צאָלען איהרע חובות צו אַמעריקע א. אַז. וו.

קודם־כל האָט מען באַדאַרפט קלאָר מאַכען די פּאָליטישע סיטואַציע אין אַמעריקע צו די צענטראַלע לענדער. אַזוי ווי אַמעריקע האָט ניט ראַטיפיצירט דעם ווערסאַלער אָפּמאַך, איז אויסגעקומען, אַז יורידיש איז אַמעריקע אין אַ מלחמה־צושטאַנד מיט דייטשלאַנד און עסטרייך.

דעם 2טען דזשולאַי 1921 האָט ערשט דער קאָנגרעס דערקלערט, אַז די „מלחמה מיט דייטשלאַנד און עסטרייך האָט זיך געענדיגט".

פון די וויכטיגסטע פאַקטען פון הארדינג'ס פּרעזידענטשאַפט דאַרף דער־מאַנט ווערען די וואַשינגטאָנער קאָנפערענץ פאַר באַגרעניצען די באַוואָפנונגען. זי האָט זיך אָנגעהויבען דעם 11טען נאָוועמבער 1921 און האָט געדויערט ביז דעם 6טען פעברואַר 1922.

די קאָנפערענץ האָט באַשלאָסען: 1) באַגרעניצען די פלאָטע פון גרויס־בריטאַניע, פאַראייניגטע שטאַטען און יאַפּאַן; 2) פעסטשטעלען דעם טאָנאַזש פון דער פלאָטע, כדי קיין שום מלוכה זאָל ניט האָבען קיין איבערמאָס; 3) אַל־געמיינער פאַרבאָט פאַר בויען נייע, גרויסע שיפען אויף אַ צייט פון צעהן יאָהר.

דערווייל איז אין לאַנד קלענער געוואָרען די אַנטי־בריטישע שטימונג, דערפאַר וואָס ענגלאַנד האָט טיילווייז נאָכגעגעבען אירלאַנד.

דעם 24טען מאַרטש 1922 איז ראַטיפיצירט געוואָרען דער אָפּמאַך פון די פיער מלוכות (ענגלאַנד, פראַנקרייך, איטאַליען, אַמעריקע). די אַמעריקאַנער פּאָליטיק האָט אָנגעהויבען ביסלעכווייז אינטערעסירען מיט די אייראָפּעאישע מלוכות און ביסלעכווייז נאָרמאַליזירען דאָס עקאָנאָמישע לעבען אין לאַנד.

ה א ר ד י נ ג האָט דערווייל זיך געפיהרט ווי אַ בעל־הבית, וואָס וויל קלענער מאַכען זיינע הוצאות. דעם 9טען סעפּטעמבער 1922 האָט ער „וועטאָ־אירט" דעם באַשלוס פון קאָנגרעס, אַז מען זאָל באַשטימען פאַר די וואָלונטירען פון דער וועלט־מלחמה אַ „באָנוס", ווייל זייער קליינער געהאַלט אין דער אַרמיי

בארעכטיגט זיי דערצו, שוין צוליב דעם, וואס די, וואס האבען ניט געקעמפט, האבען באקומען גרויסע געהאלטען.

דערפאר האט דער קאנגרעס דערשטיקט, א דאנק דער דעמאקראטישער אפאזיציע, דעם פרעזידענט'ס פראיעקט וועגען א סובסידיע פאר'ן אמעריקאנער האנדעלס־פלאט (נאוועמבער 1922).

אין זומער 1921 האט זיך ארגאניזירט אן „אגריקולטור בלאק", וואס האט געפאדערט שטיצע פון אלע פארטייען. אזוי ווי די רעפובליקאנער, ניט קוקענ־דיג אויף זייער מעהרהייט, זיינען פארט געווען ניט קיין שטארקע פארטיי, האבען די מיטגלידער פון „אגריקולטור באלק" געהאלטען, אז זיי האבען איצט א געלע־גענהייט צו שפילען א ראלע אלס א דריטע פראגרעסיווע פארטיי.

אין דעצעמבער 1922 האבען זיי געהאט א קאנפערענץ, וואס איז אויך אונטערשטיצט געווארען פון געוויסע ארבייטער־טוער. די לאגע פון די פארמערס איז געווען באמת א שווערע. דעם 3טען מארטש 1923 איז דורכגעגאנגען א געזעץ וועגען העלפען די פארמערס דורך געבען זיי קרעדיט, גרינדענדיג א נייע סעריע פון פעדעראלע פארמיטלונגס־בענק.

דער ערשטער קאנגרעס פון הארדינג'ס פרעזידענטשאפט האט קיין גרויסע מעשים ניט אויפגעטאן.

דערווייל איז הארדינג פלוצלונג געשטארבען (דעם 2טען אויגוסט 1923), און דער וויס־פרעזידענט, קאלווין קולידזש, האט איבערגענומען זיין אמט.


קאלווין קולידזש

קולידזש האט באשטעטיגט דעם צוזאמענ־שטעל פון דעם אלטען קאבינעט.

אין זיין „מעסעדזש" האט ער צוגעזאגט פאר־צוזעצען הארדינג'ס פאליטיק פון עקאנאמיע און גלייכגעוויכט.

קולידזש האט זיך אויסגעוויזען צו זיין פאס־סיג פאר די אנהענגער פון הארדינג'ען אלס א פרעזידענט בכלל, און מען האט אנגעהויבען זיך צו גרייטען פאר דעם פרעזידענטען־קאמפעין פון 1924, כדי צו פארזיכערען דעם „שווייגענדיגען" פרעזידענט דעם אמט פאר דעם נייעם טערמין.

דער פרעזידענט האט געשוויגען, בעת מען האט אנטדעקט די גרויסע שווינד־לען און כאבאר־סקאנדאלען אין וועטעראנען־ביורא און דעם אויל־סקאנדאל, אין

וועלכען עס איז באַשטעטיגט געוואָרען, אַז דער „סעקרעטאַר אָוו אינטעריאָר“, אַ ל ב ע ר ט פ אָ ל ל, האָט גענומען כאַבאַר אין דער פאָרם פון „הלוואות“.

דעם „באָנוס־ביל“ האָט קולידזש וועטאָאירט, פונקט ווי הארדינג. אָבער דער קאָנגרעס האָט באַקומען די נויטיגע מעהרהייט, וואָס האָט געמאַכט דעם „באָנוס־ביל“ פאַר אַ געזעץ, ניט קוקענדיג אויף דעם פרעזידענט'ס „לא“.

אין מאַי 1924 איז אַריין אין קראַפט אַ נייער אימיגראַציע־געזעץ. לויט דעם געזעץ פון 1921, האָט די צאָל פון אימיגראַנטען געקענט באַטרעפען נאָר 3 פראָצענט פון דער סומע אימיגראַנטען, וואָס יעדעס לאַנד האָט געגעבען אין 1910.

אין 1924 איז די „קוואָטע“ פאַרקלענערט געוואָרען אויף 2 און אַ האַלב פראָצענט פון דער צאָל עמיגראַנטען, וואָס איז אַהער אָנגעקומען אין 1890.

ווייל אין יענעם יאָהר איז די עמיגראַציע געווען מעהרסטענטיילס פון די מערב־אייראָפּעאישע לענדער, איז קלאָר, אַז די נייע גזירות געגען אימיגראַציע ריהרען־אָן די אינטערעסען פון דער באַפעלקערונג אין מזרח־אייראָפּע, ד. ה. אידען.

אין יוני 1924 איז קולידזש אויפסניי נאָמינירט געוואָרען אַלס קאַנדידאַט אויף דעם פרעזידענטען־אַמט.

אין דעם זעלבען מאָנאַט איז אויף דער דעמאָקראַטישער קאָנווענשאָן אין ניו יאָרק נאָמינירט געוואָרען נאָך איבער הונדערט „באַלאָטס“ ד ז ש אָ ן ד י י וו י ס (John Davis) סמיטה'ס קאַנדידאַטור איז דאַמאַלס דורכגעפאַלען.

די פראָגרעסיווע עלעמענטען האָבען זיך אויך אָרגאַניזירט. דעם 4טען דזשולאַי 1924 האָבען זיי אָפּגעהאַלטען אין קליוולאַנד אַ קאָנווענשאָן, און סע־נאַטאָר ר אָ ב ע ר ט ל אַ פ אָ ל ע ט פ ו ן וו י ס ק אָ נ ס י ן איז נאָמי־נירט געוואָרען פאַר'ן קאַנדידאַט פון דער פראָגרעסיווער פּלאַטפאָרמע. ער האָט באַקומען די אָפיציעלע שטיצע פון דער „אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר“.

דעם 4טען נאָוועמבער 1924 איז ק ו ל י ד ז ש אויסגעוועהלט געוואָרען מיט אַ מעהרהייט פון 7,500,000 שטימען.

דער קאָנגרעס האָט באַקומען אַ רעפּובליקאַנישע מעהרהייט.

---

## 10. קולידזש'ס אַדמיניסטראַציע — 1924־1928

קולידזש האָט דורכגעפיהרט אַ פּאָר קליינע ענדערונגען אין זיין קאַבינעט.

די פּאָליטיק זיינע איז ווייטער געווען אַ פאָרטזעצונג פון הארדינג'ס און פון זיין אייגענער, בעת ער האָט פאַרענדיגט יענעם טערמין.

דער חוב איז קלענער געווארען פון אן ערך 27 ביליאן אויף קנאפע 20 ביליאן.

די לאגע פון די פארמערס האט זיך ניט געענדערט.

קיין גרויסע פאליטישע טעטיגקייט האט זיך אין זיין אדמיניסטראציע ניט אנטפלעקט, ווייל עס זיינען ניט געווען קיין גרויסע פאליטיקער.

„אין דעם נייעם קאמף פאר דער קאנטראל פון דער רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאטען, — זאגט פראפעסאר פ ע ק ס א ן, — זיינען די פארטייליניעס צעשוואומען געווארען; די אנפיהרער זיינען געווען לאקאלע און צופעליגע; די „אישום" זיינען צעמישט געווארען; און אפילו דער ציל, צו וועלכען די מעהר־דענקענדע מענשען האבען געהאפט פארטציען, איז פארשוואונדען."

דאס איז די כאראקטעריסטיק פון דער כאאטישער, געדאנקענלאזער פרעזידענטשאפט פון ק א ל ו ו י ן ק ו ל י ד ז ש.

א פאר פאקטען באווייזען, אז די אויסלענדישע פאליטיק איז געווען שטארק אימפעריאליסטיש.

אין דזשולאי 1926 איז אונטערגעשריבען געווארען אן אפמאך מיט פאנאמא. לויט דעם אפמאך, האט די אמעריקאנער רעגירונג דאס רעכט אין פאל פון א מלחמה, כדי צו באשיצען די קאנאל־זאנע, צו באנוצען זיך מיט דער טעריטאריע פון פאנאמא.

דאס איז געווען א געצוואונגענער אפמאך, און דער פאנאמער קאנגרעס האט איהם ניט געוואלט ראטיפיצירען.

די אמעריקאנער רעגירונג האט זיך אריינגעמישט אין די אינערליכע ענינים פון דער רעפובליק נ י ק א ר א ג ו א און געשטיצט דעם גענעראל ד י א ז, וואס איז אויסגעוועהלט געווארען דעם 17טען נאוועמבער 1926 אונטער דער קאנטראל פון אמעריקע.

ווען ס א נ ד י נ א האט אנגעהויבען נעגען איהם דעם אויפשטאנד, האט דיאז געפונען שטיצע ביי דער אמעריקאנער רעגירונג, וואס האט געשיקט מאטראזען אהין, כדי צו אונטערדריקען סאנדינא'ס רעוואלוציע.

אין מעקסיקא איז אין 1926 דורכגעפיהרט געווארען די נאציאנאליזאציע פון דער קאטוילישער קירכע.

די אמעריקאנער רעגירונג האט געוואלט פראטעזשירען די אמעריקאנער בירגער־קאטאליקען, וואס האבען אייגענטום אין מעקסיקא.

אויך אין כינע האט אמעריקע געשפילט א ראלע אין אונטערדריקען די דארטיגע נאציאנאליסטישע באוועגונג, אונטער דעם אויסרייד פון פארטיידיגונג פון די אינטערעסען פון איהרע בירגער.

דער ווייכטיגסטער פאַקט אין דעם לעצטען יאָהר איז געווען דער וואונדער־באַרער פליה פון טשאַרלז לינדבערג קיין פּאַריז (דעם 20טען מאַי 1927). די דאָזיגע טאַט האָט אַרויסגערופען אַ גרויסען ענטוזיאַזם אין דער גאַנצער וועלט.



הערבערט הואווער

אין משך פון קולידזש'ס פּרעזידענטשאַפט איז אַ סך דעבאַטירט געוואָרען די פראַגע פון דריטען טערמין. ביז דער פּרעזידענט אַליין האָט פאַרענדיגט די דעבאַטע מיט זיין ערקלערונג, דעם 2־טען אויגוסט 1927, אַז ער וועט ניט „לויפען" פאַר פּרעזידענט אין 1928.

דעם 6־טען נאָוועמבער 1928 איז מיט אַ ריזי־גער מעהרהייט אויסגעקליבען געוואָרען פאַר אַ פּרעזידענט פון די פאַראייניגטע שטאַטען דער קאַנדידאַט פון דער רעפּובליקאַנישע פּאַרטיי, הערבערט הואווער. זיין געגענ־קאַנדידאַט איז געווען אַלפרעד סמיט, דער קאַנדידאַט פון די דעמאָקראַטען.

---

# קאַנאַדע

אזוי שנעל ווי ענגלאַנד איז אַריין אין מלחמה, איז קענעדע, סיי יורידיש, סיי פּאַקטיש, געווען אין דעם זעלבען קריגס־צושטאַנד צו די צענטראַלע מלוכות, ווי גרויס בריטאַניען.

דער רוף פאַר וואָלונטירען אין דער אַרמיי האָט געגעבען גוטע רעזולטאַטען.

אַרום דעם 10טען אַפּריל 1915 זיינען שוין אַרום הונדערט טויזענט קענע־דער בירגער געווען אין דער אַרמיי.

דעם 15טען אָקטאָבער 1914 איז שוין אין אייראָפּע געווען דער ערשטער טראַנספּאָרט פון קענעדער סאָלדאַטען.

אין קענעדע האָט מען מאָביליזירט די אינדוסטריע־לייט פאַר מיליטער־צוועקען, געבענדיג די רייכע פאַבריקאַנטען דעם צוציהענדען טיטעל פון „אַ ערן־קאָלאָנעל".

סוף 1916 האָבען איבער דריי הונדערט טויזענט אַרבייטער געאַרבייט אין די אַמוניציע־פאַבריקען פון קענעדע.

די מאָביליזאַציע פון מיליטער־כוחות איז געגאַנגען מיט אַזאַ אימפּעט, אַז סוף 1916 האָט דער קאָלאָנעל יוהז, דער קאָנסערוואַטיווער מיניסטער פון דער מיליציע, אָנגעגעבען מיט שטאָלץ, אַז די צאָל פון די, וואָס דינען אין מיליטער, באַטרעפט שוין 619,636 — פון זיי זיינען 424,589 געווען אויף די שלאַכט־פעלדער פון יענער זייט ים.

אָבער כדי צו דערפיהרען צו אַזאַ צאָל, האָט מען געמוזט אָפּגעבען אַ סך ענערגיע און געלט פאַר פיהרען די „פּאַטריאָטישע" פּראָפּאַגאַנדע.

די פּראָנצויזישע באַפעלקערונג פון קענעדע, זעהר אַ קאָנסערוואַטיווע און פּראָווינציאָנעלע, האָט זיך ווינציג אינטערעסירט מיט דער מלחמה בכלל און מיט די אייראָפּעאישע פּאָליטישע פראַגען בפרט. ספּעציעל דאַרף מען דער־מאָנען די פיינדליכע שטעלונג פון די פּראַנצויזען צו דער הערשענדער ענגלישער מעהרהייט צוליב דעם, וואָס אין 1912 איז איינגעפיהרט געוואָרען אין די סקולס פון קענעדע, אַז ענגליש איז די פליכט־שפּראַך און פּראַנצויזיש דאַרף מען לערנען איין שעה אַ טאָג. עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ קאַמף צווישען די אולטראַקוויסטען (די, וואָס האַלטען, אַזביידע שפּראַכען דאַרפען געלערענט ווערען אין דער זעלבער מאָס) און די „אַנגליזאַטאָרס".

אין יאָהר 1916 האָט מען אַפילו אָפּגעזאָגט צוויי לעהרער דערפאַר, וואָס זיי זיינען געווען פאַר איינפיהרען ביידע שפּראַכען אין דער פאָלקס־שולע.

מען האָט געמוזט דעריבער אָנווענדען פאַרשידענע מיטלען, כדי צו געווינען די אָפּאָזיציאָנעל־געשטימטע באַפעלקערונג.

דערווייל האָט קענעדע געשטורעמט מיט גרויסע סקאַנדאַלען. אין 1915 זיינען אַנטדעקט געוואָרען פאַרשידענע מיסברויכען ביים צושטעלען מאַטעריאַלען פאַר דער אַרמיי. אַ סך אָנגעזעהענע פּאָליטישענס און רעגירונגס־באַאַמטע זיינען באַשולדיגט געוואָרען אין נעמען כאַבאַר. דער פאַקט האָט נאָך שטאַרקער געמאַכט די אָפּאָזיציע צו דער רעגירונג.

נאָוועמבער 1916 האָט קאָלאָנעל יוהז געמוזט רעזיגנירען פון זיין אַמט, ווייל מען האָט איהם אויך באַשולדיגט אין נעמען כאַבאַר. דאָס לאַנד האָט איבערגעלעבט אַ פּאָליטישען קריזיס. פאַר נייע וואַלען האָט מען זיך געשראָקען. דעריבער איז אין 1916 אַריינגעטראָגען געוואָרען אַ פאָרשלאָג צו פאַרלענגערען דעם פּאַרלאַמענט אויף איין יאָהר. דער פאָרשלאָג איז דורכגעגאַנגען. אָבער ווען אין יאָהר 1917 איז ווייטער געמאַכט געוואָרען אַ פאָרשלאָג צו פאַרלענגע־רען די סעסיע פון פּאַרלאַמענט אויף נאָך אַ יאָהר, איז געקומען צו זייער שטור־מישע דעבאַטען, און די רעזאָלוציע צו פאַרלענגערען די סעסיע ביז אָקטאָבער 1918 איז דורכגעפאַלען.

וועלענדיג באהערשען די אפאזיציאנעלע שטימונגען אין לאנד און נאכטאן גרויס בריטאניען, האט דער פארלאמענט אין אטאווא באשלאסען דעם 11טען דזשון 1917 איינצופיהרען א מיליטער־פליכט.

אין לאנד איז געשאפען געווארען א פרא־מלחמה שטימונג מיט דער הילף פון אן אקט, וואס גיט אלע פרויען, אלמנות, שוועסטער און טעכטער פון סאל־דאטען, וואס דינען אקטיוו אין דער ארמיי, דאס רעכט צו שטימען.

די פראגע פון מיליטער־דינסט האט ארויסגערופען א גרויסען שטורעם אין לאנד. די ליבעראלע פארטיי האט זיך געשפאלטען צוליב דער פראגע, ווייל א סך זיינען געווען פאר צוואנג־דינסט, אבער א באדייטענדע צאל האט גע־גלויבט, אז וואלונטירישע דינסט איז מעהר צום הארצען פון פאלק.

די ערנסטע קריגס־לאגע האט אבער געצוואונגען די פאליטיקער זיך „אי־בערבעטען" און געהן אויף קאמפראמיסען.

דעם 12טען אקטאבער 1917 איז אויסגעוועהלט געווארען א „פאראייניגטע רעגירונג" פון קאנסערוואטיווען און ליבעראלען (פון די ערשטע — 13; פון די צווייטע — 10).

דעם 17טען דעצעמבער 1917 זיינען פארגעקומען נייע וואלען צום פאר־לאמענט.

**די רעגירונג האט אין די וואלען באקומען א מעהרהייט פון 71 שטימען אין פארלאמענט.**

פאר דער רעגירונג זיינען געשטאנען זעהר שווערע און וויכטיגע אויפגאבען. אין לאנד זיינען פארגעקומען בונטען (ראיאטס) געגען צוואנגס־מיליטער־דינסט.

דער רעזולטאט פון דעם געזעץ פון מיליטער־פליכט איז אין אלגעמיין גע־ווען א דורכפאל.

די פאכמענער האבען צוגעגעבען, אז דער וואלונטיר־סיסטעם האט געגעבען א סך גרעסערע רעזולטאטען ביי קלענערע אויסגאבען, ווי דאס געזעץ פון „דרעפ־טען" סאלדאטען.

דער רעזולטאט פון קענעדע'ס אנטייל־נעמען אין דער וועלט־מלחמה איז געווען פארט א גרויסער, און ווי עס ווייזען די ציפערען, איז די צאל פון קרבנות געווען זעהר באדייטענד. 51 טויזענט סאלדאטען און אפיצירען זיינען גע'הרג'עט געווארען, 175 טויזענט זיינען פארוואונדעט געווארען און 10 טויזענט זיינען אדער געפאנגען געווארען, אדער זיינען פארפאלען געגאנגען.

סוף 1916 האבען די קאסטען פון דער מלחמה אויסגעמאכט א מ י ל י א ן ד א ל א ר א ט א ג.

די מלחמה האט ארויפגעלייגט אויף דער מלוכה־קאסע פון קענעדע א ח ו ב פ ו ן ד ר י י ב י ל י א ן ד א ל א ר.

כדי צו קענען דעקען די גרויסע הוצאות פון מלחמה־פיהרען, האט קענעדע געמאכט א פאר הלוואות אין אויסלאנד, ד. ה. אין די פאראייניגטע שטאטען, און דורכגעפיהרט א פאר אינערליכע הלוואות, אזוי־גערופענע „פרייהייטס־לאונס".

אין דזשולאי 1915 האט קענעדע געמאכט אין ניו יארק א קורץ־טערמיניגע הלוואה פון 45 מיליאן דאלאר. אין יאהר 1916 האט זי ווייטער געבארגט 75 מיליאן דאלאר און אין 1917 — 100 מיליאן, אויף צוויי־יאהריגע נאוטס. אין לאנד גופא זיינען איינגעפיהרט געווארען הויכע שטייערען אויף פארשידענע ארטיקלען ניט פון ערשטען געברויך, אויף פארוויילונגען א. אז. וו.

עס האבען זיך געגרינדעט פארשידענע „פאטריאטישע" ארגאניזאציעס, וואס האבען זיך געשטעלט די זעלבע צילען, ווי עהנליכע ארגאניזאציעס אין די פאראייניגטע שטאטען. אלזא: א רויטער קרייץ, אן ארגאניזאציע צו שאפען פרייוויליגע ביישטייערונגען לטובת דער מלחמה א. אז. וו.

פונקט ווי אין די פאראייניגטע שטאטען, האבען אויך אין קענעדע געשטי־גען בעת דער מלחמה די שכירות פון די ארבייטער.

דאס האט געבראכט דערצו, אז די ארבייטער אין קענעדע האבען זיך ארגאניזירט בעסער, כדי צו פארטיידיגען זיך אין פאל פון וועלען פארקלענערען זייערע שכירות

פון 1915 ביז די מלחמה האט זיך געענדיגט (הערבסט 1918) איז די צאל פון די יוניאן־ארבייטער געשטיגען אויף גאנצע הונדערט טויזענט.

עס איז דורכגעפיהרט געווארען א גרויסע צאל סטרייקס — אלעמאל ער־פאלגרייך.

אין 1917 זיינען אין קענעדע אויסגעבראכען 141 סטרייקס; אין 1918— גאנצע 169.

אפילו די פאליסלייט אין קענעדע האבען זיך געוואלט יוניאניזירען. אבער דאס האט ארויסגערופען אזא שטורעם פון פראטעסטען מצד דער „פאטריאטי־שער" באפעלקערונג און אויך מצד דער רעגירונג, אז די כונות פון די היטער פון דער ארדענונג זיינען באלד אין אנפאנג פאראליזירט געווארען.

ווען די מלחמה האט זיך געענדיגט, איז אויף דער קענעדער רעגירונג געפאלען די שווערע אויפגאבע פון באזארגען די צוריקגעקומענע סאלדאטען מיט ארבייט און די קאליקעס און איבערגעבליבענע משפחות נאך די גע'הרג'עטע סאלדאטען—מיט א זיכערען מארגען.

אין יאהר 1920 האט אן אומפעהיגער צו דער ארבייט, א קרבן פון דער

מלחמה, באַקומען אין דורכשניט 720 דאָלאַר אַ יאָהר. פאַר אַלמנות נאָך גע׳הרג׳עטע סאָלדאַטען און פאַר עלטערען, וואָס זיינען געווען עקאָנאָמיש אָפּהענגיג פון זייערע גע׳הרג׳עטע זיהן, האָט מען באַשטימט 576 דאָלאַר אַ יאָהר. חוץ דעם, האָט יעדער צוריקגעקערטער סאָלדאַט געהאַט דאָס רעכט צו מלוכה־אינשורענס.

די געזונטע קעמפער פאַר׳ן פאָטערלאַנד האָט מען אָנגעהויבען צו באַזאָרגען מיט ערד, כדי זיי זאָלען קענען לעבען פון פאַרמעריי.

דרייסיג טויזענט סאָלדאַטען האָט די רעגירונג באַזאָרגט מיט ערד. 17,000 סאָלדאַטען האָבען גענומען ביי דער רעגירונג הלוואות פאַר איינאָרדענען זיך אַלס פאַרמער — אויף אַ סומע פון 51,500,000 דאָלאַר.

דער מלחמה־חוב אין סך־הכל איז געווען אַזוי גרויס, אַז אויף יעדען קאָפּ איז אויסגעפאַלען 272 דאָלאַר.

אין יאָהר 1921 האָט די רעגירונג נאַציאָנאַליזירט אַלע קענעדישע אייזענבאַהנען, מיט׳ן אויסנאַם פון „קענעדיען־פּאַסיפיק ראָוד“.

אָבער אָנשטאָט הכנסה, האָט די דאָזיגע נאַציאָנאַליזאַציע אַריינגעוואָרפען די רעגירונג אין גרויסע דעפיציטען, פון וועלכע זי האָט ניט געקענט אַרויסקריכען, ביז מען האָט ניט אַראָפּגעבראַכט פון לאָנדאָן אַ „ספּעציאַליסט“, געמאַכט איהם פאַר אַ באַהן־דיקטאַטאָר און דורך שניידען די שכירות פון די אַרבייטער, קלענער מאַכען זייער צאָל און העכערען די פּרייזען פאַר פאָהרען—האָט מען געדעקט דעם היזק.

גרויסע פּאָליטישע ענדערונגען, אמת ניט אויף לאַנג, זיינען פאָרגעקומען אין קענעדע, ווען אין 1919 האָבען זיך די פאַרמערס אָרגאַניזירט אין אַ פּאַרטיי און זיך אַ נאָמען געגעבען „נעישיאָנאַל פּראָגרעסיוו פּאַרטי“.

אין לאַנד איז געווען אַן עקאָנאָמישער קריזיס, פון וועלכען די פאַרמערס האָבען גאָר שטאַרק געליטען.

אין 1920 האָט מען אָנגעהויבען צו רעדוצירען די צאָל פון אַרבייטער אין די פאַבריקען. ספּעציעל די אַמוניציע־אינדוסטריע און עהנליכע מלחמה־אינדוסטריעס האָבען געמוזט אָפּשטעלען זייער טעטיגקייט.

דער רעזולטאַט איז געווען, אַז מען האָט זיך גענומען צו די שכירות פון די אַרבייטער און אויך גרעסער מאַכען די שעה׳ן פון אַרבייט.

די ווידערשטאַנדס־קראַפט פון דעם קענעדער פּראָלעטאַריאַט איז נאָך אין 1919 געווען זעהר שטאַרק. דער גרויסער סטרייק אין ווינניפּעג, אין מאַי 1919, וואו כמעט די גאַנצע שטאָט איז געבליבען פּאַראַליזירט, ווייל אַלע

ברענטשעס פון ארבייט האָבען זיך סאָלידאַריזירט אין סטרייק, איז געווען דער לעצטער קאָלעקטיווער שטאַרקער קאַמף פון די ארבייטער.

די רעגירונג האָט דעם סטרייק דערשטיקט, די אָנפיהרער ארעסטירט, און אין גאַנץ קענעדע האָט זיך אָנגעהויבען אַ שווערע רעאַקציע.

די צאָל פון די יוניאָן־לייט איז שטאַרק געפאַלען.

אין 1919 זיינען אין די קענעדער יוניאָנס געווען 378,647 ארבייטער, אָבער אין דריי יאָהר שפּעטער (1922) שוין אינגאַנצען 276,621.

דאָס איז געווען נאָכדעם, ווי אין יאָהר 1921 האָט זיך אָרגאַניזירט די קענעדער „לייבאָר פּאַרטי״, וואָס האָט עפענטליך פאַרדאַמט סטרייקס פון אַלע פּראָפעסיעס אָדער אַזוי־גערופענע „סימפּאַטיע סטרייקס״.

אין לאַנד איז געווען אַ מאַנגעל אין ערד־ארבייטער. די גאַנצע באַפעלקע־רונג פון קענעדע האָט אין 1921 באַטראָפען 8,788,483 מענשען. אפילו דער נאַטירליכער וואוקס איז קלענער געוואָרען. אַ סך סאָלדאַטען האָבען זיך בכלל ניט צוריקגעקערט פון אייראָפּע, ווייל ווען מען האָט זיי דעמאָביליזירט, זיינען זיי דאָרטען געבליבען.

אַ גרויסע צאָל קענעדער סאָלדאַטען האָבען געשטעקט ערגעץ אין סיביר און געהאָלפען באַקעמפען די סאָוויעטישע ארמיי. עס איז דעריבער פאַרשטענד־ליך, פאַרוואָס די קענעדער רעגירונג האָט געשטיצט די אימיגראַציע פון פאַר־מערס אָדער סתם ערד־ארבייטער.

אין יאָהר 1923 זיינען קיין קענעדע אריינגעקומען 137,320 אימיגראַנטען, אין יאָהר 1926 — 135,984.

דער פּראָהיבישאָן־געזעץ, וואָס איז ביסלעכווייז איינגעפיהרט געוואָרען אין לאַנד זינט 1915, איז ביסלעכווייז אָפּגעשאַפט געוואָרען. אמת, דער פּראָהיבי־שאָן אין קענעדע איז ניט געווען, ווי אין די פאַראייניגטע שטאַטען. פון די ניין קענעדער פּראָווינצען האָבען זעקס סיי־ווי־סיי ערלויבט ביי זיך פאַרקויפען פאַרשידענע געטראַנקען. דאַגעגען דער פּראָהיבישאָן־געזעץ אין די פאַראייניגטע שטאַטען האָט פאַראורזאַכט אַ געהיימען האַנדעל, פון וועלכען עס איז אויסגע־וואַקסען אַ נייע פּראָפעסיע. און טויזענטער מענשען האָבען זיך אריינגעוואָר־פען אין איהר.

דער פּאַרלאַמענט איז ניט איינמאָל געווען אַן עדות פון גרויסע סקאַנדאַלען, ווען מען האָט אַנטדעקט, אַז הויכע רעגירונגס־באַאַמטע זיינען אריינגעמישט אין דעם האַנדעל, פּאַרטיידיגען בוטלעגערס און זיינען שותפים צו די „אומגע־זעצליכע״ פּרנסות. די דאָזיגע סקאַנדאַלען מיט די באַאַמטע פון „קאַסטאָם

הויז" האבען אפטמאל געדינט אלס דער הויפט־מאטעריאל אין דעם פראקציא־נעלען קאמף אין פארלאמענט גופא.

און דער פארלאמענטארישער קאמף איז געווארען אלץ שווערער און שווע־רער, ווייל די דריטע פארטיי, ד. ה. די פראגרעסיווע, וואס איז באשטאנען פון פארמערס, האט געצויגען א גרויסען וואוט.

זומער 1919 איז פארגעקומען די קאנווענשאן פון די ליבעראלען. מען האט זיך געגרייט צו נייע פארלאמענט־וואלען, און די ליבעראלען האבען געוואלט זיך פארמעסטען מיט דער רעגירונגס־פארטיי, ד. ה. מיט די קאנסערוואטיסטען.

עס האט אבער גענומען א שפאר ביסעל צייט ביז דער אלטער פארלאמענט איז פאנאנדערגעלאזט געווארען, און מען איז צוגעטראטען צו נייע וואלען.

דעם 4טען נאוועמבער 1921 איז דער פארלאמענט פארמאכט געווארען.

די נייע וואלען האבען געבראכט א מפלה פאר דער רעגירונגס־פארטיי.

די פראגרעסיווע (פארמערס) האבען באקומען 65 מאנדאטען. אויף דער אלגעמיינער צאל פון 235 פלעצער האבען די ליבעראלען געהאט 117. אלזא, זייער מעהרהייט איז געווען אפהענגיג פון די פראגרעסיווע.

די פראגרעסיווע האבען אבער ניט געוואלט געבען זייער הילף אינגאנצען קיין איין צד: און דער סוף איז געווען, אז דער פארלאמענט פון 1921־1925 איז געווען א האלב־טויטער און ניט געקענט אויפטאן קיין סך ממשות'דיגעס.

אין דעם נייעם פארלאמענט, וואס איז אויסגעוועהלט געווארען אין 1925, האבען שוין די פארמערס געהאט א מפלה און זיי האבען פארלארען כמעט צוויי־דריטעל פון זייערע פלעצער, וואס זיי האבען געהאט אין פריערדיגען פארלאמענט. די ליבעראלען האבען באקומען 101 פלעצער, די קאנסערוואַ־טיסטען — 116. די ראלע פון די פארמערס (פראגרעסיווע) איז געווארען א וויכטיגערע פשוט צוליב דעם, וואס פון זיי איז געווען אפהענגיג די גאנצע טעַ־טיגקייט פון פארלאמענט.

דערווייל איז אין שייכות מיט די גרעפט־סקאנדאלען פארגעקומען די רעזיגנאציע פון פרעמיער־מיניסטער קינג (28טען דזשון 1926).

דער פארלאמענט איז אויפגעלייזט געווארען. און די נייע וואלען האבען דאס מאל געגעבען א מעהרהייט די ליבעראלען (119 שטימען). די קאנסער־וואטיווע האבען געקראגען 91 מאנדאטען, און די פראגרעסיווע זיינען געפאַ־לען אזוי, אז זיי האבען באקומען נאר אכט מאנדאטען. די איבעריגע שטימען זיינען צוגעפאלען צו אנדערע, קליינע פארטייען.

לויט ווי עס איז צו זעהן פון די לעצטע באריכטען, געהט קענעדע אליין מעהר און מעהר אויפ'ן וועג פוןווירטשאפטליכער רעקאנסטרוקציע, הגם עס

זיינען פאראן א סך אויסערליכע שטערונגען און שטרויכלונגען, וואס פאראליזי־רען טיילווייז די פאליטיק פון לאנד.

אלס א זעהר וויכטיגער רעזולטאט פון דער נאך־מלחמה פאליטיק, דארף פארצייכענט ווערען די זעלבסטשטענדיגקייט פון קענעדע אין דער וועלט פון אינטערנאציאנאלער פאליטיק.

אין 1927 האט קענעדע באקומען א ניט קיין שטענדיגען פלאץ אין דעם ראט פון דער פעלקער־ליג.

די דאזיגע ענגלישע דאמיניע ווערט צוגעצויגען צו פארשידענע אינטער־נאציאנאלע קאנגרעסען, שליסט אפמאכען און טראקטאטען אלס א זעלבסט־שטענדיגע מלוכה.

איטאליע האט אנערקענט די נייע אינטערנאציאנאלע באדייטונג פון קע־נעדע דורך איינלאדען זי אין פארשידענע צווישען־מלוכה'שע קאנגרעסען.

פארשטעהט זיך, אז דאס ווערט געטאן מעהר, כדי קלענער צו מאכען די באדייטונג פון ענגלאנד.

אבער עס איז א פאקט, אז די מלחמה האט פארגרעסערט די השפעה פון קענעדע און זי עמאנציפירט טיילווייז פון דעם קרייז פון ענגלישער פאליטיק.

קענעדע וועט נאך האבען צו זאגען איהר אייגען ווארט אין דער וועלט פון פאליטיק בכלל און בפרט אין דער שטעלונג צו די פאראייניגטע שטאטען און דער אזוי־גערופענער פאליטישער גלייכגעוויכט אין אמעריקע.

---

## מעקסיקא

ווען די מלחמה האט אויסגעבראכען, איז אין דעם לאנד פון כראנישע רע־וואלוציעס פארגעקומען א נייע רעוואלוציע — דער גענעראל ק א ר א נ צ א איז אויסגעוועהלט געווארען פאר פרעזידענט.

דעם 19טען אקטאבער 1915 האבען ניין אמעריקאנער מלוכות אנערקענט דעם פרעזידענט אלס דעם לעגאל־אויסגעוועהלטען פיהרער פון דער מלוכה.

אבער די געגנער זיינע האבען ניט אויפגעגעבען דעם קאמף. אזוי ווי דער דאזיגער קאמף האט געבראכט א סך שאדען די אמעריקאנער בירגער, אייגענטי־מער פון איל־קוואלען אין מעקסיקא, האט אמעריקע זיך ארייגעמישט אין דער אינערליכער רעוואלוציע פון מעקסיקא און געשיקט אהין אין 1916 דעם שפע־טער־באריהמטען גענעראל פ ו י ר ש י נ ג, וועלכער האט דערשטיקט דעם אויפשטאנד מיט דער הילף פון די אמעריקאנער סאלדאטען.

דער אמעריקאנער קאפיטאל האט שטארק אריינגעדרונגען אין מעקסיקאָ.
נאָך אין 1914 האָבען די פאראייניגטע שטאטען געקויפט פאר א סומע פון דריי מיליאָן דאָלאר אין גאָלד דאָס אייגענטום פון די רעכט, וואָס ניקאראגוא האט געהאט אויף די וועגען צווישען די צוויי אָקעאַנען.

אמעריקע איז געוואָרען דער גרעסטער אָפּנעמער פון מעקסיקאנער נאטור פּראָדוקטען.

אין 1917, למשל, האָט מען פון דאָרטען עקספּאָרטירט אין די פאראייניגטע שטאטען 55,292,770 בארעלס אָיל; אין 1920 איז שוין די צאָל פון עקספּאָרט דערגאנגען ביז 707, 062, 156 בארעלס.

עס איז כדאי צו באמערקען, אז מעקסיקאָ פארנעמט דעם דריטען פּלאַץ אין דער וועלט אלס א לאנד מיט פּראָדוקציע פון אָיל.

אין 1917 איז פאָרגעקומען א זעהר וויכטיגע ענדערונג אין לעבען פון לאנד.
דעם 31טען יאנואר 1917 איז אָנגענומען געוואָרען א נייע קאָנסטיטוציע.
לויט דער דאָזיגער קאָנסטיטוציע, דאַרף א מיטגליד אין סענאט אַלט זיין מינימום 35 יאָהר. דער פּרעזידענט ווערט ערוועהלט אויף פינף יאָהר און קען ניט זיין נאָכאמאָל ערוועהלט.

יעדער, וואָס באנוצט זיך מיט געוואלד־מיטלען געגען דער רעגירונג, קען ניט זיין ערוועהלט.

וואלען פון א פּרעזידענט מוזען דורכגעפיהרט ווערען אויף לעגאלע, פריד־ליכע וועגען.

א וויכטיגער פּונקט אין דער קאָנסטיטוציע איז דער פאַרבאָט, אז די קירכע זאָל האָבען פּריוואט־אייגענטום.

די קוואלען ווערען געטעקסט. און דעם 10טען פעברואר 1918 ווערט באַ־שטימט, אז אלע לענדער מיט פּעטראָלעאום ווי אויך קאָנטראקטען פאר זייער עקספּלאָאטאציע, וואָס זיינען געמאכט געוואָרען פאר'ן ערשטען מאי 1917, ווערען שטארק באשטייערט.

דאָס האָט ארויסגערופען א ווידערשטאנד מצד די פאראייניגטע שטאטען, וואָס זיינען געווען אנגאזשירט אין דער עקספּלאָאטאציע פון די מעקסיקאנער קוואלען און געהאט גרויסע קאָנטראקטען נאָך פון פריער.

בעת דער מלחמה איז די שטימונג סיי פון דער באפעלקערונג, סיי פון דער רעגירונג, געווען שטארק „פּראָ־דייטש".

דערווייל איז אין לאנד פאר א נאָווינע פאָרגעקומען א רעוואָלוציע.
די הערשאפט איז צייטווייליג אריבער אין די הענט פון אדאָלפאָ ד ע ל א ה ו ע ר ט א.

דעם 25טען מאַי 1920 איז גענעראַל אָ ב ר ע ג אָ ן, דער קאַנדידאַט פון דער ליבעראַל-קאָנסטיטוציאָנעלער פּאַרטיי, אויסגעקליבען געוואָרען פאַר פּרעזידענט.

די געגנער זיינע האָבען, פאַרשטעהט זיך, ניט געוואָלט איהם אָנערקענען. אַמעריקע איז אָבער געווען פאַראינטערעסירט, אַז אין מעקסיקאָ זאָל זיין רוהיג. האָט זי פאָרגעשלאָגען (דעם 27טען מאַי 1921), אַז אין וואַשינגטאָן זאָל פאָרקומען אַ קאָנפערענץ מכח אָנערקענען די עקזיסטירענדע אָרדענונג. אָברעגאָן האָט זיך דערפון אָפּגעזאָגט, איינזעהענדיג, אַז דאָס איז אַן אַריינמישען זיך אין די אינערליכע ענינים פון דער מעקסיקאַנער רעפּובליק.

אָבער אַזוי ווי אַמעריקע האָט ניט געהאַט קיין נאָרמאַלע דיפּלאָמאַטישע באַציהונגען מיט מעקסיקאָ, און די דעה פון אַמעריקאַנער קאַפּיטאַל איז פאָרט געווען (און איז) אַ גרויסע, האָט מען געמוזט פון ביידע זייטען געהן אויף קאָמפּראָמיסען.

אַזאַ קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען אין מעקסיקאָ-סיטי. דאָרטען איז גאַראַנטירט געוואָרען דאָס רעכט פון די אַמעריקאַנער בירגער אויף זייערע נאַפטטעריטאָריעס, וואָס זיי עקספּלאָאַטירען.

דעם 31טען אויגוסט 1923 זיינען באַנייט געוואָרען די דיפּלאָמאַטישע באַציהונגען צווישען מעקסיקאָ און די פאַראייניגטע שטאַטען.

ווען עס איז אויסגעבראָכען אַ נייע רעוואָלוציע אין מעקסיקאָ, האָט שוין אַמעריקע עפענטליך זיך געשטעלט אויף אָברעגאָנ'ס זייט און פאַרטיידיגט דעם „געזעץ" און די „אָרדענונג" פון לאַנד.

אין דעצעמבער 1924 איז גענעראַל ק אַ י ע ס אויסגעוועהלט געוואָרען פאַר פּרעזידענט.

זיין קאַמף פאַר דורכפיהרען דעם וויכטיגען פּונקט פון דער קאָנסטיטוציע, אַז די גלחים און די קירכע טאָרען ניט האָבען קיין פּריוואַט-אייגענטום, האָט אַרויסגערופען אַ שטורעם אין דער קאַטוילישער וועלט און ניט קיין קלענערע, הגם זעהר פאָרזיכטיגע, געגענאַקציע מצד דער אַמעריקאַנער רעגירונג.

אין 1928 איז אַלס פּרעזידענט אויסגעוועהלט געוואָרען עמיליאָ פּאָרטעס גיל. (Emilio Portes Gil).

---

## צענטראַל אַמעריקע פון דער מלחמה ביז 1928

די רעפּובליקען פון צענטראַל אַמעריקע: ג וו אַ ט אַ מ אַ ל אַ, ה אָ נ-

דוראס, סאלוואדאר, ניקאראגוא, קאסטא־ריקא און פּאנאמא — האָבען מיטגעמאכט די מלחמה מעהרסטענטייל אין א קריגס־צושטאנד מיט דייטשלאנד, חוץ סאלוואדאר, וואס איז געבליבען אינגאנצען נייטראל.

אין 1916 האָט ברייען, דער סטייטס־סעקרעטאר פון די פאראייניגטע שטאטען, געשלאסען אן אפמאך מיט ניקאראגוא, אויפ'ן סמך פון וועלכען די פאראייניגטע שטאטען האבען געקויפט, פאר דרייסיג מיליאן, דאָס רעכט צו בויען און פארוואלטען א צווישען־אקעאנישען קאנאל דורך ניקאראגוא.

אין 1928 האָט ניקאראגוא ערקלערט מלחמה דייטשלאנד דערפאר, וואָס די דייטשע סאבמארינס האָבען דערטרונקען א פּאָר פון איהרע האנדעלס־שיפען.

די דאָזיגע רעפּובליק איז אלץ מעהר און מעהר געוואָרען עקאָנאָמיש אָפּ־הענגיג פון די פאראייניגטע שטאטען. די פינאנס־קאָמיסיע איהרע איז אויס־געקליבען געוואָרען פון פארטרעטער פון די פאראייניגטע שטאטען און פון פאר־טרעטער פון דער רעפּובליק גופא.

אין 1920 האָט ניקאראגוא באקומען אין די פאראייניגטע שטאטען א הלואה פון 9 מיליאן דאלאר. דער אמעריקאנער קאפּיטאל איז געוואָרען אלץ מעהר פאראינטערעסירט אין קאנטראלירען ניט נאָר דאָס עקאָנאָמישע לעבען פון ניקאראגוא, נאָר אויך דאָס פאָליטישע, ווי דאָס איז צו זעהן פון דער איצטיגער (סוף 1928) אינטערווענץ פון דער אמעריקאנער ארמיי און ניט דערלאזען, אז די דאָרטיגע באפעלקערונג זאל זעלבסטשטענדיג באשטימען וועמען זי וויל האָבען פאר א פּרעזידענט.

בעת מיר שרייבען די שורות, איז שוין דאָ א ידיעה פון ניקאראגוא, אז עס זיינען דאָרטען דורכגעפיהרט געוואָרען וואלען פאר א פּרעזידענט, אונ־טער דער אויפזיכט פון אן אמעריקאנער עלעקשאן־קאנטראלער. גענעראל פרענק מעקאי (Mc. Cay) אלס פּרעזידענט פון דער דאָזיגער רעפּובליק איז אויסגעוועהלט געוואָרען דער קאנדידאט פון די ליבעראלען יאזע מאַ־ריא מאנקאדא.

די רעפּובליק גוואטעמאלא האָט בעת דער מלחמה אויך געליטען פון די דייטשע סאבמארינס און האָט ערקלערט מלחמה דייטשלאנד.

אין 1920 איז דאָרטען אויסגעבראכען א רעוואלוציע. דער נייער פּרעזי־דענט, הערערא, איז ענדליך אנערקענט געוואָרען.

כדי צו פארשטארקען דעם פּרעסטיזש פון די רעפּובליקען אין צענטראל אמעריקע, איז אין דער שטאָט סאן־יאזע (קאסטא־ריקא) פארגעקומען אין 1921

א צוזאמענפאהר פון פארטרעטער פון די רעפובליקען, און עס איז באשלאסען געווארען צו שאפען א פעדעראציע.

דעם 19טען יאנואר 1921 איז אונטערגעשריבען געווארען פון די רעפובליקען: גוואטאמאלא, סאלוואדאר, האנדוראס און קאסטא־ריקא אן אפמאך, וואס שאפט א פעדעראציע פון די דאזיגע ניט־קיין־גרויסע מלוכות.

ניקאראגוא האט זיך אפגעזאגט אריינגעהן אין דער פעדעראציע.

די דאזיגע פעדעראציע האט אבער לאנג ניט געדויערט. אין 1924 איז אין גוואטעמאלא פארגעקומען א רעוואלוציע, און די פעדעראציע איז זיך ביסלעכווייז צעפאלען.

כדי צו פארבינדען זיך שטארקער מיט די פאראייניגטע שטאטען, איז פון 4טען דעצעמבער 1922 ביז דעם 7טען פעברואר 1923 פארגעקומען אין וואשינגטאן א קאנפערענץ פון די פינף רעפובליקען. עס זיינען געשלאסען געווארען צוועלף טראקטאטען און דריי פראטאקאלען.

די רעפובליק פון פאנאמא האט בעת דער מלחמה שטארק געענדערט איהר סיסטעם פון הערשאפט.

אין 1917 איז אנגענומען געווארען א נייע קאנסטיטוציע. לויט דער נייער קאנסטיטוציע, דארפען די וואלען פאר א פרעזידענט פארקומען יעדע פיער יאהר.

עס איז אפגעשאפט געווארען טויט־שטראף.

דעם 4טען אפריל 1917 האט פאנאמא ערקלערט א מלחמה דייטשלאנד.

זינט 1918 קאנטראלירען די פאראייניגטע שטאטען די דאזיגע רעפובליק.

אין יולי 1926 האט פאנאמא געמוזט אונטערשרייבען אן אפמאך מיט די פאראייניגטע שטאטען, לויט וועלכען ס'ווערט ערלויבט דער וואשינגטאנער רעגירונג, אין פאל פון א מלחמה, צו מאכען א געברויך פון דער טעריטאריע פון פאנאמא, כדי צו באשיצען די קאנאל־זאנע.

דער דאזיגער טראקטאט ווערט אנערקענט אלס א סימן פון אבסאלוטער אפהענגיגקייט פון פאנאמא פון די פאראייניגטע שטאטען.

---

## פערו

ווען די מלחמה האט זיך אנגעהויבען, האט אין פערו געהערשט די פראוויזארישע רעגירונג פון בענאוויזעס.

אין אויגוסט 1914 איז פראקלאמירט געווארען א מאראטאריום, ווייל

דער עקספּאָרט איז צוליב דער מלחמה פאַרקלענערט געוואָרען, און די סוחרים האָבען ניט געקענט צאָלען זייערע חובות.

באַלד נאָכדעם איז אויסגעקליבען געוואָרען אַלס פּרעזידענט דער אַמאָליגער פּרעזידענט י אָ ז ע פּ אַ ר אָ.

די דייטשע סאָבמארינען האָבען אַנגעמאַכט אַזעלכע צרות דער האַנדעלס־פלאָטע פון פּערו, אַז דעם 5טען אָקטאָבער 1916 האָט פּערו איבערגעריסען די דיפּלאָמאַטישע באַציהונגען מיט דייטשלאַנד.

אין אויגוסט 1919 איז אַ ג ו ס ט אָ ל ע ג ו י אַ אויסגעקליבען געוואָרען פאַר פּרעזידענט.

דעם 27טען דעצעמבער 1919 איז אָנגענומען געוואָרען אַ נייע קאָנסטיטוציע, לויט וועלכער מיליטער־דינסט איז שוין אַ פליכט.

עס ווערען איינגעפיהרט דירעקטע וואַלען, און דער פּרעזידענט ווערט געוועהלט אויף פינף יאָהר.

דאָס הויז פון רעפּרעזענטאַנטען באַשטעהט פון 110 מיטגלידער, דער סענאַט — פון 35.

אין יאָהר 1924 ווערט לעגויאַ ערווועהלט אויפסנייע פאַר פּרעזידענט.

די הלואות, וואָס פּערו האָט געמאַכט אין די פאַראייניגטע שטאַטען (אין 1922), האָבען אַ סך צו זאָגען אין דער פראַגע פון פּאָליטישע איינפלוסען, וואָס אַמעריקע האָט אין פּערו.

---

# באָליוויע

אין 1914 איז די עקאָנאָמישע לאַגע פון באָליוויע געווען צופרידענשטעלענד.

די באַפעלקערונג האָט געלעבט פון פאַרמעריי, פיהצוכט און פון עקספּלאָאַטאַציע פון גרובען.

קיין פלאָטע האָט באָליוויע קיינמאָל ניט געהאַט. איהר אַרמיי איז אין 1914 באַשטאַנען פון 4,600 מאַן.

אין 1915 האָט די אינדוסטריע פון מינעראַלע פּראָדוקטען באַטראָפען פינף־זעקסטעל פון דעם גאַנצען ווערט פון דעם עקספּאָרט פון באָליוויע.

פונדעסטוועגען האָט באָליוויע געמוזט אָנקומען נאָך הלואות אין אויסלאַנד.

לויט'ן חשבון פון 30טען דזשון 1919, איז באָליוויע געווען שולדיג אין אויסלאַנד 3,114,682 פונט שטערלינג.

בעת דער מלחמה האָט באָליוויע ניט געהאַט קיין שום דיפּלאָמאַטישע

באציהונגען מיט דייטשלאַנד, און זינט 1917 זיינען די צוויי מלוכות געווען אין א קריגס־צושטאַנד.

אין 1917 איז יאַזע גוטיערעז קוועדראַ אויסגעקליבען געוואָרען פאַר פּרעזידענט.

אינגיכען איז דאָרטען פאָרגעקומען א רעוואָלוציע, און די רעוואָלוציאָנערע גרופּע האָט געפאָדערט איינפיהרען א גאַנצע רייהע רעפאָרמען.

אין 1921 איז אויסגעקליבען געוואָרען א נייער פּרעזידענט מיט'ן נאָמען באַטיסטאַ לאַוועדראַ, א „רעפּובליקאַנער".

די עקאָנאָמישע אָפּהענגיגקייט פון די פאַראייניגטע שטאַטען ווערט אַלץ גרעסער. די „סטענדערד איל קאָמפּאַני" האָט דאָרטען קאָנצעסיעס.

די רעפּובליק האָט געבאָרגט דאָ אין לאַנד 24 מיליאָן דאָלאַר.

---

## טשילי

ווען די וועלט־מלחמה איז אויסגעבראָכען, האָט טשילי געגעבען צו וויסען דעם דייטשען אמבאסאדאָר אין סאַנטיאַגאָ, אז זי וועט אָפּהיטען די „שטרענגסטע נייטראַליטעט".

א דאַנק דער מלחמה, האָט טשילי פאַרלאָרען די דייטשע מאַרקען, וואוהין זי האָט עקספּאָרטירט א סך פון איהרע פּראָדוקטען.

אין דעצעמבער 1916 איז סאַנפּוענטעס אויסגעקליבען געוואָרען פאַר פּרעזידענט.

די בלאָקאַדע מצד דער דייטשער פלאָטע האָט אָנגעמאַכט גרויסע שאָדענס דער טשילי'ער רעפּובליק.

דעם 8טען פעברואַר 1917 האָט די רעגירונג פון טשילי העפטיג פּראָטעס־טירט געגען דער בלאָקאַדע. זי האָט זיך אָבער ניט געוואָלט אריינלאָזען אין א מלחמה און האָט דעם 11טען אַפּריל 1917 פּראָקלאַמירט נאָך אַמאָל איהר נייטראַליטעט.

אין דעצעמבער 1920 איז אַרטוראָ אַלעקסאַנדרי אויסגע־וועהלט געוואָרען פאַר פּרעזידענט.

אין דזשון 1921 האָט די רעגירונג פאַרעפענטליכט איהר נייעם פּראָגראַם פון טעטיגקייט, וואָס האָט, צווישען אַנדערע, אריינגענומען פאָלגענדע וויכטיגע פּונקטען: 1) גלייכבארעכטיגונג פאַר פרויען, 2) רעפאָרמען לטובת די ארבייטער, 3) סטאַביליזירען די וואַליוטע.

די מלוכה האט זיך אפגעטיילט פון דער קירכע.

עס זיינען איינגעפיהרט געווארען א רייהע גוטע רעפארמען, וואס האבען ארויסגערופען א שטארקע רעאקציע מצד די קאפיטאליסטען און גלחים.

די רעפובליק האט געמוזט געהן אויף קאמפראמיסען (סוף 1924), ווייל דער קאמף האט ארויסגערופען אן עקאנאמישען קריזיס אין לאנד.

אין סעפטעמבער 1924 איז פארגעקומען א מלוכה־ענדערונג' דורך א פאר־שווערונג, וואס איז אבער אין אנפאנג 1925 באזייטיגט געווארען.

---

# עקוואדאר

א דאנק דער מלחמה, איז דער אימפארט פון עקוואדאר געווארען א סך קלענער, און די רעפובליק האט געמוזט ענדערען איהר עקאנאמיש לעבען.

אין אויגוסט 1917 האט עקוואדאר זיך פראקלאמירט נייטראל אין קאמף צווישען די אליאירטע און די צענטראלע מלוכות.

סוף אויגוסט 1916 איז אלפרעדא מארענא אויסגעוועהלט געווארען פאר פרעזידענט.

צו די וויכטיגסטע געשעהענישען אין לעבען פון עקוואדאר פאר די לעצטע יאהרען דארף צוגערעכענט ווערען דאס אויסראטען פון געלען פיבער אין גוואיאקוויל, וואס איז דורכגעפיהרט געווארען מיט דער הילף פון דער ראקעפעלער פונדאציע, וועלכע האט אין 1916 אהינגעשיקט א ספעציעלע קאמיסיע פאר דעם צוועק.

אין 1920 איז דר. יאזע טאמאיא אויסגעוועהלט געווארען פאר פרעזידענט.

ער האט איינגעפיהרט א גאנצע רייהע רעפארמען, ווי מיליטער־פליכט, אנ־געהויבען בויען עראפלאנען א. אז. וו.

אין 1924 איז אלס פרעזידענט אויסגעקליבען געווארען דאקטאר גאנצאלא קארדאבא.

די לעצטע פאר יאהר איז די עקאנאמישע לאגע פון עקוואדאר געווארען א סך א בעסערע, און דער עקספארט פון איהרע נאטור־רייכקייטען — א סך א גרעסערער.

---

## נייע גראַנאַדאַ אָדער קאָלאָמביאַ

אין דעם יאָהר, ווען די וועלט־מלחמה איז אויסגעבראָכען, זיינען אין ק אָ־ל אָ מ ב י אַ פאָרגעקומען וואַלען פאַר אַ פּרעזידענט. עס איז אויסגעקליבען געוואָרען פאַר פּרעזידענט — ק אָ נ ר אַ.

די מלחמה האָט געמוזט ווירקען אויף דער שטעלונג פון דער קליינער רע־פּובליק צו די קעמפּענדע צדדים.

דעם 2טען דזשון 1917 האָט קאָלאָמביאַ ערקלערט איהר נייטראַליטעט אין דער מלחמה צווישען די פאַראייניגטע שטאַטען און דייטשלאַנד.

צוליב אַז אינערליכען סכסוך האָט דער נייער פּרעזידענט געמוזט רעזיגני־רען, און עס איז אויסגעוועהלט געוואָרען פאַר פּרעזידענט מ אַ ר ק אָ פ י ד ע ל ס וּ אַ ר ע ז (פעברואַר 1918).

אין דריי יאָהר שפּעטער איז ווייטער פאָרגעקומען אַ מלוכה־קריזיס, און ס וּ אַ ר ע ז האָט זיך אָפּגעזאָגט פון פּרעזידענטשאַפט לטובת ג ע נ ע ר אַ ל ה אָ ל ג וּ (דעם 11טען נאָוועמבער 1921). ער האָט דורכגעפיהרט די ראַטי־פיקאַציע מיט פּאַנאַמאַ.

דער נייער פּרעזידענט, וואָס איז אויסגעקליבען געוואָרען אין 1924, ג ע־נ ע ר אַ ל פ ע ד ר אָ נ ע ל א ס פּ י נ אַ, האָט באַזוכט די פאַראייניגטע שטאַטען.

דער ציל פון דעם וויזיט איז געווען, אַז אַמעריקע זאָל העלפען קאָלאָמביאַ אין רעאָרגאַניזירען איהרע פינאַנסען.

אין פעברואַר 1923 איז אַהין אַרויסגעפאָהרען אַ קאָמיסיע פון אַמערי־קאַנער פינאַנס־עקספּערטען. זיי האָבען דאָרטען פאַרבראַכט זעקס חדשים, און לויט זייערע אָנווייזונגען, איז אין קאָלאָמביאַ געגרינדעט געוואָרען אַ מלוכה־באַנק, און די וואַליוטע איז אָוועקגעשטעלט געוואָרען אויף אַ זיכערען באַזיס.

---

## ווענעצועלאַ

די וויכטיגסטע געשעהעניש אין דער ווענעצועלער רעפּובליק זינט דער וועלט־מלחמה איז די נייע קאָנסטיטוציע, וואָס איז אויסגעאַרבייט געוואָרען אין 1914.

לויט דער דאָזיגער קאָנסטיטוציע, ווערט אַ פּרעזידענט אויסגעוועהלט אַלע זיבען יאָהר דורך אַ געהיימען באַלאָט אין קאָנגרעס. דאָס איז געווען אין דער

צייט פון פראוויזארישער פרעזידענטשאפט פון וויקטאריאנא בוס־טיללאס (אויסגעוועהלט דעם 19טען אפריל 1914).

דעם דריטען מאי 1915 איז גענעראל גאמעץ אויסגעקליבען גע־ווארען פאר פרעזידענט, לויט דער נייער קאנסטיטוציע, ד. ה. אויף זיבען יאהר.

די קירכע איז אפגעטיילט געווארען פון דער מלוכה.

פאר די לעצטע צעהן יאהר האט ווענעצועלא געמאכט א גרויסען פארטשריט אויף די געביטען פון קולטורעלען און עקאנאמישען לעבען.

די דריי־מיליאניגע באפעלקערונג איז באשעפטיגט אין אגריקולטור, פיה־צוכט און אינדוסטריע.

אין די יאהרען 1916-1917 זיינען געגרינדעט געווארען העכערע שול־אנשטאלטען פאר דענטיסטיק, פאליטישער וויסענשאפט און פארמאציע.

אין דזשון 1919 איז איינגעפיהרט געווארען מיליטערישע פליכט־דינסט.

אין דער מלחמה צווישען די פאראייניגטע שטאאטען און די צענטראל־מלוכות איז ווענעצועלא געווען נייטראל.

אין מאי 1922 זיינען פארגעקומען נייע וואלען פאר פרעזידענט. אזוי ווי דער ערשטער פרעזידענט, וואס איז אויסגעקליבען געווארען לויט דער נייער קאנסטיטוציע, האט דורכגעפיהרט אלע אויבענדערמאנטע רעפארמען, האט מען איהם ווידער ערוועהלט פאר פרעזידענט.

אין מארטש 1922 איז ערליידיגט געווארען א וויכטיגער גרעניץ־סכסוך צווישען ווענעצועלא און קאלאמביא.

ווענעצועלא איז איינע פון די חשוב'סטע רעפובליקען אין „לאטיי־ניש אמעריקע". מען רעכענט זיך זעהר שטארק מיט איהר.

---

# ארגענטינע

די נייע עלעקשאנס, וועלכע זיינען פארגעקומען אין ארגענטינע אין יאהר 1912, האבען געגעבען א רעגירונגס־מעהרהייט דער ראדיקאלער פארטיי.

ווען די מלחמה איז אויסגעבראכען, האט זיך אין דער עקאנאמישער לאגע פון לאנד א סך געביטען.

קודם כל איז דער ארגענטינער האנדעלס־באלאנס געווען שטארק אפהענגיג פון דעם עקספארט. איצט אבער האבען די דייטשע סאבמארינס אנגעהויבען צו קאנטראלירען די ימ'ען, זינקען שיפען פון אלע לענדער, און ארגענטינע האט דערפון געהאט א גרויסען היזק.

איהר עקספּאָרט איז באַדייטענד קלענער געוואָרען, און דער דאָזיגער האַנ־דעלס־שאָדען האָט ממילא געמוזט ווירקען אויף דער טאַקטיק פון דער רעגירונג, וואָס האָט געוואָלט אויסמיידען אַ קריג מיט דייטשלאַנד.

עס איז אָבער געווען אוממעגליך אָפּצוהיטען די פולסטע נייטראַליטעט.

אין 1916 איז אין לאַנד פאָרגעקומען אַ פּאָליטישע איבערקערעניש. דער קאַנדידאַט פון דער ראַדיקאַלער פּאַרטיי, היפּאָליטאָ איריגאָיען, איז אויסגעוויילט געוואָרען פאַר פּרעזידענט.

דעם 5טען אויגוסט 1917 האָט ארגענטינע געשיקט אַ דיפּלאָמאַטישע נאָטע צו די דייטשען און געפאָדערט שאָדען־ערזאַץ פאַר די שיפען, וואָס די דייטשע שיפען האָבען דערטרונקען.

צו יענער צייט איז אַנטדעקט געוואָרען אַ גרויסע פאַרשווערונג, וואָס די דייטשען האָבען געגרייט געגען ארגענטינע.

עס זיינען אַנטדעקט געוואָרען די בריף, וואָס דער דייטשער אַמבאַסאַדאָר אין ארגענטינע האָט געשיקט צו זיין רעגירונג. אין יענע בריף האָט ער געגעבען אַן עצה צו דערטרינקען די ארגענטינער שיפען.

דער רעזולטאַט פון דער אַנטדעקונג איז געווען, אַז אין סעפּטעמבער 1917 זיינען איבערגעריסען געוואָרען די דיפּלאָמאַטישע באַציהונגען צווישען ארגענ־טינע און דייטשלאַנד.

אַקטיוו איז אָבער ארגענטינע אין דער מלחמה ניט געווען.

פון די וויכטיגסטע געשעהענישען אין לעבען פון ארגענטינע דאַרף דערמאָנט ווערען דער גרויסער גענעראַל־סטרייק פון 1טען מאַי 1919.

דעם 2טען אַפּריל 1922 איז אויסגעקליבען געוואָרען פאַר פּרעזידענט מאַרצעלאָ דע אַלוועאַר.

ער האָט איינגעפיהרט אַ רייהע ליבעראַלע געזעצען.

דעם 28טען אויגוסט 1923 איז אָנגענומען געוואָרען דער אַנטי־טראַסט ביל.

די עקאָנאָמישע לאַגע פון ארגענטינע איז נאָך ווייט פון צו זיין צופרידענ־שטעלענד. איהר האַנדעלס־באַלאַנס איז נאָך אַלץ ניט אַזא, ווי אין 1912.

נאָך דער מלחמה האָט ארגענטינע געמאַכט אַ חלואה אין די פאַראייניגטע שטאַטען אויף 5,500,000 דאָלאַר.

---

# אוראגוואיי

אין זיין אַרטיקעל איבער אוראַגוואַיי זאָגט פ. קראַנץ זעהר ריכטיג, אַז די דאָזיגע קליינע רעפּובליק האָט אַ גרויסע צוקונפט. (זעה: זייט 547).

דאָס איז צו זעהן פון דעם וואוקס פון דער באַפעלקערונג. אין 1875 האָט אורא גוואַיי געצעהלט א האלבען מיליאָן איינוואוינער. אין 1904 האָט זי שוין געהאַט א מיליאָן מיט א האלב, ד. ה. דריי מאָל אזוי פיל. היינט צעהלט אוראגוואַיי אַן ערך צוויי מיט א פערטעל מיליאָן איינוואוינער.

די הויפּט־באַשעפטיגונג פון דער דאָרטיגער באַפעלקערונג איז ערד־אַר־בייט און פיה־צוכט.

ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכען, איז אין אוראגוואַיי איינגע־פיהרט געוואָרען א קאָמיסיע פאַר שפּייז־קאָנטראָל.

די דייטשע סאָבמארינס פלעגען דערטרינקען אוראגוואאישע שיפען, און דאָס האָט געצוואונגען די רעגירונג צו נעמען א שטעלונג צו דער מלחמה.

דעם 7טען אָקטאָבער 1917 האָבען ביידע הייזער פון קאָנגרעס געשטימט אויף א געהיימער זיצונג פאַר איבעררייסען די דיפּלאָמאַטישע באַציהונגען מיט דייטשלאַנד.

דעם 15טען אָקטאָבער 1917 האָט דאָס לאַנד באַקומען א נייע קאָנסטיטור־ציע, וואָס איז אָבער אריין אין קראַפט ערשט דעם ערשטען מאַרטש 1919.

באלטאזאר ברום איז אויסגעוועהלט געוואָרען פאַר פּרעזידענט. לויט דער דאָזיגער קאָנסטיטוציע, ווערט דער פּרעזידענט געוועהלט דירעקט פון פאָלק. די שטעט באַקומען א זעלבסט־פאַרוואַלטונג, אַזוי, אַז די אָרגאַניזאַ־ציע פון דער רעפּובליק איז דעצענטראַליזירט געוואָרען.

אין נאָוועמבער 1922 איז יאָזע סעראַטאָ אויסגעוועהלט געוואָרען פאַר פּרעזידענט. ער האָט אָנגעהויבען זיין אַמט אין מאַרטש 1923. זיין פּרעזי־דענטשאַפט איז געווען זעהר ערפאָלגרייך. דאָס לאַנד איז אויפגעבויט געוואָרען. דער האַנדעלס־באַלאַנס איז געשטיגען; און ס'ווייזט־אויס, אַז די נביאות וועגען דער גרויסער צוקונפט פון דער דאָזיגער קליינער רעפּובליק וועט מקוים ווערען.

אוראגוואַיי איז אומאָפּהענגיג פּשוט צוליב דעם, וואָס ניט בראַזיליע און ניט ארגענטינע, די שכנות איהרע, זיינען אימשטאַנד זי צו פאַרשלינגען, ווייל איין שכנה וועט ניט לאָזען דאָס טאָן דער צווייטער. אויך די פאַראייניגטע שטאַטען היטען־אָפּ, אַז אוראגוואַיי זאָל ניט פאַרשלונגען ווערען.

אין דעם זכות קען אוראגוואַיי עקזיסטירען אלס א זעלבסטשטענדיגע מלוכה און זיך אַנטוויקלען.

---

# פאַראַגוואַיי

די גאַנצע תקופה, פון אונטערגאַנג פון דער בלוטיגער דיקטאַטור אין פּאַראַגוואַיי ביז דער וועלט־מלחמה, איז אַ צייט, ווען פּאַראַגוואַיי קומט צו זיך נאָך די גרויסע חורבונות, וואָס יענע הערשאַפט האָט דאָרטען געמאַכט. (זעה אויבען, זייטען 560־571).

פּאַראַגוואַיי איז געווען אַ געוויסע צייט אונטער דער קאָנטראָל פון בראַזיליע. אָבער ארגענטינע האָט אָפּגעהיט, אַז די ערשטע זאָל ניט פאַרשלינגען דאָס דאָזיגע לאַנד. און אַזוי אַרום איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרען די זעלבסטשטענדיגקייט פון פּ אַ ר אַ ג ו ו אַ י י.

די מלחמה האָט אַביסעל צעשטערט די רוהיגע אַרבייט אויף דעם געביט פון רעקאָנסטרוקציע.

אין אויגוסט 1914 האָט דער קאָנגרעס פון פּאַראַגוואַיי געמוזט פּראָקלאַמירען אויף אַ יאָהר צייט אַ מאָראַטאָריום פון חובות, ווייל דער האַנדעל האָט איבערגעלעבט אַ קריזיס.

אין 1916 איז דער קאַנדידאַט פון דער ליבעראַל־ראַדיקאַלער פּאַרטיי, מ אַ נ ו ע ל פ ר אַ נ ק אָ, אויסגעוועהלט געוואָרען פאַר אַ פּרעזידענט (ער איז געשטאָרבען אין דזשון 1919).

עס איז געשלאָסען געוואָרען אַ האַנדעלס־אָפּמאַך מיט ארגענטינע, אַז ביידע מלוכות האָבען דאָס רעכט צו שיקען סחורות איינע צו דער אַנדערער אין משך פון פינף יאָהר אָהן שום שטייערען.

אין 1917 איז אין פּאַראַגוואַיי איינגעפיהרט געוואָרען מיליטער־פליכטדינסט.

אין 1918 האָט די דאָזיגע רעפּובליק אינדאָרסירט ווילסאָנ׳ס פּאָליטיק פאַר אינטערנאַציאָנאַלען שלום.

י אָ ז ע מ אַ נ ט ע ר אָ איז אויסגעוועהלט געוואָרען פאַר פּרעזידענט.

אין צוויי יאָהר שפּעטער איז אויסגעוועהלט געוואָרען פאַר פּרעזידענט מ אַ נ ו ע ל ג אָ נ ד ר אַ (15טען אויגוסט 1920).

זיין פּרעזידענטשאַפט האָט אַרויסגערופען אַ רעוואָלוציע אין לאַנד. אין אָקטאָבער 1921 איז ער געווען געצוואונגען צו רעזיגנירען לטובת דעם קאַנדידאַט פון די רעוואָלוציאָנערען — פּ אַ י י ו ו אַ.

אין לאַנד זיינען פאָרגעקומען פּאַרטיי־מחלוקות.

דער קאָנגרעס פון 1923 האָט געמאַכט אַ סוף צו די קריגערייען דורך אויסוועהלען אין אַפּריל אַ נייעם פּרעזידענט, אויף וועלכען ביידע צדדים זיינען איינגעגאַנגען. דאָס איז געווען ד ר. ע ל י ג י אָ א י אַ ל אַ.

# בראַזיליע

אין משך פון זעכצעהן יאָהר צייט איז די באַפעלקערונג פון בראַזיליע פאַרגרעסערט געוואָרען מיט פינף מיליאָן נפשות. אין יאָהר 1900 האָט דאָס לאַנד אַנגעצעהלט 18 מיליאָן מענשען און אין יאָהר 1916—23 מיליאָן.

די הויפט־באַשעפטיגונג פון די איינוואוינער איז: ערד־אַרבייט, „מייגינג", אינדוסטריע, האַנדעל.

אין די יאָהרען 1900־1915 האָט בראַזיליע עקספּאָרטירט: קאַפע, גומע, קאַקאַאָ, באַוועל, לעדער, טאַבאַק און פעל.

עס איז געקומען די מלחמה און האָט חרוב געמאַכט בראַזיליע'ס עקספּאָרט. די דייטשע סאַבמאַרינס האָבען געזונקען בראַזילישע שיפען, און דאָס האָט גע־געבען אַ קלאַפּ דעם גאַנצען האַנדעל פון לאַנד. . .

אומזיסט האָט דער מלוכה־סעקרעטאַר, לאַוראַ מילער, פּראָ־טעסטירט אין שאַרפע דיפּלאָמאַטישע נאָטעס צו דער דייטשער רעגירונג, אז דאָס איז אַ פאַרלעצונג פון נייטראַליטעט.

בראַזיליע האָט באמת געוואָלט זיין נייטראַל, אָבער די זעלבע סיבות, וואָס האָבען געווירקט אויף אַנדערע אַמעריקאַנישע מלוכות זיך צו שטעלען אין אַנטי־דייטשען לאַגער, האָבען אויך געווירקט אין בראַזיליע.

דעם 11טען אַפּריל 1917 האָט בראַזיליע איבערגעריסען איהרע דיפּלאָ־מאַטישע באַציהונגען מיט דייטשלאַנד צוליב דעם, וואָס די דייטשע סאַבמאַרינס האָבען נאָכאַמאָל דערטרונקען אַ בראַזילישע שיף. אויס נקמה האָט בראַזיליע פאַרהאַלטען די דייטשע שיפען, וואָס האָבען זיך גראָד געפונען אין די דאָרטיגע פּאָרטען (דעם 2טען דזשון 1917).

דעם 25טען אָקטאָבער 1917 האָט דער פּרעזידענט, ווענטשעסלאַאָ בראַז, ערקלערט מלחמה די צענטראַל־מלוכות. די מלחמה האָט אָבער וויג־ציג־וואָס געהאָלפען בראַזיליען. זי האָט אָנגעהויבען צו פאַלען עקאָנאָמיש, וויל עס איז געוואָרען אַלץ שווערער אימפּאָרטירען און עקספּאָרטירען סחורות.

דעם 1טען מאַרטש 1918 איז אויפסניי אויסגעקליבען געוואָרען פאַר אַ פּרעזידענט ראָדריגעז אַלוועס. ער איז אָבער געווען קראַנק, און דער „עקטינג פּרעזידענט" איז געווען דר. עפּיטאַטשיאָ פּעססאָיאַ, דער אָנפיהרער פון דער שלום־דעלעגאַציע אויף דער ווילסאָנער קאָנ־פערענץ. . .

אַ וויכטיגער פאַקט אין לעבען פון בראַזיליע איז דער באַזוך פון דעם אַמע־ריקאַנער „סעקרעטערי אָוו סטייט", יוהז, (דעם 7־טען סעפּטעמבער, 1922).

ער איז געקומען קיין בראזיליע אויף דער גרויסער אויסשטעלונג, וואס איז גע־עפענט געווארען געווארען דארטען צום הונדערט־יאהריגען יובילײ פון דער בראזיליאנער זעלבסטשטענדיגקייט.

דער רעזולטאט פון דעם וויזיט איז געווען, אז אמעריקא האט אנגעהויבען צו שפילען א גרויסע ראלע אין דער רעארגאניזאציע פון בראזילישע מלוכה־אינסטיטוציעס.

דעם 6טען נאוועמבער 1922 האט בראזיליע איינגעלאדען פלאטע־אפיצירען פון די פאראייניגטע שטאטען, כדי צו רעפארמירען די אייגענע פלאטע.

נאוועמבער דעם 15טען 1922 איז אויסגעקליבען געווארען אלס פרעזידענט א פריינד פון די פאראייניגטע שטאטען, ארטהור דע סילווא בערנארדז.

דער נייער פרעזידענט פון בראזיליע הייסט פערעירדא דע סוזא.

---

## די קובאנער רעפובליק

באלד אין אנפאנג פון דער מלחמה האט די קובאנער רעפובליק זיך גע־שטעלט אויף דער זייט פון די אליאירטע מלוכות, הגם זי האט זיך געהאלטען אפיציעל נייטראל.

ערשט אין אפריל 1917 האט קובא פראקלאמירט מלחמה מיט דייטשלאנד. די סיבה איז געווען די זעלבע, ווי אין אנדערע אמעריקאנער מלוכות, ד. ה. די סאבמארינס.

אין אויגוסט 1917 האט די קובאנער רעפובליק איבערגעגעבען די פאראיי־ניגטע שטאטען פיער דייטשע שיפען, וואס זיינען גראד געשטאנען אין די דאר־טיגע פארטען.

עס איז איינגעפיהרט געווארען א מיליטער־פליכט־דינסט, און אין אקטאבער 1918 האט קובא שוין געשיקט אן ארמיי קיין פראנקרייך.

די מלחמה און איהרע נאכוועהענישען האט ארויסגערופען א גאנצע רייהע ערנסטע, אינערליכע, פינאנציעלע קריזיסען, וואס האבען זיך שטארק אפגערופען אויף דעם לעבען פון דער רעפובליק. אין לאנד איז פארגעקומען א פראקציאנעלע מלחמה. דער פרעזידענטען־קאמפײן אין 1920 האט געטראגען א קריגס־כא־ראקטער. די פאראייניגטע שטאטען האבען אהין געשיקט דעם גענעראל קראוודער. ער זאל אכטונג געבען אויף די עלעקשאנס פון דעם פרעזידענט.

אין מאַרטש 1921 איז זאַיאַס (Zaias) אויסגעוועהלט געוואָרען פאַר פּרעזידענט.
אין דעצעמבער 1925 איז מ אַ ק אַ ד אַ אויסגעוועהלט געוואָרען פאַר פּרעזידענט.
די אַמעריקאַנער קאָנטראָל אין קובאַ ווערט אַלץ שטאַרקער, און די גאַנצע פּאָליטיק איז אָפּהענגיג פון וואַשינגטאָן.

---

# סאַן דאָמינגאָ

די קליינע רעפּובליק פון סאַן דאָמינגאָ איז שוין זינט 1907 אונטער דער קאָנטראָל פון די פאַראייניגטע שטאַטען.
דאָס לאַנד, וואָס צעהלט אַ באַפעלקערונג פון אַ קנאַפּען מיליאָן, פאַרמאָגט נאַטור־רייכקייטען. די באַפעלקערונג פאַרנעמט זיך מיט ערד־אַרבייט און מיט אינדוסטריע.
אין 1916 איז דאָרטען אויסגעבראָכען אַ רעוואָלוציע, און די אַמעריקאַנער מאַטראָסען זיינען געשיקט געוואָרען, כדי צו דערשטיקען די רעוואָלוציע.
דער נייער פּרעזידענט, ד ר. פ ר אַ נ צ י ס ק אָ ה ע נ ר י ק ע ז א'ק אַ ר וו אַ י אַ ל, האָט ניט געוואָלט אונטערשרייבען קיין דערגענצונגס־טראַקטאַט צום אָפּמאַך פון 1907, לויט וועלכען די פאַראייניגטע שטאַטען האָבען דאָס רעכט צו פאַרוואַלטען אין משך פון 50 יאָהר מיט די הכנסות פון צאָל־טאַריף (זעה זייטעל 648).
דערויף האָט אַמעריקע געענטפערט מיט אַ שטראַף־עקספּעדיציע. דעם 29טען נאָוועמבער 1916 האָט קאַפּיטאַן נ ע פּ (Napp) פון דער אַמעריקאַנער פלאָטע אַרויסגעגעבען אַן אויפרוף, אין וועלכען עס ווערט געזאָגט, אַז די רעפּובליק פון סאַן דאָמינגאָ געפינט זיך אונטער אַ מיליטערישער אַדמיניסטראַציע פון די פאַראייניגטע שטאַטען.
אַמעריקע האָט באַשטימט אַ מיליטערישען גאָווערנאָר פאַר דער רעפּובליק.
אין אַפּריל 1917 רייסט־איבער די רעפּובליק איהרע „דיפּלאָמאַטישע“ באַציהונגען מיט דייטשלאַנד. זי ווערט אייגענטליך איינגאַנצען אָקופּירט פון אַמעריקע.
אין 1919 האָט סאַן דאָמינגאָ געשיקט אַ דעלעגאַציע קיין פּאַריז און זיך באַקלאָגט פאַר דער פעלקער־ליג אויף די אַמעריקאַנער מעשים ביי זיי אין לאַנד.
די דאָזיגע טענות האָבען טיילוויז געהאָלפען. דעם 14טען דזשון 1921

איז די רעגירונג פון דער רעפּובליק איבערגעגעבן געוואָרען צוריק אין די הענט פון דער דאָרטיגער באַפעלקערונג. מען האָט געלאָזט די דאָרטיגע איינוואוינער זיך שפּילען אין מאַכט, בעת די אמת'ע מאַכט איז געבליבן אין די הענט פון דער וואַשינגטאָנער רעגירונג, וועלכע קאָנטראָלירט פינאַנציעל די רעפּובליק.

די אַמעריקאַנער אימפּעריאַליסטישע פּאָליטיק אויף סאַן דאָמינגאָ האָט בשעתו אַרויסגערופן אַ באַוועגונג ביי דער אַמעריקאַנער פּראָגרעסיווער אינטעליגענץ לטובת דער דאָרטיגער מלוכה. אין ניו יאָרק האָט זיך אפילו געגרינדעט אַ פאַראיין צו שטיצן די זעלבסטשטענדיגקייט פון די רעפּובליקען, ס אַ ן ד אָ מ י נ ג אָ און ה אַ י ט י (1919).

איצט איז די דאָזיגע באַוועגונג אינגאַנצען אָפּגעשטאָרבען, און סאַן דאָמינגאָ איז פאַקטיש אַ מין קאָלאָניע פון די פאַראייניגטע שטאַטען — רעגירט פון די דאָרטיגע, קאָנטראָלירט פון אַמעריקאַנער פינאַנסען און פּלאַנטע.

# ליטעראטור:


1) *P. Haworth.* The United States in Our Own Times. (1865–1920) 1921.

2) *L. Shippee.* Recent American History. N, Y. 1927.

3) *F. Patson.* Recent History of the United States (1865–1927). Boston 1928.

4) *Robertson.* The History of Latin American Nations 1925.

5) *C. Wittke.* A History of Canada. N. Y. 1928.

6) *Ch. Beard.* The Rise of American Civilization. 2 volumes. N. Y. 1927.

7) *Rippy.* The United States and Mexico. N. Y. 1927.

8) Current History. A monthly published by the Times. 1918-1928.

# אלגעמיינער אינדעקס

צוזאמענגעשטעלט פון ז. שערעשעווסקי, סעקרעטער פון עדיוקיישאנעל קאמיטע פון ארב. רינג, לויט די אנווייזונגען פון פערפאסער.

## וו



## ז

## מ

### ע



### פּ

## צ



## ק

# אלגעמיינער אינדעקס פון דער הוספה